

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Pinkas Britshivah : Britshever pinkes / ha-ʼorekh, K. A. Bertini. |
| IMPRINT | 880-02 [Tel Aviv] : Irgun yotsʻe Britshivah (Besarabyah) be-Yiśraʼel, 1970. |
| DESCRIPT | 531 p. : ill. ; 24 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Moldova -- Bricheva.<br>Bricheva (Moldova) -- Ethnic relations.<br>Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Moldova -- Bricheva. |
| ADD'L NAME | Bertini, K. A. (K. Aharon), 1903- |
| ADD'L TITLE | Britshever pinkes. |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.


מוהילב
סיקוראן
דניסטר
אטאקי
אוקניצה
טומאניבקה
קלימאוץ
צ׳ורנוליבקה
ריזוניצה
ראדיו-מארה
דונדושאן
דניסטר
קוסאוץ
רובלניץ
סורוקה
רוזען
מאראמונובקה
ידינץ
סקאיין
טירנובה
גאשפר
פראסין
מינדיק
בריטשיבה
גיזדיטה
דרוקיה
שור
בעראבוי
אנטונובקה
צאריגראד
מיהאלן
אוקיו-אלבה
נאדושיטה
רישקאן
סופיה
פילינײ
פלורשט
בלץ
בריטשיבה וסביבתה
בריטשעוו און די סביבה

# התוכן



## היה היה

# א י נ ה א ל ט



## ג ע װ ע ן   אַ מ אָ ל

## על אלה אני בוכיה

## אויף דעם ווייַנען מיר



ערים ועיירות שנהרסו בשואה דורשות מן השרידים להנציח את זכר הקרבנות; ועל כן רבו ספרי־הזכרון, שהופיעו בעולם. אשר לביסאראביה, הופיעו עד כה רק מעט ספרי־זכרון לקהילותיה היהודיות, ואין זה מקרה. ספרים היסטוריים על יהדות ביסאראביה חסרים, וגם מאמרים ומחקרים של היהודים שם הם לא רבים. על אחת כמה וכמה כשהמדובר הוא בישוב קטן כבריטשיבה, שכל קיומו עד לשואה הגיע למאה וחמש שנים בלבד. השואה השמידה את התושבים, ויחד אתם הושמדו גם מסמכים היסטוריים כל שהם, ואף אלה שנשארו גנוזים אי־שם ואינם בהישג ידנו. בעל־כרחנו עלינו להתבסס על המעט מן המעט, שנשתמר פה ושם בעיתונות (ואף זה נמצא במידה זעומה) ובעיקר על זכרונות אישיים. בני הדור הקשיש, שנשארו לפליטה אחרי החורבן, אף הם הולכים וכלים, אחרים מפוזרים בכל רחבי עולם, ורובם עזבו את העיירה לפני הרבה שנים. בריטשיבאים החיים כיום בתחומי ברית־המועצות ושזוכרים אולי דברים אלה או אחרים, לא באו במגע עם המערכת ואף היא לא פנתה אליהם; הם אף לא יודעים שאנו מוציאים ספר־זיכרון לעיירתנו.

כל זה יש בו משום הסבר לאָפיוֹ של „פינקס בריטשיבה". אין אנו מתיימרים שאנו מוציאים ספר היסטורי. כל מה שכתוב כאן מתבסס על זכרונות, על כתבות בעיתונים, שיכולנו להגיע אליהם, על תצלומים. ייתכן שפה ושם מוזכרים מאורעות ומצבים אלו או אחרים יותר מפעם אחת, כיוון שהכותבים הם שונים; ייתכן שפה ושם נמצאות אפילו סתירות ביחס לתאריכים או לאישים. העורך לא ידע להכריע לכאן או לכאן; הוא גם לא נטל על עצמו את האחריות לשנות.

המערכת מצאה לנכון לתת את כל החומר בשתי הלשונות, בעברית וביידיש. היידיש תשמש את הבריטשיבאים הפזורים בעולם, והעברית



שטעט או שטעטלעך, וואָס זענען חרוב געוואָרן אין דער צייט פונעם אומקום, פאָדערן פון די איבערגעבליבענע זיי זאָלן פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די קרבנות; דערפאַר זענען דערשינען אַ סך געדענק־ביכער. וועגן קהילות אין בעסאַראַביע זענען ביז איצט דערשינען גאָר ווייניק ביכער, אין ס׳איז נישט קיין צופאַל. היסטאָרישע ביכער אָדער פאָרשונגען וועגן בעסאַראַבער יידנטום פעלן אויס. בפרט אַז סע רעדט זיך וועגן אַ קליינעם ישוב ווי בריטשעווע, וואָס זיין קיום ביזן אומקום האָט קוים דערגרייכט 105 יאָר. דער חורבן האָט אומגעבראַכט די איינ־וווינערס, און אינאיינעם מיט זיי זענען פאַרניכטעט געוואָרן היסטאָרישע דאָקומענטן, און די וואָס זענען יאָ פאַרבליבן זענען באַהאַלטן ערגעץ־ווו, און מיר קענען נישט דערגרייכן צו זיי. דערפאַר מוז מען זיך באַגרינדן אויף דעם גאָר־ווייניקן וואָס איז פאַרבליבן דאָ און דאָרט אין דער פרעסע, און דערעיקר אויף פערזענלעכע זכרונות. די פונעם אַלטן דור, וואָס זענען פאַרבליבן נאָכן חורבן, ווערן שוין אויך וואָס ווייניקער, אַנדערע זענען פאַרשפּרייט איבער גאָר דער וועלט, און מערסטייל האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל צוריק מיט אַ סך יאָרן. בריטשעווער וואָס לעבן היינט־צו־טאָג אין די תחומים פון ראַטן־פאַרבאַנד און וואָס געדענקען אפשר די אָדער יענע זאַכן, זענען נישט אין קאָנטאַקט מיט דער רעדאַק־ציע, און זי האָט זיך צו זיי נישט געווענדעט; זיי ווייסן אפילו נישט אַז מיר גיבן אַרויס דעם בוך.

דאָס אַלץ קען פאַרטייטשן דעם כאַראַקטער פון „בריטשעווער פּינקס". מיר באַרימען זיך נישט, אַז מיר גיבן אַרויס אַ היסטאָרישן בוך. אַלץ וואָס איז דאָ געשריבן באַזירט זיך אויף זכרונות, אויף קאָרעספּאָנ־דענצן אין צייטונגען, וואָס מיר האָבן געקענט צוקומען צו זיי, אויף פאָטאָבילדער. מיגלעך אַז דאָ און דאָרט ווערן געשעענישן און לאַגעס דערמאָנט מער ווי איין מאָל; מיגלעך אַז דאָ און דאָרט געפינען זיך אפילו סתירות אין שייכות מיט דאַטן און פערזאָנען. דער רעדאַקטאָר האָט נישט געקענט באַשליסן אַהין אָדער אַהער; ער האָט אויך נישט גענעמען אויף זיך די אחריות צו ענדערן.

די רעדאַקציע האָט געפונען פאַר ריכטיק צו גיבן דעם גאַנצן

תבטיח את הקשר שבין דורנו לאלה שלאחרינו, אשר יוכלו למצוא בספר דמות חיים שאינם מוכרים להם.

השתדלנו להאיר את חייה של בריטשיבה מכל הצדדים, אבל לא תמיד עלה הדבר בידנו. דרך דוגמה, פעולתה של תנועת „גורדוניה" תוארה, ואילו יתר התנועות הוזכרו רק במעט; פשוט לא נמצאו אנשים שהיו מוכנים לכתוב עליהן, וזאת על אף פניותינו החוזרות. דוגמה זו יש בה כדי ללמד גם על מאורעות, מוסדות ואנשים.

אשר לתמונות קבעה לה המערכת לקו שלא לתת כלל (מטעמים מובנים) תמונות משפחתיות או תמונות של בודדים, פרט לזקני העיירה, שתמונותיהם נמצאו במקרה. צר לנו מאד, שלא מצאנו אף תמונה של מוסד, של בית־כנסת, של בית־ספר.

החומר שהוגש ביידיש תורגם כולו לעברית בידי העורך; דבריהם של הרב אברהם שלאפיד, מירל ולאה פרנס, שמעון פרנס, אפרים קסטלאן, ריבה פורר, דבורה גולד, הינדה סאנדלמן, שיינדלה קסטלמן, זאב שטשיגליק, מנדל שיכמן ורחל כהן תורגמו מעברית ליידיש בידי יצחק פאנר — ואנו מודים לו על כך. כל יתר הדברים שהוגשו בעברית תורגמו ליידיש בידי העורך. אשר לטכסט היידי השתדל העורך, שהלשון תהיה ככל האפשר זו שהיתה שגורה בבריטשיבה, אבל בלי לפגום בלשון הספרותית המקובלת.

את התמונות (בנוסף למה שהעורך עצמו מצא) המציאו הבריטשי־באים הבאים: לאה וזהבה (בנותיו של גבריאל פישמן), יפה בוטניק (קסטלמן), רבקה אהרנזון (יוציס), דבורה גולד (גורביץ), זאב שצ׳יגליק, שמעון פרנס, הרב דב יחיאל, משה רויזנבליט, ריבה פורר, צפורה מוגילובסקי, הינדה ליטוין (בלאנק), מלכה ושרה (בנותיו של יעקב שפילברג), מוטיקה קסטלמן, רוזה צימרמן (רובינשטיין), צבי גלייני (גולירגאנט), חיים שפייאר, פיני גולדנברג ז"ל, אליהו כהן, נחמן לבנון (וייסברג) — כל אלה מישראל. ומחוץ לארץ: ד"ר יחיאל אייזנשטיין, אשר וולדמן, מוסי בלאנק, חיים רויזנבליט, פאני גיוולדר (גרצנשטיין).

מאַטעריאַל איןביידע שפּראַכן, אין עברית און אין יידיש. יידיש וועט דינען פאַר די בריטשעווער אויף גאָר דער וועלט, און עברית וועט פאַרזי־כערן די פאַרבינדונג צווישן אונדזער דור און די וואָס נאָך אונדז, וועלכע וועלן געפינען אין בוך אַ פאָרם פון לעבן וואָס איז זיי נישט באַקאַנט.

מיר האָבן זיך באַמיט צו באַלייכטן דאָס לעבן פון בריטשעווע פון אַלע זייטן, אָבער נישט תמיד האָט עס אונדז געלונגען. למשל, די טעטיקייט פון „גורדוניה" איז באַמאָלט געוואָרן, אָבער אַנדערע באַוועגונ־גען זענען ווייניק דערמאָנט געוואָרן; מיר האָבן נישט געפונען די מענטשן וואָס זאָלן שרייבן וועגן זיי, נישט געקוקט אויף אונדזערע ווענדונגען, און נישט איינמאָל. דער דאָזיקער ביישפּיל קען דינען אויך וועגן געשעענישן, אַנשטאַלטן און פערזאָנען.

וואָס שייך פאָטאָבילדער האָט די רעדאַקציע זיך געהאַלטן (צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים) באַ דער ליניע פון נישט אַרייננעמען בילדער פון אַ פאַמיליע אָדער פון איינצלנע מענטשן, אַ חוץ די עלטסטע פונעם שטעטל, וואָס זייערע בילדער האָבן זיך צופעליק געפונען. מיר באַדויערן זייער, וואָס מיר האָבן נישט געפונען אפילו איין בילד פון אַ אַנשטאַלט, אַ קלויז אָדער אַ שול.

דער מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך באַקומען אין יידיש איז אינגאַנצן איבערגעזעצט געוואָרן דורכן רעדאַקטאָר; די זכרונות פון הרב אברהם שלאפיד, מירל און לאה פרנס, שמעון פרנס, אפרים קעסטלמאַן, ריבה פורר, דבורה גאָלד, הינדה סאַנדלמאַן, שיינדעלע קעסטעלמאַן, ז' שטשיגליק, מנדל שיכמאַן און רחל כהן, זענען איבערגעזעצט געוואָרן פון עברית אין יידיש דורך יצחק פאַנער — און מיר דאַנקען אים דערפאַר. אַלע איבעריקע זאַכן, וואָס זענען געשריבן אין עברית, האָט איבערגעזעצט דער רעדאַקטאָר אין יידיש. וואָס שייך דעם יידישן טעקסט האָט דער רעדאַקטאָר זיך באַמיט, אַז די שפּראַך זאָל זיין ווי מיגלעך די וואָס איז געווען גענוצט אין בריטשעווע, אָבער נישט קאַליע מאַכן די געוויינטלעכע ליטעראַרישע שפּראַך.

די בילדער פאַרן בוך (אַ חוץ די וואָס דער רעדאַקטאָר האָט אַליין געפונען) האָבן צוגעשיקט די פאָלגנדיקע בריטשעווער: לאה און זהבה (די טעכטער פון גבריאל פישמאַן), יפה בוטניק (קעסטעלמאַן), רבקה אהרונזאָן (יוציס), דבורה גאָלד (גורוויץ), זאב שטשיגליק, שמעון פרנס, הרב דב יחיאל, משה רויזנבליט, ריווע פורער, צפורה מאָגילאָווסקי, הינדע ליטווין (בלאַנק), מלכה און שרה (די טעכטער פון יענקל שפּילבערג), מאָטיקע קעסטלמאַן, ראָזע צימערמאַן (רובינשטיין), צבי גלייני (גאָלערגאַנט), חיים שפּייער, פיני גאָלדנבערג ע"ה, אליה כהן, נחמן ווייסבערג (לבנון) — אלע פון ישראל. און פון אויסלאַנד — ד"ר יחיאל אייזנשטיין, אשר וואָלדמאַן, מוסי בלאַנק, חיים רויזנבליט, פאַניע גערצנשטיין (גיוועלדער).

ק. א. ברתיני / תל־אביב

# פרקים מן העבר

א

כל אחד מאתנו, בין שבילה את רוב ימיו בבריטשיבה ובין שרק חלק משנות חייו חי שם, קשור בנימי נפשו בעיירה. טבעי הוא שאדם יתגעגע תמיד על מקום מוצאו, וכשם שאין אדם מוכן לעולם להחליף את אמו יולדתו, כך אין אדם מסכים לעולם עם הרעיון שייתכן כי מקום מוצאו יוחלף באחר. ודאי, ידענו כולנו מהי בריטשיבה מבחינה אובייקטיבית, מה הם חסרונותיה; ידענו שהיא היתה מליאת אבק ולכלוך בקיץ, ומליאת בוץ בימות הגשמים; ידענו שאין היא מצטיינת כלל וכלל ביפי רחובותיה וסימטותיה; ידענו שאין היא הדורה בבתיה ובתיכנונה; ידענו שאין ההיסטוריה שלה מצטיינת באישים או במעשים — ואף־על־פי־כן היינו נוצרים אותה בלבנו כפי שהיתה, ולא זו בלבד שלא התביישנו בה, אלא שהתגעגענו עליה והתפארנו בה, והיא היתה קרובה ללב, מכל מקום אחר בעולם.

אנו זוכרים רק את הטוב והחביב שבה, את הגנים שמסביב, את הריאוט ואת הריפאקארשה, את ההליכה אל המעיין שמחוץ לעיירה. אנו זוכרים את הנקיון שבתוך הבתים ואת האווירה האינטימית. פעם אחת סיפר לי חבר וידיד־לעבודה מקישינוב, שנזדמן לו לבקר בבריטשיבה לרגל עניין ציבורי; היה זה מייד אחרי פורים, והבוץ היה, כמובן, עד הברכיים. לראשונה בימי חייו ראה מראה רחוב בלכלוך כזה! ויתירה מזו, כשצריך היה לעבור את הרחוב או מבית לבית, נאלץ ממש לזחול על ארבע. כאשר סיפר לי את הדבר, היה נראה כאדם שניצל מסכנה גדולה, ואף־על־פי־כן הוסיף, כי לאחר שעבר את הבוץ ונכנס

ק. א. בערטיני / תל־אביב

# קאַפּיטלען פון אַמאָל

## א

יעדער איינער פון אונדז, צי ער האָט פאַרבראַכט ס'רוב יאָרן אין בריטשעווע, צי נאָר אַ טייל פון זיין לעבן, איז פאַרבונדן מיט זיינע נשמה־פעדים מיטן שטעטל. ס'איז נאַטירלעך, אַז אַ מענטש בענקט תמיד נאָך זיין אָפּשטאַם־אָרט, און פונקט ווי אַ מענטש איז קיינמאָל נישט גרייט צו בייטן זיין מאַמע, וואָס האָט אים געבוירן, זאָל זי אפילו זיין מיט גאָר ווייניק מעלות, אויף אַן אַנדערער מאַמע, און אפילו ווען זי איז די שענסטע און די בעסטע, — אַזוי איז קיין שום מענטש נישט מסכים מיטן געדאַנק, אַז ס'איז מיגלעך זיין אָפּשטאַם־אָרט זאָל פאַרביטן ווערן אויף אַן אַנדערן. געוויס, אַלע האָבן מיר געוווּסט וואָס איז בריטשעווע פונעם אָביעקטיוון שטאַנדפּונקט, וועלכע זענען אירע חסרונות; מיר האָבן געוווּסט אַז זי איז פול מיט שטויב און שמוץ אום זומער, און פול מיט בלאָטע אום ווינטער; מיר האָבן געוווּסט אַז זי צייכנט זיך נישט אויס מיט דער שיינקייט פון אירע גאַסן און געסלעך; מיר האָבן געוווּסט אַז זי איז נישט באַצירט מיט אירע הייזער און מיט איר פּלאַנמעסיקייט; מיר האָבן געוווּסט, אַז איר געשיכטע צייכנט זיך נישט אויס מיט פּערזענלעכקייטן און מיט טאַטן — און כאָטש אַזוי האָבן מיר זי אָפּגעהיט אין אונדזערע הערצער אַזוי ווי זי איז געווען, און נישט נאָר מיר האָבן זיך מיט איר נישט געשעמט, נאָר מיר האָבן געבענקט נאָך איר און זיך באַרימט מיט איר, און זי איז געווען נאָענט צום האַרץ מער ווי יעדער אָרט אויף דער וועלט.

מיר געדענקען נאָר דאָס גוטע און דאָס ליבע אין איר, די גערטנער פון אַרום, דעם רעוועט און די ריפּעקאַרשע, דאָס גיין צום קערניטשקעלע אַרויס דעם שטעטל; מיר געדענקען די ריינקייט אין די שטיבער און די אינטימע אַטמאָספער. איינמאָל האָט מיר דערציילט אַ חבר און פריינד פון קעשענעוו, וואָס ס'איז אים אויסגעקומען

לאיזה בית פנימה, הבהיק פתאום לעיניו הנקיון, הלובן — והוא לא חדל לדבר מתוך התפעלות: איך יכולים בני־אדם לשמור על נקיון כזה ועל אינטימיות כזאת בפנים הבתים, כשהכל בחוץ טובל בלכלוך וברפש.

כך שנדמה היה לנו, כי אין חגים כחגיה של עיירתנו, ואין שבתות כשבתותיה, ואין ערבים כערביה. אכן, היה בה בכל זאת בבריטשיבה משהו, שבו נבדלה מיתר העיירות שבסביבה, ואת המשהו הזה היו מציינים לא רק בריטשיבאים, אלא גם תושבי הערים כגון בלץ או סורוקה וכגון תושבי המושבות היהודיות האחרות הם עצמם. הייתי אומר שמשהו זה התבטא בדינאמיות: יותר מכל עיירה אחרת שבסביבה היתה בריטשיבה מגלה פעילות בכיוון ההסתגלות לרוח הזמן; הייתי אולי מבטא את זה בקצת ציוריות: הפרובינציאליות של בריטשיבאים בהשוואה לעירוניות של בלץ, סורוקה ודומיהן, היתה פחות מורגשת, ההשגות לא היו קטנוניות.

זאת ועוד: אם אינני טועה, היתה בריטשיבה לא רק הנקודה הישובית היחידה בביסראביה, אלא אולי בעולם כולו, שבה לא היה כלל בית־תפילה לנוצרים. כלומר, בה בשעה שבכל ישוב אחר, ואפילו כשהאוכלוסיה היתה רובה יהודית, קיים היה בכל־זאת מעין פרבר גויי עם בית־כניסה, הרי היתה בריטשיבה בעלת אוכלוסיה יהודית טהורה כמעט; מעט הגויים היו כמה פקידים או מורים, או אנשי שירות ועבודה בבתי־החרושת לשמן או בטחנת־הקמח — והם פשוט לא היו מעוניינים באיזה שיכון של קבע. לצורך פולחנם הדתי היו הולכים לבאראבוי או לטירנובה או לכפר קרוב אחר. וילדי היהודים ואפילו בני נוער רבים לא ידעו מהו מראהו הפנימי של בית־תפילה נוצרי; הם לא שמעו פעמוני־כנסיה.

עובדה זו היתה, כנראה, אחד הגורמים לכך, שההנהגה היהודית, הפנימית, תהיה עיקר בחיי בריטשיבה, ולאו דווקא זו של השלטונות. ייתכן מאוד כי עובדה זו אף הביאה לכך, שבשנות ההפיכה לאחר מלחמת־העולם הראשונה לא סבלה בריטשיבה מפרעות, כשם שסבלו עיירות אחרות — וודאי שלאחדים מאתנו זכורה ההגנה העצמית שהתקיימה אז בבריטשיבה, והכל בא כאילו באופן ספונטאני ובכל זאת מאורגן: היה מטה־כללי והיה מחסן עם נשק ותחמושת — וצעירים היו רוכבים על סוסיהם בימי היריד ושומרים על הסדר, ובלילה היו משמרות. הפורעים המזויינים ניסו כמה פעמים לחדור לתוך העיירה, ולא עלה בידם.

הרכבה היהודי הטהור של בריטשיבה הוא שהביא, כנראה, לכך, שאנשיה יכלו לגלות סולידריות לאומית ורגשי אחוות ודאגה לסובלים בשעת צרה. לדור

צו באַזוכן ברישטשעווע צוליב אַ געזעלשאַפטלעכן ענין; ס'איז געראַדע געווען נאָך פּורים, און די בלאָטע איז, געוויינטלעך, געווען ביז אין די קני. ס'ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער געזען אַ גאַס מיט אַזאַ בלאָטע און שמוץ. און נישט נאָר דאָס: אַז ער האָט געדאַרפט אַריבערגיין די גאַס, איז ער געווען געצווונגען צו קריכן אויף אַלע פיר. ווען ער האָט מיר געהאַלטן אין דערציילן, האָט ער אויסגעזען ווי אַ מענטש וואָס איז ניצול געוואָרן פון אַ גרויסער סכנה, און דאָך האָט ער צוגעגיבן, אַז נאָך דעם וואָס ער איז אַריבער די בלאָטע און אַריינגעגאַנגען אין אַ שטוב, האָט פאַר אים געפּעכלט די ריינקייט, די ווייסקייט — און ער האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן מיט התפּעלות: ווי קענען מענטשן אָפּהיטן אַזאַ ריינקייט און אַזאַ אינטימקייט אינעווייניק אין די שטיבער, ווען אין דרויסן איז אַלץ איינגעטונקען אין שמוץ און אין בלאָטע.

אַזוי אַרום, אַז ס'האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז ס'איז נישטאָ קיין יום־טובים ווי די יום־טובים פון אונדזער שטעטל, ס'איז נישטאָ קיין שבתים ווי אירע שבתים, נישטאָ קיין אויפדערנאַכטן ווי אירע אויפדערנאַכטן. און ווירקלעך, ס'איז דאָך געווען אין ברישטשעווע עפּעס אַזוינס, וואָס מיט דעם האָט זי זיך אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע שטעטלעך אין דער סביבה, און דאָס דאָזיקע עפּעס האָבן אָנגעצייכנט נישט נאָר ברישטשעווער, נאָר אויך די איינוווינער פון די שטעט ווי בעלץ, סאָראָקע, און די איינוווינער פון אַנדערע שטעטלעך פלעגן עס אויך באַשטעטיקן. כ'וואָלט געזאָגט, אַז דאָס דאָזיקע עפּעס האָט זיך אויסגעדרוקט אין דינאַמישקייט; מער פון יעדער אַנדער שטעטל אין דער סביבה פלעג ברישטשעווע אַרויסווייזן אַקטיוויטעט אין דער ריכטונג פון צופּאַסן זיך צום גייסט פון דער צייט; כ'וואָלט עס אויסגעדרוקט אַ ביסל בילדעריש: דער פּראָווינציאַליזם פון די ברישטשעווער אין פאַרגלייך מיט דער שטעטישקייט פון אַ בעלץ, אַ סאָראָקע און דעסגלייכן, איז געווען וויניקער באַמערקט. די השגות זענען נישט געווען קליינלעכע.

און נאָך אַ זאַך: אויב כ'האָב נישט קיין טעות, איז ברישטשעווע געווען דער איינציקער ישוב אין בעסאַראַביע, און אפשר אויף גאָר דער וועלט, וואָס האָט נישט געהאַט קיין קלויסטער. דאָס הייסט, אין דער צייט וואָס אין יעדן אַנדערן ישוב, אפילו ווען די באַפעלקערונג איז געווען מייסטנס אַ יידישע, איז דאָך געווען אַ גוייִשע געגנט מיט אַ קלויסטער — איז ברישטשעווע געווען כמעט גאַלע יידן; דאָס ביסל גויים זענען געווען עטלעכע אָנגעשטעלטע אָדער רעגירונג־לערערס, אָדער דינסטן, אָדער אַרבעטער אין די בוימל־פאַבריקן און מילן — און זיי זענען פּשוט נישט געווען אינטערעסירט צו באַזעצן זיך סטאַביל. צוליב רעליגיעזע צוועקן פלעגן זיי גיין קיין באַראַבוי אָדער קיין טערנעווע אָדער אין אַן אַנדער נאָענט דאָרף. און ברישטשעווער קינדער, און אפילו יוגנטלעכע, האָבן נישט געוווּסט ווי סע זעט אויס אַ קלויסטער פון אינעווייניק; זיי האָבן נישט געהערט קיין קלויסטער־גלאָקן.

דער דאָזיקער פאַקט איז, ווייזט אויס, געווען איינער פון די סיבות, וואָס האָבן געבראַכט דערצו, אַז די יידישער אָנפירונג, די אינערלעכע, זאָל זיין די עיקרדיקע

שלנו זכורים הפליטים, שבאו לבריטשיבה בימי מלחמת־העולם הראשונה, כשרוסיה הצארית גזרה על גירוש יהודים מאזורי הגבול. הם באו מנוֹבוֹסליץ ומליפקאן ומן הכפרים הסמוכים להן ומצאו אחיזה בבריטשיבה עד עבור זעם. ולדורנו זכורים בוודאי ה„ארנבות", שהתחבאו מגזירות הגיוס והשילוח לחזית; היו אלו צעירים יהודים שמעבר לדניסטר, אשר מצאו מחבוא ומחסה בבריטשיבה במשך שנים אחדות. לדורנו זכורים בוודאי החיילים־הפליטים מרומניה, שברחו משם עם היכנס רומניה למלחמת־העולם הראשונה, והם הסתתרו בבריטשיבה עד תום המלחמה. בכל המקרים הללו היו הבריטשיבאים עושים למען אחיהם בצורה פשוטה, גלויה, אחאית, בלי שיצטרכו לפנות לאיזה מוסד של סעד.

בשנים 1919—1920 ואילך, כשזרם של פליטים בא מאוקראינה מחמת הפרעות שפרצו שם, הרי היתה בריטשיבה אחת מנקודות־הקליטה העיקריות. ולא זו בלבד שדאגה לקיומם, אלא בריטשיבה היתה נקודת־ישוב חשובה בכך, שהשיגה למען פליטים אלה את הרשיון היורידי מצד השלטונות הרומניים לשהייה בביסראביה — ואנו זוכרים כמה אנשים מתוך פליטים אלה השתרשו בבריטשיבה עצמה, כמה מהם מצאו בה מחסה זמני והיגרו אחר־כך לאמריקה הצפונית והדרומית, וכמה מהם עלו אחר־כך לארץ־ישראל, ויש מהם התופסים גם כיום פה בארץ מקומות מרכזיים במוסדות שונים.

אפשר שדינאמיות זו, שלתוכה נסחבה העיירה בתוקף המאורעות, והשפעת האנשים שבאו מן החוץ, הן שהביאו גם לתסיסה תרבותית־רוחנית בבריטשיבה. עיירתנו לא פיגרה כלל וכלל בנידון זה. ילד הייתי, כשכבר נמצאו צעירים וצעירות, שמתוך דחיפה פנימית נתעוררו לעשות למען עצמם ולמען הרבים ויסדו ספרייה. התנועה הציונית עם תנועות־נוער לכל גוניהן, „קולטור־ליגה" עם בית־ספר משלה; ויכוחים, הרצאות, דיוּנים, משפטים ציבוריים, עם כוחות מבפנים ועם כוחות מבחוץ — כל אלה התסיסו את חיי העיירה. מובן, שקיומה של להקה דראמאטית עצמאית, שהגיעה במשך שנות פעולתה להישגים אמנותיים ניכרים, ואפילו קיומה של תזמורת־חובבים — כל זה העיד על דינאמיות והסתגלות לרוח הזמן ולדרישותיו.

ברור שההווי היהודי־המסורתי, בתי־הכנסת על מתפלליהם, הרב והדיין והשוחטים, החזנים ובעלי־התפילה — אף הללו שיוו לבריטשיבה את דיוקנה של העיירה.

כל זה עד שבאה השואה. יחד עם קרובינו ויקירינו, שמצאו את מותם בדרך לטראנסדניסטריה ובטראנסדניסטריה, בסיביר ובאסיה המרכזית, בחזית ובעורף,

אין בריטשעווער לעבן, און דווקא נישט די אָפיציעלע, פון דער מאַכט. מיגלעך אַז דער דאָזיקער פאַקט האָט געבראַכט דערצו, אַז אין די אומרויִקע יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט בריטשעווע נישט געליטן פון פּאָגראָמען, ווי ס׳האָבן געליטן אַנדערע שטעטלעך — און איניקע פון אונדז געדענקען אַוודאי די זעלבסטשוץ, וואָס האָט עקזיסטירט אין בריטשעווע; אַלץ איז געשען כמעט ספּאָנטאַן, און כאָטש אַזוי אָרגאַניזירט: ס׳איז געווען אַ שטאַב און אַ סקלאַד מיט געווער און אַמוניציע — און יונגע חברה פלעגן רייטן אויף די פערד אין די ירידים און אָפּהיטן אָרדענונג, און באַנאַכט זענען געווען פּאַטרולן. די אַנגוואָפנטע פּאָגראָמטשיקעס האָבן עטלעכע מאָל געפּרוווט אַרײַנרײַסן זיך אין שטעטל, און ס׳האָט זיי נישט געלונגען.

דער ריין־יידישער צוזאַמענשטעל פון דער באַפעלקערונג האָט אויך, ווייזט אויס, געבראַכט דערצו, אַז די מענטשן האָבן געקענט אַרויסווייזן נאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט און ברודערלעכקייט און זאָרג פאַר די ליידנדיקע אין צרה. אונדזער דור געדענקט די פּליטים, וואָס זענען געקומען קיין בריטשעווע בעתן ערשטן וועלט־קריג, ווען דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט גוזר געווען צו פאַרטרייבן יידן פון די גרענעץ־געגנטן. די פּליטים זענען געקומען פון נאָוואָסעליץ און ליפּקאַן און פון די דערפער אַרום זיי און האָבן געפונען אין בריטשעווע אַן אָנהאַלט ביז דער אומגליק איז אַריבער. אונדזער דור געדענקט אַוודאי די „האָזן", וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון מאָביליזאַציע אין דער צאַרישער אַרמיי און פון אַוועקשיקן אויפן פראָנט; ס׳איז געווען מיינסטנס יוגנטלעכע, וואָס זענען געקומען פון יענער זייט נעסטער צו געפינען אַ באַהעלטעניש און שוץ אויף עטלעכע יאָר. אונדזער דור געדענקט אַוודאי די סאָלדאַטן־פּליטים פון רומעניע, וואָס זענען אַנטלאָפן פון דאָרט, ווען רומעניע איז אַרײַנגעטרעטן אין קריג, און זיי זענען פאַרבליבן אין בריטשעווע ביזן סוף מלחמה. אין די אַלע פאַלן האָבן די בריטשעווער געטאָן פאַר זייערע יידן־ברידער אין אַ פּשוטער, אָפנהערציקער פאָרם, אַזוי אַז זיי האָבן נישט געדאַרפט זיך ווענדן צו אַ סאָציאַלן הילף־אַנשטאַלט.

אין די יאָרן 1920—1919 און ווייטער, ווען אַ שטראָם פון פּליטים איז געקומען פון אוקריינע מהמת די פּאָגראָמען, איז בריטשעווע געווען איינער פון די עיקרדיקע אויפנאַם־פּונקטן. און נישט נאָר זי האָט געזאָרגט פאַר זייער עקזיסטענץ, נאָר זי איז אויך געווען אַ וויכטיק פלאַץ דערמיט, וואָס זי האָט געקריגן פאַר די פּליטים די געהעריקע יורידישע דערלויבעניש פון די רומענישע מאַכט־אינסטאַנצן, זיי זאָלן קענען פאַרבלייבן אין בעסאַראַביע — און מיר געדענקען וויפל מענטשן פון די דאָזיקע פּליטים זענען איינגעוואָרצלט געוואָרן טאַקע אין בריטשעווע, און אַנדערע האָבן געפונען דאָ אַ צייטווייליקן אַזיל און דערנאָך עמיגרירט קיין צפון אַמעריקע און דרום־אַמעריקע, ווי אויך אַנדערע וואָס זענען עולה געווען קיין ארץ ישראל, און איניקע פון זיי פאַרנעמען איצט צענטראַלע פּלעצער אין פאַרשיידענע אַנשטאַלטן.

נחרבה גם העיירה עצמה. אינני יודע כמה מאלה הנמצאים אתנו כיום היו בבריטשיבה אחרי השואה. אני הגבר הייתי שם, ואני יכול להעיד, שכמוני כרבים אחרים, שקודם לכן היו מתגעגעים על בריטשיבה ומנצלים כל הזדמנות להיות שם, כעת אי אפשר להם להשתהות שם הרבה. נראה שאת הלב אין לרמות. העיירה בלי קרובינו, בלי אנשינו, אינה שלנו. בתים שבחלקם נעקרו מן השורש, ואחרים שמתגוררים בהם אנשי באראבוי וגיזדיטה, אפילו נשאר שם קומץ קטן של יהודים, אינה בריטשיבה של געגועינו.

אבל בשבילנו עדיין קיימת בלב בריטשיבה של הימים ההם, בריטשיבה שמאז, על יהודיה ועל יקירינו. עליהם ועליה אנו שופכים געגועינו — ולהם ולה אנו חבים חוב גדול: להשיב להם גמול בזעיר־אנפין — להציב מצבת זיכרון.

עכשיו, שאנו רחוקים מהימים ההם, ואנו יודעים שהם כבר לא ישובו, ואנו הדור האחרון שעדיין זוכר את העבר, מצווים אנו לעשות כדי שהזכר לא יימחה. אם לא אנו, הדור והדורות שיבואו אחרינו, ודאי שלא יהיו מסוגלים לעשות זאת.

אני נזכר במה שהיה לפנים כשלושים שנה ומעלה. פעם, כשבאתי לבריטשיבה, פניתי אל אבי ז״ל כדי לשמוע מפיו דברים על קדמותה של בריטשיבה — אמר לי: פנקס ישן של החברה־קדישא שמור עדיין, ושם רשומים דברים על ימים ראשונים. הפנקס, אמר לי, שמור עתה אצל נחום צימרמן, ואין נותנים אותו לקריאה, אולי לך יתן. ותארו לעצמכם, שדחיתי את הדבר ולא ביקשתי את הפנקס; סבור הייתי שעוד תגיע השעה לכך — מסתבר שלא הגיעה.

קדמונינו ז״ל אמרו: גזירה על המת שישתכח מן הלב. סתם גזירה פירושה גזירה רעה, כלומר המת כאילו אינו רוצה שישכחוהו, אבל נגזר עליו שישכחוהו. על־כן לוחם תמיד האדם עם הגזירה הזאת. וכשאנחנו עושים איזה דבר לזכרו של המת, אנו מסייעים לו ולעצמנו בכך, שלא יישכח. ודאי לנו, שיקירינו וקדושינו דורשים מאתנו שנילחם בגזירה הזאת. הם הרי לא זכו שתוקם אבן־מציבה על קברם. מחובתנו שלנו לחשוב על איזה ציון במקום אבני־מציבה שלא הוקמו — פנקס בריטשיבה.

ב

כשהייתי ילד וניגשתי ללמוד ראשי־פרקים בגיאוגרפיה, ונתגלה לי גם השימוש במפות, התחלתי מחפש אחר סימונה של בריטשיבה באחת המפות — וגדול היה דאבוני על שלא סומנה כלל. כעבור שנים, לאחר סיפוחה של ביסראביה

מיגלעך אַז די דאָזיקע דינאַמישקייט, וואָס אונדזער שטעטל איז אין איר אַריינגעשלעפּט געוואָרן אַ דאַנק די געשעענישן, ווי אויך די השפּעה פון די מענטשן, וואָס זענען געקומען פון דרויסן, האָבן גורם געווען צו אַ קולטורעלער־גייסטיקער אויפרודערונג אין בריטשעווע. אונדזער שטעטל איז נישט געבליבן נאָכשטעליק. כבין נאָך געווען אַ קינד, ווען ס׳האָבן זיך שוין געפונען יוגנטלעכע, וואָס פון אינערלעכן דראַנג האָבן זיי באַשלאָסן צו טאָן פאַר זיך און פאַרן רבים און געגרינדעט אַ ביבליאָטעק. די ציוניסטישע באַוועגונג מיט די יוגנט־באַוועגונגען פון אַלע שאַטירונגען, די קולטור־ליגע״ מיט איר אייגענער שול; דעבאַטן, רעפעראַטן, פאָרלעזונגען, געזעלשאַפטלעכע מישפּטים מיט אייגענע און מיט פרעמדע כוחות — דאָס אַלץ האָט אויפגערודערט דאָס לעבן פונעם שטעטל. געוויינטלעך, די עקזיס־טענץ פון אַן אייגענעם דראַמאַטישן קרייז, וואָס איז דערגאַנגען אין משך פון זיין אַקטיוויטעט צו באַדייטנדיקע קינסטלערישע דערגרייכונגען, און אפילו די עקזיס־טענץ פון אַן אָרקעסטער — דאָס אַלץ האָט עדות געזאָגט וועגן דינאַמישקייט און צופּאַסן זיך צום גייסט פון דער צייט און צו זיינע פאָדערונגען.

קלאָר, דער יידישער־טראַדיציאָנעלער שטייגער, די שולן מיט די דאַוונער, דער רב און דער דיין און די שוחטים, די חזנים און די בעל־תפילות — האָבן אויך צוגעגיבן צום קאָלאָריט פונעם שטעטל —

דאָס אַלץ ביז דער חורבן איז געקומען. אינאיינעם מיט אונדזערע נאָענטע און טייערע וואָס זייער טויט האָט זיי געטראָפן אויף די וועגן קיין טראַנסניסטריע און אין טראַנסניטריע אַליין, אין סיביר און אין מיטל־אַזיע, אויפן פראָנט און אין הינטערלאַנד, איז אויך חרוב געוואָרן דאָס שטעטל אַליין. איך ווייס נישט וויפל פון די וואָס געפינען זיך איצט דאָ, אָדער ערגעץ אַנדערש, זענען געווען אין בריט־שעווע נאָכן אומקום. איך אַליין בין דאָרט געווען, און איך קען עדות זאָגן, אַז איך, און אַנדערע ווי איך, וואָס פריער פלעגן מיר בענקען קיין בריטשעווע און אויסניצן יעדע געלעגנהייט צו זיין דאָרט, איצט איז אוממיגלעך דאָרט זיך צו פאַרזאַמען. ווייזט אויס, אַז דאָס הארץ קען מען נישט אָפּנאַרן. דאָס שטעטל אָן אונדזערע באָענטע, אָן אונדזערע מענטשן, איז נישט אונדזערס. שטיבער וואָס זענען טיילווייז אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייערע פונדאַמענטן, און אַנדערע אין וועלכע סע וווינען באַראַבויער און גיזדיטער גוֹיים, אפילו ס׳איז דאָרט פאַרבליבן אַ ביסל יידן — איז נישט בריטשעווע פון אונדזער בענקשאַפט.

אָבער פאַר אונדז עקזיסטירט נאָך אין האַרץ בריטשעווע פון יענע צייטן, בריטשעווע פון אַמאָל, מיט אירע יידן און אונדזערע טייערע. נאָך זיי און נאָך איר בענקען מיר — און זיי און איר זענען מיר שולדיק אַ גרויסן חוב: אָפּצוצאָלן זיי כאָטש אַ קליינעם אָפּצאָל — אנידערשטעלן אַ געדענק־מציבה. איצט, ווען מיר זענען ווייט פון יענע יאָרן, און מיר ווייסן, אַז זיי וועלן זיך שוין נישט אומקערן, און מיר זענען דער לעצטער דור וואָס געדענקט נאָך די פאַרגאַנגענהייט, איז דער חוב אונדזערער צו טאָן, אַז דער זכר זאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן. אויב נישט מיר,

לרומניה בשנת 1918, כשהופיעו מפות מחוזיות — רק אז מצאתי את שם עיירתנו במפה המחוזית של סורוקה ליד כפרים אחרים. אבל אם העיירה לא זכתה אלא לעיתים נדירות למיפוּיה, הרי בנו נשתמרה כפי שהיתה לפני חמישים־ששים שנה ואילך, והרי מבחינת תכניתה ובנייניה לא נשתנתה אלא במעט עד לימי השואה ועד לאבדן צביונה היהודי.

וכך נשתמר בנו זכרה, זכר שלדה, בקווים עיקריים: שלושה רחובות ארוכים, כמעט מקבילים מצפון לדרום, לאורך מדרון כלשהו, כך שבצדק נקראו הרחובות לפי השיפוע: הרחוב העליון, הרחוב התיכון והרחוב התחתון. מבין שלושה אלה היה התיכון הארוך ביותר, קצר יותר היה העליון, והקצר מן השניים היה התחתון. את שלושת הרחובות חצה רחוב כמעט משיק להם ממערב למזרח, מן העליון ועד התחתון במורד, ומשם עלה אל גבעה שממול. תחילתו של רחוב




1909: ביתו של איציק שטשיגליק. בנוסף למשפחתו ולמשפחת יחיאל זיסמן, שהיה דר אז כשכן בביתו, יש ילדים, ילדי ידידים, ביניהם גם מחבר־השורות / דאָס הויז פון איציק שטשיגליק. אַ חוץ זיין פאַמיליע און יחיאל זיסמאַנס פאַמיליע, דעמלט אַ שכן, זענען געזעסן קינדער פון גוטע ברידער, צווישן זיי אויך דער מחבר פון די שורות.

וועלן דער דור און די דורות נאָך אונדז אוודאי נישט קענען טון. איך דערמאַן מיך אין דעם וואָס איז אַמאָל געווען, צוריק מיט אַ דרייסיק יאָר און מערער. איינמאָל, ווען כ׳בין געקומען קיין בריטשעווע, האָב איך מיך געווענדעט צו מיין פֿאָטער ע״ה כ׳זאָל פֿון אים הערן וועגן פֿאַרצייטיקייט פֿון בריטשעווע — האָט ער מיר געזאָגט: אַן אַלטער פּינקס פֿון דער חברא קדישא געפֿינט זיך נאָך, און דאָרט זענען פֿאַרשריבן זאַכן פֿון די ערשטע צייטן. דער פּינקס, האָט ער מיר געזאָגט, איז אָפּגעהיט באַ נחום צימערמאַן, און מע גיט אים קיינעם נישט צו לייענען; אפשר דיר וועט ער אים גיבן. און שטעלט אייך פֿאָר, אַז כ׳האָב אָפּגעלעגט די זאַך און נישט געבעטן דעם פּינקס; כ׳האָב געמיינט אַז סע וועט נאָך קומען די צייט פֿאַר דעם — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז נישט געקומען.

אונדזערע קדמונים האָבן געזאָגט: מ׳האָט גוזר געווען אויפֿן מת, ער זאָל פֿאַרגעסן ווערן פֿונעם האַרץ. סתם גזירה הייסט אַ שלעכטע גזירה; סע הייסט, אַז דער מת וויל נישט מע זאָל אים פֿאַרגעסן, מ׳האָט אָבער גוזר געווען ער זאָל פֿאַרגעסן ווערן. דערפֿאַר קעמפֿט תמיד דער מענטש מיט דער דאָזיקער גזירה. און אַז מיר טוען עפּעס פֿאַרן זכר פֿונעם מת, העלפֿן מיר אים און זיך, ער זאָל נישט פֿאַרגעסן ווערן. מיר זענען זיכער אַז אונדזערע טייערע און קדושים פֿאָדערן פֿון אונדז מיר זאָלן קעמפֿן מיט דער דאָזיקער גזירה. זיי זענען דאָך נישט זוכה געווען סע זאָל אויפֿגעשטעלט ווערן אַ מציבה אויף זייער קבר. איז אונדזער פֿליכט צו טראַכטן וועגן אַ באַצייכענונג אויפֿן אָרט פֿון מציבה־שטיינער, וואָס זענען נישט אויפֿגעשטעלט געוואָרן — אַ בריטשעווער פּינקס.

ב

קינדוויַיז, ווען כ׳האָב אָנגעהויבן לערנען געאָגראַפֿיע, און ס׳האָט זיך מיר אַנט־פּלעקט דער באַנוץ מיט מאַפּעס, האָב איך אָנגעהויבן זוכן ווו איז אָנגעצייכנט בריטשעווע אויף איינע פֿון די מאַפּעס — און מיין צער איז געווען זייער גרויס, וואָס כ׳האָב עס נישט געפֿונען. שפּעטער מיט יאָרן, ווען בעסאַראַביע איז צוגעשטאַנען צו רומעניע אין יאָר 1918, און ס׳האָבן זיך באַוויזן געגנט־מאַפּעס — דעמלט האָב איך שוין געפֿונען דעם נאָמען בריטשעווע אויף דער מאַפּע פֿון סאָראָקער קרייז (זשודעץ) לעבן אַנדערע דערפֿער. נאָר כאָטש דאָס שטעטל איז זוכה געווען גאָר זעלטן פֿאַרפֿיקסירט צו ווערן אויף אַ מאַפּע, איז אינעווייניק אין אונדז איז זי אָפּגעהיט ווי זי איז געווען צוריק מיט פֿופֿציק־זעכציק יאָר, ווייל אין פּרט פֿון פּלאַנירן און הייזער איז זי זייער ווייניק געביטן געוואָרן ביז די יאָרן פֿון חורבן און אומקום און פֿאַרלירן דעם יידישן קאָלאָריט.

און אָט וויאַזוי ס׳איז באַ אונדז פֿאַרבליבן איר זכר, דער זכר פֿון איר סקעלעט, אין די הויפּט שטריכן: דריי לאַנגע גאַסן, כמעט פּאַראַלעלע, פֿון צפֿון צו דרום, אין דער לענג פֿון אַ באַרג־אַראָפּ, אַזוי אַז ריכטיק האָבן די גאַסן געטראָגן די נעמען

זה היתה מול ביתו רחב־המידות של איציק שצ׳יגליק שברחוב העליון וליד ביתו של מרדכי גלמאן מימין, וסופו היה בראש הגבעה כמעט, ליד כרמו של פרץ הזקן (פרצ׳עס זשיע). וכיוון שבפינת הרחוב הזה עם הרחוב האמצעי עמד ביתו הגדול של חיים־אהרן איינשטיין, וסמוך לידו בית שני, אף הוא שלו, והוא בנוי לבנים אדומות, נקרא הרחוב על שם הבעלים — הרחוב של חיים־אהרן; חלק אחר של הרחוב למטה הגיע עד לביתו המפואר של אהרן צינמאן (בית עם מרפסת מזוגגת צבעונית ועם גינה לפני הבית), על־כן נקרא בחלק זה — הרחוב של אהרן צינמאן; והחלק האחרון של הרחוב, במעלה, הוליך לכפר גיזדיטה, על־כן נקרא בשם „דרך גיזדיטה".

מאחורי הבתים של הרחוב העליון נתמשכו גנים, גני־פרי עם כרמים, לאורך הרחוב כולו. ואילו מאחורי הבתים שברחוב התחתון, שהיה, כאמור, בקצה המורד, היתה מעין בקעה ארוכה, ששוליה המשופעים הלכו וצרו עד תחתיתה, והתחתית — נחל זורם. נחל זה היה נעצר מאחורי ביתה של מאזיה (אמם של שמואל־נחום, של בנציון, של הירש ושל לייב כהן) ומול ביתו של אהרן צינמאן, במעין סכר, שמעליו גשרון למַעבר עגלות. ודאי שעם הפשרת השלגים או בימות הגשמים היה קורה שהגשרון היה נפרץ ונהרס — ומי תיקן ומי שיקם, קשה היה לקבוע משום ששום ועדה מוניציפאלית לא פעלה ולא דאגה לכך. בקצה השני של הבקעה נתרחב הנחל, והמים הניעו תחנת־קמח, זו הטחנה של השפייארים, שתחילתה טחנת־מים בנויה קרשים, עם הגלגל הענקי המזליף מימיו באיטיות, וסופה טחנת־מנוע בבניין אבנים בעל שתי קומות. לא רחוק מן הטחנה נמצא בית־המרחץ של העיירה. קצת הלאה לשמאלו היתה מעין מעברת־עץ, שעליה היו עוברים בהלוויות כדי לקבור את המתים בבית־הקברות שעל הגבעה ממול.

שני שיפועי הבקעה, ובעיקר זה שלצד בתי הרחוב התחתון, היו משמשים בראשית המאה, וודאי במאה התשע־עשרה, מקום איסוף לאשפות, והרבה מתושבי העיירה הסמוכים היו עושים צרכיהם שם — עד שהגיע הזמן ויהודי העיירה דאגו להקים בתי־כסא משלהם, עשויים עץ, מאחורי כל בית.

בנוסף לארבעה רחובות אלו היו סימטאות חוצות את הרחובות, מהן אחת עיקרית, בין הרחוב העליון (מול ביתו של יעקל שיכמן) ובין האמצעי; בסימטה זו היה בית־הכנסת בשם „המרתף", על־כן קרויה היתה הסימטה כולה „סימטת המרתף". סימטה אחרת, מקבילה לקודמת, התחילה ליד ביתו של ברוך טומאניבקר (גולד), מזה, וביתו של זוסיא גלמן, מזה, ונמשכה עד לרחוב האמצעי. בסימטה זו עמד ביתו של הרב ישעיהו אַפלבוים, לידו היה ביתו של שלמה זאבראנסקי,

לויטן שיפּוע: די אייבערשטע גאַס, די מיטלסטע גאַס און די אונטערשטע גאַס. פון די דריי איז די מיטלסטע גאַס געווען די לענגסטע, קורצער איז געווען די אייבערשטע, און נאָך קורצער — די אונטערשטע. די דריי גאַסן זענען דורכגעשניטן געוואָרן פון אַ פערטער וואָס איז געווען אין דער ריכטונג פון מערב קיין מזרח, און האָט זיך געצויגן פון דער אייבערשטער גאַס ביז דער אונטערשטער, און פון דאָרטן ווייטער אויף אַ באַרג אַרויף. די דאָזיקע גאַס האָט זיך אָנגעהויבן אַקעגן איציק שטשיגליקס גרויס הויז אין דער אייבערשטער גאַס, לעבן מרדכי בונימס (געלמאַן) הויז, און האָט זיך געענדיקט אויפן שפּיץ פונעם באַרג כמעט, לעבן פּרצ׳עס זשיע (ווײַנגאָרטן). און אַזויווי אין ווינקל פון דער דאָזיקער גאַס מיט דער מיטלסטער גאַס איז געשטאַנען דאָס הויז פון חיים־אהרן אײַזנשטיין, און לעבן אים אַ צווייט הויז, מיט רויטע ציגל, אויך חיים־אהרנ׳ס, האָט מען די גאַס גערופן „חיים־אהרנ׳ס גאַס״. אַ צווייטער טייל פון דער גאַס איז דערגאַנגען ביז אהרן צינמאַנ׳ס שיין הויז (מיט אַ געגלעזטן פאַרביקן גאַנעק און מיט אַ גערטנדל פון פאָרנט), דערפאַר האָט מען דעם טייל גערופן „אהרן צינמאַנ׳ס גאַס״; דעם אונטערשער טייל, וואָס האָט געפירט באַרג־אַרויף קיין גיזדיטע, האָט מען גערופן „גיזדיטער וועג״.

הינטער די הײַזער פון דער אייבערשטער גאַס האָבן זיך געצויגן גערטנער מיט ווײַנגערטנער (געפלאַנצט מיט דער הילף פון דער יק״א־געזעלשאַפט) אין דער גאַנצער לענג פון דער גאַס. און הינטער די הײַזער פון דער אונטערשטער גאַס איז געווען אַ מין לאַנגער טאָל (אַ ריפּע), וואָס די ברעגעס זענען אַלץ שמעלער געוואָרן ביזן דנאָ, און דער דנאָ איז געווען אַ שטראָמנדיק וואַסער. דאָס טעכל איז דערגאַנגען ביז הינטער מאַזיע׳ס הויז (די מוטער פון שמואל־נחום, הירש, בנציון און לייב כהן), אַקעגן אהרן צינמאַנ׳ס הויז. דאָס וואַסער איז פאַרהאַלטן געוואָרן מיט אַ מין דאַמבע (גרעבליע), און איבער איר איז געווען אַ בריקל וועגן פורן. פאַרשטענדלעך אַז ווען די שנייען האָבן נאָכגעלאָזט, אָדער אין די גרויסע רעגנס, פלעג זיך דאָס בריקל אָפּרייסן — און ווער האָט עס פאַרריכט, איז מיר שווער פעסטצושטעלן, ווייל קיין מוניציפּאַלע קאָמיסיע האָט נישט תמיד עקזיסטירט. אין אַנדערן עק פון דעם טאָל האָט זיך דאָס טעכל פאַרברייטערט, און דאָס וואַסער האָט געטריבן אַ מיל, די שפּייערס מיל, וואָס צום אָנהייב איז זי געווען געבויט פון ברעטער, מיט אַ גרויסן ראָד, פון וועלכן דאָס וואַסער פלעג פאַלן לאַנגזאַם טראָפּנווייז, און צום סוף איז זי געוואָרן אַ מיל מיט אַ מאָטאָר אין אַ שטיינערנעם בנין פון צוויי עטאַזש. נישט ווייט פון דער מיל איז געווען די באָד. אַ ביסל ווייטער לינקס איז געווען אַ שמאָל בריקל פון צוויי ברעטער, וואָס איבער אים פלעג מען אַריבער גיין מיט לוויות צו באַגראָבן די מתים אויפן בית־עולם, אַקעגן אויפן באַרג. ביידע זייטן פון דער ריפּע, און בעיקר די וואָס איז געווען לעבן די הײַזער, פלעגן דינען באַם אָנהייב פונעם יאָרהונדערט, אין אַוודאי אין ניינצנטן יאָר־הונדערט, פאַר אַ פלאַץ פון מיסטן, און אַ סך אײַנוווינער פון די נאָענטע הײַזער פלעגן דאָרט טון זייערע מענטשלעכע באַדערפענישן — ביז ס׳איז געקומען אַ צייט ווען בריטשע־

שלאחר הגרו לארצות־הברית נהפך זמנית למעון לבית־הספר „תרבות" (בו לימד אז חתנו של הרב, ברוך יאשצ׳יקמן, שעבר אחר־כך לידינץ). סימטה זו היתה קרובה לי בימי ילדותי ונעורי, משום ביקורי אצל חברי דוד שייקין, שהוריו (ואָלוול ורוזה) התגוררו שם, וכן אצל שבע אֶפלבוים, בתו של הרב. סימטה אחרת חיברה את הרחוב האמצעי (לא רחוק מביתו של אברהם יעקל דער הירש׳כס, רויזנבליט) אל התחתון, ליד ביתו של פרץ הזקן, מצד שמאל, וביתו של לייב שטרנברג (מוכר־הקמח) מימין.

ברור, שבריטשיבה לא זכתה כל ימיה לא לצינורות מים ולא לביוב. את המים היו שואבים מבארות. בארות שופעות מים היו בתוך העיירה עצמה; האחת — ברחוב העליון בין ביתו של יעקל שיכמן ומשה רבינוביץ, מצד זה, לבין ביתו של אביגדור שפילברג, מצד זה; השניה באותו הרחוב, שנכרתה בשנות העשרים, בערך, היתה בין ביתו של הירש הבַלן, מזה, ובין ביתו של גבריאל ליכט, מזה. ועוד באר אחת מרכזית היתה ברחוב התיכון, בפינת הרחוב של אהרן צינמן, ליד ביתו של מַתת גוטמן. באר אחרת היתה בקצה הרחוב התיכון, ליד ביתו של ניסן פרנס ומול ביתו של שמואל־אברהם החייט. אבל שואבי־המים, שהיו מוליכים את המים לחלוקה בחביות על גבי גלגלים בקיץ ועל גבי מזחלה בחורף, היו מספקים את מימיהם בעיקר מתוך הבאר שבדרך העולה לטירנובה. בבארות שבתוך העיירה היו משתמשים בידית עם סליל ומעלים את הדלי בחבל, ואילו בזו שבדרך לטירנובה היו מעלים את המים בעזרת קילון. בארות דומות היו מצויות גם ביתר הדרכים, שהוליכו מן העיירה לכיוונים שונים, כלומר אל כפרים שונים, שתושביהם היו מקיימים יחסים כלכליים עם תושבי העיירה.

והרי הדרכים אל מחוץ לעיירה: העיקרית, כאמור, היתה בכיוון לטירנובה, ששם תחנת־הרכבת הסמוכה ביותר, במרחק של כששה קילומטרים. ליד ביתו של ישעיה פרנס, בקצה הרחוב התיכון, בזווית של ששים מעלות לצד ימין, פנתה הדרך בירידה עד הבאר עם הקילון, ומשם עלתה עד שהגיעה אל בניין הטחנה הגדולה (שעמדה שוממה אחרי השריפה, שעליה עוד ידובר) עם ארובתה, ארובת־הלבנים הגבוהה הענקית בתוך חצר גדולה מגודרת. לפניה, מצד שמאל, היה בית־החרושת הגדול לשמן של אברהם־יוסל גוטמן (לאמיתו של דבר, שותף היה לו גם אחיו נתן גוטמן), קדם לו בשטח, אף הוא מצד שמאל, בית־החרושת לשמן של מוטל בונדר (ששבת מעבודה משך שנים רבות). מן הטחנה הגדולה הסתובבה הדרך שמאלה בזווית של 45 מעלות לטירנובה; ממנה נסעו אל הכפרים: דונדושאן, צאו ועוד.

ווער יידן האָבן שוין געזאָרגט אויפצושטעלן הילצערנע קלאָזעטן הינטער די הייזער.

אַ חוץ די פיר גאַסן זענען געווען עטלעכע געסלעך, וואָס האָבן זיי דורכגעשניטן; פון די געסלעך (ליקן) איז געווען איין ליק צווישן דער אייבערשטער גאַס (אַקעגן יענקל שיכמאַנ׳ס הויז) און צווישן דער מיטלסטער: אין דער ליק איז געווען די שול, וואָס האָט געהייסן „די באַשקע״, דערפאַר האָט טאַקע די ליק געהייסן „די באַשקע ליק״. אַן אַנדערע ליק, אַ פאַראַלעלע צו דער פריערדיקער, האָט זיך אָנגעהויבן לעבן הויז פון ברוך טומאַניוקער (גאָלד), פון איין זייט, און זוסיע געל־מאַנ׳ס הויז, פון דער אַנדערער זייט, און האָט זיך געצויגן ביז דער מיטלסטער גאַס. אין דער ליק האָט געוווינט דער רב ישעיה עפּלבוים; לעבן זיין הויז איז געווען דאָס הויז פון שלמה זאַבראַנסקי, וואָס נאָך דעם וואָס ער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע, איין זיין הויז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער שול „תרבות״ (דעמלט איז געווען דאָרט דער לערער ברוך יאַשטשיקמאַן, דעם רב׳ס איידעם, וואָס איז דערנאָך איבערגעפאָרן קיין יעדינעץ). די דאָזיקע ליק איז מיר געווען נאָענט אין מיינע קינדער־און־יוגנט־יאָרן, ווייל כ׳פלעג באַזוכן מיין חבר דויד שייקין, וואָס זיינע עלטערן (וועלוול און ראָזע) האָבן דאָרט געוווינט, און אויך שבע עפּלבוים, דעם רב׳ס טאָכטער, וואָס איז געווען מיין חברטע.

אַן אַנדערע ליק האָט פאַרבונדן די מיטלסטע גאַס (נישט ווייט פון אברהם־יעקל־דער־הערשעכעס, רויזנבליט) מיט דער אונטערשטער גאַס, לעבן הויכן הויז פון דעם אַלטן פרצ׳ען, פון לינקס, און לייב שטערנבערג׳ס (דער מעל־פּאַרקויפער) הויז, פון רעכטס.

קלאָר, אַז בריטשעווע האָט נישט זוכה געווען אַלע אירע יאָרן צו האָבן וואַסער־לייטונג און קאַנאַליזאַציע. ס׳וואַסער פלעג מען שעפּן פון קערניצעס. פול־וואַסערדיקע קערניצעס זענען געווען אין שטעטל גופא: איינע — אין דער אייבערשטער גאַס, צווישן יעקל שיכמאַנ׳ס הויז און משה ראַבינאָוויטשעס, פון איין זייט, און אַביגדור שפּילבערג׳ס הויז, פון דער אַנדערער זייט. די צווייטע קערניצע אין דער זעלבער גאַס איז אויסגעגראָבן געוואָרן אין די צוואַנציקער יאָרן, בערך, און איז געשטאַנען צווישן הערש ביידערס הויז, פון איין זייט, און גבריאל ליכט׳ס הויז, פון דער אַנדערער זייט.

אַן אַנדערע קערניצע איז געשטאַנען אין דער מיטלער גאַס, באַם עק, לעבן הויז פון ניסן פרנס, קעגן הויז פון שמואל־אברהם שניידער. און נאָך אַ צענטראַלע קערניצע געדענק איך: אין דער מיטלסטער גאַס, לעבן מאַטעס גוטמאַנ׳ס הויז, אַקעגן דודי אַלטערמאַן. ס׳זענען געווען אפשר נאָך אַ פּאָר קערניצעס, אָבער די וואַסער־פירערס, וואָס פלעגן צעפירן דאָס וואַסער אין פעסלעך אויף רעדער (סאַקאַ׳ס) אום זומער און אויף שליטנס אום ווינטער, האָבן געשעפּט דאָס וואַסער דערעיקר פון דער קערניצע אויף טערנעווער וועג. באַ די קערניצעס אין שטאָט גופא פלעג מען זיך נוצן מיט אַ שטריק אויף אַ רעדל, וואָס מע פלעג דרייען מיט די הענט,

מביתו של שמואל־אברהם ועד לבניין־לבנים רחוק, שהיה קרוי בשם „מחסן־הנפט", נמשך כר נרחב עטוי דשא בימות האביב והקיץ. מאחוריו, מצד מערב, היו משׂתרעים כרמים (למשל, כרמו של שמשון־משה, שעבר אחר־כך לחיים מילמן) ומלפניו, מצד מזרח, שדות תבואה. מחוץ ל„מחסן־הנפט" היה שם עוד בית־לבנים ממול, זה של ישראל אֶרליך (שלימים עקר לבלץ). הכר הנרחב שימש משך קיצים רבים־רבים מקום־טיול לאנשים, נשים וטף. בערבים היו שם משתרעים משפחות־משפחות, זוגות צעירים, או סתם, קבוצות־נוער וילדים, שרים ומשוחחים ו„מבלים". לצאת לטיול פירושו היה — לכאן. לימים נבנו שם בתים (בהם גרו אביגדור אדסמן, אברהם זאק, יאשה דלוגאטש ועוד), והטיולים הערביים עברו למקומות אחרים, בעיקר אל הגנים שמאחורי הבתים ברחוב העליון.

הטיולים ב„כר" היו מתארכים לפרקים, במיוחד בימי שבתות; היו חוצים אל שדות התבואה שבהמשך, פונים אחר־כך מעבר לשוחה (גבול־שדות, כנראה; אולי בין שדות בו׳טשיבה לבין שדות הכפריים) שמאלה, בזווית ישרה, ואחר־כך ימינה, שוב בזווית ישרה, ויורדים עד לאגם, שנחל יוצא ממנו, עם סכר, אשר נשא את השם ריפאקארשה (כנראה, צירוף של שתי מלים מולדאביות: בקעת־קארשה). בשתי גדות האגם היו קני־סוף צומחים, שראשיהם הקטיפניים היו מהנים את הילדים ואת בני־הנוער. שם היו מתרחצים בימות החמה והחום. דא עקא, מפעם לפעם היה מגיע לכאן ביעף שומר־השדות (ה„ווֹטאב" במולדאבית), רכוב על סוסו הדוהר או בדופנית מהירה — ואז נאלצת, במחילה, לחטוף את כותונתך ובגדיך ולרוץ עירום כיום היוולדך מחמת זעמו של השומר. וזאת לדעת: בגדי־רחצה עדיין לא היו נהוגים. ברור שהמתרחצים היו ממין זכר בלבד. יש ש„החברה" היו מתעללים במתרחצים, מטמינים את בגדיהם בין השיחים או שורים את שרוולי הכותונת במים ועושים מהם קשרים הדוקים; בגלל הרטיבות לא ניתן להתיר את הקשרים. בסוף שנות העשרים ובשנות השלושים הוקמה שם מעין שכונה גוֹיית, שנקראה בשם היומרני „רומאניה מארה" (רומניה הגדולה).

בקצהו השני של הרחוב האמצעי, הדרומי, שנסתיים בשני הבתים של האחים יוסף ומשולם שפיאֶר, נמשכה הדרך, שהתלכדה עם זו שיצאה מהרחוב התחתון (שבקצהו עמד ביתו של יענקל בלאנק, המכונה יעקל קודראן, כלומר שמוצאו מחבל הקודרה בביסראביה, מקום כרמים ויקבי־יין) והגיעה לעיר בלץ.

הרחוב העליון נגמר (עד סיום מלחמת־העולם הראשונה) בביתו רחב־המידות של איציק שצ׳יגליק (שתקופה מסויימת שימש גם במחציתו דירה

אָבער אין דער קערניצע אויף טערנעווער וועג פֿלעג מען שעפּן דאָס וואַסער מיט אַ קערליק (אַ וואַסער־זשוראַף). ענלעכע קערניצעס האָבן זיך געפֿונען אויך אויף אַנדערע וועגן, וואָס האָבן זיך געצויגן אין פֿאַרשיידענע ריכטונגען, דאָס הייסט אין שכנישע דערפֿער, וואָס האָבן געהאַט עקאָנאָמישע באַציונגען מיט די בריטשעווער.

און אָט זענען די וועגן אַרויס דעם שטעטל: דער עיקרדיקער וועג איז געווען, ווי געזאָגט, קיין טערנעווע; דאָרטן איז געווען די נאָענטסטע באַן־סטאַנציע, אַ זעקס קילאָמעטער די ווייט. לעבן ישעיה פּרנס׳עס הויז, אין עק פֿון דער מיטלסטער גאַס, אין ווינקל פֿון זעכציק גראַד רעכטס, האָט זיך דער וועג געקערט באַרג אַראָפּ ביז דער קערניצע מיטן קערליק, און פֿון דאָרטן באַרג אַרויף ביז דעם בנין פֿון דער גרויסער מיל (וואָס איז געשטאַנען פּוסט נאָך דער שׂריפֿה, וועגן וועלכער סע וועט זיך נאָך רעדן) מיטן ריזיק־הויכן קוימען, פֿון רויטע ציגל, אין אַ גרויסן אַרומגעצאָמטן הויף. פֿאַר איר, פֿון לינקס, איז געווען די גרויסע אייל־פֿאַבריק פֿון אברהם־יאָסל גוטמאַן (אין אמתן האָט ער געהאַט פֿאַר אַ שותּף זיין ברודער נתן). פֿאַר דער דאָזיקער פֿאַבריק, אויך לינקס, איז געשטאַנען מאָטל באָנדערס אייל־פֿאַבריק (וואָס איז יאָרן געשטאַנען פּוסט). פֿון דער גרויסער מיל האָט זיך דער וועג געווענדעט אין אַ 45־גראַדיק ווינקל קיין טערנעווע; פֿון דאָרטן איז מען געפֿאָרן אין די דערפֿער: דאָנדושען, צאַו (צאַוואַלע) און אַנדערע.

פֿון שמואל אברהם׳ס הויז ביז דעם ציגלנעם בנין, וואָס האָט געהייסן „דער גאַז־רעזערוואַר״, האָט זיך געצויגן אַ ברייטע לאָנקע, געדעקט מיט גראָז פּרילינג און זומער (די טאָלעקע); הינטער איר, פֿון מערבֿ־זייט, האָבן זיך געצויגן וויינגערטנער (אַ שטייגער, שמשון־משה׳ס וויינגאָרטן, וואָס איז דערנאָך פֿאַרקויפֿט געוואָרן חיים מילמאַן). און פֿון פֿאָרנט, פֿון מזרח־זייט, זענען געווען תּבֿואה־פֿעלדער. אַ חוץ דעם רעזערוואַר איז דאָרט געווען אַ ציגל־הויז, אַקעגן ישׂראל ערליך׳ס הויז (דערנאָך איז ער איבערגעפֿאָרן קיין בעלץ). די טאָלעקע איז געווען אין משך פֿון גאָר אַ סך זומערן אַ שפּאַציר־פּלאַץ פֿאַר גרויסע און קליינע. אין די אויפֿדערנאַכטן פֿלעגן זיך דאָרט צעלייגן גאַנצע פֿאַמיליעס, יונגע פּאָרלעך, צי סתּם יוגנט־גרופּעס און קינדער, פֿלעגן זינגען און שמועסן און פֿאַרברענגען. אַרויסגיין שפּאַצירן — האָט געהייסן אַהער. מיט דער צייט האָט מען דאָרט אויסגעבויעט הייזער (דאָרט האָבן געוווינט אַביגדור אדעסמאַן, אברהם זאַק, יאַשע און גיניע דלוגאַטש, יאָסל־יהודה גאָראָדעצקי און נאָך) — און די אויפֿדערנאַכטיקע שפּאַצירן זענען איבערגעגאַנגען אין אַנדערע פּלעצער, דערעיקרשט אין די גערטנער הינטער די הייזער פֿון דער אייבערשטער גאַס.

די שפּאַצירן אויף דער טאָלעקע פֿלעגן זיך אַמאָל פֿאַרציען ווייטער, באַזונדערס אין די שבתים; מע פֿלעג דורכשניידן די תּבֿואה־פֿעלדער, איבערשפּרינגען דערנאָך איבערן גראָבן (אַ פֿעלדער־גרענעץ, מן הסתם; מיגלעך צווישן בריטשעווער פֿעל־

למשפחתו של יחיאל זיסמן). אבל לימים, בשנות העשרים והשלושים, גבנו שם כמה בתים, והרחוב הוארך קצת ונסתיים בשני בניינים משיקים כמעט זה לזה: האחד — של בית־הספר העממי „תרבות", והשני — משיק לו, כלומר מוסב בפניו כחוסם את הרחוב, בית־הספר העממי הממשלתי (הרומני). אלא שנשאר מעין רווח בפינה, ששימש דרך (בזווית ישרה שמאלה), אשר הוליכה אל מחוץ לעיירה. במרחק לא רב משמאל נמצאה טחנת־הרוח השוממה (לפנים היתה זו, כנראה, היחידה, והשתייכה לחנינא הזקן, סבא של האחים שפייאר, עד שהוקמה טחנת־המים, שהוזכרה לעיל). אפורה־שחרחרה עמדה, וכנפיה שבורות ומתפרקות מרוח ומגשם. משם נמשכה הדרך במורד בזווית של כששים מעלות, עד גשרון שמעל נהר הריאוט, שכאן צר היה בהרבה מאשר ליד בלץ, למשל, או ליד קאַפּראַשט. מעבר לגשר משם נמשכה הדרך עד לכפרים סקאיאַן, פראסין, באר־לידאן ועד העיירה יידינץ.

בקצהו השני של הרחוב עמד בית יפה, גבוה, בית־הלבנים שנבנה למען הרופא ד"ר גרמאנט, וברבות הימים נהפך לבניין הפרו־גימנאסיה „תרבות". משם פנתה הדרך ימינה בזווית קהה וירדה עד לגשר שמעל הריאוט, ומשם עלתה ונמשכה עד הכפר באראבוי, והלאה עד הכפר מיהאלאַן, ומשם הלאה — עד העיירה רישקאן.

הרחוב הרביעי, המשיק, הוליך, כאמור, בדרך לכפר גיזדיטה, ומשם אל הכפר שור, בואך העיירה זגוריצה, וממנה לסורוקה, עיר המחוז. בסטיות מן הדרך הזאת הגעת אל הכפרים מאראמונובקה, מינדיק, אנטוניבקה.

אם תוארה כאן העיירה על רחובותיה, הרי ברור שבמשך השנים חלו שינויים כלשהם, אבל הללו היו קלים מאוד. זוכר אני שנים, ולא מעטות, שבהן לא נבנה אף בית אחד חדש בבריטשיבה. ואף בשנים אחרות, כשהתעוררה איזו תנועה של בנייה, התבטא הדבר במשהו איטי מאוד. בריטשיבאי כי החליט שכדאי לו לבנות בית־מגורים משלו — היה שוכר את הבנאי (על־פי רוב היה זה ישראל הבנאי, או אחיו משה הבנאי) ומסתפק בשלב הראשון בחפירת בורות לשם הכנסת עמודים גבוהים, שסימנו את תחומי הבניין, והעמודים היו חגורים זה בזה במעין בדי עץ. השאיפה הגדולה היתה — למהר ולהספיק להעלות גג על־גבי העמודים, גזירה שמא יבואו ימות־הגשמים־והשלגים ויהרסו את השלד. פעמים היה השלד עומד חדשים רבים, לפעמים שנה ויותר, עד שבאו בנאים אחרים (הללו גויים היו) והיו מכניסים בין חגורות־העץ ענפים עבים גמישים, שהיוו מעין מקלעות־

דער און די דאָרפּישע) לינקס, אין אַ גלייך־ווינקל, און דערנאָך רעכטס, אויך אין אַ גלייך־ווינקל, און אַראָפּגייען ביז אַ מין אָזערע, פון וועלכער סע פלעג אַרויספליסן אַ טעכל, מיט אַ „גרעבליע" פון איין זייט — דאָס אַלץ האָט געטראָגן דעם נאָמען „ריפּעקאַרשע" (אַ צונאַמענשטעל, ווייזט אויס, פון צוויי מאָלדאַווישע ווערטער). פון ביידע זייטן וואַסער האָבן געוואַקסן הויכע געוויקסן מיט פּליושענע קעפּלעך. דאָרטן פלעג מען זיך באָדן אין די הייסע זומער־טעג. אַ צרה נאָר, וואָס פון מאָל צו מאָל פלעג אָנלויפן דער וואָטעוו (מאָלדאַוויש: דער פעלד־היטער), רייטנדיק אויף אַ פערד, אָדער אין אַ לייכט וועגעלע — און דעמלט פלעגסטו, במחילה, זיין געצוווּנגען כאַפּן גיך דאָס העמד מיט די בגדים און אַנטלויפן נאַקעט, ווי די מאַמע האָט דיך געהאַט, מחמת דעם בייזן שומר. און מע מוז געדענקען: קיין באָד־קליידער זענען נאָך דעמלט נישט געווען באַקאַנט. קלאָר, אַז אַלע וואָס האָבן זיך געבאָדן זענען געווען בלויז זכרים. אַמאָל פלעגן די חברה אָפּטוען שפּיצלעך, באַהאַלטן די קליידער פון די וואָס האָבן זיך געבאָדן, צווישן די ביימלעך, אָדער איינווייקן די אַרבל פון די העמדער אין וואַסער און מאַכן פון זיי אַ קניפּ; מחמת דער נעץ האָט מען שוין דעם קניפּ נישט געקענט אויפבינדן. סוף צוואַנציקער און אָנהייב דריי־כיקער יאָרן איז דאָרט אויפגעשטעלט געוואָרן אַ גוישער ישוב, וואָס האָט זיך אָנגערופן מיטן פּרעטענציעזן נאָמען „ראָמאַניע מאַרע" (גרויס־רומעניע).

אין אַנדערן עק פון דער מיטלסטער גאַס, אין דרום (וואָס האָט זיך געענדיקט מיט די צוויי הייזער פון יאָסל און משולם שפּייער), האָט זיך געצויגן דער וועג, וואָס איז זיך צונויפגעקומען מיט דעם פון דער אונטערשטער גאַס, ווייט, אַזש ביז קיין בעלץ.

די אייבערשטע גאַס האָט זיך פאַרענדיקט (ביז דער ענדע פון ערשטן וועלט־קריג) מיטן גרויסן הויז פון איציק שטשיגליק (אין אַ געוויסער צייט האָט אין דער העלפט דאָרט געוווינט יחיאל זיסמאַן מיט דער פאַמיליע). אָבער מיט דער צייט, אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן, האָט מען דאָרט אויפגעבויט עטלעכע הייזער, און די גאַס האָט זיך פאַרלענגערט און געענדיקט מיט צוויי געביידעס, כמעט פּערפּענדיקולאַר איינע צו דער אַנדערער: איינע — די שול „תרבות", און די צווייטע, וואָס איז געשטאַנעם פּאָפּערעק, גלייך ווי זי פאַמאַכט די גאַס — די רומענישע פאָלק־שול. ס'איז אָבער געבליבן אַ פריי פלאַץ אין ווינקל, לינקס, און דאָרט איז געווען אַ וועג, וואָס האָט געפירט אַרויס דער שטאָט. נישט ווייט פון דאָרטן, לינקס, איז געשטאַנען די וויסטע ווינט־מיל (אַמאָל איז זי, ווייזט אויס, געווען די איינציקע און האָט געקערט צום אַלטן חנינא, דער זיידע פון די ברידער שפּייער, ביז ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן די דערמאָנטע וואַסער־מיל). גרוי־שוואַרצלעך איז זי געשטאַנען, און אירע פליגל צעבראָכן און צעפאַלן פון ווינט און רעגן. פון דאָרטן איז דער וועג געגאַנגען באַרג אַראָפּ, אין אַ זעכציק־גראַדיק ווינקל, ביז אַ בריקל וואָס איבערן טייך רעוועט, וועלכער איז דאָ געווען אַ סך שמעלער ווי אין בעלץ, למשל, אָדער אין קאַפּרעשט. פון יענער זייט בריקל האָט

מקלעות צפופות בין העמודים. אחר־כך היו מתקינים בוץ מעפר־האדמה, שנכרה בסמוך, מגבלים אותו בקש, שיהווה חומר מאחז. היו נוטלים מן הבוץ המגובל הזה ומשליכים על מקלעת הענפים, עד שנהפך לשכבה אחת סמיכה. באו אחר־כך הטייחים או הטייחות וכיסו את שכבת־הבוץ מבחוץ ומבפנים בשכבת טיח עשוי מטיט מעורב בגללי סוסים; היו מחליקים בכפות הידיים ולאחר הייבוש מסיידים. אדם אמיד יותר היה כבר שוכר טייחים שהשתמשו במחליק, כדי שהקירות יצאו חלקים יותר.

בתי־טיט כגון אלו היו הרוב בבריטשיבה. דרגה קצת שונה (אולי לא יקרה יותר) היתה בניית הבית מלבינים, שהותקנו מאותו חומר בוצי ויובשו משך זמן רב לאור השמש. רק האמידים ביותר הירשו לעצמם להקים בית עשוי לבינים שרופות. בתים כאלה היו מעטים מאד; אבל היו כמה וכמה בתים בנויים מלבינים של בוץ מוקשה, או ממקלעות־ענפים עם בוץ, שקירות החזית שלהם היו מלבינים שרופות, משובצות במלבני־אבן לשם קישוט.

הגגות היו רובם משחיפי עץ, ורק מעטים היו עשויים פח. גגות רעפים לא היו כלל בעיירה, אבל גם גגות־אבן לא היו שם בזמננו. ועוד לדעת: בכל העיירה לא היה אלא בית אחד בן שתי־קומות, שאף הוא לא היה גבוה ביותר, משום שקומת הקרקע שלו התחילה שוקעת; הריהו הבית המרכזי שברחוב האמצעי, ביתו של משה מונימיס. רצפות־הבתים היו לכתחילה (במאה הי"ט ובראשית המאה הנוכחית) אדמה מטויחת בטיט שבוע־שבוע בערבי־שבתות. לאט־לאט הוחלפו ברצפות קרשים.

העיירה לא ידעה טעם של כביש ולא של דרך מרוצפת אבנים; מדרכות לא היו כמעט. רק בשנות העשרים והשלושים הותקנו לפני כמה בתים מדרכות עץ, שבצד מעלתן היית מוצא את מגרעתן. גשמי הסתיו ומטרות־האביב והקיץ והשלגים שהפשירו — כל אלה היו גורמים לבוץ טובעני, שעומקו היה משתנה לפי העונה; תושבי העיירה היו משתמשים לפנים במגפיים, מגפי־עור; במרוצת הזמן עברו לערדליים מגומי: נמוכים, עמוקים יותר או גבוהים כמגפיים. והיו ימים ושבועות, שעומקו של הבוץ לא איפשר מעבר במקומות מסויימים אף לא במגפי־גומי. באותן העונות היו מדרכות העץ מהוות עזרה פורתא במקומותיהן. אלא שלא מעטים היו המקרים ששימשו גם מקום־החלקה־ומעידה עד כדי שבירת רגל. בעיקר גברה הסכנה כשהשלג היה מפשיר ביום, ואילו בלילה היה הקור מעלה שיכבת קרח דקה על המדרכות — או־אז רבו המעידות והתקלות.

דעת לנבון נקל, שגם הדרכים אל הכפרים לא ידעו כביש מעולם. הממשלה

זיך דער וועג געצויגן אין די דערפער סקאיען, פראסינע, בארלידאן — ביז יעדינעץ.

אין צווייטן עק פון דער גאַס איז געשטאַנען אַ שיין הויך הויז, דאָס ציגל־הויז וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן פאַרן דאָקטער גערמאַנט, און אין משך פון די יאָרן איז עס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בניין פאַר דער פּראָגימנאַזיע „תרבות". פון דאָרטן איז דער וועג אין אַ טעמפּ ווינקל אויפגעגאַנגען ביז אַ בריקל איבערן דרעוועט, און פון דאָרטן אַרויפגעצויגן זיך ביזן דאָרף באַראַבוי, און ווייטער ביז מאַליען, און ווייטער ביזן שטעטל רישקאַן.

די פערטע גאַס, וואָס האָט דורכגעשניטן די דריי, האָט געפירט, ווי געזאָגט, קיין גיזזיטע, פון דאָרטן קיין שורעס, אויפן וועג קיין זגוריצע, און פון דאָרטן ביז סאָראָקע.

אויב דאָס איז געווען דאָס בילד פונעם שטעטל לויט די גאַסן, איז קלאָר, אַז אין משך פון די יאָרן זענען פאָרגעקומען אייניקע ענדערונגען, אָבער זייער לייכטע. איך געדענק יאָרן, און נישט ווייניקע, ווען אין בריטשעווע איז נישט אויפגעבויט געוואָרן אפילו איין הויז. און אפילו אין אַנדערע יאָרן, ווען ס'האָט זיך אויפגעוואַכט עפּעס אַ באַוועגונג פון בויען, איז עס געווען זייער פּאַמעלעך. אַ בריטשעווער, אַז ער האָט באַשלאָסן, אַז ס'איז כדאי ער זאָל זיך בויען אַ הויז פאַר זיך, — פלעג ער דינגען אַ בויער, אַ טעסלער (ס'רוב איז עס געווען שמעון אָדער דער ברודער משה טעסלער, טונקעל) און זיך באַגעניגן צום אָנהייב מיט אויסגראָבן טיפע גריבער, כדי אַריינשטעלן הויכע דריקעס, וואָס האָבן אָנגעצייכנט די קאָנטירן פונעם בניין, און די דריקעס זענען געווען געגאַרטלט מיט דינע דריקלעך. די גרויסע שטרעבונג איז געווען — וואָס גיכער אויפשטעלן דעם דאַך איבער די דריקעס, אלא נישט וועלן אָנקומען די רעגנס און די שנייען און וועלן רואינירן דעם סקעלעט. אַמאָל פלעג דער סקעלעט אַזוי שטיין אַ סך חדשים, אפילו אַ יאָר און מער, ביז סע זענען געקומען אַנדערע בויערס (נישט קיין יידן) און אַריינפלעכטן צווישן די הילצערנע גאַרטלען גראָבע בייגעוודיקע צווייגן, וואָס האָבן פאָרמירט אַ מין געדיכטן געפלעכט צווישן די דריקעס. דערנאָך פלעג מען מאַכן אַ מין בלאָטע פון ערד, וואָס מ'האָט אויסגעגראָבן טאַקע נישט ווייט, אויסקנעטן זי מיט שטרוי, און אינאיינעם איז געוואָרן אַ מין קלעב־מאַטעריאַל. די דאָזיקע בלאָטע פלעג מען אָנוואַרפן אויף דעם צווייגן־געפלעכט, ביז ס'איז געוואָרן אַ געדיכטער שיכט. דערנאָך זענען געקומען מענטשן (גויים אָדער גויעס) וואָס פלעגן טינקעווען פון דרויסן און פון אינעווייניק מיט אַ געדיכטן טינק, געמישט מיט ליים מיט פערד־באַלעגעס; מיט די הענט פלעגן זיי אויסגלעטן דעם טינק, און נאָכן אויסטרוקענען פלעגט מען אויסווישן. אַ פאַרמעגלעכער ייד פלעג דינגען טינקערס, וואָס האָבן שוין גענוצט אַ שפּאַכטל, כדי די ווענט זאָלן זיין גלאַטער.

הצארית לא דאגה לכבישים בביסראביה, ואף השלטונות הרומניים לא עשו כלום בנידון זה, לא במחוז סורוקה ולא במחוזות אחרים. חלום חלמו יהודי בריטשיבה, שביום מן הימים ייסלל כביש עד תחנת הרכבת בטירנובה — אבל הדבר לא יצא אל הפועל.

ג

מתי הוקמה בריטשיבה? התאריכים שונים קצת מהיסטוריון להיסטוריון. בספר „בית יהודה" לר' יצחק־בר לוינזון (ריב"ל) בעמוד 134, חלק ב' (דפוס וארשה, תרל"ח), כתוב לאמור: „והנה הוקמה בבסרביה בשנת 1838 המושבות דומברובני, בריטשבה ועוד". ואילו באֶנציקלופדיה היהודית־רוסית (הוצאת ברוק־האוז ועפרון) כתוב, שהיא נוסדה בשנת 1936. במחקרים אחרים צויינו אפילו תאריכים מאוחרים יותר *.

כשנוסדה המושבה, היה שטחה 289 דיסיאטין, שחולקו בין 80 משפחות בערך, ואילו 66 משפחות היו ללא קרקע, כלומר עסקו במלאכות או היו חנוונים, סוחרים וכד'.

מי היו ראשוני העיירה? קשה לקבוע בוודאות, משום שכל אלה החיים בדורנו צעירים מכדי לזכור, ותושבי בריטשיבה הקודמים לא השאירו אחריהם זכר בכתובים. ידוע לי שהתנהל איזה „פנקס", שבו נרשמו מאורעות ושמות, והוא כלל, כנראה, דברים שנרשמו למזכרת במחצית השניה של המאה התשע־עשרה. בדרך כלל היה ה„פנקס" מצוי בידי אחד מ„החברה קדישא", ואיש מבין אלה שהכרתי אותם, לא ראהו. היתה זו מעין מסורת שיש להתייחס אל ה„פנקס" כאל דבר שבקדושה, שיש להצניעו.

גם בית־הקברות, שוודאי וודאי נשמרו בו עד לשואה רוב המציבות, לא זכה לרישום כלשהו. זכורני שבאמצע בית־העלמין עמד איזה „אוהל", אבל איני יודע אם היה זה של צדיק נפטר מתושבי בריטשיבה, או לא.

על־כל־פנים, לפי השמות והכינויים ניתן למנות אנשים אחדים, שאולי היו מראשוני בריטשיבה או, לפחות, מבניהם של הראשונים. למשל, לאֶמל הזקן (גלמאן), שהיה כבר בימי ילדותי שלי זקן מופלג ועדיין שימש באיטליזו.

---

* ראה על תחילתה של בריטשיבה בזכרונותיו של הרב אברהם שלאפיד שבספר זה.

אַזעלכע ליימענע הייזער זענען געווען ס׳רוב אין בריטשעווע. אַ ביסל העכערער גראַד (אָבער נישט טייערער) איז געווען דאָס בויען הייזער פון לאַמפּאַטשן, דהיינו: ציגל וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פון דער זעלבער בלאָטע און אויסגעטרוקנט אין משך אַ סך צייט אויף דער זון. נאָר די גאָר פאַרמעגלעכע האָבן זיך דערלויבט אויפצושטעלן אַ הויז פון געברענטע ציגל. אַזעלכע הײַזער זענען געווען גאָר ווייניק. דערפאַר אָבער זענען געווען עטלעכע הייזער געבויט פון לאַמפּאַטשן אָדער פון צווייגן־געפלעכט, וואָס זייערע פראָנט־ווענט זענען געווען פון געברענטע ציגל, מיט איינפאַסטונגען פון שטיינער אַלס דעקאָראַציע.

די דעכער זענען מייסטנס געווען פון שינדל, און גאָר ווייניקע הייזער האָבן געהאַט בלעכענע דעכער. טשערעפּענע דעכער זענען לחלוטין נישט געווען, אָבער אַין אונדזער צייט איז שוין נישט געווען קיין שטרויענע דעכער. און נאָך אַ זאַך: אין גאַנץ בריטשעווע איז געווען נאָר איין־און־איינציק הויז מיט אַ שטאָק; דאָס הויז איז אויך נישט געווען זייער הויך, זיין פאַרטער האָט שוין אָנגעהויבן צו זינקען; ס׳איז געשטאַנען אין סאַמע צענטער פון דער מיטלסטער גאַס און געקערט משה מונימיס. די פּאָלן זענען צום אָנהייב (אין 19־טן און אין אָנהייב 20־טן י״ה) געווען געשמירטע מיט ליים, יעדן ערב־שבת. לאַנגזאַם־לאַנגזאַם זענען זיי פאַרביטן געוואָרן מיט הילצערנע פּאָלן.

דאָס שטעטל האָט נישט פאַרזוכט דעם טעם פון אַ שאָסיי אָדער אַ בראַקירטן וועג; קיין טראָטואַרן זענען כמעט נישט געווען. ערשט אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן האָט מען פאַר אייניקע הייזער געמאַכט טראָטואַרן, הילצערנע, וואָס זייערע מעלה איז געווען די זעלבע ווי זייער חיסרון: די ווינטער־רעגנס און וועסנע־און־זומער־רעגנס, ווי אויך די שנייען, וואָס האָבן נאָכגעלאָזט סוף ווינטער, האָבן געבראַכט דערצו, אַז סע זענען געווען טיפע בלאָטעס; די איינוווינערס פלעגן זיך מוזן ניצן, ערשטנס, מיט שטיוול; מיט דער צייט איז מען איבערגעגאַנגען צו קאַלאָשן, נידעריקע, טיפערע און גאָר טיפע (באָטן). און סע זענען געווען טעג, ווען אפילו אין באָטן איז געווען שווער איבערצוגיין דעם וועג. דעמלט זענען די הילצערנע טראָטואַרן זייער צו נוץ געקומען, אָבער סע זענען געווען נישט ווייניק פאַלן, ווען מ׳האָט זיך אויף זיי אויסגעגליטשעט און געבראָכן אַ פוס. און דער־עיקרשט, ווען דער שניי האָט נאָכגעלאָזט, און באַנאַכט האָט געכאַפּט אַ פרעסטל — האָבן זיך די טראָטואַרן באַדעקט מיט אַ דינעם הייז־שיכט — און דאָס אויסגליטשען זיך איז געווען נישט אויסצומיידן.

פאַרשטענדלעך, אַז קיין שאָסייען ביז צו די דערפער איז אוודאי נישט געווען. די צאַרישע רעגירונג האָט נישט געזאָרגט פאַר שאָסייען אין בעסאַראַביע, און די רומענישע מאַכט האָט אויך גאָרנישט געטאָן אין דעם פּרט, נישט אין סאָראָקער ראַיאָן און נישט ערגעץ ווו אין בעסאַראַביע. בריטשעווער יידן האָבן אַלץ געחלומט, אַז אין אַ צייט אַרום וועט מען כאָטש מאַכן אַ שאָסיי ביז דער טערנעווער באַן — אָבער דער חלום איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

ביתו עמד במרכז הרחוב האמצעי, ואיטליזו היה בחזית; הכל היה רעוע מרוב יושן. לאחר שמת נקנה הבית על־ידי זנביל צאוואליר (כלומר, יוצא הכפר צאו, שנקרא ביידיש צאוואלה), שהרס את החזית ושיפץ את הבניין, ואז נהפך לבית נאה. למל היה אביו של פייבל (שכינויו היה פייבל למלס), שביתו עמד כבר ברחוב העליון, עם גינה לפני הבית ועם גן גדול מאחוריו; לפייבל היו בנות יפות: מלכה (אשתו של חיים־אהרן אייזנשטיין), טשארני (אשתו של לייב טנדלר), רוזה הצעירה ושני בנים: לייזר ואיציק; ללמל היה גם בן אחר, איציק למלס (גם ביתו של זה עמד ברחוב העליון) עם בנים ובני־בנים, ועוד בן בשם דוד למלס, ועוד בת בשם ליבה — לכל אלה היו צאצאים, שכולם היו תושבי בריטשיבה.

משפחה אחרת ענפה התייחסה על נפתלי אֶפלמן. הוא אינו זכור לי כלל, נראה שמת לפני הרבה־הרבה שנים ואפילו בנו משה אינו זכור לי. אבל זכורים לי בניו ובני־בניו, כולם קרויים על שמו „בני נפתלי": נפתלי משה־נפתליס, ישראל משה־נפתליס וכדומה.

משפחה, שאף שמה היה גלמאן, אם כי לא היתה אולי קירבה משפחתית בינה לבין זו של למל, היתה זו של חיים־ישראל. גם אותו איני זוכר, אבל זכורה לי בתו שרה'קה חיים־ישראלס, המַלווה ברבית, ואיציק חיים־ישראלס עם בניו ובנותיו ובני בניהם.

חנינא הזקן (שפייאֶר) אף הוא היה מראשוני הראשונים. כזכור, הוא שהקים את טחנת־הרוח. בניו הזכורים לי היו: נטע חנינא'ס (בעל־האכסניה), שמואל חנינא'ס, שביתו עמד במרכז הרחוב האמצעי ליד בית־הכנסת הסאדיגורי; בית זה עבר לאחר מכן למשפחת החובש לווינטאל, שבאה לבריטשיבה מדום־ברוואָן; אברהם חנינא'ס, שבשעתו היה פקיד בטחנת־הקמח הגדולה.

בין התושבים הוותיקים ביותר היה זליג שיכמן, שאינו זכור כלל לבני דורנו, אבל זכור היה לקשישים בינינו. בנו, ברוך זליג'ס, היה בעלה של שייטל, חותנתו של נחום צימרמן. הבית עמד אף הוא ברחוב האמצעי ושימש מקום־מיפגש מתמיד לאנשים רבים. אחיו של ברוך זליג'ס היה אברהם רבינוביץ, שמשום ש„נתפקר" ונהג מנהג משׂכיל קרוי היה בשם „אשכנזי", שהרי היה מעלה את מכנסיו מעל למגפיו. בנו של זה היה משה רבינוביץ. על משפחתו של זליג התייחסו גם שתי האחיות איידיל ליכט (חותנתי) ואֶטל (אשתו של מוטל בונדר) ואחיהם יעקב ויינמאן.

אחד מראשוני הראשונים היה יהודי בשם ישראל הזגג. אדם זה זכור לי מימי ילדותי, כשהסתלק מן העולם והוא בן 102. משמע שהיה ממייסדי בריטשיבה.

## ג

ווען איז בריטשעווע געגרינדעט געוואָרן? די דאַטעס זענען פאַרשידענע, לויט דעם אָדער יענעם היסטאָריקר. אין ספר „בית־יהודה" פון ר' יצחק בער לעווינזאָן (ריב"ל), זייט 134 פונעם צווייטן טייל (געדרוקט אין וואַרשע, תרל"ט) שטייט געשריבן: „און אָט זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין בעסאַראַביע אין יאָר 1838 די קאָלאָניעס דאָמבראָווען, בריטשעווע און אַנדערע". אָבער אין דער יידיש־רוסישער ענציקלאָפעדיע (פאַרלאַג בראָקהאוז־עפראָן) שטייט געשריבן, אַז בריטשעווע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1836. אין אַנדערע היסטאָרישע ביכער ווערן אָנגעגיבן שפּעטערע דאַטעס.* ווען מ'האָט געגרינדעט די קאָלאָניע, איז איר שטח געווען 289 דעסאַטין, וואָס זענען צעטיילט געווען צווישן 80 משפּחות, בערך, און 66 משפּחות זענען געווען ערדלאָז, דהיינו: זיי האָבן זיך פאַרנעמען מיט סוחרעריי, מלאכות, קרעמערײַ אאַ"וו.

ווער זענען געווען די ערשטע בריטשעווער? ס'איז שווער פעסטצושטעלן פּינקטלעך, ווייל די אַלע וואָס לעבן אין אונדזער דור זענען צו יונג כדי צו געדענקען, און די פריערדיקע בריטשעווער האָבן נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין געשריבענעם זכר. ס'איז געווען אַ „פּינקס", אין וועלכן סע זענען געווען פאַרשריבן געשעענישן און נעמען, דערעיקרשט פון דער צווייטער העלפט פון 19־טן י"ה. בכלל פלעג דער פּינקס ליגן בײַ איינעם פון דער חברא קדישא, אָבער ס'איז געווען אַ מין טראַדיציע צו באַציען זיך צום פּינקס ווי צו אַ הייליקטום, וואָס מע דאַרף עס באַהאַלטן, אָבער קיינער פון די וואָס כ'האָב געקענט אין מיין לעבן האָט אים נישט געזען. דער בית־עולם, וואָס ביזן אומקום איז דאָך דאָרטן אָפּגעהיט געוואָרן ס'רוב מציבות, האָט אויך נישט זוכה געווען צו זיין באַשריבן פון עמעצן. איך געדענק, אַז אויפן בית־עולם איז געווען אַ „אוהל", פּונקט אינמיטן, אָבער איך ווייס נישט צי ס'איז געווען אַ קבר פון עפּעס אַ צדיק פון בריטשעווע, צי ניין.

על כל פּנים, לויט די נעמען און צונעמען קען מען אויסרעכענען עטלעכע מענטשן, וואָס זענען אפשר געווען פון די ערשטע בריטשעווער, אָדער, ווייניקסטנס, זייערע קינדער. למשל, דער אַלטער לעמל (געלמאַן), וואָס איז נאָך אין מיינע פריסטע קינדער־יאָרן געווען אַ זקן מופלג, און דאָך נאָך געאַרבעט אין זיין יאַטקע. זיין הויז איז געשטאַנען אין צענטער פון דער מיטלסטער גאַס, און די יאַטקע צום פּראָנט; אַלץ איז געווען צעבראָכן פאַר אַלטקייט. נאָך זיין טויט האָט געקויפט דאָס הויז זאַנוול צאַוואַליער (געשטאַמט פון דאָרף צאַו, אָדער צאוואלע), וואָס האָט צעוואָרפן דעם פּראָנט און רעמאָנטירט דאָס גאַנצע הויז, האָט עס דעמלט באַקומען אַ שיין אויסזען. לעמל איז געווען פייוולס פאָטער (האָט מען דעם זון גערופן פייוול לעמס), און פייוול האָט געהאַט שיינע טעכטער: מלכה (די פרוי פון חיים־אהרן אייזנשטיין), טשאַרנע (לייב טענדלערס פרוי), ראָזע די יינגסטע, ווי אויך צוויי

* וועגן אָנהייב פון בריטשעווע זע אויך אין די זכרונות פון הרב אברהם שלאפיד.

ועוד זכור לי זקן אחד, הוא המלמד הישיש ישעיה־מרדכי. עד כמה היה ישיש ניתן ללמוד מכך, שהוא היה המלמד של יעקל שיכמן.

משפחה אחרת ותיקה היתה, כנראה, זו של הקסטלמאנים. אחת הראשונות במשפחה זו היתה בוודאי אשה בשם הדס, שכן קרויים היו הבנים על שמה: דוד הדס׳ס׳, פישל הדס׳ס. ואחת הבנות היתה נשואה לברוך גולד, שמוצאו היה, כנראה, מכפר טומאניבקה, שכן מכונה היה בשם ברוך טומאניבקר. הקסטלמאנים היו קרובים קירבת משפחה לסנדלמאנים, שמהם זכור לנו בדורנו יעקב־אהרן, אביו של מרדכי סאנדלמן.

אשר למשפחתנו שלנו (משפחת גולירגאנט), הרי היתה זו ותיקה וענפה, ועם זאת לא ברור אם היתה בין מייסדיה של העיירה. ידוע לנו שסבא ז״ל, שלמה שו״ב, הובא לעיירה על־ידי קרובים(?) והוא עודנו ילד רך בשנים, יתום מאביו ומאמו. מוצאו היה מחבל קארדון שבגאליציה.

עם המשפחות הוותיקות נמנתה גם משפחת זוסיא שפילברג. הוא עצמו מת, כנראה, לפני הרבה שנים, אלא שנשארו אחריו שני הבנים: אברהם זוסיא׳ס ואחיו ישראל זוסיא׳ס, ששכנים היו זה לזה ברחוב העליון. אולם אין לערבב משפחת שפילברג זו עם משפחת שפילברג האחרת, שאביה היה נטע, והבנים היו ברילה נטע׳ס, יעקל נטע׳ס ואביגדור, כולם שפילברג. והקירבה המשפחתית ביניהן היתה, כנראה, רופפת.

במרכזה של בריטשיבה ממש, ברחוב האמצעי, התגורר זלמן טנדלר (בתיה׳ס). אשר לראשונות של משפחת טנדלר כדאי להתעכב על הפרטים הבאים, הנוגעים בעצם ראשיתה של בריטשיבה בכלל. הסופר היידי א. (אייזיק) ראבוי, שנולד בפודוליה וגדל בימי ילדותו ונעוריו בעיירה רישקאן וב־1904 היגר לארצות־הברית, הנציח את בריטשיבה בשתי יצירות משלו: „כפר של ילדים״ הוא רומן, שפורסם קודם בהמשכים ב„מאָרגן־פרייהייט״ שבניו־יורק ואחר־כך יצא בספר (איקוף־פארלאג, ניו־יורק 1953). יש ברומן זה פרשת הקמתה של בריטשיבה, משולבת בסיפור דמיוני על פריץ, שאימץ לו לבן את אחד הילדים, שהובאו מעבר לדניסטר מחמת ה„חוטפים״, ועל שמו נקרא אחר־כך היישוב שהוקם. שמו של הפריץ הוא בריטשיוואן; יוצא שבריטשיבה כונתה לפי שם הפריץ*. באותו רומן מסופר על ילדה בשם בתיה, שליוותה את שני אחיה הרכים, כדי לדאוג לקיומם. האם היתה זו בתיה ריאלית? תשובה על כך אנו מוצאים ביצירה

---

* ראה על כך בזכרונותיו של ד״ר אייזנשטיין בספר זה.

זין, וואָס כ׳געדענק: לייזער און איציק. לעמל האָט געהאַט אַ צווייטן זון, איציק לעמלס. ביידע ברידער, פייוול און איציק, האָבן געהאַט זייערע הייזער אין דער איבערשטער גאַס, און הינטער זייערע הייזער זענען געווען שיינע גערטנער. נאָך אַ זון האָט לעמל געהאַט, דוד לעמלס — די דריי ברידער האָבן געהאַט קינדער און קינדס־קינדער, ווי אויך זייער שוועסטער, ליבע לעמלס — אַלע בריטשעווער איינוווינער.

אַן אַנדערע פאַרצווייגטע פאַמיליע איז געווען פון נפתלי עפּלמאַנ׳ס אָפּשטאַם. אים אַליין געדענק איך אַוודאי נישט, אָבער איך געדענק די קינדער און די קינדס־קינדער. ער איז, ווייזט אויס געשטאָרבן צוריק מיט גאָר אַ סך יאָרן; אפילו זיין זון משה געדענק איך נישט; אַלע האָט מען גערופן די „בני נפתלי״: נפתלי משה־נסתלי׳ס, ישראל משה־נפתלי׳ס אאַ״וו.

אַן אַנדער פאַמיליע, אויך געלמאַן, כאָטש סע קען זיין, אַז די געהעריקייט צווישן איר מיט דער פריערקער איז געווען גאָר אַ קליינע, איז געווען פון חיים־ישראל. אים געדענק איך אויך נישט, כ׳געדענק אָבער זיין טאָכטער שר׳קע חיים־ישראל׳ס, די פּראָצענטניטשקע, ווי אויך איציק חיים־ישראל׳ס מיט זיינע זין און טעכטער און זייערע קינדער, וואָס האָבן שפּעטער עמיגרירט קיין דרום־אַמעריקע.

דער אַלטער חנינא (שפּייער) איז מן הסתם אויך געווען פון גאָר די ערשטע. ער האָט אויפגעשטעלט די ערשטע ווינט־מיל. איך געדענק זיינע זין: נטע חנינאַ׳ס (וואָס האָט געהאַט דעם איינפאָר); שמואל חנינאַ׳ס, וואָס זיין הויז איז געשטאַנען אין צענטער פון דער מיטלסטער גאַס, לעבן דער סאַדיגערער שול; דאָס הויז איז דערנאָך איבערגעגאַנגען צו די לעווינטאַלס, וואָס זענען געקומען קיין בריטשעווע פון דאָמבראָווען; אברהם חנינאַ׳ס, וואָס איז געווען, לויט איך געדענק, אַן אָנגע־שטעלטער אין דער גרויסער מיל.

צווישן די עלטסטע בריטשעווער איז געווען זעליק שיכמאַן, וואָס קיינער פון אונדזער דור גערעדענקט אים נישט; די עלטערע צווישן אונדז געדענקען זיין זון ברוך זעליקס, שייטל׳ס מאַן, נחום צימערמאַנ׳ס שווער. זייער הויז איז געשטאַנען אין דער מיטלסטער גאַס און האָט געדינט פאַר אַ באַגעגעניש־הויז פון אַ סך מענטשן, יונג און אַלט. ברוך זעליקס ברודער איז געווען אברהם ראַבינאָוויטש (איך געדענק אים אויך נישט), וואָס איז שוין געווען אַ משכיל, און דערפאַר האָט מען אים גערופן „אברהם דייטש״: ער פלעג דאָך אָנטון די הויזן איבער די שטיוול! זיין זון איז געווען משה ראַבינאָוויטש. מיט זעליקס פאַמיליע האָבן זיך אָנגעקערט די צוויי שוועסטער אידי ליכט (מיין שוויגער) און עטל באָנדער (מאָטל באָנדערס פרוי) און זייער ברודער יעקל ווינמאַן. יעקל שיכמאַן האָט זיך אויך אָנגעקערט מיט זעליקן.

איינער פון די גאָר עלטסטע מענטשן אין בריטשעווע, וואָס איז אַוודאי געווען פון די ערשטע, איז געווען ישראל דער גלעזער. איך געדענק אים, אַז ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 102 יאָר, ווען איך בין נאָר געווען אַ קינד. הייסט עס,

השניה, שהיא ריאליסטית־אוטוביוגרפית של ראבוי בשם „חיי" בשני כרכים (אף הם יצאו בהוצאת איקוף), שתורגמה בקיצורים גם לעברית בשם „פרקי חיי" (הוצאת ספרית פועלים, 1968). הואיל והתרגום העברי הוא מקוצר, עלי להשתמש פה במהדורה היידית ולתרגם את הקטע הבא:

...ובעגלה שכורה, הטעונה בשקי השעועית, יצאתי אל תחנת־הרכבת. אבא שלי אמר לי לעצור בבריטשיבה שבדרך לטירנובה, ושם, בבריטשיבה, היה לנו דוד בשם ישראל והיתה לנו דודה בשם בתיה, ולה בן ושמו זלמן, והוא היה עמיל בתחנת־הרכבת. ועלי היה לפרוק את השקים עם השעועית אצל בן־דודי זה זלמן, אי־שם במחסן שלו.

יצאתי למסעי לפנות־בוקר. היה זה לפנות־בוקר אפור, קר. אני הולך יחד עם האיכר ליד העגלה העמוסה. הגלגלים חורקים. הדרך עדיין מכוסה קצת בשלג, אבל הקרה עזה מאד. והגלגלים הולכים כעל־גבי ברזל. אנו הולכים יחדיו ושותקים. ומזוג הסוסים פורץ הבל. הנה מנצנץ אור הבוקר במזרח. דממה מסביב במרחק של פרסות על פרסות. השדות מכוסים בשלג אפור. הרקיע כלפני ירידת שלג. במעלה ההר אנו מהלכים, ובמורד מטפסים אנו על העגלה עם שקי השעועית. כשאני ישוב, נקפאות רגלי. יושב אני ומהרהר במה שעתיד להתרחש עמי. והאיכר שותק. ואני שותק. וכך אנו נוסעים־נכנסים לתוך הכפר היהודי בריטשיבה. יש בסך הכל שני טורי בתים קטנטנים, חלקם בגגות־קש וחלקם בגגות־שחיפים. פוגשים אנו ביהודי לבוש פרווה וכומתה.

— היכן גר זלמן בתיה'ס?

— הנה שם, עם התריסים הירוקים.

בן־דודי זלמן יוצא ונותן לי יד לשלום. יהודי כמוהו כאבי. והדודה בתיה — זקנה קטנה, מצומקה עם עיניים טרוטות — מקבלת פני בשמחה ובדמעות: נכדו של ברקה...

מכניסים אותי לבית, כלתוך מרתף, עמוק באדמה. ואשתו של זלמן עם הילדים סוגרים עלי ומתבוננים בי. מגישים לי תה חם בחלב ולחם־קיבר ורוד עם קערת שמנת ובצל.

ברור, שהיישוב הקטן שנוסד גדל והתרחב במשך כמה עשרות שנים. על־כל־פנים, לפי המיפקד הרשמי, שנעשה ברוסיה בשנת 1897, מנתה בריטשיבה

אַז ער איז געווען פון די גרינדערס. און נאָך איין זקן געדענק איך, ישעיה־מרדכי מלמד. וועגן זיין עלטער קען מען דרינגען דערפון, וואָס ער איז נאָך געווען יעקל שיכמאַן׳ס דרדקי־מלמד.

אַן אַנדערע איינגעזעסענע פאַמיליע איז געווען די קעסטעלמאַנס. איינע פון די ערשטע איז, ווייזט אויס, געווען אַ פרוי מיטן נאָמען הדס, מחמת די קינדער האָבן זיך גערופן אויף איר נאָמען: דוד הדס׳עס, פישל הדס׳עס. איינע פון די טעכטער האָט חתונה געהאַט פאַר ברוך גאָלד, וואָס האָט געשטאַמט, ווייזט אויס, פונעם דאָרף טומאַניוועקע, דערפאַר האָט מען אים גערופן ברוך טומאַניוועקער. די קעסטעלמאַנס האָבן זיך אָנגעקערט מיט די סאַנדעלמאַנס, וואָס פון זיי געדענקט נאָך אונדזער דור יעקב־אהרן סאַנדעלמאַן, דער פאָטער פון מרדכי סאַנדעלמאַן.

וואָס שייך אונדזער פאַמיליע (גאָלערגאַנט), איז זי געווען אַן איינגעזעסענע און פאַרצווייגטע, און דאָך איז נישט קלאָר, צי זי איז געווען פון די גרינדערס פון בריטשעוו. מיר ווייסן, אַז אונדזער זיידע, שלמה שוחט עליו השלום, איז געבראַכט געוואָרן דורך קרובים(?) ווען ער איז געווען אַ קינד, אַ יתום פון טאַטע און מאַמע. ער שטאַמט פון קאַרדון.

צווישן די עלטסטע פאַמיליעס האָט זיך גערעכנט אויך די פאַמיליע פון זוסיע שפּילבערג. ער אַליין איז, ווייזט אויס, געשטאָרבן צוריק מיט אַ סך יאָרן; סע זענען אָבער געבליבן צוויי זין: אברהם זוסיע׳ס און ישראל זוסיע׳ס, וואָס האָבן געוווינט בשכנות אין דער אייבערשטער גאַס. מע דאַרף אָבער נישט אויסמישן די דאָזיקע פאַמיליע שפּילבערג מיט אַן אַנדערער פאַמיליע שפּילבערג, וואָס איר פאָטער איז געווען נטע, און די זין: בערעלע נטע׳ס, יעקל נטע׳ס, אביגדור — אַלע שפּילבערג. די קערשאַפט צווישןביידע פאַמיליעס שפּילבערג איז, ווייזט אויס, געווען נישט גאָר נאָענט.

אין צענטער פון בריטשעוו ממש, אין דער מיטלסטער גאַס, האָט געוווינט זלמן טענדלער (בתיה׳ס). וואָס באַלאַנגט דער ערשטיקייט פון דער דאָזיקער פאַמיליע, איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויף פאָלגנדיקע פּרטים, וואָס זענען בעצם אין שייכות מיט דער ערשטיקייט פון בריטשעוו בכלל. דער יידישער שרייבער א. (אייזיק) ראבאָי, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין פּאָדאָליע און געוואַקסן אין די קינדער־און־יוגנט־יאָרן אין שטעטל רישקאַן, און אין 1904 עמיגרירט קיין אַמעריקע, האָט פאַראייביקט בריטשעוו אין זיינע צוויי ווערק: „אַ דאָרף פון קינדער" איז אַ ראָמאַן, וואָס איז דערשינען פריער אין פאַרזעצונגען אין ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרייהייט" און דערנאָך דערשינען אין בוך־פאָרם (איקוף־פאַרלאַג, ניו־יאָרק 1953). דער ראָמאַן איז אייגנטלעך געבויט אַרום דער גרינדונג פון בריטשעוו, געשריבן אין אַ צוגעטראָכטער פאָרם וועגן אַ פּריץ, וואָס האָט אדאָפּטירט אַלץ זון איינעם פון די קינדער, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן פון יענער זייט נעסטער מחמת די „לאָוטשיקעס", און אויף זיין נאָמען איז אָנגערופן געוואָרן דער אויפגעשטעלטער ישוב. דער פּריץ האָט געהייסן בריטשעוואַן (הייסט עס, אַז בריטשעוו טראָגט

אוכלוסיה כללית של 1,667 נפשות, שמהן היו יהודים במספר של 1,598 (כלומר, הלא־יהודים פעלו בפקידות ממשלתית או כעוזרות־בית וקצת פועלים). ואילו לפי המיפקד הרשמי בימי השלטון הרומני, שנערך בדצמבר 1930, מנה כלל האוכלוסיה בבריטשיבה — 2,735 נפשות, שמהן היו 2,431 יהודים. כאן יש להביא בחשבון שני דברים: א) השלטונות הרומניים היו מעוניינים „להקטין" במידה מסוימת את מספר היהודים במקומות יישוב שונים; ב) האוכלוסיה הכללית בבריטשיבה כללה גם את היישוב הצעיר החדש „רומניה מארה" שעל שפת הריפאקארשה, שהיה כולו לא־יהודי.

עם זאת יש לציין, כי האוכלוסיה היהודית בבריטשיבה לא גדלה כמעט בשנות העשרים והשלושים, על אף הקטנת שיעור התמותה. הסיבה העיקרית לתופעה זו היתה ההגירה. מקורות הפרנסה נצטמצמו, מצד אחד, ומצד שני, לא יכול הנוער להסתגל לחיי בטלה ולחוסר פרספקטיבה נאותה.

התחילה העלייה לארץ, אבל ממדי ההגירה לארצות אחרות היו הרבה יותר מוחשיים.

כבר מראשית שנות העשרים החלה הגירה זו. לכתחילה היה הכיוון — ארצות־הברית, אבל הואיל ומדיניות המיכסה (הקווֹטה) בלמה עד מאד את ההגירה לשם, פנו הצעירים לארצות דרום־אמריקה, קודם לבראזיל ואחר־כך גם לארצות אחרות, כגון קולומביה, ונצוּאֶלה, טשילי, פּרוּ, אוּרוּגוואי ואפילו טרינידד. אילו הייתי מנסה למנות אפילו רק את המהגרים הראשונים, לא היה הנייר מספיק, ועל אחת כמה וכמה שלא היה זכרוני מספיק. די אם אציין אחדים מהראשונים־ראשונים כגון בוזי בארַאד, משה מסטר, חיים טננהאוזר, רבים מצאצאי משפחות הגלמנים.

מעטים יצאו גם לפאריז כגון דוד וטאניה זיסמן, פאני בוֹנדר, מייקה (מאריאַן) גליקמן, מרדכי זיסמן, הוולדמנים (ביילה, מירל, יוסל, ראובן), זוננשיין ואשתו פראדיה. במרוצת הזמן הקיפה ההגירה גם משפחות שלימות, שעקרו מבריטשיבה ויצאו למרחקים, כגון דודי בארג ומשפחתו, איציק ופרל גוּן, חיים ומשה רויזנ־בליט, אשר ובריינצה וולדמן, אליה גלמן עם בניו ובתו, חיים־אהרן ובניו יאשה וישראל אייזנשטיין, האחים פייוול ומוסיה בלאנק, ד״ר יחיאל אייזנשטיין ובני ביתו, אפרים צינמן ובני ביתו, נוצ'ה ובחי גולירגאנט, חיים ויאשה רבינוביץ ורבים אחרים.

ראוי לציין שרבים מן המהגרים (בעיקר לדרום־אמריקה) היו מגלים זיקתם לבריטשיבה בשני אופנים: א) אחדים היו חוזרים לבריטשיבה לשם ביקורים

דעם נאָמען פון דעם פריץ). אין דעם ראָמאַן ווערט דערציילט וועגן אַ מיידעלע מיטן נאָמען בתיה, וואָס איז מיטגעפאָרן מיט די צוויי קליינע ברידערלעך פון יענער זייט נעסטער, כדי צו זאָרגן פאַר די קליינע. איז עס געווען אַ רעאַלע בתיה? ענפער אויף דעם געפינען מיר אין צווייטן ווערק, וואָס איז רעאַליסטיש — די אויטאָביאָגראַפיע פון ראבאי מיטן נאָמען „מיין לעבן" (אויך דערשינען אין איקוף־פאַרלאַג), וואָס איז אויך דערשינען מיט פאַרקירצונגען אין עברית (ספריית פועלים, 1968). אָט איז דער אויסצוג:

...און איך בין מיט אַ געדונגענער פור און מיט די זעק פּאַסאַזשיעס אַרויסגעפאָרן צו דער באַן־סטאַנציע. מיין טאַטע האָט זיך מיר געהייסן אָפּ־שטעלן אין בריטשעווע, וואָס איז אויפן וועג פון טערנאָווע און דאָרטן, אין בריטשעווע, האָבן מיר געהאַט דעם פעטער ישראל און די מומע באַסיע, און די מומע באַסיע האָט געהאַט אַ זון זלמן און ער איז געווען אַ קאָמיסיאָנער ביי דער באַן. און איך האָב געזאָלט ביי דעם שוועסטער־קינד זלמן אַוועק־לייגן די זעק מיט פּאַסאַזשיעס, ערגעץ ביי אים אויף דער ראַמפּע.

איך בין אַרויסגעפאָרן פאַרטאָג. עס איז געווען אַ גרויער פאַרטאָג, קאַלט. איך גיי מיטן פויער ביי דעם אָנגעלאָדענעם וואָגן. די רעדער סקריפּען. דער וועג איז נאָך אַ ביסל מיט שניי, אָבער אַ פראָסט איז זייער אַ שטאַרקער. און די רעדער גייען ווי אויף אייזן. מיר גייען ביידע און שווייגן. און פון די צוויי פערד זעצט אַ פּאַרע. עס הויבט אָן ווערן ליכטיק אין מזרח. עס איז שטיל אַרום אויף מיילן און מיילן. די פעלדער זיינען באַדעקט מיט אַ גרויען שניי. דער הימל איז גרוי, ווי פאַר אַ שניי־פאַל, באַרג־אַרויף גייען מיר און באַרג־אַראָפּ קריכן מיר אַרויף אויפן וואָגן מיט די זעק פּאַסאַזשיעס. ווען איך זיץ, פרירן ביי מיר די פיס. און איך זיץ און טראַכט פון דעם וואָס שטייט מיר פאָר. און דער פויער שווייגט. און איך שווייג. און מיר פאָרן אַזוי אַריין אין דעם יידישן דאָרף בריטשעווע. עס איז דאָ אין גאַנצן צוויי ציילן שטיבעלעך קליינע, טייל מיט שטרויענע דעכער און טייל מיט שינדלנע דע־כער. מיר באַגעגענען אַ יידן מיט אַ פעלץ און קוטשמע.

— וואו וואוינט דאָ זלמן באַסיעס?

— אָט דאָרטן, מיט די גרינע לאָדנס.

מיין שוועסטער־קינד זלמן קומט אַרויס און גיט מיר אָפּ שלום. אַ ייד ווי מיין טאַטע. און די מומע באַסיע — אַ קליינע, איינגעדאַרטע זקנה מיט קאַליע אויגעלעך — נעמט מיך אויף מיט פרייד און מיט טרערן: בערקעס אייניקל!...

מען פירט מיך אַריין אין שטוב אַזוי ווי אין אַ קעלער אַראָפּ טיף אין דער ערד. און זלמנס ווייב מיט די קינדערלעך סטאָמפּעווען מיך אַרום און מען קוקט אויף מיר. מען דערלאַנגט מיר הייסע טיי מיט מילך און ראָזשעווע־

די ממושכים, כגון משה מסטר, חיים טננהאוזר, יוסל טננהאוזר ואשתו טשאטשה (סוניה), כמה מהגלמנים וכדומה; ב) עזרה למוסדות וליחידים בבריטשיבה בנוסף לעזרה שנשלחה אחרי השואה. אסתפק בכתבה אחת ב„אונזער צייט" מיום 17 באפריל 1936, חתומה בידי מ. טור־זמרה (שפילברג), ובה מסופר, כי איגוד בעלי־המלאכה בבריטשיבה פנה אל יוצאי בריטשיבה באמריקה הצפונית ובבראזיל בבקשת עזרה למוסדות הסעד שבעיירה, בהתחשב במצב הכלכלי החמור. העזרה לא איחרה לבוא: מאמריקה נתקבל סכום הגון, וסכום אחר נתקבל (על שמה של שרה לווינטאל) מאת טוביה גרויסמן בבראזיל. כן רבה העזרה ליחידים, שניתנה אישית על־ידי יוצאי־בריטשיבה מדרום־אמריקה, שפקדו את העיירה בביקוריהם, או ששלחו בהמחאות. בדרך כלל היה הרושם, כאילו אלו שיצאו את בריטשיבה התכוונו לחזור ביום מן הימים אל העיירה, הביתה.

המצב הכלכלי בבריטשיבה בשנות השלושים היה ירוד, מצד אחד, ומצד שני, התרבו המוסדות והתרבו הצרכים. צריך היה לחפש גם עזרה מהחוץ. יחידים שהיו זקוקים לתמיכה נעזרו על־ידי קרוביהם יוצאי־בריטשיבה, שהיגרו לארצות שמעבר לים; גם מוסדות פנו בבקשות אל אלו שענייני בריטשיבה היו קרובים ללבם. אופייני הוא המכתב, הניתן כאן בצילום, מטעם ועד הגימנסיה „תרבות" ומנהלה, ובו פנייה אל הד"ר יחיאל איזנשטיין, שקודם היה ראש־הוועד ואחר־כך היגר לבראזיל (והוא גם המציא לנו את המכתב), ובקשה שירכיב בבראזיל ועד של יוצאי בריטשיבה, שיטול על עצמו את הדאגה לרכישת הבניין למען הגימנסיה. חתומים על המכתב: המנהל ש. בודקאר, לייב טנדלר, אברהם טראכטנברויט, משה ויטיס, דוד פאָקאַר, יוסף טראכטנברויט, חיים בלאנק, דיד בר' עזריאל גולירגאנט, משה קליינמן, מתת גוטמן, אברהם בוכמן, חיים ק...(?), נטע פילאט, מוטל שלופמן, יוסף פוקס, אברהם בלאנק, אברהם זאק, לייב דוידוביץ, זאב גלמן, משה ראבינוביץ.

## ד

במה עסקו יהודי בריטשיבה?

בריטשיבה נוסדה כמושבה, כלומר כיישוב חקלאי. מדיניות־הפנים הצארית העניקה בשליש הראשון של המאה הי"ט הנחות רבות ליהודים העוברים להתיישבות חקלאית, ובמיוחד היתה מעוניינת בהתיישבות בביסראביה, שהיתה, לאחר סיפוחה

שוואַרץ ברויט מיט אַ שיסל מיט סמעטענע און אַ ציבעלע. איך עס די סמעטענע
מיט ברויט און בייס פון דער ציבעלע.

קלאָר, אַז דער קליינער ישוב האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרברייטערן אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר. על כל פנים, לויט דער אָפיציעלער ציילונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין רוסלאַנד אין יאָר 1897, האָט בריטשעווע געציילט אַן אַלגעמיינע באַפעלקערונג פון 1664 נפשות, פון זיי יידן — 1598 (דאָס הייסט, די נישט־יידן זענען געווען רעגירונג־אַנגעשטעלטע אָדער דינסטן און אַ ביסל אַרבעטער). לויט דער אָפיציעלער ציילונג אין די צייטן פון דער רומענישער הערשאַפט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דעצעמבער 1930, האָט די בריטשעווער באַפעלקערונג געציילט 2735 נפשות, פון זיי 2431 יידן. דאָ דאַרף מען נעמען אין חשבון צוויי זאַכן: א) די רומענישע הערשאַפט איז געווען פאַראינטערעסירט צו „פאַרקלענערן" אין אַ געוויסער מאָס דעם צאָל יידן אין פאַרשיידענע ערטער; ב) די אַלגעמיינע באַפעלקערונג אין בריטשעווע האָט איינגעשלאָסן אויך דעם נייעם יונגן ישוב „ראָמאַניע מארע" לעבן דער ריפּאַקאַרשע, וואָס איז אינגאַנצן געווען פון נישט־יידן.

כאָטש אַזוי דאַרף מען באַצייכענען, אַז די יידישע באַפעלקערונג אין בריטשעווע איז ווייניק וואָס געוואַקסן אין די צוואַנציקער און אין די דרייסיקער יאָרן, כאָטש די שטערבלעכקייט האָט זיך פאַרקלענערט. די עיקר סיבה פון דער דאָזיקער דערשיינונג איז געווען די עמיגראַציע. די פרנסה קוואַלן האָבן זיך איינגעשרומפּן, פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט, האָט די יוגנט נישט געקענט זיך צופּאַסן צום אַרומגיין ליידיק און אָן אַ פּאַסיקער פּערספּעקטיווע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ עלייה קיין ארץ־ישראל, אָבער די עמיגראַציע אין אַנדערע לענדער איז געווען אין אַ פיל גרעסערער מאָס.

די דאָזיקע עמיגראַציע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אָנהייב צוואַנציקער יאָרן. ערשטנס איז די ריכטונג געווען — צפון־אַמעריקע, אָבער מחמת דער קוואָטע־פּאָליטיק וואָס האָט געצוימט די עמיגראַציע קיין אַמעריקע, האָבן זיך די יוגנטלעכע געווענדעט קיין דרום־אַמעריקע, קודם קיין בראַזיל און דערנאָך אין אַנדערע לענדער ווי קאָלומביע, ווענעצועלע, טשילי, פּערו, אורוגוואַי, טרינידאַד. ווען איך פּרוּוו אויסצורעכענען אפילו נאָר די ערשטע עמיגראַנטן, וואָלט דאָס פּאַפּיר נישט געקלעקט, באַזונדערס אַז מיין זכרון סטייט מיר נישט. וועל איך נאָר אָנצייכענען פון די גאָר־גאָר ערשטע, ווי בוזי באַראַד, משה מעסטער, חיים טענענהויזער, יאָסל טענענהויזער, אַ סך פון די געלמאַנס קינדער. עטלעכע זענען געפאָרן אין עמיגראַציע קיין פּאַריז, ווי דוד און טאַניע זיסמאַן, שלום זאַק, פּאַניע באַנדער, מייקע (מאַריאַן) גליקמאַן, מרדכי זיסמאַן, די וואַלדמאַנס (ביילע, מירל, יאָסל, ראובן), איסאַק זאַנענשיין און זיין פרוי פּראַדיע.

אין משך פון דער צייט האָט די עמיגראַציע אַרומגעכאַפּט גאַנצע פאַמיליעס,

וואָס זענען געפֿאָרן אין די ווייטע לענדער, ווי, למשל, דודי באַרג מיט דער פֿאַמיליע, איציק און פערל גון, אשר און בריינצע וואָלדמאַן, ד״ר יחיאל און פרידע איינשטיין, משה און חיים רויזנבליט, אליה געלמאַן, מיט די קינדער, חיים־אהרן מיט די זין יאַשע און ישראל איינשטיין, פּיוול און מוסיע בלאַנק, אפרים און רייזע צינמאַן, נאָטשע און בחי גאָלערגאַנט, חיים און יאַשע ראַבינאָוויטש און פיל אַנדערע.

ס׳איז וויכטיק אונטערצושטרייכן, אַז די בריטשעווער עמיגראַנטן (דערעיקר קיין דרום־אַמעריקע) האָבן דערוויזן די פֿאַרבונדנקייט מיט בריטשעווע אין צוויי אופֿנים: א) אייניקע פֿלעגן זיך אומקערן קיין בריטשעווע אויף לענגערע באַזוכן, ווי, למשל, משה מעסטער, חיים טענענהויזער, יאָסל טענענהויזער און זיין פרוי סאָניע (טשאַטשע), אייניקע פֿון די געלמאַנס און אַנדערע; ב) הילף פֿאַר די בריטשעווער אינסטיטוציעס און פֿאַר יחידים. אַ חוץ דער הילף, וואָס איז געשיקט געוואָרן נאָכן אומקום, וועל איך מיך באַגעניגן מיט אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „אונזער צייט״ פֿונעם 17 אַפּריל 1936, געחתמעט פֿון מ. בר־זימרה (שפּילבערג), אין וועלכער סע ווערט דערציילט, אַז דער בעלי־מלאכה־פֿאַריין אין בריטשעווע האָט זיך געווענדעט צו די בריטשעווער אין צפֿון־אַמעריקע און בראַזיל מיט דער בקשה צו העלפֿן די סאָציאַלע אינסטיטוציעס פֿונעם שטעטל, נעמענדיק אין באַטראַכט די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע. די הילף האָט נישט פֿאַרשפּעטיקט: פֿון אַמעריקע האָט זיך באַקומען אַ פֿיינע סומע געלט, און אַן אַנדערער סכום האָט זיך באַקומען (אויפֿן נאָמען פֿון שרה לעווינטאַל) פֿון טוביה גרויסמאַן אין בראַזיל. אַ חוץ דעם איז געווען גרויס די הילף פֿאַר יחידים, וואָס איז געגעבן געוואָרן פּערזענלעך דורך די בריטשעווער פֿון דרום־אַמעריקע, ווען זיי פֿלעגן באַזוכן דאָס שטעטל, אָדער שיקן דורן׳ דער פּאָסט אין טשעקן. בכלל איז געווען דער רושם, אַז די וואָס האָבן פֿאַרלאָזט בריטשעווע טראַכטן אַמאָל אומצוקערן זיך אין שטעטל, אַהיים.

די עקאָנאָמישע לאַגע אין בריטשעווע אין די דרייסיקער יאָרן איז געווען אַ געפֿאַלענע, און דערצו נאָך האָבן זיך די אַנשטאַלטן פֿאַרמערט, און די נויטן פֿאַרגרעסערט. מ׳האָט געמוזט זוכן הילף אין דרויסן. אייניקע פֿלעגן באַקומען הילף פֿון זייערע בריטשעווער קרובים, וואָס האָבן עמיגרירט אין די ווייטע לענדער; אַנשטאַלטן האָבן זיך אויך געווענדעט נאָך הילף. כאַראַקטעריסטיש אין דעם זין איז דער בריוו, וואָס מיר פֿאַרעפֿנטלעכן דאָ פֿאָטאָגראַפֿירט, פֿונעם קאָמיטעט פֿון דער תרבות־גימנאַזיע און איר דירעקטאָר, אַ ווענדונג צום ד״ר יחיאל איינשטיין, וואָס איז פֿריער געווען דער פֿאַרזיצער פֿונעם קאָמיטעט און דערנאָך עמיגרירט קיין בראַזיל (ער האָט טאָקע אונדז צוגעשיקט דעם בריוו) מיט דער בקשה, ער זאָל צונויפֿשטעלן אַ ספּעציעלן קאָמיטעט פֿון בריטשעווער, וואָס זאָל נעמען אויף זיך ד׳ זאָרג פֿאַרן בניין פֿאַר דער גימנאַזיע. געחתמעט אויפֿן בריוו האָבן: דער דירעקטאָר ש. בודקאָר, לייב טענדלער, אברהם טראַכטנבראָט, משה וויטיס, דוד פּעקער, יאָסל טראַכטנבראָט, חיים בלאַנק, דוד בר׳ עזריאל גאָלערגאַנט, משה קליינמאַן, מאָטעס גוטמאַן, אברהם בוכמאַן, חיים ק...(?), נטע פּילאָט, מאָטל שלופֿמאַן, יוסף פוקס,

לרוסיה ב־1812, בעלת ישוב דליל ולא מפותחת. ההנחה החשובה ביותר שניתנה ליהודים היה הפטור מחובת השירות בצבא (שנתמשך אז ל־25 שנים). בשנות השלושים נוסדו כמה יישובים חקלאיים, במחוז סורוקה בעיקר, ביניהם גם בריטשיבה, שבתור יחידה אדמיניסטרטיבית נקראו קולוניות; וכך נקראה גם בריטשיבה עד סיפוחה של ביסארביה לרומניה.

אופיה החקלאי של בריטשיבה נראה גם מכך, שעם ייסודה הוענקו למתיישביה שטחי אדמה לשם עיבוד (289 דיסיאטינות; דיסיאטינה = 1.1הקטאר בערך), אבל שטחים אלה היו קטנים מאד, ולא היה בהם כדי לספק פרנסה למשפחות. במרוצת הזמן הלכה החקלאות ונידלדלה; ההגבלות השונות מצד השלטונות, מצד אחד, והמצב החמרי הגרוע של החקלאים ברוסיה, מצד שני, גרמו לכך שיהודי בריטשיבה זנחו הדרגתית את עיבוד השדות. נסיון נוסף נעשה בראשית המאה העשרים על־ידי חברת יק״א, שעשתה למען נטיעת גני־פרי וכרמים בבריטשיבה; והם שימשו אמנם במשך שנים מעטות למקור פרנסה ליהודים לא מעטים, אבל כדאיות הטיפול נתמעטה והלכה. אם כך, ניתן לומר, כי בריטשיבה נהפכה לאט־לאט לעיירה סתם.

לכאורה, קל ביותר להטביע את הגושפנקה המקובלת: עיירה של מסחר וחנוונות, או מושבה של עובדי אדמה. אבל אם אתה חוזר ומעלה שמות ודמויות מאלו של הדורות האחרונים, הרי התמונה מתגוונת יותר. יש לציין בראש וראשונה, שהחנויות היו ברובן המכריע מרוכזות ברחוב האמצעי, ובעיקר בקטע שהתחיל מביתו הפינתי של חיים־אהרן אייזנשטיין ונמשך דרומה עד סוף הרחוב. בקטע זה היו הרבה שנים מתקיימים הירידים (בימי ד׳ בשבוע) וימי השוק (בימי א׳ בשבוע), דהיינו, שהאיכרים מהסביבה היו באים ומתמקמים שם עם עגלותיהם וסוסיהם ובקרם. כשצר היה המקום, היו עוברים בחלקם אל הרחוב העליון, בעיקר לשם ממכר בקר, ובחלקם אל הרחוב התחתון. רק בשנות השלושים נעשו נסיונות להעביר את התמקמות היריד אל מחוץ לעיירה, או מאחורי קצהו הצפוני של הרחוב העליון, או אל מאחורי „הדרך לגיזדיטה״, שעל המדרון שבין הבתים לבין בית־הקברות. אבל גם אז היה עיקר הפדיון בחנויות של הרחוב האמצעי בקטע הנ״ל. נעשו אמנם נסיונות לפרוץ את התחום הזה, ואבי ז״ל, למשל, שהקים את ביתו ברחוב האמצעי בקטע הצפוני, העביר לשם גם את חנותו (חמרי־ברזל, בניין וצבעים). כעבור שנים מספר העביר גם זוניס את חנות־התמרוקים שלו (בדיוק מול ביתנו). כן קיימת היתה שם לפנים החנות לסידקית ולנעליים של אברהם־הירש בריימן. והיתה אחר כך גם חנות המכולת

אברהם בלאַנק, אברהם זאַק, לייב דאַווידאָוויטש, זאב (וועלוול) געלמאַן, משה ראַבינאָוויטש.

ד

מיט וואָס פלעגן זיך פאַרנעמען בריטשעווער יידן?

בריטשעווע איז געגרינדעט געוואָרן אַלץ אַ קאָלאָניע, דהיינו אַלץ אַ אַגריקול־טור־ישוב. די אינערן־פּאָליטיק פון צאַרישן רוסלאַנד האָט געגיבן אין ערשטן דריטל פון 19־טן י״ה געוויסע פּריווילעגיעס די יידן, וואָס זענען איבערגעגאַנגען צו ערד־אַרבעט, און באַזונדערס איז זי געווען פאַראינטערעסירט אין דער באַזעצונג אין בעסאַראַביע, וואָס נאָכן איבערגיין צו רוסלאַנד אין 1812 איז זי געווען נישט אַנטוויקלט און מיט אַ קליינער באַפעלקערונג. די וויכטיקסטע פּריווילעגיע איז געווען פאַר די יידן — באַפרייונג פון מיליטער־דינסט (וואָס פלעג דעמלט דויערן 25 יאָר). אין די דרייסיקער יאָרן זענען געגרינדעט געוואָרן עטלעכע אַגריקולטור־ישובים אין בעסאַראַביע, דערעיקרשט אין סאָראָקער געגנט, צווישן וועלכע אויך בריטשעווע, וואָס אַדמיניסטראַטיוו האָבן זיי געטראָגן דעם נאָמען פון קאָלאָ־ניעס; און אַזוי האָט טאַקע געהייסן בריטשעווע ביז זי איז צוריק צוגעשטאַנען צו רומעניע.

דער לאַנדווירטשאַפטלעכער כאַראַקטער פון בריטשעווע איז געווען בולט פון דעם פאַקט, וואָס באַ דער גרינדונג האָבן די בריטשעווער באַקומען ערד־שטחים צום באַאַרבעטן (289 דעסיאַטין; אַ דעסיאַטין = 1.1 העקטאַר, אַן ערד), אָבער די שטחים זענען געווען זייער קליינע, און ס׳איז געווען אומיגלעך צו ציען פון זיי פרנסה פאַר די פאַמיליעס. אין משך פון דער צייט איז די לאַנדווירטשאַפט איינגעשרומפּן געוואָרן; די פאַרשידענע באַגרענעצונגען מצד דער מאַכט, פון איין זייט, און די שווערע מאַטעריעלע לאַגע פון ערד־אַרבעטער אין רוסלאַנד, פון דער אַנדערער זייט, האָבן גורם געווען אַז יידן אין בריטשעווע (און נישט נאָר דאָרט) האָבן לאַנגזאַם פאַרלאָזט דאָס פעלדער־באַאַרבעטן. אַ שפּעטערער פּרווו איז געמאַכט געוואָרן אין אָנהייב צוואַנציקטן י״ה דורך דער יק״א־געזעלשאַפט, וואָס האָט אויפגעוועקט דעם דראַנג צו פלאַנצן פּרוכטן־גערטנער און וויינגערטנער אין בריטשעווע; זיי זענען געווען עטלעכע יאָר אַ קוואַל פון פרנסה פאַר אייניקע בריטשעווער, אָבער די באַאַרבעטונג איז נישט געווען רענטאַביל און געוואָרן וואָס ווייניקער. אויב אַזוי, קען מען זאָגן, אַז בריטשעווע איז געוואָרן לאַנגזאַם־לאַנגזאַם סתם אַ שטעטל.

אין פלוג איז זייער לייכט צולייגן דאָס אָנגענומענע שטעמפּל: אַ שטעטל פון מסחר און קרעמעריי, אָבער אַז דו דערמאָנסט זיך נאָכאַמאָל נעמען און געשטאַלטן פון די לעצטע דורות, ווערט דאָס בילד פילפאַרביקער. ערשטנס, מוז מען אונטער־שטרייכן, אַז די קלייטן זענען געווען מייסטנס קאָנצענטרירט אין דער מיטלסטער

של מאיר צאליקס, אלא שכל אלה עסקיהם לא שיגשגו. וזכורני, למשל, שאבא שלי, שהיה בדרך כלל מוצא את פרנסתו מהחנות, היה מגיע לכך רק משום שלקוחותיו היו בעלי המפעלים החרשתיים או קבלנים זעירים לבניין, אבל המכירה לאחדים נידלדלה והלכה.

ברחוב העליון לא היו חנויות, פרט לחנות לאריגים ובדים של דודי יוסל גרינברג (שכינויו על שם חותנו השו״ב יוסל מנחמ׳ס). חנות זו התקיימה עד ראשית שנות העשרים, ואחר כך עקר בעל החנות ליאס. חנות שניה לאריגים ובדים באותו רחוב היתה של גבריאל פישמן במשך זמן קצר עד היותו למורה. החנות היתה בבית חותנו דוד קסטלמן (הדס׳ס).

ברחוב התחתון איני זוכר שום חנות.

חלק ניכר של הבריטשיבאים היה עוסק במסחר זעיר, בעיקר בתבואות, תירס, חמניות, קטניות, בשנים האחרונות גם סויה. שתי דרגות עיקריות היו במסחר זה: האחת נמוכה, דהיינו, היהודי היה מחזיר בעגלתו על הכפרים וקונה קמעה־קמעה מן האיכרים את יבולם. את שהצטבר במשך שבוע היה מוכר לסוחר יותר גדול, וזה היה מוכר אחר כך בכמויות גדולות עד כדי קרון־רכבת ומעלה לסוחרים שבאו מן הערים הגדולות הרחוקות, או לעמילים, שהיו קרויים קו־מיסיונרים. הללו וכן הסוחרים „הגדולים״, עסקיהם היו מתנהלים באמצעות תחנת־הרכבת בטירנובה, ששם היו אסמים ענקיים בולעים ופולטים את התבואות למשלוח — לבלץ, לטשרנוביץ, לגאלאץ, לבראילה, לבוקארשט, לקונסטאנצה. והיתה גם צורת מסחר נוספת: קניה של „פוני וארדה״ (לחם ירוק), כלומר קניית התבואה במחובר. איכר, שהיה נתון במיצר כספי, היה מוכר את יבולו שעוד לא בא לעולם, דהיינו בראשית הקיץ, כשהקמה עדיין ירוקה. מובן שהמכירה היתה במחיר נמוך — ובהגיע ימי הקציר והאסיף, היה בא ומסלק את התבואה, שמחירה הריאלי עתה היה על־פי־רוב יותר גבוה. במסחר זה עסקו, כמובן, אלה שהיו אמידים יותר, ולאו דווקא סוחרים של ממש. הריווח היה מובטח, אם כי היו שנים שחלו ירידות ניכרות במחירי התבואות, ואז יצאו בעלי ה„פוני וארדה״ בשן ועין.

היו גם סוחרים בביצים, בעורות־כבשים, בבקר, בקמח — הכל לשם משלוח לערים רחוקות, ומשם אף לחוץ־לארץ.

החנויות היו מכל המינים: מכולת, אריגים ובדים, נעליים, הלבשה (גסה, איכרית), סידקית, כלי־בית ומטבח, חמרי־בנין וברזל, צבעים, כובעים וכומתות, הביות ודליים, גלגלים ותוצרת־עץ. את הסחורות היו לוקחים בבלץ, במוהילב־פודולסק (בימי רוסיה הצארית), בקישינוב, ביאס, בצ׳רנוביץ. היו כמה וכמה

גאַס, דערעיקרשט אין דעם אָפּשניט צווישן חיים־אהרן איינשטיינ׳ס ווינקל־הויז און ביזן עק גאַס. דאָ פלעגן זיין די ירידים (אין די מיטוואָכן) און די מאַרק־טעג (אין די זונטיקן), דהיינו די פויערן פון דער סביבה פלעגן קומען און פאַרנעמען פלעצער פאַר זיך און פאַר זייערע פירלעך און פערד און זייערע בהמות. ווען ס׳איז געווען ענג, פלעג מען טיילווייז פאַרנעמען אויך אַ טייל פון דער אייבערשטער גאַס. ערשט אין די דרייסיקער יאָרן זענען געווען פרוּוון איבערצופירן דעם יריד אַרויס דעם שטעטל: אָדער הינטערן עק פון דער אייבערשטער גאַס, אָדער לעבן גיזדיטער וועג, צווישן די הייזער און בית־עולם. אָבער דעמאָלט איז דער עיקר פדיון געווען אין די קלייטן פון דער מיטלסטער גאַס אין אויבן־דערמאָנטן אָפּשניט. סע זענען אפילו געמאַכט געוואָרן פּרוּוון דורכצוברעכן דעם דאָזיקן תחום, און מיין פאָטער עליו השלום, למשל, וואָס האָט אויסגעבויעט זיין הויז אין דער מיטלסטער גאַס, דווקא אין צפונדיקן אָפּשניט, האָט איבערגעפירט אין הויז זיין קלייט (בוי־מאַטעריאַלן און פאַרבן). מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט אויך זאַניס איבערגעפירט זיין קאָס־מעטיק־געשעפט, פונקט קעגן אונדזער הויז. ס׳איז אין יענער געגנט געווען נאָך פון פריער אַ גאַלאַנטעריי־און שיך־קלייט פון אַברהם־הערש ברייטמאַן. שפּעטער איז דאָרט געווען אַ באַקאַליי־קלייטל פון מאיר צאַליק׳ס. אָבער די אַלע געשעפטן האָבן נישט פּראָגרעסירט. איך געדענק, אַז מיין פאָטער, וואָס בכלל האָט ער געמאַכט פּרנסה פון דער קלייט, האָט עס דערגרייכט נאָר אַ דאַנק דעם וואָס זיינע קונים זענען געווען די קליינע פאַבריקלעך און בוי־אונטערנעמער, דעמלט ווען דאָס פאַרקויפן לאחדים איז געוואָרן אַלץ שוואַכער.

אין דער אייבערשטער גאַס זענען קיין קלייטן נישט געווען, אַ חוץ דער מאַנו־פאַקטור־קלייט פון מיין פעטער יאָסל גרינבערג (וואָס האָט געהייסן לויטן שווערס נאָמען — יאָסל מנחם׳ס). די קלייט האָט עקזיסטירט ביז די ערשטע צוואַנציקער יאָרן, און דערנאָך איז מיין פעטער איבערגעפאָרן קיין יאַס. אַ צווייטע מאַנופאַקטור־קלייט אין דער זעלבער גאַס איז געווען גבריאל פישמאַנס, אַ קורצע צייט, ביז ער איז געוואָרן לערער. די קלייט איז געווען אין הויז פון זיין שווער, דוד קעס־טעלמאַן (הדס׳עס). אין דער אונטערשטער גאַס געדענק איך נישט קיין קלייטן.

אַן אָנגעזעענער טייל פון די בריטשעווער האָבן זיך פאַרנעמען מיט קליינעם האַנדל, דערעיקר מיט תבואה, פאַפּעשויעס, סאָנעשניק, שויטן־געוויקסן, די לעצטע יאָרן אויך סויע. צוויי עיקרדיקע ראַנגען זענען געווען אין דעם מסחר: איינער אַ נידעריקער, דהיינו, אַ ייד פלעג אַרומפאָרן אין די דערפער מיט זיין וועגעלע און איינקויפן צוביסלעך בײַ די פויערן פון זייערע גרעטעניש. וואָס ס׳האָט זיך בײַ אים צונויפגענומען אין משך פון דער וואָך, פלעג ער פאַרקויפן אַ גרעסערן סוחר, און דער פלעג עס פאַרקויפן דערנאָך אין גרעסערע קוואַנטומס, ביז אַ וואַגאָן און העכער, די סוחרים וואָס זענען געקומען פון די ווייטע גרויסע שטעט, אָדער די קאָמיסיאָנערן. די קאָמיסיאָנערן און די „גרויסע״ סוחרים פלעגן פירן זייערע געשעפטן בײַ דער באַן־סטאַנציע אין טערנעווע, דאָרט זענען געווען ריזיקע

בתי־מרזח, שבעליהם היו מביאים את היינות מחבל הקודרה (כלומר, טילינאֶשט והסביבה) או מקישינוב.

ברור שהיו חייטים, סנדלרים, נפחים, קצבים, רצענים, אופים, נגרים, בנאים, פחחים — כל אלה היו יהודים שעשו מלאכתם למען תושבי העיירה, אבל פרנסתם העיקרית היתה על איכרי הסביבה, שלולא כן לא היה צורך במספר כה גדול. והיו גם בעלי מקצוע מיוחד: צביעת צמר. מקצוע זה נתון היה כולו בידי בניה של מאזי כהן: שמואל־נחום, אברהם־הירש, בנציון ולייב. יוצאים היו בראשית השבוע בסוס ובעגלה עם יורת־נחושת לשם הרתחת הצבע הנמס, מסובבים בכפרים ועושים את מלאכת הצביעה משך כל השבוע, ולימי השבת היו חוזרים לבתיהם.

יהודים לא מעטים היו מוצאים פרנסתם מתוך זיקה כלשהי לטחנות ולבתי־החרושת לשמן. וכדאי להתעכב במיוחד על סעיף זה. כאמור לעיל, היתה טחנת־הקמח העתיקה ביותר טחנת־רוח של חנינא הזקן; ברבות־הימים עבר הבן נטע וייסד טחנת־מים, זו שהוזכרה לעיל; לימים עברה בירושה לשני הבנים יוסל ומשולם שפיאֶר, שהרחיבו את ממדיה והפכוה לטחנת־מנוע של דיזל. בגלגול אחרון זה התקיימה והשפיעה פרנסה לבעליה. לפי הידוע לי, לא היו הבעלים טוחנים על חשבון עצמם, אלא מבצעים את ההזמנות של האיכרים שבסביבה. הללו היו מביאים כמות של חיטה על עגלותיהם ומכניסים אותה, לפי התור, לשם טחינה. ויצוין כאן דבר מיוחד במינו: ידוע היה בעיירה, ששני האחים היו שותפים אידיאליים, ולא קמה מעולם איזו מריבה ביניהם. הם לא היו מנהלים חשבונות כלל. יום־יום היו מונים את ההכנסה ומחלקים ביניהם שווה בשווה. את ההוצאות לאחזקת הטחנה היו מוציאים מקופה יומית משותפת זו, ואם במקרה עלו ההוצאות על ההכנסה באותו יום, היה כל אחד מכניס את חלקו שווה בשווה, כך שלא התנהלו ביניהם חשבונות כלל. והיה הדבר הזה לפלא ולתהילה בכל בריטשיבה.

טחנת־הקמח הגדולה, טחנת הקיטור, הוקמה מחוץ לעיירה בדרך לטירנובה, כפי שהוזכר. היא נשאה את השם „ביסראביה" ונבנתה במשך שנים על־ידי אהרן בניקוב ממארקולשט, כעבור זמן, כשהוקמה הטחנה, כולה אבנים, עם ארובת־לבינים בעלת קוטר רחב וגבוהה מאד, עם עליות ומרתפים, עברה לרשותם של כמה שותפים: יעקב גרוסמן ודוד גרוסמן ואביהם (כולם מקישינוב) וכן אחד שארפשטיין. ממשפחת השארפשטיינים פעלו בין הנוער המבוגר בבריטשיבה שתי אחיות ואחד הבנים, יאשה שארפשטיין, שהכניסו גם מאווירתו של העולם הגדול.

מאַגאַזאַנען, וואָס פלעגן איינשלינגען און אַרויסוואַרפן די תבואות אַוועקצושיקן — קיין בעלץ, טשערנאָוויץ, בראַילע, בוקאַרעשט, קאָנסטאַנצע.

נאָך אַ מסחר־פאָרם איז געווען: איינקויפן „גרין ברויט" (פוניע ווערדע), כ'הייסט, קויפן די תבואה, ווען זי איז נאָך געשטאַנען אין פעלד און געגרינט. אַ פויער, וואָס האָט געליטן פון געלט־מאַנגל, פלעג פאַרקויפן די גרעטעניש אָנהייב זומער, איידער זי איז פאַרטיק געוואָרן. פאַרשטענדלעך, אַז דער פרייז איז געווען נידעריק — און אין די שניט־טעג פלעג ער קומען און אָפּברענגען די תבואה, וואָס איר רעאַלער פרייז איז דעמלט מיינסטנס געווען העכער. מיט דעם מסחר האָבן זיך פאַרנעמען סתם פאַרמעגלעכע מענטשן, און דווקא נישט די סוחרים. דער רווח איז געווען אַ זיכערער, כאָטש איך געדענק יאָרן, ווען ס'איז פלוצים געפאַלן דער פרייז אויף תבואות, און די „פוניע ווערדע"־לייט זענען געניזקט געוואָרן. סע זענען אויך געווען סוחרים פון אייער, פוטער, בהמות, מעל — אַלץ וועגן אַרויסשיקן אין ווייטע שטעט, און פון דאָרטן קיין אויסלאַנד אפילו.

די קליטן זענען געווען פון אַלערליי מינים: באַקאַליי, מאַנופאַקטור, קליידער (פשוטע, פויערישע), געשיר, בוי־מאַטעריאַלן, אייזן, פאַרבן, היטלעך און קוטשמעס, פעסלעך און עמער, רעדער. די סחורות פלעג מען איינקויפן אין בעלץ, אין מאָלעוו (אין די רוסישע צייטן), אין קעשענעוו, אין יאַס, אין טשערנאָוויץ. סע זענען געווען עטלעכע שענקען, די ווייַנען פלעג מען ברענגען פון די „קאָדרעס" (טעלענעשטער געגנט) אָדער פון קעשענעוו.

קלאָר, אַז סע זענען געווען שניידערס, שוסטערס, קאָוואַליעס, פאַרבערס, רימערס, בעקערס, סטאָליערס, טעסלערס, בלעכערס — די אַלע פלעגן אַרבעטן פאַר די יידן פון בריטשעווע, אָבער זייער עיקר פרנסה איז געווען פון די פויערים פון דער סביבה, ווייל אויב נישט פון זיי, וואָס האָט מען געדאַרפט אַזויפיל בעלי־מלאכות? און סע זענען געווען נאָך ספּעציעלע בעלי־מלאכות: וואָל־פאַרבעריי. דער פאַך איז אינגאַנצן געווען אין די הענט פון מאזי כהן'ס זין: שמואל־נחום, אברהם־הערש, בנציון און לייב. זיי פלעגן אַרויספאָרן אָנהייב וואָך מיט אַ פערד־און־וועגעלע און מיט אַ גרויסן קעסל אויפצוקאָכן די פאַרב; פלעגן פאָרן פון דאָרף צו דאָרף און פאַרבן די וואָל אין משך פון דער וואָך, און אויף שבת פלעגן זיי אַהיים קומען.

נישט וויניק יידן פלעגן מאַכן פרנסה, האָבנדיק אַ פאַרבינדונג מיט די מילן און מיט די הייל־פאַבריקן. און ס'איז כדאי באַזונדער זיך אָפּצושטעלן אויך דעם פונקט. ווי געזאָגט, איז געווען די עלטסטע מיל די ווינט־מיל פונעם אַלטן חנינא; מיט דער צייט האָט דער זון נטע אויסגעבויעט אַ וואַסער־מיל; שפּעטער מיט יאָרן איז זי איבערגאַנגען בירושה צו די צוויי זין, יאָסל און משולם שפּייער, וואָס האָבן זי פאַרברייטערט און איבערגעמאַכט אויף אַ מיל מיט אַ דיזל־מאָטאָר. אין דעם לעצטן גלגול האָט זי געגיבן די בעלי־בתים גאָר שיין פרנסה. ווערדליק מיר איז באַקאַנט, פלעגן די בעלי־בתים נישט מאָלן אויפן אייגענעם חשבון, נאָר לויט

הטחנה היתה מספקת סוגי קמח שונים, ואף באיכות מעולה, לא לעיירה בלבד, אלא, ובעיקר, לסוחרים ממקומות מרוחקים, שהוציאו מוניטין לקמחה. הפקידים ומנהלי העבודה היו כולם בני בריטשיבה.

לימים פשטו הבעלים את הרגל והטחנה עברה לחכירה לקבוצת סוחרים בריטשיבאים (עזריאל ושמעון גולדגאנט, לייב טנדלר, הירש שיכמן, חיים־אהרן אייזנשטיין, אליהו רויזנבליט), שהחזיקה בה כשנתיים. אבל באחת השבתות, זכורני, התעוררה העיירה עם בוקר מתוך סיוט, כיוון שנשמעו צפירות אזעקה, ומרחוק נראו לשונות־אש, שפרצו מכל שלוש הקומות של הטחנה. סברה היתה שבחדר הקטר השאיר מישהו סיגריה דולקת, והיא שגרמה להתלקחות. והיו גם סברות אחרות. מאז עמד השלד של הטחנה, עם הארובה הנישאה אל על, כמציבה חיה לזוהר כלכלי שהיה ולא שב עוד. לא נמצאו בעלים שיהיה בכוחם להשקיע כספים לשיקום המפעל.

בתי־החרושת לשמן היו אף הם מקור של פרנסה נאה, אבל רק במשך זמן קצר יחסית. ואלה הן הקורות: לפני מלחמת העולם הראשונה קיים היה בית־בד קטן לשמן־חמניות, זה של האחים אברהם־יוסל ונתן גוטמן, בניה של פראדל. הוא היה פועל בתוך בניין קטן מאחורי ביתו של ישעיה פרנס, בדרך לטירנובה, והיה מורכב בסך הכל ממכונת־פיצוח אחת, שהיתה מפצחת את הגרעינים ומפרידה אותם מן הקליפות, מתנור־קלייה, שהיה קולה את הגרעינים, ומַכבש מסתובב אחד, שהיה סוחט את השמן. הנעת המכונות היתה נעשית על־ידי סוס עיוור, שהיה



די באַשטעלונגען פון די פויערן: זיי פלעגן ברענגען אַ געוויסן קוואַנטום פון ווייץ אויף זייערע וואָגנס און אַריינגיבן, לויט די ריי, אויף אָפּצומאָלן. און איך וויל דאָ פאַרשרייבן אַן אויסערגעוויינלעכע זאַך: אין שטעטל האָט מען געוווּסט, אַז די צוויי ברידער זענען געווען אידעאַלע שותּפים, און קיינמאָל איז נישט געווען צווישן זיי אַ קריגערײַ. זיי פלעגן נישט פירן קיין ביכער. אַלע טאָג פלעגן זיי איבערציילן די הכנסה און זי צעטיילן צווישן זיך באַגלייך. די הוצאות אויף אויסצוהאַלטן די מיל פלעגן זיי אַרויסנעמען פון דער טעגלעכער קאַסע, און אויב צופעליק זענען די הוצאות געווען גרעסער פון דער הכנסה אין יענעם טאָג, פלעג יעדערער פון זיי אַריינטראָגן זיין חלק באַגלייך, אַזוי אַז מ׳האָט בכלל קיין ביכער נישט געפירט. און בריטשעווע פלעג וועגן דעם רעדן מיט וווּנדער און לויב.

די „גרויסע מיל”, די מיל אויף פּאַרע, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַרויס דער שטאָט, אויף טערנעווער וועג. זי האָט געטראָגן דעם נאָמען „בעסאַראַביע” און איז אויסגעבויעט געוואָרן אין משך פון יאָרן דורך אַ גרופּע מענטשן, נישט קיין בריט־שעווער. אהרן בעניקאָוו, אַ ייד פון מאַרקולעשט, ער איז געווען דער איניציאַטאָר. אין אַ צייט אַרום, ווען די מיל איז אויפגעשטעלט געוואָרן, סאַמע שטיינער, אין דער הייך פון דריי שטאָק, מיט אַ ריזיקן קוימען, זייער אַ הויכער און מיט אַ ברייטן דיאַמעטער, מיט קעלערס און בוידעמס, מיט מאַגאַזינען אַרום איר און מיט עטלעכע הייזער, אַרום איר, און מיט אַ הילצערנעם פּלויט, וואָס האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן שטח, האָט זי שוין געהערט עטלעכע שותּפים: יעקב און דוד גראָסמאַן מיט זייער פאָטער (אַלע פון קעשענעוו). איניקע פון זיי האָבן געוווינט צומאָל אין די הייזער לעבן דער מיל, און זייערע קינדער האָבן אין משך פון אַ קורצער צייט געלערנט אין בריטשעווע. פון די שאַרפשטיינס האָבן אַקטיווירט צווישן בריטשע־ווער עלטערער יוגנט צוויי שוועסטער און אַ זון, יאַשע שאַרפשטיין, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט די אַטמאָספער פון דער גרויסער וועלט.

די מיל פלעג אַרויסגיבן פאַרשיידענע מעל־סאָרטן, און אפילו פון דער העכסטער קוואַליטעט, און נישט נאָר פאַרן שטעטל, נאָר, דערעיקר, פאַר סוחרים פון ווייטע ערטער, וואָס האָבן באַרימט געמאַכט בריטשעווער מיל און איר מעל. באַזונדערס האָט די מיל געשפּילט אַ סוחריש־עקאָנאָמישן גרויסן ראָל אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דאָס שפּייז־פאַרזאָרגן אין רוסלאַנד האָט געהינקען. די וויכטיקייט פון דער מיל איז געווען אַזוי גרויס, אַז די צאַרישע מאַכט האָט געפונען פאַר נייטיק זי דעקלאַרירן אַלץ לעבנסוויכטיקע אונטערנעמונג, און דערפאַר זענען די אַרבעטער אין איר געווען צייטווייליק באַפרייט פון מאָביליזאַציע.

די אַרבעטער זענען געווען טיילווייז יידן און טיילווייז גויים. די אָנגעשטעלטע און די אויפקוקערס זענען געווען אַלע בריטשעווער.

→ הטחנה הגדולה לפני השריפה / די גרויסע מיל פאַר דער שריפה

מסתובב בעיגול ומניע תמסורת, שהפעילה גלגלי שיניים. את זיקוק השמן לא העלו אפילו על הדעת.

בשנות מלחמת־העולם הראשונה, כשהמצב הכלכלי בבריטשיבה נשתפר, משום שהעיירה היתה מן הצד, שכוחה כאילו ורחוקה מהחזית, באו סוחרים ממרחקים לקנות שמן, שהורגש בו מחסור. אז נתעורר גם בריטשיבאי אחר משה בוֹדנר (רכטמן) ופתח בית־בד, ובמשך זמן קצר נתעשר. גם מוֹטל בונדר הקים בית־בד משלו (בסימטה שממול בית־הכנסת „המרתף"), שהופעל כבר במנוע (ואגב, המכונאי שעבד שם זמן מסויים היה יודל באראד, אביו של בוזי ובעלה של גיטל התופרת); אחר־כך הועבר אל מחוץ לעיר, ואף הוא עשה עסקים טובים. ויש אומרים שאת העסקים הטובים עשתה בעיקר אשתו אֶטיה בוֹנדר, שניהלה את העניינים. גם הגוטמאנים הרחיבו מפעלם ועברו למיכון, ואז קם גם ברוך טיוֹמני והקים (נדמה לי, בשותפות עם גיסו לייב בלאנק) בדרך לטירנובה בית־חרושת לשמן, ואחר כך צירף לכך גם טחנת־קמח לא גדולה. לימים העבירו הגוטמאנים את בית־החרושת שלהם לבניין גדול בדרך לטירנובה, לפני הטחנה, ברם, העסקים „השמניים" שיגשגו משך שנים מעטות בלבד. וכבר בסוף שנות העשרים שותקו רוב בתי־החרושת לשמן; בעיקר פעל בית־החרושת של הגוט־מאנים שעבר למיכון מלא וליעול, העסיק פועלים מעטים בלבד, אבל תפוקתו היתה גדולה — והשמנים נשלחו אל בתי־הזיקוק הגדולים שברומניה. יצויין שגם שני האחים גוטמאן היו ידועים בשותפות האידיאלית שלהם במשך שנים רבות ורק בסוף שנות השלושים פרצו מריבות ביניהם. נראה שאיזה משבר כספי חמור שיבש את היחסים. ועוד בית־חרושת לשמן היה ברחוב התחתון, שהיה שייך לאלמנה שיינדל סאדצקי; ואחר כך היה ברשות היורשים־הבנים: אליהו ואידל סאדצקי. אליהו מת בלא־עת, ואשתו הניה מכרה את חלקה לאברהם בלאנק; היא עצמה עלתה ארצה עם ילדיה באמצע שנות השלושים.

בעיירה קיים היה גם בית־חרושת לסבון, סבון־כביסה. היה זה בעצם מעין יורה שהותקנה מתחת לגגון, ובה היו מבשלים את הסבון שהיה יוצא בפיתוך־גוונים וחתוך בפסים מלבניים ארוכים. „בית־החרושת" היה ליד בית־הבעלים בריחוק ניכר מן הדרך העולה לגיוזדיטה, ליד השדות ממש. בית מבודד ופרוש כאילו מן העיירה. תחילה היה הבעלים טוביה גרויסמן, שהיה יוצא אל העיירה של נתנאל השוחט וגיסו של מרדכי בוטשאטשר.

לימים היגר לבראזיל, ואז עבר הבית עם „בית־החרושת" לחיים בלאנק, אביהם של פייבל ומוסיה בלאנק (עתה בבראזיל) והינדה בלאנק — להבדיל

נאָך אַ צייט האָבן די בעלי־בתים אָנגעזעצט, און די מיל איז איבערגעגאַנגען צו אַ בריטשעווער סוחרים־גרופּע (עזריאל און שמעון גאָלערגאַנט, לייב טענדלער, הירש שיכמאַן, חיים־אהרן אייזנשטיין, אליהו רויזנבליט), וואָס האָט געהאַלטן די מיל אַ פּאָר יאָר. אָבער אין אַ שבת, געדענק איך, האָט זיך אויפגעכאַפּט דאָס גאַנצע שטעטל גאַנץ קאַיאָר מיט אַ דערשרעק, ווייל ס׳האָט זיך דערהערט אַ פייפעריי פון אַלאַרם, און פון דערווייטנס האָבן זיך באַוויזן פייער־צונגען, וואָס האָבן אַרויס־געזעצט פון אַלע דריי שטאָקן פון דער מיל. ס׳איז געווען אַ סברה, אַז אין לאָקאָמאָ־טיוו־אָפּטייל האָט עמעצער איבערגעלאָזט אַ ברענענדיקן ציגייער, און דאָס האָט גורם געווען די שריפה. און סע זענען געווען אויך אַנדערע סברות. פון דעמלט אָן איז געשטאַנען דער מיל־סקעלעט מיטן אויפגעשטעלטן קוימען אין דער הייך, ווי אַ לעבעדיקע מציבה פאַר דער עקאָנאָמישער גלענצנדיקער לאַגע, וואָס איז געווען און האָט זיך שוין מער נישט אומגעקערט. קיין אַנדערע בעלי־בתים, וואָס זאָלן האָבן די מיגלעכקייט אַריינצולעגן געלט וועגן צוריק אויפבויען די מיל, איז נישט געווען.

בוימל־פאַבריקן זענען אויך געווען אַ מקור פון שיינער פרנסה, אָבער נאָר אַ קורצע צייט: פאַרן ערשטן וועלט־קריג איז געווען נאָר איין קליין פאַבריקל פאַר בוימל פון סאָנעשניק, וואָס האָט געהערט די ברידער אברהם־יאָסל און נתן גוטמאַן, די זין פון פראדל. ס׳איז געווען אין אַ קליינעם בניין הינטערן הויז פון ישעיה פרנס, אויפן וועג קיין טערנעווע, און איז באַשטאַנען נאָר פון אַ דראטש (קנאַק־מאַשין), וואָס פלעגן צעקנאַקן דעם סאָנעשניק און אַרויסוואַרפן די שאָלעכץ, פון אַ פּראַזש־אויוון, וואָס פלעג אויספּראַזשען דעם סאָנעשניק, און פון אַ פּרעס, וואָס פלעג זיך דרייען און אויסקוועטשן דעם בוימל. די מאַשינען זענען באַוועגט געוואָרן דורך אַ בלינד פערד, וואָס פלעג זיך דרייען אין אַ קרייז און באַוועגן אַ טראַנסמיסיע מיט ציין־רעדער. וועגן ראַפינירן דעם בוימל איז אפילו נישט געקומען אויפן געדאַנק.

אין די יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג, ווען דער עקאָנאָמישער מצב אין בריט־שעווע האָט זיך פאַרבעסערט, מחמת דאָס שטעטל האָט געלעבט אין דער זייט, גלייך ווי פאַרגעסן און ווייט פונעם פראָנט, זענען געקומען סוחרים פון דער ווייט קויפן בוימל, און ווען ס׳האָט זיך געפילט אַ מאַנגל. דעמלט האָט זיך אויפגעכאַפּט נאָך אַ בריטשעווער, משה באָדנער (רעכטמאַן), און אויפגעשטעלט אַ בוימל־פאַבריקל, און אין אַ קורצער צייט איז ער נתעשר געוואָרן. האָט מאָטל באָנדער אויך אויפגעשטעלט אַ בוימל־פאַבריק (אין באַשקע־געסל), וואָס האָט שוין געאַרבעט מיט אַ מאָטאָר (און, אגב, דער מעכאַניקער, וואָס האָט דאָרט געאַרבעט אַ געוויסע צייט, איז געווען אידל באַראַד, דער פאָטער פון בוזי, שרה און ברכה באַראַד, און דער מאַן פון גיטל דער נייטאָרין), און ער האָט אויך געמאַכט גוטע געשעפטן, און אייניקע האָבן אפילו געזאָגט אַז די גוטע געשעפטן האָט געמאַכט זיין פּרוי עטיע, וואָס האָט אָנגעפירט די ענינים. די גוטמאַן׳ס האָבן אויך פאַרברייטערט זייער

מחיים בלאנק השני, שהיה גר ברחוב האמצעי, בעל חנות לאריגים ובדים, חתנו של נתנאל השוחט וגיסו של מרדכי בוטשאטשר.

כן פעלו בבריטשיבה שני בתי־חרושת ללבינים, עשויות מחול: האחד של אברהם זוסיא״ס (שפילברג), והשני של שמואל זלדה׳ס (בלומין). שניהם היו במורד אל הריאוט שמאחורי כרמיהם.

מפעל חרושתי אחר בעיירה היה זה של חיה־רחל שיכמאן (אמם של מתתיהו שיכמאן, עתה בארץ, ושל אלתר שיכמאן, עתה בבראזיל). היה זה בית־חרושת לגאזוז בבקבוקים (שהיה קרוי „פיאלקה״). לצידו וברשות אותם בעלים היתה המקירה הגדולה, כלומר מקום אחסנה גדול לקרח. וזה מעשה המקירה ופעולתה: בימות החורף היו חוצבים קרח מן הנהרות, האגמים והנחלים שבסביבה, מובילים אותו גושים־גושים עמוסים על גבי עגלות־חורף, מטמינים אותם בתוך בור רחב־ידיים ועמוק, מכסים אותם בתבן, ומעל לבור היה גג משׂחיפי־עץ למחסה מפני השמש. מקירה זו היתה מספקת את הקרח לחנויות המעטות שמכרו בירה, סודה וגאזוז וקוואס (מעין „צוף״).

ומפעל חרושתי נוסף: מַקצצת־קש. זו שייכת היתה לאלתר וייסמן. היה זה בניין עשוי עץ, שבתוכו עמדה מקצצה, והיא הופעלה בעזרת סוס מסתובב, שהניע מימסרה. אני היכרתי את המיפעל הזה, משום ששנה־שנה לפני הפסח הייתי הולך בשליחות אמי כדי לטחון שם קמח־מצות. אמנם ברגיל היו מסתפקים בכל בית במדוכת־עץ גבוהה עם עלי־עץ גדול, כדי לפורר את המצות עד דק. אלא שבמרוצת השנים נעשו התביעות לטיב גדולות יותר. מה עשה אלתר? התקין לו מעין מַגרסה, שקשר אותה למימסרה שלו והפעילה (בהכשר הרב, כמובן) שנה־שנה לטחינת מצות.

ועוד מפעל יש להזכיר: המחסן הגדול של חמרי־עץ־לבנייה, שיעקל שיכמן היה בעליו; אחר כך עסק בכך גם בנו מנדל שיכמן; לימים נצטרף אליו שותף — אברהם בלאנק. מחסן מסוג זה היה גם של חיים בוקארשטר, שבנו שמעון העבירוֹ אחר כך לטירנובה.

ואם מדובר במיכון, כדאי להזכיר, שמוטל בונדר ובניו התחילו לעניין את הסביבה, את האיכרים העשירים, במכונות חקלאיות, והם עצמם רכשו טראקטור ומכונת־דייש, שהיו מחכירים אותם בעונת הקציר לפעולה יומית לאיכרים בעלי היבולים הגדולים.

אונטערנעמונג און איבערגעגאַנגען צו מעכאַניזירונג. און דעמלט האָט ברוך טיאָמני אויך אויפגעשטעלט אַ בוימל־פאַבריק (דאַכט זיך, בשותפות מיט זיינע שוואָגערס: לייב, נחמן און מאיר בלאַנק) אויפן וועג קיין טערנעווע, און דערנאָך צוגעבויעט אויך אַ נישט־גרויסע מיל. מיט דער צייט האָבן די גוטמאַן'ס איבערגעפירט זייער בוימל־פאַבריק אין אַ גרויסן בנין אויף טערנעווער וועג, נישט ווייט פון דער גרויסער מיל. אָבער די פּעטע געשעפטן האָבן געגליקט נאָר עטלעכע יאָר. און שוין סוף צוואַנציקער יאָרן זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן כמעט אַלע בוימל־פאַבריקן; גוטמאַן'ס פאַבריק איז אינגאַנצן מעכאַניזירט געוואָרן; זי פלעג באַשעפטיקן גאָר ווייניק אַרבעטער, און די פּראָדוקציע איז געווען אַ גרויסע — די בוימלען פלעג מען שיקן אין די גרעסטע ראַפינעריעס אין רומעניע. וויל איך דאָ דערווייל פאַרצייכענען, אַז די ברידער גוטמאַן זענען געווען באַוווּסט מיט זייער אידילישער שותפות אין משך פון אַ סך יאָרן, און נאָר אין סוף דרייסיקער יאָרן האָבן אויסגעבראָכן קריגערייען צווישן זיי; ווייזט אויס, אַז אַ שווערער געלט־קריזיס האָט גורם געווען דערצו. און נאָך איין בוימל־פאַבריק איז געווען אין דער אונטערשטער גאַס, וואָס האָט געהערט צו דער אלמנה שיינדל סאַדעצקי; דערנאָך האָט זי געהערט צו די זין, די יורשים: עליע און יידל סאַדעצקי. עליע איז געשטאָרבן פאַר דער צייט, און זיין פרוי העניע האָט פאַרקויפט איר חלק אברהם בלאַנק; זי אַליין איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל מיט די קינדער אין מיט דרייסיקער יאָרן.

אין שטעטל איז אויך געווען אַ זייף־פאַבריק, פאַר וועשעריי. ס'איז בעצם געווען אַ מין גרויסער קעסל הינטער אַ דעכל, און אין אים פלעגן קאָכן די זייף פון רוי־מאַטעריאַלן לויט אַ כימישער פאָרמול, וואָס איז געווען דער סוד פון די בעלי־בתים. די זייף איז אַרויסגעגאַנגען מיט געמישטע פאַרבן און דערנאָך צעשניטן אין לאַנגע פאַסן. די „פאַבריק" האָט זיך געפונען לעבן הויז פון די בעלי־בתים, אין אַ געוויסער ווייט פון גיזדיטער וועג, ממש לעבן די פעלדער. אַן איינזאַם איזאָלירט הויז, גלייך ווי אָפּגעזונדערט פונעם שטעטל. תחילת האָט עס געהערט צו טוביה גראָסמאַן, וואָס פלעגט אַרויספאָרן אין אַ דראָזשקע מיט צוויי פערד, אינאיינעם מיט זיינע צוויי טעכטער. שפּעטער האָט ער עמיגרירט קיין בראַזיל, דעמלט איז דאָס הויז מיט דער „פאַבריק" איבערגעגאַנגען צו חיים בלאַנק, דער פאָטער פון פייוול און מוסיע בלאַנק (איצט אין בראַזיל) און הינדע בלאַנק — און מע דאַרף נישט אויסמישן מיטן צווייטן חיים בלאַנק, וואָס האָט געוווינט אין דער מיטלסטער גאַס און איז געווען אַ מאַנופאַקטוריסט, דער איידעם פון סאַנע שוחט און דער שוואָגער פון מרדכי בוטשאַטשער.

סע זענען געווען אויך צוויי ציגל־פאַבריקן: איינע האָט געקערט צו אברהם ווסיעס (שפּילבערג), און די אַנדערע צו שמואל זעלדעס (בלומין).ביידע זענען געווען אויפן באַרג־אַראָפּ צום רעוועט הינטער זייערע ווייַן־גערטנער.

אַן אַנדער אינדוסטריעל ווערק איז געווען חיה־רחל שיכמאַן'ס (די מוטער פון מאָטעס שיכמאַן, איצט אין ישראל, און אַלטער שיכמאַן, אין בראַזיל), ס'איז געווען

בעלי־המסחר־והחרושת ודאי שהיו נזקקים לאשראי. בשנים שבסוף המאה התשע־עשרה ובראשית המאה העשרים היתה ידועה בעיקר המַלווה־ברבית שרה׳קה חיים־ישראלס, שהיתה מתגוררת ברחוב התחתון, בין ביתו של יוסי־וולף קורצקי לבין ביתו של יוסל מסטר (הבתבן). לימים עשתה חברת יק״א המרכזית פעולת־הסברה נרחבת למען אשראי הדדי, וכך נוסדו קופות־מלווה־וחסכון בהרבה עיירות בביסראביה. הקופה נוסדה בבריטשיבה ב־1907. בימי מלחמת־העולם הראשונה כמעט שלא פעלה, ורק אחרי המלחמה חידשה פעולתה והתרחבה. כיוון שהמוסד היה קטן מאד, הרי היה מתנהל לרוב על־ידי מנהל חשבונות ועוזר על ידו, ויעקב שפילברג היה משמש שם גם גיזבר במשך כל השנים. זכורני שקופת־המלווה־והחיסכון (לשם קיצור היו מכנים אותו „באנק״) היתה משוכנת בביתו של לייב דונינזון, בין ביתו של דוד הדס׳ס (קסטלמאן) לבין ביתו של ישראל שפילברג. ומנהל־החשבונות הראשון שלו היה יעקב יולמאן, שבא לעיירה מסורוקה. לאחר כמה שנים עבד שם ברוך פרנס (בנו של ניסן פרנס). עבד שם גם משה קסטלמאן, גם רחלה כהן עבדה שם (עתה בארץ), והאחרון היה שם מנהל־החשבונות יעקב פיינסמאן, עד כניסת הסובייטים.

אגב, משנוסדה הקופה החלו כמה צעירים ללמוד פנקסנות. הלימוד נעשה באמצעות קורסים־שבכתב, שנשלחו תמורת תשלום מבעל־הקורסים יעקב מארק בליבאווה שליד ריגה. דומני, שמנהל־החשבונות הבריטשיבאי הראשון לפי שיטה זו היה דודי שמעון גולירגאנט (שעבד זמן מסויים כמנהל חשבונות בטחנת־הקמח הגדולה), אחר־כך למד פנקסנות בן־דודי לייב גולירגאנט; מאוחר יותר עבדו בבריטשיבה, לפי מה שזכור לי, כפנקסנים פייבל טראכטנברויט, רוזה צימרמן, ישראל וייצמן.

פעולות ה„באנק״ היו מצומצמות מבחינת גודל האשראי. לרוב היו נזקקים לו חנוונים וסוחרים זעירים, בעלי־מלאכה, שבשבילם היתה הלוואה בתשלומים קטנים וברבית נמוכה, הצלה פורתא. אבל אשראי יותר גדול לא היה באפשרותו של ה„באנק״ לספק. אי לכך נוסד במאוחר יותר, בשנות העשרים, באנק אחר בשם „ספאטול ניגוסטורסק״, ואחר כך באנק של ממש, סניף של „באנקה באסא־ראביאֵי״, שסיפק בעיקר את צרכיהם של הסוחרים הגדולים. בראשו של באנק זה היה כבר מנהל, שהשתדל להיות מעורב עם הבריות (וזאת לדעת: המרכז הקישינובי מינה לרוב מנהל יהודי לסניפו בבריטשיבה), לידו פעל מנהל־חשבונות מוסמך לחתום על המחאות, פרוקוריסט בלע״ז, ועוזר או עוזרת לניהול הפנקסים. מעונו של הבאנק הזה היה, כזכור לי, בביתו של פיני גלמאן, ליד ביתו של

אַ פאַבריק פון גאַזעווע פּאַרזיסט וואַסער, וואָס האָט געהייסן „פיאַלקע״. לעבן דעם איז אויך געווען דער אייז־קעלער (ליעדאָווניע): ווינטער פלעג מען אויסהאַקן דאָס אייז פון די טייכן און אָזערעס, איבערפירן עס שטיקערווייז אין שליטנס, פאַרבאַהאַלטן עס אין אַ טיפן גרוב, פאַרדעקט פון אויווען מיט שטרוי, און איבערן גרוב איז געווען אַ שינדל־דאַך כדי צו באַשיצן פון דער זון. דער אייז־קעלער פלעג סטייען אויף צו צוטיילן אין די ווייניקע קלייטן, וואָס פלעגן פאַרקויפן ביר, סאָדע־וואַסער, פּיאַלקע און קוואַס.

און נאָך איין אונטערנעמונג: אַ סיטשעקאַרניע. זי האָט געהערט אַלטער ווייסמאַן. ס׳איז געווען אַ הילצערנע געביידע, וואָס אינעווייניק איז דאָרט געשטאַנען אַ מאַשין צו האַקן דאָס שטרוי, און זי האָט געאַרבעט מיט דער הילף פון אַ פערד, וואָס האָט געדרייט אַ טראַנסמיסיע. איך האָב געקענט גוט די סיטשעקאַרניע, ווייל איך פלעג אַלע יאָר קינדווייז גיין פאַר פסח אין שליחות פון מיין מוטער עליה השלום, כדי צו מאָלן דאָרט מצה־מעל. אמת, געוויינטלעך פלעג מען זיך ניצן מיט אַ מצה־שטעמפל (אַ גרויס שטייסל); ס׳איז געווען אַ הילצערנעס מיט אַ שווער אייבערשטע־פונעם־שטעמפל, אויף צו צוקלאַפּן די מצות וואָס דינער. אָבער מיט דער צייט זענען שוין געווען די פאָרערונגען אַלץ גרעסער. וואָס־זשע האָט אַלטער געטאָן? ער האָט אַנידערגעשטעלט אַ מין רייב־מאַשין, וואָס ער האָט זי פאַרבונדן מיט דער טראַנסמיסיע און (מיטן הכשר פונעם רב) האָט ער געמאָלן מצות יעדן יאָר.

און נאָך אַן אונטערנעמונג דאַרף איך דאָ דערמאַנען: דעם גרויסן סקלאַד פון בוי־מאַטעריאַלן (געהילץ), וואָס האָט געהערט יעקל שיכמאַן; דערנאָך האָט זיך מיט אַזאַ געשעפט פאַרנעמען אויך זיין זון מענדל שיכמאַן (איצט אין ישראל); שפּעטער האָט ער געהאַט אַ שותף צום געשעפט — אברהם בלאַנק. נאָך אַ הילץ־סקלאַד איז געווען חיים בוקאַרעשטער׳ס, וואָס זיין זון שמעון האָט אים דערנאָך איבערגעפירט קיין טערנעווע.

און אויב מע רעדט פון מעכאַניזאַציע, איז כדאי צו דערמאַנען, אַז מאָטל באָנדער מיט זיינע זין האָבן אָנגעהויבן צו פאַראינטערעסירן די סביבה, די רייכערע פּויערן, מיט אַגריקולטור מאַשינען — און זיי אַליין האָבן געקויפט אַ טראַקטאָר און אַ דרעש־מאַשין, וואָס זיי פלעגן פאַרדינגען אין שניט־צייט פאַר טעגלעכן געברויך פון די פּויערן וואָס האָבן צונויפגענומען דאָס גרעטעניש.

די סוחרים און די בעלי־בתים פון די פאַבריקלעך האָבן זיך אַוודאי געניטיקט אין קרעדיט. סוף ניינצנטן און אָנהייב צוואַנציקסטן י״ה איז געווען באַוווּסט דערעיקר שר׳קה חיים־ישראל׳ס, די וואָכערניצע, וואָס האָט געוווינט אין דער אונטערשטער גאַס, צווישן יאָסי־וואָלף קורעצקי און יאָסל מעסטער (דער „שרייבער״). שפּעטער האָט די געזעלשאַפט יק״א געטאָן אַ סך אויך אין דער ריכטונג פון הלוואות, און סע זענען געגרינדעט געוואָרן ליי־און־שפּאָר־קאַסעס אין פיל שטעטלעך פון

בעסאַראַביע. אין בריטשעווע איז די קאַסע געגרינדעט געוואָרן אין 1907. אין די יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג האָט זי וויניק וואָס אויפגעטון, און נאָר נאָך דער מלחמה האָט זי באַנייט איר טעטיקייט. מחמת דער אַנשטאַלט איז געווען אַ קליינער, האָט אים אָנגעפירט בסך־הכל אַ בוכהאַלטער, און לעבן אים אַ געהילף, און יעקל שפּילבערג איז געווען אַלע זיינע יאָרן קאַסיר. איך געדענק ווען די ליי־און־שפּאָר־קאַסע (מע פלעג זי רופן „די באַנק״) איז געווען באַ לייב דאָנינזאָן אין הויז, צווישן דוד הדס׳עס (קעסטעלמאַן) און ישראל שפּילבערג. און, דאַכט זיך, אַז איר ערשטער בוכהאַלטער איז געווען יעקב יולמאַן, וואָס איז געקומען פון סאָראָקע. שפּעטער האָט דאָרט געאַרבעט אין משך פון יאָרן ברוך פּרנס (דער זון פון ניסן פּרנס). ס׳האָט דאָרט אויך געאַרבעט משה קעסטעלמאַן; שפּעטער האָט דאָרט געאַרבעט רחל׳ע כהן (איצט אין ישראל), און דער לעצטער בוכהאַלטער־דירעקטאָר איז געווען יעקב פיינסמאַן, ביז דער סאָוועטישער צייט.

אגב, ווען מ׳האָט געגרינדעט די קאַסע, האָבן אייניקע יונגע־לייט אָנגעהויבן לערנען בוכהאַלטעריע. דאָס לערנען איז פאָרגעקומען לויט שריפטלעכע קורסן, וואָס פלעגן געשיקט ווערן פאַר געלט פון יעקב מאַרק אין ליבאווע, לעבן ריגע. דאַכט זיך, אַז דער ערשטער בוכהאַלטער לויט דער שיטה איז אין בריטשעווע געווען מיין פעטער שמעון גאָלערגאַנט עליו השלום (וואָס האָט אַ געוויסע צייט געאַרבעט אַלץ בוכהאַלטער אין דער גרויסער מיל), דערנאָך האָט געלערנט בוכהאַלטעריע מיין שוועסטער־קינד לייב גאָלערגאַנט; שפּעטער האָבן, ווי איך געדענק, געאַרבעט אין בריטשעווע אַלץ בוכהאַלטערס: פייוול טראַכטנבערויט, ראָזע צימערמאַן, ישראל וויצמאַן.

די אָפּעראַציעס פון דער באַנק זענען געווען קליינע אין פּרט פון דער גרייס פון הלוואה, מייסטנס פלעגן ניצן די „באַנק״ בעלי־מלאכות, קליינע קרעמערס און קליינע סוחרים, וואָס פאַר זיי איז געווען אַ הלוואה אויף אויסצוצאָלן, און מיט קליינע צינזן, אַ שטיקל הילף. אָבער אַ גרעסערן קרעדיט האָט די „באַנק״ נישט געקענט געבן. דערפאַר האָט זיך שפּעטער, אין די צוואַנציקער יאָרן, געגרינדעט אַן אַנדערע באַנק מיטן נאָמען „ספּאַטול נעגוסטאָרעסק״, און דערנאָך אַ ממשותדיקע באַנק, אַ פיליאַלע פון דער „באַנקאַ באַסאַראַביעי״, וואָס האָט דערעיקרשט באַדינט די גרעסערע סוחרים. אין שפּיץ פון דער באַנק איז שוין געווען אַ דירעקטאָר, וואָס האָט זיך באַמיט צו זיין פריינדלעך צו די מענטשן (דער קעשענעווער צענטער פלעג ס׳רוב באַשטימען אַ יידן פאַר דירעקטאָר אין בריטשעווער פיליאַלע); אַ חוץ אים איז געווען אַ בוכהאַלטער, וואָס איז געווען באַפולמעכטיקט צו חתמענען אויף טשעקן (אַ פּראָקוריסט) און אויך אַ געהילף אויף צו פירן די ביכער. איך געדענק

→

25 שנים לקיום קופת־הלוואה־וחיסכון, הוועד / 25 יאָר פון דער ליי־און שפּאָר־קאַסע, דער קאָמיטעט: יענקל רויזנבליט, דוד רייפמאַן, יענקל שטרייכטמאַן, דודל דראַליוק, מרדכי סאנדלמאן, זוסיא גלמאן, ישראל אַפּלבוים, ברוך פּרנס, חיים רויזנבליט, משה קסטלמאן, שלמה יענקל־אנטשלס. מאחוריהם / אונטער זיי — משה שמאָרלס

אברהם־הירש בריימאן (לפני שניבנה הבית של הגלמאנים היתה שם המַפּחה של משה הנפח).

עם זאת לא פסק גם האשראי בצורת הלוואות פרטיות, שהרבית בעדן היתה לפרקים קצוצה. וכדאי לציין, שבהרבה מקרים של הלוואות מסוג זה, או בהלוואות של גמילות־חסד, היתה הצורה המקובלת נתינת פיתקה חתומה בלבד, ערוכה עברית או יידיש בלולה בעברית, כמלפנים, ורק במקרים נדירים היה המַלוה דורש שטרות רשמיים.

היו בבריטשיבה גם צלמניות, שהוקמו בזמנים שונים, ושהצד השווה שבהן היה, שבעליהן התקיימו בדוחק ממלאכת־הצילום. צלם ראשון זכור לי מימי ילדותי הראשונים. בביתנו השתקע צלם שבא מפודוליה (אולי ממוהילוב־פודולסק) ושמו היה שיינהארץ. לפני עיני עומד התצלום שהיה בביתנו משנת 1909, משמע ילדון הייתי אז. זכור לי, שאיזה מחסן אחורי, שלאחר המטבח, צמוד לבית (ברבות הימים שופץ ונעשה לחדר, אבל זה היה כבר אחרי מלחמת־העולם הראשונה) שימש לו לשיינהארץ סטודיו לצילום, אבל לשם פיתוח הנגאטיבים הרי זקוק היה לתא אפל. מה עשה? היה משתמש בעלייה שמעל לתנור־האפייה. בסולם היה עולה לשם, כופף קומתו, סותם את הפתח באדרת עבה, ושם עושה את מלאכתו. לימים עזב את העיירה ויצא למוהילוב ונעשה צלם מפורסם.

זכורה לי גם הצלמניה של בנותיו של טוביה גרויסמאן, אבל ביחוד זכורה לי הצלמניה המשותפת לפיני גולדנברג ולגיניה מסטר (דלוגאטש). אחר כך היתה הצלמניה של גיניה בלבד, ואחר כך של אחותה חנה מסטר. היא היתה משוכנת באחד הבתים שבסימטה צרה בין הרחוב האמצעי לבין התחתון. וכן (אחרי מלחמת העולם הראשונה) הצלמניה של פיני גולדנברג בביתו של איציק שצ׳יגליק, בחלקו האחורי. כן פעלה הצלמניה של הלווינטאלים, שהיתה משוכנת באיזה ביתן בחצר מאחורי בית־המסחר לרפואות של האב. פעלו שם כצלמות אידה לווינטאל, ליזה פרידמן ופאניה לווינטאל. במרוצת הימים עסקה פאניה בצילום בבית, בית בעלה מויסיי (משה) ויינשטין, וליזה, שנישאה למוטל שלופמן, הקימה צלמניה משלה.

רבים מבעלי־המלאכה היו אנשים מכובדים ותופסי־מעמד בעיירה, כגון הצבעים ממשפחת כהן, שכבר הוזכרו; הנגרים: ישעיה פרנס, מצניע־לכת ושקדן; דוד רייפמן, שהיה מתעניין בפוליטיקה יהודית ועולמית ופרשן עיתונות לפי דרכו; ברוך האופה, שנעשה ברבות הימים פעיל בבית־הכנסת הראשקובי הגדול והמאכסן העיקרי של אדמו״רים שבאו לעיירה; ישראל ומשה טונקל

ווען די באַנק איז געווען אין הויז פון פיניע געלמאַן, לעבן אברהם־הערש בריימאַנס הויז (איידער דאָס הויז פון די געלמאַנס איז דאָרט געווען משה קאָוואַלס קוזינע).

און דאָך האָט נאָך אַלץ געגילט דער קרעדיט אין דער פאָרם פון פריוואַטע הלוואות, צומאָל מיט הויכע פראָצענטן, צינזן. און ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין אַ סך פאַלן פון אַזעלכע הלוואות, אָדער באַ אַ גמילות־חסד, פלעג די געוויינטלעכע פאָרם זייַן — אַ געחתמעט "קוויטעלע", אָנגעשריבן אין העברעיש, אָדער אין יידיש געמישט מיט העברעיש, ווי אַמאָל, און נאָר זעלטן פלעג מען פאָדערן אָפיציעלע וועקסלען.

אין בריטשעווע זענען געווען פאָטאָגראַפיעס, וואָס זענען אויפגעמאַכט געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטן, און דער אַלגעמיינער שטריך זיי'ערער איז געווען, וואָס די פאָטאָגראַפן האָבן קוים געצויגן חיונה פון זיי. איך געדענק אַן ערשטן פאָטאָגראַף אין שטעטל, אין מיינע קינדער־יאָרן. באַ אונדז אין הויז האָט זיך באַזעצט אַ פאָטאָגראַף, געקומען פון פאָדאָליע (אפשר פון מאָלעוו), און געהייסן האָט ער ש'ינגאַרץ. פאַר מיינע אויגן שטייט נאָך די פאָטאָ באַ אונדז פון יאָר 1909, הייסט עס כ'בין ממש געווען אַ קינד. איך געדענק אַ מין אונטערשטן מאַגאַזאַן, נאָך דער קיך (שפּעטער איז ער איבערגעמאַכט געוואָרן אין אַ צימער, אָבער שוין נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג) — איז ער געווען אַ פּאַוויליאָן פאַר שיינגאַרצ'ן. אָבער כדי צו אַנטוויקלען די נעגאַטיוון האָט ער דאָך געמוזט האָבן אַ פינצטערע קאַמערע. וואָס זשע האָט ער געטאָן? פלעג ער זיך ניצן מיטן אויפן־אויוון. מיט אַ לייטער פלעג ער אַרויפקריכן, זיך איינבייגן און פאַרמאַכן דעם אַריינגאַנג מיט אַ גראָבער קאָלדרע, און דאָרטן פלעג ער אַרבעטן. שפּעטער איז ער איבערגעפאָרן קיין מאָלעוו און געוואָרן אַ באַרימטער פאָטאָגראַף. איך געדענק אויך די פּאָטאָגראַפיע פון טוביה גרויסמאַנ'ס טעכטער, אָבער שוואַך. באַזונדערס גוט געדענק איך די שותּפותדיקע פאָטאָגראַפיע פון פיניע גאָלדנבערג און גיניע מעסטער (דלוגאַטש); דערנאָך איז זי געוואָרן גיניע'ס אַליין, און נאָך איר — חנה מעסטערס. זי האָט זיך געפונען אין אַ הויז פון אַ שמאָלער ליק צווישן דער מיטלסטער און אונטערשטער גאַס. איך געדענק אויך (נאָכן ערשטן וועלט־קריג) פיניע גאָלדנבערגס פאָטאָגראַפיע באַ אי'ציק שטשיגליק אין הויז, אין דער הינטערשטער טייל. שפּעטער האָט אויך געאַרבעט די פּאָטאָגראַפיע באַ די לעווינטאַלס, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ מין פּאַוויליאָן אין הויף פון זייער פאָטער. דאָרט האָבן געאַרבעט אידע לעווינטאַל, ליזע פרידמאַן און פאַניע לעווינטאַל. נאָך עטלעכע יאָר האָט פאַניע געאַרבעט באַזונדער אין איר הויז, ווען זי האָט חתונה געהאַט פאַר מויסיי וויינשטיין, און ליזע, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר מאָטל שלופמאַן, האָט געהאַט אַ באַזונדערע פאָטאָגראַפיע.

אַ צוגאָב: צווישן די בעלי־מלאכות זענען געווען בכבודיקע יידן, וואָס האָבן פאַרנעמען אַ בכבודיק פלאַץ אין שטעטל: די וואָל־פאַרבערס, וואָס זענען שוין דערמאַנט געוואָרן, אַלע פון דער פאַמיליע כהן; די סטאָלערס: ישעיה פרנס,

הבנאים; מבין הנפחים זכורים לי לטובה משה וחנא. מן העגלונים זכורים לי: ואַלוואַלי, יעקל „הזקן” (שמוצאו היה מקאליס), יעקל „הצעיר” (חתנו של הקודם), הירש (שנרצח בידי שודדים בדרך מטירנובה) — כל אלו שימשו בדרך לטירנובה וחזרה; עזריאל העגלון היה מַסיע לזגוריצה, ואילו ליידינץ היה מסיע חיים העגלון.

ה

בתי־כנסת בבריטשיבה היו תשעה. בימי ילדותי היו, זכורני, שבעה. ואלה הם, לפי סדר הרחובות: ברחוב העיקרי, האמצעי, עמד בית־הכנסת הישן. נראה שהיה הראשון שנבנה בבריטשיבה. על־כל־פנים, זכורים לי תכניתו ומראהו. בית שקוע בו׳ובו באדמה, כמעט מט לנפול; היית נכנס אליו בכמה מדריגות למטה, יותר נכון נופל לתוכו. חלונותיו היו בגובה החוץ כמעט, וגגו נפול ופרוץ בהרבה מקומות. לימים הוחלט לשפצו, אבל מקורות כספיים לכך לא היו. הסתפקו בזה, שהעלו גג מעליו. וזה מעשה ההעלאה (שהיה, אגב, שכיח גם לגבי בתים ישנים אחרים): כרו בורות עמוקים מסביבו, הכניסו בהם עמודי עץ גבוהים ועליהם העלו את הגג. יצא שהבנין הרעוע נשאר מתחת כמקודם, והגג החדש שמעליו משמש מחסה מגשם ומשלג. כעבור שנים הוקמו גם קירות בין העמודים, והיה הבנין חדש — אבל שם בית־הכנסת נשאר כמקודם: הישן. זכור לי הגבאי, העושה והמעשה העיקרי והש״ץ של בית־כנסת זה בימי ילדותי הרחוקים: היה זה יהושע הזקן. ביתו הנמוך היה נשען אל בנין בית־הכנסת הרעוע, ואני הייתי מבאי הבית, משום שנתחנכו שם שני חברי־לחדר, יתומים מאב ומאם, נכדיו של יהושע; שמותיהם אינם זכורים לי, רק שם משפחתם: קאנטור. לימים היגרו לאמריקה.

בנו של יהושע היה אביגדור אדסמן, שלאחר מות אביו ירש את מקום כהונתו בבית־הכנסת; הוא אף היה בעל־תפילה מנוסה ובעל־קורא. כעבור שנים עקר משם אל קצה הרחוב הצפוני וגר מול ביתו של אברהם זאק, ואז היה משמש בעל־תפילה ובעל־קורא בבית־הכנסת „בית יחיאל”, שעליו ידובר למטה.

שני בתי־כנסת אחרים היו באותו רחוב, זה מול זה; האחד — ליד בית הלווינטאלים, והוא קרוי בשם הסאדיגורי, והשני מולו — „החדש”.

בין הרחוב האמצעי לבין התחתון, בסימטה שליד ביתו של יעקל בעל־המכבסה, היה בית־כנסת לא גדול, שנקרא בשם הראשקובי. זכור לי ששם היה מתפלל יוסל מסטר.

אַ שטילער, באַשיידענער און פליסיקער מענטש; דודי רייפמאַן, וואָס פלעג זיך אינטערעסירן מיט פּאָליטיק, יידישער און אַלגעמיינער, און קאָמענטירן די צייטונ־גען לויט זיין פאַרשטאַנד; ברוך בעקער, וואָס אין משך פון די יאָרן איז ער געוואָרן טעטיק אין דער ראשקעווער שול, און זיין הויז פלעג זיין אַן אכסניה פאַר די „גוטע־יידן״, וואָס פלעגן קומען אין שטעטל; שמעון טעסלער (טונקעל) און זיין ברודער משה טעסלער.

פון די קאָוואַליעס געדענק איך צום גוטן צוויי: משה קאָוואַל און חנא קאָוואַל.
פון די בעלי־עגלות געדענק איך: וועלוועלע, יעקל (דער „אַלטער״, וואָס האָט געשטאַמט פון קאליס), יעקל (דער „יונגער״), זיין איידעם; הערש (וואָס איז דערהרגעט געוואָרן פון רויבערס אויפן וועג פון דער באַן) — די אַלע פלעגן באַדינען די פּאַסאַזשירן קיין טערנעווע און צוריק. עזריאל בעל־עגלה פלעג פירן די מענטשן קיין זגוריצע (פריער איז ער געווען אַ וואַסער־פירער); קיין יעדיניעץ פלעג פירן חיים בעל־עגלה.

ה

קלויזן אין בריטשעווע זענען געווען ניין. מע פלעג זיי רופן שולן. אין מיינע קינדער־יאָרן זענען געווען נאָר זיבן. און אָט זענען זיי לויטן סדר פון די גאַסן: אין דער מיטלסטער גאַס איז געשטאַנען די אַלטע שול. ווייזט אויס, אַז ס׳איז געווען די ערשטע. על כל פנים געדענק איך איר געשטאַלט און אויסזען. אַ בניין איינגע־זונקען מיינסטנס אין דער ערד, כמעט אומצופאַלן. מע פלעג אַראָפּגיין, ריכטיקער אַריינפאַלן, פון עטלעכע טרעפּלעך. די פענצטער זענען געווען כמעט די זעלבע הייך ווי די ערד אינדרויסן, דער דאַך איז געווען איינגעפאַלן און דורכגעבראָכן אין עטלעכע ערטער. שפּעטער האָט מען באַשלאָסן איבערצובויען, אָבער קיין געלט געגנוג איז נישט געווען. האָט מען זיך באַגענוגט מיט דעם, וואָס מ׳האָט אַרויפ־געצויגן אַ דאַך, דהיינו (און אַזוי, אגב, האָט מען זיך נוהג געווען אין אַ סך פאַלן): מ׳האָט אויסגעגראָבן טיפע גריבער אַרום, אַריינגעשטעקט הויכע דריקעס, און איבער זיי אַרויפגעצויגן דעם דאַך. הייסט עס, אַז דער צעבראָכענער בניין איז גע־בליבן פון אונטן, און דער דאַך האָט אים באַשיצט פון רעגנס און שנייען. שפּעטער מיט עטלעכע יאָר האָט מען אויפגעשטעלט די ווענט צווישן די דרוקעס, און דער בניין איז געוואָרן אַ נייער, אָבער די שול האָט געהייסן ווי פריער „די אַלטע״.
איך געדענק דעם גבאי, וואָס איז געווען אויך בעל־תפילה דאָרט אין מיינע ווייטע קינדער־יאָרן: יהושע דער זקן. זיין נידעריק שטיבל האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער שול; איך פלעג אַהין אָפט קומען, ווייל דאָרט האָבן געוואַקסן מיינע צוויי הדר־חברים, קיילעכיקע יתומים, יהושע׳ס איניקלעך. כ׳געדענק נישט ווי זיי האָבן געהייסן, נאָר זייער פאַמיליע: קאַנטאָר. שפּעטער האָבן זיי עמיגרירט קיין אַמעריקע.

בסימטה אחרת שבין הרחוב האמצעי לבין העליון היה בית־כנסת קטן, וכינויו „החייטי".

מאחורי ביתו של פישל הדס׳ס (קסטלמן) עמד בית־הכנסת השטיפאנשטי. את זה אני זוכר יפה, משום שאבא התפלל שם בעודי ילד. כן התפללו שם דודי עזריאל ודודי שמעון, גבריאל פישמן, יעקל בלאנק (הקודראני), יעקל שפילברג, יחיאל זיסמאן, דודי אליהו זאק, מאיר צאליקס (שיכמן), ישראל־אהרן קסטלמן, לייב רויזנבליט. השמש היה ראובן, ואילו הגבאי המתמיד היה עד יום מותו ברילי נטע׳ס (אחיו של יעקל שפילברג), שגר ברחוב העליון לא רחוק מבית־הכנסת. הוא היה גם בעל־התפילה הקבוע של בית־הכנסת. זכור לי שהיה שתיין כדיבעי בימי חג ומועד, בביתו היו מתאספים בליל שמחת־תורה ויושבים על כוס יין. בעל־קורא קבוע בבית־הכנסת היה נחום צימרמן, שלימים, לאחר מותו של ברילי נטע׳ס, היה גם הגבאי. בית־כנסת זה היה משמש בימי שבת, ובעיקר בימי חג ובימים־הנוראים, מקום תפילה גם ללא־בריטשיבאים שנשתהו בעיירה, כגון הגרוסמאנים, בעלי טחנת־הקמח הגדולה. וכל כך למה? משום שבית־הכנסת נחשב למשׂכילי ולציוני במידה מסויימת. אכן, בשעת „הקריאה" בתורה ולאחריה היו מנהלים שיחות בענייני העם והארץ, ואף היו מכניסים לפרקים עיתון עברי או יידי, שאך זה נתקבל בדואר.

בית־כנסת מרכזי היה זה שבסימטה שבין הרחוב העליון והאמצעי. הוא היה קרוי בשם „המרתף". נראה שקודם היה שם בית־כנסת ישן, אולי שקוע כמרתף; ברבות הימים הוקם שם בניין נאה עם עלייה מיוחדת לעזרת נשים, ומתחתה היתה דירה קטנטונת, שהתגוררה בה אלמנה, הקרויה „די פרוׄיטשיכה" עם ילדיה. בית־כנסת זה היה נחשב למרכזי, אולי בשל גדלו, לעומת אלה שנמנו עד כה. על כל פנים, זכורים לי שני דברים שסייעו ל„מרכזיותו": האחד, היה בו ארון־קודש חטוב להפליא, מעשה אמנות; השני, חזנים מפורסמים שבאו לעיירה, היו עורכים שם את הופעותיהם. הוא שימש גם מקום לאסיפות ציבוריות ולאומיות, משום היותו במרכז העיירה ממש.

דומני, שמשך הרבה שנים היה שם הגבאי יעקב ויינמאן, שביתו היה בדיוק מול בית־הכנסת, או יוחנן פוקשאנסקי, שביתו עמד דווקא ברחוב האמצעי. ידוע לי שבין המתפללים שם היו: הרב ישעיה אֶפלבוים, דודי יוסל גרינברג, משה רבינוביץ, חותני גבריאל ליכט, אביגדור שפילברג, הבנים של חיה־רחל שיכמן. החזן שם היה מנחם שו״ב (גרוזמן), ואחריו בנו בני (בנציון) גרוזמן.

בית־הכנסת הגדול ביותר בשטחו היה זה שהוקם ברחוב האמצעי מול ביתו

יהושע׳ס זון איז געווען אביגדור אדעסמאַן, וואָס נאָך זיין פּאָטערס טויט האָט ער גערשנט זיין פּלאַץ אין שול; ער איז געווען אַ געניטער בעל־תּפילה און א בעל־קורא. שפּעטער מיט יאָרן האָט ער זיך איבערגעפּירט אין אַנדערן, צפונדיקן, עק גאַס און האָט געוווינט אַקעגן אַברהם זאַק, דעמלט איז ער שוין געווען דער בעל־תפילה און בעל־קורא אין דער „בית־יחיאל״־שול, וועגן וועלכן איך וועל ווייטער שרייבן.

צוויי אַנדערע שולן זענען געווען איינע אַקעגן דער אַנדערער אין דער זעלבער גאַס: איינע — לעבן די לעווינטאַלס, און האָט געהייסן די סאַדיגערער, און די צווייטע אַקעגן — די „בייע״.

צווישן דער מיטלסטער און דער אונטערשטער גאַס, אין אַ ליק לעבן יעקל פּראַטשקאַר (דער וועשער), איז געווען אַ נישט גרויסע שול, וואָס האָט געהייסן די ראַשקעאווער. איך געדענק אַז דאָרט האָט געדאַוונט יאָסל שרייבער. אין אַן אַנדער געסל צווישן דער איבערשטער און דער מיטלסטער גאַס איז געווען אַ קליין שולעכל — דאָס „שניידערישע״. הינטער פישל הדס׳עס (קעסטעלמאַן) הויז איז געשטאַנען די שטעפּאַנעשטער שול. די דאָזיקע שול געדענק איך זייער גוט, ווייל מיין פּאָטער פלעג דאָרטן דאַוונען, ווען איך בין געווען אַ קינד. סע פלעגן דאָרטן דאַוונען אויך מיין פעטער עזריאל און מיין פעטער שמעון, מיין פעטער אליה זאַק, גבריאל פישמאַן, יעקל בלאַנק (קאָדראַנער), יעקל שפּילבערג, יחיאל זיסמאַן, מאיר צאַליקס (שיכמאַן), ישראל־אהרן קעסטעלמאַן, אַלטער שטערנבערג, לייב רויזנבליט און אַנדערע. דער שמש איז געווען ראובן, און דער שטענדיקער גבאי ביז זיין טויט איז געווען בערעלע נטע׳ס (יעקל שפּילבערגס ברודער), וואָס האָט געוווינט אין דער איבערשטער גאַס, נישט ווייט פון דער שול. ער איז אויך געווען דער שטענדיקער בעל־תפילה אין שול. איך געדענק, אַז ער איז געווען אַ פיינער טרינקער אין די יום־טובים, און אין זיין הויז פלעגן זיך צונויפנעמען שמחה־תורה און נעמען אַ כוסה. דער שטענדיקער בעל־קורא אין דער שול איז געווען נחום צימערמאַן, וואָס שפּעטער, נאָך בערעלע נטע׳ס טויט, איז ער געווען אויך דער גבאי. די דאָזיקע שול פלעג זיין אין די שבתים, און דערעיקר אין די יום־טובים און ימים־נוראים, אַ שול אויך פאַר די נישט־בריטשעווער, וואָס האָבן געוויילט אין שטעטל אַ לענגערע צייט, למשל, די גראָסמאַן׳ס, די בעלי־בתים פון דער גרויסער מיל. און פאַרוואָס? ווייל די שול האָט זיך גערעכנט אין אַ געוויסער מאָס אַ „משכּילישע״ און אַ „ציוניסטישע״. און ווירקלעך, בשעת דעם „לייענען״ און נאָך דעם פלעג מען פירן געשפּרעכן וועגן פאָלק־און־לאַנד־ענינים, און אפילו אריינברענגען אַ העברעאישע אָדער יידישע צייטונג, וואָס איז נאָרוואָס אָנגעקומען מיט דער פּאָסט.

די צענטראַלע שול איז געווען די וואָס האָט זיך געפונען אין אַ ליק צווישן דער מיטלסטער און איבערשטער גאַס. מ׳האָט זי גערופן „די באַשקע״. ווייזט אויס, אַז פריער איז דאָרט געווען אַ אַלטע שול, אפשר איינגעזונקען ווי אַ באַשקע (אַ קעלער); מיט דער צייט האָט מען דאָרט אויפגעשטעלט אַ שיינעם בנין מיט

של חיים־אהרן איינשטיין. אף הוא קרוי היה בשם הראשקובי, וכדי להבדיל בינו לבין זה שהוזכר קודם, נקרא בשם „הראשקובי החדש". שם היה סבי ז"ל, שלמה השו"ב, מתפלל; שם היה מתפלל ישראל אליקים הזקן (אביו של אליה זאק); שם היו מתפללים רבים ממשפחת הגלמאנים, וכן בניה של מאזי ממשפחה כהן.

התקציב של בית־הכנסת „בית־יחיאל" לשנת תרצ"ה, ערוך בידי יעקל שפילברג / ביודזשעט פון דער קלויז „בית־יחיאל" פאַרן יאַר תרצ"ה, צונויפגעשטעלט פון יענקל שפילבערג

אַ גאָרן פאַר דער ווייבערישער שול, און פון אונטן איז געווען אַ קליינע וווינונג, דאָרטן האָט געוווינט אַן אלמנה, „די פרויטשעכע", מיט די קינדער. גערעכנט האָט זיך די שול פאַר אַ צענטראַלע, אפשר צוליב דער גרייס, קעגן אַנדערע שולן, וועגן וועלכע כ׳האָב ביז איצט געשריבן. על כל פנים, געדענק איך צוויי זאַכן, וואָס האָבן געהאָלפן איר צענטראַלקייט: ערשטנס, איז דאָרט געווען אַ אָרון־קודש, קינסטלעריש געטאָקט, וווּנדערבאַר שיין; צווייטנס, חזנים וואָס זענען געקומען אין שטעטל, פלעגן דאָרטן אַרויסטרעטן. די שול איז אויך געווען אַ פּלאַץ פאַר געזעלשאַפטלעכע און ציוניסטישע אסיפות, ווייל זי איז געשטאַנען ממש אין מיטן שטעטל. דאַכט זיך, אַז אין משך פון אַלע יאָרן, וואָס איך געדענק, איז דאָרט געווען גבאי יעקל וויינמאַן, וואָס זיין הויז איז געווען אַקעגן דער שול, אָדער יוחנן פּאָקשאַנסקי, וואָס זיין הויז איז דווקא געווען אין דער מיטלסטער גאַס. כ׳ווייס, אַז דאָרט האָבן געדאַוונט דער רב ישעיה עפּלבוים, מיין פעטער יאָסל גרינבערג, משה ראַבינאָוויטש, מיין שווער גבריאל ליכט, יעקל שיכמאַן, אביגדור שפּילבערג, חיה־רחל׳ס קינדער. דער חזן איז געווען מנחם שוחט (גרוזמאַן), און נאָך זיין טויט — זיין זון בעני גרוזמאַן.

די גרעסטע שול לויטן שטח איז געווען אין דער מיטלסטער גאַס, אַקעגן חיים־אהרן אייזנשטו׳ס הויז. זי האָט אויך געהייסן „די ראַשקעווער", און כדי צו צעשיידן צווישן איר און דער וואָס איז פריער דערמאַנט געוואָרן, האָט מען זי גערופן „די נייע ראַשקעווער". דאָרט פלעג מיין זיידע, שלמה שוחט עליו השלום, דאַוונען, ווי אויך דער אַלטער ישׂראל אליקום (אליה זאק׳ס פאָטער); דאָרט פלעגן דאַוונען אַ סך פון די געלמאַן׳ס און מאַזיע׳ס זין (די פאַמיליע כהן) און איידעם.

צום לעצט איז אויפגעבויעט געוואָרן אַ נייע שול אין עק מיטלסטער גאַס, אַקעגן הויז פון ניסן פּרנס, לעבן שמואל־אברהמ׳ס הויז, פון איין זייט, און איציק־מאיר ווייצמאַן׳ס הויז, פון דער אַנדערער זייט. דער בנין איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך שכנא ווייצמאַן און זיין פרוי, לזכר זייער זון יחיאל, וואָס איז געשטאָרבן זייער יונג. דערפאַר האָט מען די שול אַ נאָמען געגיבן „בית יחיאל". אַ סך פון די נאָענטע איינוווינער, וואָס האָבן פריער געדאַרפט גיין ווייט אין די שולן, האָבן זיך איצט איבערגעפירט אַהער (דערונטער אויך מיין טאַטע). דער באַשטענדיקער בעל־תפילה איז געווען אביגדור אדעסמאַן, און דער שמש — שמעיה, וואָס איז געווען איינצייטיק אויך דער „שרייער" אין שטעטל. אין דער סאָוויעטישער צייט (אין 1940) האָט די מאַכט פאַראייניקט דעם בנין פון דער שול מיט איציק־מאיר׳ס, און דער בשותפותדיקער בנין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל.

כ׳וויל דאָ פאַרצייכענען, אַז די שולן אין בריטשעווע פלעגן באַדינען אויך די יידן פון די אַרומיקע דערפער, וואָס ימים־נוראים האָבן זיי נישט געהאַט די מיגלעכקייט צו האָבן אַן אייגענעם מנין מיט אַ חזן. איך געדענק מיינע קינדער־יאָרן, ווען אויף ימים־נוראים פלעגן קומען צו אונדז אין הויז יידל ראַשקאָווסקי מיט זיין פאַמיליע, און צו מיין פעטער עזריאל — עליק מילמאַן מיט זיין פאַמיליע.

לבסוף הוקם בית־כנסת חדש בקצה הרחוב האמצעי, מול ביתו של ניסן פרנס, ליד ביתו של שמואל־אברהם, מצד אחד, ומצד שני ביתו של איציק־מאיר וייצמן. הקימו את הבית שכנא וייצמן ואשתו לזכר בנם יחיאל, שמת באיבו. על כן נקרא בית־הכנסת בשם „בית יחיאל". רבים מבין גרי הרחוב, שקודם לכן היו צריכים להרחיק לכת לבתי־הכנסת, עקרו עתה לכאן (גם אבי בתוכם). הש"ץ הקבוע של „בית יחיאל" היה אביגדור אדסמן, והשמש היה שמעיה, ששימש, אגב, גם כרוז העיירה. בימי הסובייטים (ב־1940) הופקע בית־הכנסת על־ידי השלטונות במקום, צורף לביתו של איציק־מאיר, והבניין המשותף נהפך לבית־חולים.

ברצוני לציין כאן, שבתי־הכנסת הבריטשיבאים היו משרתים גם את יהודי הכפרים שמסביב, הן בימי חגיגות משפחתיות והן בימי „יאָרצייט", ובעיקר ב„ימים נוראים", כשלא היתה להם אפשרות לסדר „מניין" משלהם. אני זוכר את ימי ילדותי, כשל„ימים הנוראים" היו באים להתאכסן בביתנו יידל ראש־קובסקי וביתו, ואילו אל דודי עזריאל היו באים אֶליק מילמן ומשפחתו. כאלה כן אלה היו מהכפר פראסין. אני מבין, שמקרים דומים היו גם בבתים אחרים.

אגב, השמות של בתי־הכנסת, הקרויים ברובם לפי מקומות־יישובם של אדמו"רים, מעידים על כך, שהאוכלוסיה הבריטשיבאית היתה בשעתו ברובה חסידית.

ז

הפעילות הסוציאלית בבריטשיבה התנהלה בראשיתה באמצעות עסקנות ארעית. זכור לי, למשל, מימי ילדותי הראשונים, שהיה קיים „ביקור חולים" ובן־דודי, דודי בן עזריאל גולירגאנט, שימש, בעודו נער, גובה והיה סובב בעיירה שבוע־שבוע, מחברת בידו, וגובה את התרומות השבועיות למען „ביקור חולים". עזרה לעניים היתה ניתנת בהזדמנויות שונות, בעיקר לקראת החגים („מעות חיטין", למשל) ולקראת החורף, שדרש הוצאות גדולות יותר. אנשים ונשים מן המעמד האמיד יותר היו מתעוררים בפינות שונות בעיירה כדי לעזור לעניים. זכור לי, למשל, שאמא שלי היתה מצטרפת לאשתו של מרדכי סאנדלמן (שתיהן מוצאן היה מקאליפ שבפודוליה), ומחזרות על הפתחים כל חורף במשך כמה ימים לאסוף נדבות לצרכי עניים. פעולה אחרת, שנחרתה בזכרוני: כל יום ששי היתה הדודה פריידה שלי (שהיא עצמה התקיימה בדחקות) אוספת

ביידע פאַמיליעס זענען געווען פון פּראָסינע. איך פאַרשטיי, אַז ענלעכע פאַלן זענען געווען אויך אין אַנדערע הייזער.

אגב, די נעמען פון די קלויזן, מײנסטנס לויט די ווין־ערטער פון „גוטע ייִדן", ווייזן אָן, אַז ס'רוב בריטשעווער באַפעלקערונג איז אַמאָל געווען אַ חסידישע.

1

די סאָציאַלע טעטיקייטן אין בריטשעווע האָט זיך געפירט באַם אָנהייב דורך צופעליקע עסקנים. איך געדענק, למשל, פון מײנע קינדער־יאָרן, אַז ס'איז געווען אַ ביקור־חולים, און מײַן שוועסטער־קינד דודי עזריאל'ס (גאַלערגאַנט), איז נאָך ייִנגלווייז געווען אַ מין אינקאַסאַטאָר, וואָס פלעג אומגיין יעדע וואָך און מיט אַ העפט אין דער האַנט צונויפנעמען די באַשטייערונגען און פאַרשרייבן פאַר ביקור־חולים. אָרעמע לייט פלעג מען גיבן הילף באַ פאַרשידענע געלעגנהייטן, דערעיקר פאַר יום־טובים („מעות חיטין", למשל) און אַקעגן ווינטער, וואָס האָט געפאָדערט גרעסערע הוצאות. איך געדענק, אַ שטייגער, אַז מײַן מאַמע פלעג איינאיינעם מיט מרדכי סאַנדלמאַן'ס פרוי (ביידע זענען זיי געווען פון קאַליס פּאָדאָליע) אַרומגיין איבער די הייזער יעדן ווינטער אין משך עטלעכע טעג צונויפנעמען נדבות פאַר אָרעמע לייט. אַן אַנדערע זאַך, וואָס האָט זיך אײַנגעקריצט אין מײַן זכרון: יעדן פרײַטיק פלעג מײַן מומע פריידע עליה השלום (וואָס זי אַליין האָט געלעבט אין דחקות) צונויפנעמען באַ מײַן מאַמען און באַ אַנדערע שכנות באַ אונדז אין גאַס חלות פאַר אָרעמע פאַמיליעס. און מע פלעג זיך באַמיען צו גיבן דווקא די שענסטע חלות. דער אַלגעמיינער שטריך פון די טאַטן איז געווען דאָס, וואָס די אַרבעט האָט זיך געפירט פרײַוויליק, און די הילף איז געגיבן געוואָרן בסתר. מײַן מאַמע, למשל, האָט קיינמאָל נישט געוווּסט וועמען האָט מען געגיבן אירע חלות און וועמען האָט מען געגיבן די נדבות.

שכירות דעם רב און דעם שוחט און אַנדערע כלי־קודש האָט מען נישט אַרויסגעגיבן פון איין קאַסע אָדער אַנשטאַלט. אין משך פון אַ סך יאָרן האָט געאַרבעט די „טאַקסע", דאָס הייסט, מ'האָט אַרויפגעלעגט אַ שטייער אויף קוילן בהמות און אַ אָפּצאָל פאַר שחטען עופות („קוויטלעך"). די שטייערן פלעגן אַרײַנפליסן צו ייִדן (בעלי־טאַקסעס) וואָס האָבן געקויפט די רעכט באַ דער מאַכט פאַר אַ גלאָבאַלן אָפּצאָל. פון די אײַנקאַסירטע געלדער האָט מען געצאָלט וואָכנטלעך די שוחטים, דעם רב, דעם דיין, און דאָס איבעריקע איז געבליבן פאַר די בעלי־טאַקסעס, אָן שום קאָנטראָל. איך געדענק, אַז דער דאָזיקער סדר פלעג אָפט אַרויסרופן פאַביטערונג מצד דעם עולם און אפילו שטרייקן פון די שוחטים. און מײַן זיידע שלמה פלעג זייער לײַדן פון דער פאָרם; דערפאַר האָט ער בשום אופן נישט געוואָלט, אַז עמעצער פון זײַנע זין זאָל זיך לערנען שחיטות און ירשענען זײַן פּלאַץ. וואָס אָנבאַלאַנגט די גבאים אין די שולן, פלעגן זיי אויפילן זייער ראָל

מאמא שלי ומשכנות אחרות שברחובנו חלות למען משפחות עניות, והמנדבות היו משתדלות לבחור ולתת דווקא את היפות שבחלות. חצד השווה שבכל המעשים הנ״ל היה, שהם התנהלו מתוך התנדבות מוחלטת, והעזרה ניתנה בסתר ממש. מעולם, למשל, לא ידעה אמי למי נמסרות חלותיה או למי יחולקו כספי הנדבות שנאספו.

התשלומים לרב, לשוחטים ולשאר כלי־קודש לא נעשו מקופה אחת או ממוסד אחד. משך זמן רב פעלה הטאקסה, כלומר, הוטל מס על שחיטת בהמות ותשלום בצורת „פתקאות״ בעד כל שחיטת עוף. המסים הללו היו נגבים על־ידי יחידים (בעלי־טאקסה), שקנו את הזכות מידי הרשות בתשלום גלובאלי. מן הכספים שנגבו שולמה משכורת שבועית לשוחטים, לרב ולדיין, והיתרה נשארה לרשות בעלי־הטאקסה, ללא כל בדיקה ותביעה מצד מישהו. זכורני, שהסדר זה היה מעורר תכופות התמרמרות מצד הקהל, ואף שביתות של השוחטים. וסבי ז״ל היה סובל מאד מעצם ההסדר, על כן התנגד לכך שמישהו מבניו ילמד שחיטות ויירש את מקומו.

אשר לגבאים בבית־הכנסת, הללו מילאו תפקידם בהתנדבות, ואילו השמשים היו מקבלים את שכרם מקופת בית־הכנסת, שבו פעלו. כל בית־כנסת היה לו תקציב משלו, שהכנסותיו באו בעיקר מדמי ה„עליות״.

ברבנות שימש משך זמן רב יחסית הרב ישעיה אפלבוים; נעים הליכות היה, יושב כל היום על התורה בביתו או בבית־הכנסת הסמוך הוא „המרתף״. בעניינים הציבוריים לא היה מתערב אלא מעט, ובעיקר היה פוסק בענייני הלכה וביחסים שבין אדם לחברו. לימים, כשגדלו הבנות, נעשה ביתו גם מקום פגישה לבני־נוער, שכבר התרחקו במקצת מאורח־חיים דתי, ואחת הבנות, שבע אֶפלבוים, שהיתה בת־גילי, כבר הלכה אז בדרך הלימודים החילוניים; לימים היגרה לארצות־הברית, רכשה השכלה אוניברסיטאית ועובדת שם כמנהלת בית־ספר לאחיות.

מותו של הרב הישרה אבל כבד על העיירה, ועל כך אנו קוראים בכתבה מבריטשיבה, שהתפרסמה בעיתון „אונזער צייט״ מיום 5 בספטמבר 1936 (אלול תרצ״ו):

ביום א׳, 30 באוגוסט, בשעה 7 בבוקר, כשרב המקום מר ישעיהו אפלבוים היה בבית־הכנסת ליד ארון־הקודש בטליתו ובתפיליו, מוכן לתפילה, צנח פתאום ארצה. המניין שהיה אותה שעה בבית־הכנסת נדהם

גאַנץ פּריוויליק, און די שמשים פלעגן באַקומען זייער שכירות פון דער שיל־קאַסע, אין וועלכער זיי האָבן געאַרבעט. יעדע שול האָט זיך געהאַט איר בודזשעט, און די הכנסות זענען געווען דערעיקר פון פאַרקויפן עליות.

איך משך פון אַ סך יאָרן איז אין בריטשעוו געווען רב ר׳ ישעיה עפּלבוים; ער איז געווען אַ ליבער מענטש, פלעג זיצן יומם ולילה על התורה ועל העבודה כאַ זיך אינדערהיים אָדער אין דער נאָענטער שול, אין „באַשקע״. אין געזעלשאַפטלעכע ענינים פלעג ער זיך ווייניק מישן, דערעיקר פלעג ער פּסקענען שאלות אָדער פּסקענען בעת סכסוכים צווישן מענטשן. שפּעטער, ווען די טעכטער זיינע זענען אויפגעוואַקסן, איז געוואָרן זיין הויז אַן אָרט וווּ סע פלעגן זיך באַגעגענען יוגנט־לעכע, וואָס האָבן זיך אפילו דערוויטערט ביסלעכווייז פון אַ רעליגיעזן שטייגער־לעבן, און איינע פון די טעכטער, די יינגסטע, שבע עפּלבוים, וואָס איז געווען, אַן ערך, אין מיינע יאָרן האָט שוין געלערנט וועלטלעכע לימודים; דערנאָך האָט זי עמיגרירט קיין צפון־אַמעריקע, האָט געענדיקט אַ אוניווערסיטעט און אַרבעט דאָרט אַלץ אָנפירערין פון אַ קראַנקן־שוועסטער־שול.

דער טויט פונעם רב האָט אַרויסגערופן אַ טיפן טרויער אין שטעטל, און וועגן דעם לייענען מיר אַ קאָרעספּאָנדענץ פון בריטשעוו, וואָס איז דערשינען אין „אונזער צייט״ פונעם 5 סעפּטעמבער 1936 (אלול תרצ״ו):

זונטיק, דעם 30 אויגוסט, 7 אַזייגער אינדערפרי, ווען דער אָרטיקער רב ה׳ ישעיה עפּלבוים האָט זיך געפונען אין שול לעבן ארון־קודש אין טלית און תפילין, גרייט צום דאַווענען, איז ער פלוצים אַנידערגעפאַלן. דער מנין יידן, וואָס איז געווען אין שול, איז איבערגערעשט געוואָרן פון דעם פאַל און אים געגעבן תיכף די נייטיקע הילף. מ׳האָט אַרויסגערופן אַ דאָקטער, וועלכער האָט קאָנסטאַטירט, אַז דער רב איז טויט. אין שול, אויף זיין אָרט, איינ־געהילט אין טלית און תפילין, אַנגעטון דעם „של יד״ און בלייבנדיק מיטן „של ראש״ אין דער האַנט, האָט ער אויסגעהויכט זיין כשרע נשמה. בליץ־שנעל האָט זיך פאַרשפּרייט די טרויעריקע ידיעה אין שטעטל, און צענדלי־קער מענטשן האָבן זיך געצויגן אין שול אַריין צום נפטר. אין צען מינוט אַרום האָט מען דעם נפטר פון דער שול אַהיימגענומען, און דאָס הויז האָבן באַלאַגערט הונדערטער מענטשן. זאָפאָרט איז געמאָלדן געוואָרן טעלעפאָניש זיינע קינדער, וועלכע זענען געקומען צו דער לוויה. 4 אַזייגער באַטאָג האָט זיך אָנגעהויבן די לוויה. די טהרה און קבורה איז געמאַכט געוואָרן **דורך די חשובסטע בעלי־בתים.**

דער אזאַרעניצער רבי, ר׳ מאָטעלע, האָט אַ זייער רירנדן הספד גע־מאַכט, אונטערשטרייכנדיק די גרויסע ווערט פונעם נפטר. דער הספד האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן רושם אויף אַלע אָנוועזנדע. דערנאָך האָט דער חזן צ. שוואַרץ געמאַכט אַ „מלא״, און ווען ער האָט דערמאנט דעם נאָמען פונעם נפטר, האָבן הונדערטער מענטשן געוויינט.



ונבהל מהמקרה וחש להגיש לו עזרה. אף הוחש רופא, שבא וקבע את מותו של הרב.

בבית־הכנסת, במקומו הקבוע, עטוף בטליתו, ה„של־ראש" וה„של־יד" בידו, נפח נשמתו הכשרה. במהירות הבזק נתפשטה בעיירה השמועה המעציבה ועשרות אנשים נהרו לבית־הכנסת, אל הנפטר. כעבור עשר דקות הוצא הנפטר מבית־הכנסת וביתו הוקף מאות אנשים. מייד הודיעו טלפונית לבנותיו, שמיהרו לבוא ללוויה. בשעה 4 נפתח מסע הלוויה. טהרת המת וקבורתו בוצעו בידי חשובי העיירה. האדמו"ר מאזארניץ, ר' מוטלה, ששהה אז בעיירה, הספיד את הנפטר וציין את רוב ערכו. ההספד עשה רושם עז על כל המלווים. אחר כך ערך החזן צ. שווארץ תפילת „אל מלא", וכשהזכיר את שם המנוח פרצו מאות אנשים בבכי.

ליד בית־הכנסת הסאדיגורי הספיד את הנפטר מר חיים בלאנק.

את ה„קדיש" הראשון ליד הקבר הפתוח קרא חתנו של הנפטר, ב. יאשטשיקמן מיידינץ.

בעיירה עצמה השתררה עצבות. בשעת הלוויה נסגרו כל החנויות. בלוויה לקחו חבל למעלה משלושת אלפים איש.

הנפטר היה בן 68, ושלושים וחמש שנים היה רב בעיירה.

משה שפילברג

לעבן דער סאַדיגערער שול האָט דער ה׳ חיים בלאנק געהאַלטן אַ הספד־רעדע.

דעם נפטר האָט מען מקבר געווען אויפן נייעם פעלד, ווו מ׳האָט אָנגעהויבן אַ שורה. דעם ערשטן קדיש באם אָפענעם קבר האָט געזאָגט זיין איידעם ב. יאשטשיקמאן פון יעדינעץ.

אין דעם שטעטל האָט געהערשט אַ טרויער־שטימונג. אין דער צייט פון דער לוויה זענען אַלע קלייטן געווען געשלאָסן.

אין דער לוויה האָבן זיך באַטייליקט העכער דריי טויזנט מענטשן.

דער נפטר איז אַלט געווען 68 יאָר, און 35 יאָר איז ער געווען רב באַ אונדז אין שטעטל.

משה שפילבערג

אין דער טרויער מודעה, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו „אונזער צייט" שטייט געשריבן (אין העברעאיש):

די מתפללים און די גבאים פון דער שול „באשקע" פון בריטשעווע באַוויינען ביטער דעם טויט פון זייער חשובן אָנפירער און דעם לייטישסטן מענטשן, דער רב ר׳ ישעיהו דב עפלבוים זכרונו לברכה, וואָס איז נפטר געוואָרן מיט אַ פלוצימדיקן טויט אין עלטער פון 68 יאָר. תנצב״ה.

די גבאים: סענדער ווייסמאַן, יוחנן פאָקשאנסקי, יעקב וויינבוים און זוסיע דאָנציס.

אַלע מיטגלידער פון דער חברה קדושה פון בריטשעווע שטייען מיט אָנגעבויגענע קעפּ און איינגעהילט אין צער אויפן טויט פון געשעצטן רב און דעם לייטישסטן מענטשן ר׳ ישעיהו עפלבוים ז״ל.

נאָכן טויט פונעם רב עפלבוים איז דאָס שטעטל גלייכווי פאַריתומט געוואָרן, און אין משך אַ געוויסער צייט האָט בריטשעווע געזוכט אַ פּאַסיקן קאַנדידאַט. דער גייסטיקער צוגאַנג האָט זיך אַביסל שוין געביטן; מ׳האָט געדאַרפט געפינען אַ קאַנדידאַט, וואָס זאָל זיין מסוגל צו פּרעזענטירן דאָס שטעטל כלפּי חוץ, און נישט נאָר זיצן און לערנען. וועגן דעם דאָזיקן צוגאַנג קען עדות זאָגן די קאָרעספּאָנדענץ אין „אונזער צייט" פונעם 13־טן אָקטאָבער פון יענעם יאָר:

די טעג איז דורכגעפירט געוואָרן, לויט דער איניציאַטיוו פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קהילה, ה׳ י. דלוגאַטש, אַ ציילונג פון דער היגער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז, לויט אונזער מיינונג, פון די וויכטיקסטע אַרבעטן, וואָס דעם קהילה־ראַט האָט געלונגען דורכצופירן, ווייל די ציילונג וועט דערמעגלעכן אַ פּינקטלעכע אָפּשפּיגלונג פון דעם סאָציאַלן באַשטאַנד

ואילו במודעת־האבל שנשלחה ל„אונזער צייט" כתוב בעברית לאמור:

המתפללים והגבאים של ביהכ"נ „באשקה" מבריצ'יבה מבכים מר את מות מנהלם החשוב והישר באדם הרב ר' ישעיהו דב אפלבוים ז"ל, שנפטר במיתה פתאומית, י"ב באלול, לשנת ה־68 לימי חייו. תנצב"ה.

הגבאים: סנדר וייסמן, יוחנן פוקשנסקי, יעקב ויינבוים וזוסיה דאנציס

כל חברי הח"ק (חברה קדישא) מבריצ'בה עומדים כפופי ראש ועטופים בצער על מות הרב הנכבד והישר באדם ר' ישעיהו אפלבוים ז"ל.

אחרי מותו של הרב אפלבוים נתייתמה כאילו העיירה, ובמשך זמן מסויים חיפשה איזה מועמד מתאים. הלך־הרוחות הרי נשתנה כבר במקצת; צריך היה למצוא מועמד שיהיה מסוגל לייצג את העיירה כלפי חוץ, ולא רק לשבת באוהלה של תורה.

על הלך־רוח זה תעיד הכתבה ב„אונזער צייט" מיום 13 באוקטובר של אותה שנה:

באלה הימים נערך ביוזמת המזכיר הכללי של הקהילה, ה' י. דלוגאטש, מיפקד האוכלוסיה היהודית במקום, שהוא, לדעתנו, מהפעולות החשובות ביותר, שמועצת הקהילה הצליחה להעביר, משום שהמיפקד יאפשר השתקפות מדוייקת של המצב הסוציאלי של האוכלוסיה ושל רמתה התרבותית. בהתאם לתוצאות המיפקד תוכל מועצת הקהילה לפתח ולקדם את פעולתה הנאותה לעתיד.

עתה עומדת על הפרק במלוא חריפותה השאלה בדבר הזמנת רב. הקהילה ואף תושבי המקום מבינים, שבשעה זו זקוקה העיירה לרב, שיידע לייצג את העיירה בכל רגע ושיהיה במידה מסויימת גם עסקן ציבורי.

משה שפילברג

אכן, נמצא מועמד כזה: אדם צעיר מן הריגאט (רומניה הישנה), הוא הרב דב יחיאל (ברל יאסר) שהספיק לשמש בתפקיד רב בעיירה עד לימי הסובייטים ועד לימי השואה ועד בכלל, ושסבל סבלם של בני בריטשיבה, וכעת הוא משמש מנהל בית־ספר בצפת.

השוחטים הזכורים לי היו: סבי ר' שלמה, ר' מנחם (גרוזמן), ר' נתנאל;

פון דער באַפעלקערונג און פון איר קולטורעלן ניוואָ. לויט די רעזולטאַטן פון דער ציילונג וועט דער קהילה־ראַט קענען אַנטוויקלען די געהעריקע טעטיקייט אויף ווייטער.

איצט שטייט אויף דער טאָג־אָרדנונג זייער שאַרף די פראַגע וועגן אַ רב. די קהילה, ווי אויך די אָרטיקע איינוווינער, פאַרשטייען, אַז איצט נייטיקט זיך דאָס שטעטל אין אַ רב, וואָס זאָל קענען פרעזענטירן דאָס שטעטל יעדע מינוט און זאָל זיין אין אַ געוויסער מאָס אויך אַ כלל טוער.

משה שפּילבערג

און ווירקלעך, אַזאַ קאַנדידאַט האָט זיך געפונען. אַ יונגערמאַן פון אַלט־רומעניע (רעגאט), דער רב ר׳ דב יחיאל (בערל יאסער), וואָס האָט פאַרנעמען דעם פּאָסטן פון רב אין שטעטל ביזן קומען פון די סאָוועטן און ביז די יאָרן פון אומקום, און וואָס האָט געליטן אינאיינעם מיט די בריטשעווער; איצט איז ער דירעקטאָר פון אַ שול אין צפת.

די שוחטים, וואָס איך געדענק: מיין זיידע ר׳ שלמה; ר׳ מנחם (גרוזמאַן); ר׳ נתנאל (סאנע). נאָכן טויט פון מיין זיידען איז איבערגעגאַנגען די חזקה צו זיין תלמיד מאיר פוקס (וואָס האָט דערנאָך עמיגרירט קיין בראַזיל), און נאָך אים צו בעני שוחט (מיני׳ס זון), וואָס איז אויך געווען אַ תלמיד פון מיין זיידן. דער לעצטער שוחט אין בריטשעווע איז געווען ר׳ אברהם שלאפיד, וואָס האָט מיט אַלע בריטשעווער געליטן אין טראַנסניסטריע און איצט וווינט ער אין יפו און אַרבעט אַלץ רב און סופר. נאָך אַ שוחט האָט געלעבט אין בריטשעווע, כאָטש נישט געאַרבעט אין בריטשעווע גופא, בערל דער מינדיקער שוחט, אהרן צינמאַן׳ס פאָטער. און נאָך איינער, וואָס האָט געאַרבעט אין די דערפער, דער מאליענער שוחט.

איך דאַרף מיך ספּעציעל אָפּשטעלן אויף מנחם שוחט. ער פלעג זיך אויך פאַרנעמען מיט חזנות, און אויב רעדן וועגן וויכטיקייט, דאַרף מען אפשר דערעיקר רעדן וועגן זיין חזנות. און ווירקלעך, ער האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינ־לעכן מוזיקאַלישן טאַלאַנט. זיין קול איז נישט געווען קיין שטאַרקס און אויך נישט קיין קלאָרס, אָבער ער האָט געהאַט זיסקייט און ווייכקייט. און דער עיקר, ער איז געווען אַ שעפער: אַחוץ דעם נוסח פלעג ער אַליין שאַפן קאָמפּאָזיציעס צום דאַווענען, און די קאָמפּאָזיציעס זענען געווען אמתע שאפונגען, וואָס האָבן אויסגענעמען נישט נאָר באַ די בריטשעווער, נאָר זיך פאַרשפּרייט אין שטעט און שטעטלעך, און ס׳איז אַ סברה, אַז זיי זענען אפילו איבערגעגאַנגען די גרענעצן פון בעסאַראַביע.

ער פלעג דאַווענען אין „באשקע״, אויך אין ימים־נוראים. שפּעטער איז ער איבערגעגאַנגען אין דער שטעפּאַנעשטער קלויז. אַלע יאָר פלעג ער זיך צונויפ־שטעלן עטלעכע „משוררים״, און אין משך פון חודש אלול, ווען ער פלעג מאַכן

לאחר מות סבי עברה ה„חזקה" לתלמידו מאיר פוקס (שהיגר אחר כך לבראזיל) ואחר כך לבני (בנציון, בנה של מיני) השו"ב, שהיה גם הוא תלמידו של סבי. שוחט אחרון בבריטשיבה היה ר' אברהם שלאפיד, שיחד עם הבריטשיבאים סבל בטראנסדניסטריה, וכיום הוא גר ביפו ומתקיים כרב וכסופר סת"ם.

עוד שוחט היה מתגורר בבריטשיבה, אם כי לא פעל כשוחט בבריטשיבה עצמה, הוא ברל, השוחט ממינדיק, אביו של אהרן צינמן. ועוד שוחט אחר, שפעל בכפרים, הוא השוחט ממאליאַן.

עלי להתעכב במיוחד על מנחם השוחט. זה היה עוסק גם בחזנות. ואם לדבר על חשיבות, יש להקדים חזנותו לשוחטותו. אכן, היה זה בעל כשרון מוסיקלי יוצא מהכלל. קולו לא היה עז ולא היה צלול, אבל מתיקות היתה בו ורוך היה בו. והעיקר, הוא היה יוצר: מלבד ה„נוסח" היה בעצמו מחבר מוסיקה לפרקי תפילה, והקומפוזיציות היו ראויות לשמן והתחבבו לא על אנשי בריטשיבה בלבד, אלא התפשטו גם בערים ובעיירות סמוכות, ויש רגליים לדבר, שעברו את גבול ביסראביה.

הוא היה מתפלל ב„מרתף", גם ב„ימים נוראים"; לימים עבר להתפלל בקלויז ה„שטיפאנשטי". שנה-שנה היה מרכיב לו גם קבוצת „משוררים" (מקהלה) קטנה, ובמשך כל חודש אלול, שבו היה עורך את החזרות עם ה„משוררים". ובמשך כל חודש תשרי היתה העיירה כולה נתונה לקסמי „פרקיו" (שטיקלעך) המוסיקליים, שגדולים וקטנים היו חוזרים עליהם להנאתם. עד היום זכורים לי כמה פרקים, ולשם הדגמה אביא שניים מהם, ערוכים בתווים. קומפוזיציה אחת, „מזמור שיר חנוכת הבית" נתפשטה בהרבה מקומות, בלי שנודע שם מחברה, וראויה היא שתובא בחלקיה העיקריים.

למנחם השוחט היו שלושה בנים, שלושתם מוסיקליים. בצעירותם שימשו „משוררים" אצל אביהם. משגדלו, עזבו שניים מהם את בריטשיבה: שלמה גרוזמן היגר לבראזיל, אהרן גרוזמן יצא לווינה, השתלם שם בקונסרבטוריון ולימים נתמנה חזן ראשי בבית־הכנסת הגדול שבבלגראד (או בזאגרב) שביוגו־סלביה. בשנות העשרים אף ביקר בבריטשיבה והופיע שם בקונצרט. הבן השלישי, בני (בנציון) גרוזמן, נשאר בבריטשיבה; בעל חנות למאנופאקטורה היה, אבל ב„ימים הנוראים" שימש חזן בבית־הכנסת „המרתף" או ב„שטיפאנשטי" והיה חוזר בדייקנות על כל הקומפוזיציות של אביו.

חזן קבוע בבריטשיבה היה אברהם בלפרמן.

ואם הזכרתי כבר את החזנות, מוטב שאציין כי בריטשיבה היתה להוטה

## אָבינו מלכנו (מתוך „ומפני חטאינו")

הלחן / קאָמפּאָזיציע: מנחם גרוזמן (השו"ב)

די רעפּעטיציעס מיט זיין כאָר און אין משך גאַנץ חודש תשרי, איז דאָס גאַנצע שטעטל געווען ווי פאַרכישופט פון זיינע „שטיקלעך"; גרויס און קליין פלעגן זיי נאָכזינגען מיט גרויס הנאה. עד היום געדענק איך עטלעכע פון זיי, און כ'וועל דאָ ברענגען אַ פּאָר ביישפּילן, טאַקע פאַרשריבן מיט נאָטן. איינע פון זיי, „מזמור שיר חנוכת הבית", האָט זיך פאַרשפּרייט אין אַ סך מקומות, און נישט תמיד האָט מען אַפילו געוווּסט ווער איז דער מחבר.

מנחם שוחט האָט געהאַט דריי זין, אַלע דריי מוזיקאַלישע. יונגערהייט זענען זיי געווען „משוררים" בײַ זייער פאָטער; ווען זיי זענען עלטער געוואָרן, האָבן

תמיד אחרי חזנות וחזנים. מפעם לפעם היו באים לשבתות חזנים מכל קצווי רוסיה (ואחר כך גם מרומניה); יהודי בריטשיבה היו משלמים בעין יפה, והחזנים היו מופיעים ב„מרתף" או בבית־הכנסת הראשקובי החדש. וכדאי להזכיר שני חזנים מפורסמים, שאף הם הגיעו לבריטשיבה: האחד יוסל קארפאטשר (שטרנברג) מכפר קארפאטש בביסראביה, בעל באס־באריטון, שלמד חזנות מפי פיני מינקובסקי המפורסם ולימים היגר לארצות־הברית ותפס שם מקום נכבד בחזנות. לפי מיטב זכרוני הופיע בבריטשיבה יותר מפעם אחת, בהפסקה של



אברהם בלפרמן, חזן

כמה שנים; השני היה דוד רויטמן המפורסם, שבא לביסראביה כפליט מאוקראינה והופיע בקישינוב. נתקנאה בריטשיבה והציעה לו סכום כסף ניכר, ובלבד שיופיע גם בבריטשיבה באחת השבתות.

זכורות לי גם הופעותיו של החזן פוסמן מבלץ; ועוד חזנים רבים אחרים, ששמותיהם נעלמו מזכרוני. מה שזכור לי הוא כי „המבינים" היו: משה רבינוביץ ודודי שמעון.

נחזור אל כלי־הקודש; בנוסף לרב שימש גם הדיין ר׳ חיים־יואל, אביו של ברל חיים־יואל׳ס (רויזנבליט), בעל צורה היה ואהוד מאד על בני העיירה.

בכל בתי־הכנסת היו עובדים שמשים, שאחדים מהם היו גם קברנים. הקברן הראשון הזכור לי היה יהודה־איצי הזקן; לאחר מותו היה ראובן השמש קברן ראשי; ואחריו היה שמעיה השמש עוסק גם בקברנות. בנוסף להם פעלה, כמובן, החברה קדישא, שבראשה עמדו בעיקר הגלמאנים מבני־נפתלי.

שנים מספר לאחר היספחה של ביסראביה לרומניה החלו הפעולות למען אירגון קהילות, וגם בבריטשיבה נתארגנה קהילה, שמתפקידה היה לארגן את כל החיים הדתיים, הציבוריים, הסוציאליים. לפי השמור בזכרוני היו מייסדי הקהילה מבין החוגים הציוניים, כגון יצחק שצ׳יגליק וגבריאל פישמן, ואפילו

צוויי פון זיי פאַרלאָזט בריטשעווע: שלמה גרוזמאַן האָט עמיגרירט קיין בראַזיל; אהרן גרוזמאַן איז געפאָרן קיין ווין, דאָרט געענדיקט די קאָנסערוואַטאָריע, און שפּעטער באַשטימט געוואָרן אַלץ אויבער־קאַנטאָר אין דער גרויסער שול פון בעלגראַד (אָדער זאַגרעב?) אין יוגאָסלאַוויע. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט ער אפילו באַזוכט בריטשעווע און דאָרטן געגיבן אַ קאָנצערט. דער דריטער זון, בעני גרוזמאַן, איז געבליבן אין בריטשעווע; ער האָט געהאַלטן אַ מאַנופאַקטור־קלייט, אָבער ימים־נוראים פלעג ער זיין אַ חזן אין „באשקע", אָדער אין דער שטעפּאַנעש־טער שול און פלעג איבערחזרען פינקטלעך די קאָמפּאָזיציעס פון זיין פאָטער.

אַן אַנדערער באַשטענדיקער חזן אין בריטשעווע איז געווען אברהם בעלפער־מאַן.

אויב כ׳האָב שוין דערמאַנט חזנים, איז כדאי כ׳זאָל פאַרצייכענען, אַז בריטשעווע איז תמיד געווען להוט נאָך חזנות און חזנים. צייטנווייז פלעגן אַראָפּקומען אויף שבתים חזנים פון אַלע עקן רוסלאַנד (און דערנאָך פון רומעניע); בריטשעווער יידן פלעגן זיך לאָזן קאָסטן, און די חזנים פלעגן אַרויסטרעטן אָדער אין „באַשקע" אָדער אין דער נייער ראַשקעווער שול. און ס׳איז ווערט צו דערמאַנען, צווי׳שן אַנדערע, צוויי באַרימטע חזנים, וואס זענען אויך געקומען קיין בריטשעווע: איינער איז געווען יאָסל קארפּאַטשער (שטערנבערג), וואָס האָט געשטאַמט פון אַ דאָרף קאַרפּאַטש אין בעסאַראַביע — ער האָט געהאַט אַ באַס־באַריטאָן און האָט געלערנט באַ פּיני מינקאָווסקי׳ן; דערנאָך האָט ער עמיגרירט קיין אַמעריקע און דאָרט פאַרנעמען אַ בכבודיק פּלאַץ אין חזנות (דאַכט זיך, אין קאַליפאָרניע). לויט ווי איך געדענק האָט ער אַרויסגעטריטן אין בריטשעווע נישט איין מאָל, אין אַן אינטערוואַל פון עטלעכע יאָר. דער צווייטער איז געווען דער באַוווסטער דוד רויט־מאַן, וואָס איז געקומען קיין בעסאַראַביע ווי אַ פּליט („בעזשענעץ") פון אָדעס און אַרויסגעטרעטן אין קעשענעוו. האָט זיך בריטשעווע מתקנא געווען און אים פאָרגעלעגט אַ שיינע סומע געלט, אַבי ער זאָל אַרויסטרעטן אין בריטשעווע אין אַ שבת. איך געדענק אויך די אַרויסטרעטונגען פון בעלצער חזן פּוסמאַן. סע זענען געקומען אַ סך אַנדערע חזנים, נאָר זייערע נעמען האָב איך פאַרגעסן. וואָס איך געדענק יאָ, איז אַז משה ראַבינאָוויטש און מיין פעטער שמעון זענען געווען די „מבינים".

לאָמיר זיך אומקערן צו די כלי־קודש: אַחוץ דעם רב איז אַ שטיק צייט געווען באַ אונדז אויך אַ דיין: דער אַלטער חיים־יואל, דער פאָטער פון בערל חיים־יואל׳ס (רויזנבליט), שלום און שלמה. ער איז געווען אַ גרייז־גרויער שיינער ייד און באַליבט באַ די איינוווינערס.

אין אַלע שולן זענען געווען שמשים, וואָס אייניקע פון זיי זענען געווען אויך באַגרעבערס. דער ערשטער קברן, געדענק איך, איז געווען אידי־איצי; נאָך זיין טויט איז געוואָרן ראובן שמש דער עלטסטער באַגרעבער; און נאָך אים — שמעיה

מרדכי בוטשאטשר, אחר כך גילו עניין בקהילה גם חוגים אחרים, ולימים שימש יאשה דליגאטש מזכיר הקהילה, והוא התמסר לתפקידו בהרבה מרץ ובהרבה הבנה. ידוע לי, שגם דודי עזריאל גולירגאנט היה מראשי הקהילה. נתונים על היקף פעולתה של הקהילה בזמנים שונים אין בידי.

אשר לניהולה של העיירה מטעם השלטונות, הרי היה נתון לכתחילה בימי רוסיה הצארית בידי הסטארוסטה. לפי הידוע לי היה הסטארוסטה הראשון אביו של זוסיא גלמן (שלא זכור לי כלל), ואחריו היה פסח ויינשטיין, שהמשיך במשרתו גם בימי הרומנים; את מותו מצא באורח אכזרי, ומעשה שהיה כך היה: דודי יוסל גרינברג נחשב לאדם עשיר; היו שודדים שבסביבה (ואולי בעזרת בריטשי־באים) מתנכלים לרכושו; באחד הערבים, היה זה במוצאי שמחת־תורה, נעשה שוב נסיון לפרוץ אל ביתו, וכיוון שהויינשטיינים גרו בשכנות עמו, והם אף היו בידידות רבה, שמעו איזה רעש, נטלו עששית של נפט בידם והתקרבו כדי לראות את המתרחש. אז נפתחה עליהם אש אקדחים מבחוץ, ופסח ויינשטיין ואשתו זיסל נפגעו מהיריות ומתו. הרוצחים לא נתפסו.

את המשטרה ייצג אז יעקל סוטסקי (כלומר, מפקד על מאה). הנה כי כן היה השלטון יהודי.

סטארוסטה אחר היה הירש שיכמן, בנם של ברוך ושייטל. אף הוא מצא מותו מיריות אקדח, ועל כך מסופר במקום אחר בספר זה.

אחר כך, בימי הרומנים, שימש בתור ראש־מועצה (אז היה כבר קרוי „פרימאר") זמן קצר זוסיא גלמן (אביה של הניה, שהיא בארץ) ואחרי זה במשך שנים רבות לייב טנדלר; זמן קצר היה הפרימאר קורמאנסקי (חתנו של יוסי־וולף קורצקי), וזמן מסויים גם יאשה דלוגאטש.

בימי הרומנים היתה „המשטרה" נתונה בידי „שף די פוסט" עם שני ז'אנ־דרמים על ידו. המזכירות ב„פרימאריה" (המועצה המקומית) נתונה היתה, לפי מיטב זכרוני, קודם בידי בני פליישר, אחר כך בידי מוריץ שכטר (זמן קצר יחסית); אחריו היה המזכיר במשך שנים אשר וולדמן, ולאחר הגירתו לבראזיל עברה המזכירות לידי מיכל קרצמן.

ז

המצב הכללי של יהדות ביסראביה הלך ורע למן ראשית שנות השלושים. המפלגות הכלליות שבמדינה החלו לזלזל ביהודים, והקוזיסטים והאנטישמיים

שמש. אַחוץ זיי איז געווען, געווײנטלעך, אַ חברה קדישא, וואָס אין איר שפּיץ זענען געשטאַנען דערעיקר די בני־נפתּלים.

עטלעכע יאָר נאָך דעם וואָס רומעניע איז אַרײַנגעקומען קיין בעסאַראַביע האָבן זיך אומעטום אָנגעהויבן די אַרבעטן וועגן אָרגאַניזירן קהילות; דאָס זעלבע אויך אין בריטשעווע. ס׳האָט זיך געשאַפן אַ קהילה, וואָס האָט אויף זיך גענומען צו אָרגאַניזירן דאָס גאַנצע רעליגיעזע, געזעלשאַפטלעכע און סאָציאַלע לעבן. ווּעדליק איך געדענק, זענען געווען די גרינדער פון דער קהילה די ציוניסטישע קרײַזן, ווי איציק שטשיגליק, גבריאל פישמאַן און אפילו מרדכי בוטשאַטשער; דערנאָך האָבן אַרויסגעוויזן אינטערעס אין דער קהילה אויך אַנדערע קרײַזן; שפּעטער איז יאַשע דלוגאַטש געווען דער סעקרעטאַר פון דער קהילה און האָט אויסגעפּילט דעם ראָל מיט אַ סך ענערגיע און פאַרשטאַנד. ס׳איז מיר אויך באַוווּסט, אַז מײַן פעטער עזרי־אל גאָלערגאנט איז געווען פון די עלטסטע טוער אין דער קהילה, אָבער פּינקטלעכע ידיעות וועגן פאַרנעם פון דער אַרבעט אין פאַרשידענע צײַטן האָב איך נישט. וואָס אָנבאַלאַנגט דער פירערשאַפט מצד דער מאַכט: אין צאַרישן רוסלאַנד איז זי געווען אין די הענט פון אַ סטאַראָסטע (אַן עלטסטער). ווי מיר איז באַקאַנט, איז געווען דער ערשטער(?) סטאַראָסטע דער פאָטער פון זוסיע געלמאַן (וואָס איך געדענק אים לחלוטין נישט); נאָך אים איז געווען פּסח ווײַנ־שטײן, וואָס האָט פאָרגעזעצט זײַן אַמט אויך אין די רומענישע צײַטן. ער איז געשטאָרבן אויף אַן אכזריותדיקן אופן. די מעשה איז אַזוי געווען: מײַן פעטער יאָסל גרינבערג האָט זיך גערעכנט פאַר אַ רײַכן מענטשן; פלעגן רויבערס פון דער סביבה זוכן וועגן אים צו באַראַבעווען. איינמאָל אין אַן אויפדערנאַכט, ס׳איז געווען מוצאי שמחת־תורה, איז ווידעראַמאָל געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו אַרײַנצורײַסן זיך אין זײַן הויז, און אַזיווי די ווײַנשטײַנס זענען געווען שכנים און אויך געווען גרויסע גוטע־ברידער, האָבן זיי דערהערט עפּעס אַ רעש — האָבן זיי גענומען דעם לאָמפּ אין דער האַנט און צוגעגאַנגען צום פענצטער זען וואָס טוט זיך דאָרט. האָט מען געשאָסן אויף זיי פון דרויסן, און פּסח ווײַנשטײַן מיט זײַן פרוי זיסל זענען געפאַלן פון די קוילן און געשטאָרבן. די רוצחים האָט מען נישט געכאַפּט.

די „פּאָליצײַ" אין פּסח׳ס צײַטן האָט פּרעזענטירט יעקל „סאָטסקי" (אַ קאָ־מאַנדיר אויף הונדערט), אַזוי אַרום איז געווען די מאַכט אַ ייִדישע. אַן אַנדערער סטאַראָסטע איז געווען הערש שיכמאַן, דער זון פון ברוך זעליקס און שייטל. ער האָט אויך געקריגן דעם טויט פון אַ שאָס, און וועגן דעם ווערט דערציילט אין אַן אַנדער פּלאַץ פון דעם בוך. דערנאָך, אין די צײַטן פון די רומענער, איז געווען אין שפּיץ פון אָרטיקן ראַט אַ „פּרימאר". אַ קורצע צײַט איז געווען זוסיע געלמאַן (דער פאָטער פון העניע׳ן, וואָס איז איצט אין ישראל), און נאָך דעם לייב טענדלער, אין משך פון אַ סך יאָרן. אַ קורצע צײַט איז געווען פּרימאר — קאָרמאנסקי (דער איידעם פון יאָסי־וואָלף קאָרעצקי), און אַ געוויסע צײַט אויך יאשע דלוגאַטש.

אין די צײַטן פון די רומענער איז די פּאָליצײַ געווען אין די הענט פון אַ „שעף־

למיניהם הרימו ראש. ואף כי בריטשיבה נשארה כל הזמן בעלת אוכלוסיה יהודית בלבד, החלו השלטונות להתנכל למוסדותיה, והדברים הגיעו לידי כך, שהחלו לרדוף אפילו את ראש־המועצה (פרימאר) היהודי, שהיה אז לייב טנדלר.

הקוזיסטים מהסביבה חיפשו תואנות ואמצעים כיצד להתנפל על יהודי בריטשיבה, אלא שהבריטשיבאים, שגם בעבר ידעו להתגונן בפני הפורעים הצאריסטים, ידעו גם עתה להתארגן, ובעיקר פעלו צעירי המקום. בעיתון היהודי־רומני „אַגאליטאטיה" מיום 25 בדצמבר 1935 מסופר כיצד פרצה בבריט־שיבה תיגרה בין קוזיסטים לבין בריטשיבאים. היהודים ידעו להשיב מכות כראוי ולפזר את הקוזיסטים שברחוב בבושת פנים. אחד מהם, שהיה, כנראה, חלוש, נגרר על־ידי הפורעים ומת. והנה העלילו הקוזיסטים, שהפרימאר לייב טנדלר חבט בראשו והרגו. התקיים משפט ביאסי, ולייב טנדלר נידון לשמונה שנות מאסר, ושלושה בריטשיבאים אחרים לארבע שנים כל אחד. לאחר ערעור (ו„משיחה" כדין) בוטל פסק־הדין, וארבעתם שוחררו.

ומי היו שלושת הבריטשיבאים האחרים? במכתב עברי שכתב יצחק גולד ונשלח מייד לאחר המאורע אל אחותו דבורה גולד בארץ (המכתב היה לפני עיני), מתואר המעשה בכמה משפטים, שאני מצטטם כלשונם:

„...ועכשיו אספר לך מה שהיה: שבת, ביום שמחת־תורה, עשו הקוזיסטים תהלוכה וקראו בקול גדול „יחי קווה" "Jos Jidanii", ואז התחילו מכות, ונהרג גוי אחד, וגם היו פצועים אחדים. ביום הראשון נערכה חקירה. נאסרו הפרימאר טנדלר, אברהם גרשנזון, יהושע גרוזמן ואחרים".

בקטע מתוך עיתון רומני אני מוצא ארבעה שמות משובשים, אבל מהם ניתן ללמוד, שהרביעי היה אהר'קה וולדמן (בנו של ניסן וולדמן). אשר לגרשנזון ניתן שם השם הפרטי איזיק, ולא אברהם.

המאורע כולו נראה כה חמור בציבוריות היהודית, עד כי „אונזער צייט" הקדיש לו את המאמר הראשי בגליון מיום 2 ביולי 1936, תחת הכותרת „בריטשיבה — בוקארשט". אבל המעשה כולו „זכה" להיות „מסמר" להופעותיהם של הקוזיסטים.

ציר־הפאלאמנט האנטישמי מומויאנו פנה בשאילתה בפארלאמנט בדבר התיג־רה בבריטשיבה בין „ז'ידאנים" לבין „קבוצת רומנים", והעיתונים האנטישמיים פירסמו לא רק ידיעות, אלא גם מאמרים ארוכים עם תיאורי זוועות ודברי ניאוץ,

דע־פּאָסט" מיט צוויי זשאַנדאַרמען. דער סעקרעטאַריאַט פון דער פּרימאַריע איז געווען, לויט איך געדענק, פריער אָנגעפירט פון בעני פלײשער, דערנאָך פון מאָריץ שעכטער (אַ קורצע צייט); נאָך אים איז געווען דער סעקרעטאַר איך משך אַ סך יאָרן אשר וואָלדמאַן, און נאָך דעם וואָס ער האָט עמיגרירט קיין בראַזיל, האָט איבערגענעמען דעם אַמט מיכל קערצמאַן.

ז

די אַלגעמיינע לאַגע פון די יידן אין בעסאַראַביע איז געוואָרן אַלץ ערגער, אָנהייבנדיק פון די דרייסיקער יאָרן. אַלגעמיינע פּאַרטייען אין דער מדינה האָבן אָנגעהויבן צו באַציען זיך מיט גרינגשעצן צו די יידן, און די קוזיסטן און אַלערליי אַנדערע אַנטיסעמיטן האָבן אויפגעהויבן דעם קאָפּ. און כאָטש בריטשעווע איז געווען די גאַנצע צייט אַ שטעטל מיט אַ רייך יידישער באַפעלקערונג, האָבן אָנגעהויבן די פאָרשטייער פון דער מאַכט צו דערקוטשען די אַנשטאַלטן, און ס׳איז צוגעקומען דערצו, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן רודפ׳ן אפילו דעם יידישן פּרימאַר.

די קוזיסטן פון דער סביבה האָבן געזוכט מיטלען און אויסרעדענעישן וויאַזוי אַרויפצופאַלן אויף די בריטשעווע יידן, אָבער די בריטשעווער, וואָס האָבן געוווּסט וויאַזוי זיך אַקעגנשטעלן די צאַרישע פּאָגראָמטשיקעס, האָבן אויך איצט געוווּסט וויאַזוי זיך אָרגאַניזירן — און דערעיקר זענען געווען טעטיק די יוגנטלעכע פונעם שטעטל. אין דער יידיש־רומענישער צייטונג „עגאַליטאַטעאַ" פונעם 25־טן דעצעמבער 1935 ווערט דערציילט וויאַזוי ס׳האָט אין בריטשעווע אויסגעבראָכן אַ צוזאַמענשטויס צווישן קוזיסטן און בריטשעווער. די יידן האָבן געוווּסט ווי צו געבן קלעפּ און האָבן צעטריבן די קוזיסטן, וואָס זענען זיך צעלאָפן מיט אַ פאַרשעמט פּנים. איינער פון זיי, וואָס איז, ווייזט אויס, געווען אַ חלוש, האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך די כוליגאַנעס און איז געפאַלן טויט. האָבן די קוזיסטן אויסגעטראַכט אַ בלבול אַז דער פּרימאַר לייב טענדלער האָט אים דעם קאָפּ צעקלאַפּט און דערהרגעט. ס׳איז פאָרגעקומען אַ פּראָצעס אין יאַס, און לייב טענדלער איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף אַכט יאָר תּפיסה, און דריי אַנדערע בריטשעווער — אויף פיר יאָר יעדערער. נאָך אַן אַפּעלאַציע (און „אונטערגעשמירט" ווי סע באַדאַרף צו זיין) איז דער פּסק־דין אַנולירט געוואָרן, און אַלע פיר זענען באַפרייט געוואָרן.

און ווער זענען געווען די איבעריקע דריי בריטשעווער? — אין אַ העברעאישן בריוו, וואָס איציק גאָלד האָט געשיקט תיכף נאָך דער געשעעניש צו זיין שוועסטער דבורה, אין ארץ־ישראל (דעם בריוו האָב איך איצט געלייענט) איז באַשריבן די מעשה אין עטלעכע זאַצן, וואָס איך ציטיר זיי דאָ בוכשטעבלעך:

און איצט וועל איך דיר דערציילן, וואָס ס׳איז געשען: שבת, אין טאָג פון שמחת־תורה, האָבן די קוזיסטן איינגעאָרדנט אַ דעמאָנסטראַציע און

כנהוג. דוגמה לכך יכול לשמש המאמר ברומנית, הניתן בצילום, שאת תרגומו אנו מביאים בזה*:

# Sălbătăcia jidănească

Să spună, cei ce vor ceti aceste rânduri, dacă, neamul românesc are dreptul să pretindă salvarea lui, din mânile jidanilor;

Să spună, cei ce nu sunt deocamdată cuziști, dacă trebue, și avem dreptate să luptăm pentru desrobirea neamului românesc de sub jug jidovesc.

Eu nu susțin de data aceasta, dar povestesc, și numai atât, povestesc o singură întâmplare:

Era în anul 1935, și dacă nu mă înșel, era toamnă.

Apostolul neamului, și dușmanul de totdeauna al jidanilor, A. C. Cuza. ne chema la Cernăuți, pentru ca să ne spună la toți, gândul lui de bine pentru creștini, și cuvântul lui de îmbărbătare, în lupta desnădăjduită, ce o duceam atunci, când liberalii ne aruncau avesile în mânile jidanilor.

Din țara Basarabilor, de pe văile Prutului, s'au pornit atunci, cum s'au pornit din toate colțurile țării, românii, s'au pornit zic, vreo 250 de țărani.

Erau săraci, flămâzi, slabi și infometați, dar ardea în inimile lor, dorul sfânt, de a-l urma pe A. C. Cuza, și dragostea pentru biserică și rege.

Drumul lor era prin satul *Briceva* din jud. Soroca. Satul acesta are *750 de familii de jidani și 30 de familii de creș[illegible]. Primar, ajutor, notar și toți funcționarii, [illegible] jidani.* Pe primar îl chema *Leiba Fendler, un jidan cu capul chelbos și scârnav, și cu o mutră criminală, de gorilă bărbierită.* Când cei 250 de cuziști ce mergeau cu drapelul desfășurat și cântând imnuri naționale, au ajuns în fața primăriei; *Leiba primarul, în fruntea a vreo 600 de jidani înarmați cu topoare, țăpoae și coase, au început a lovi în congresiștii creștini.* Era ordin de la *domnul Cuza*, să nu facă și să nu zică nimic, creștinii, ca nu carecumva să se zică despre noi că suntem bătăuși.

De aceia, creștinii. au prins a fugi care încotro. *Un biet moșneag, pe nume Alexandru Damian, a rămas de când, fiind mai slab.* Atunci *Leiba primarul* l-a ajuns și *cu o greutate de un kilogram, dela un cântar,* l-a lovit în cap pe martirul Alex. Damian, apoi toți jidovii l-au călcat cu picioarele, l-au scuipat și s'au spurcat pe el.

*Moș Alexandru Damian a murit! Leiba Primarul a stat închis vreo 15 zile apoi i-a dat drumu, căci de, doar erau la putere liberalii, oamenii lui,* și acum se judecă procesul la Tribunalul din Iași, secția II.

Eu, dimpreună cu toți avocații cuziști apărăm pe baba *Martirului Alexandru Damian,* iar pe cei 4 jidani, *în frunte cu Leiba primarul îi apără* un avocat *Național Liberal, din armata lui d. V. Iamandi,* și anume d. *Mitică Dimitriu,* și un avocat *Național-țărănesc,* din armata *lui d. Mihalache și anume d. I. Rang.*

La proces, am aflat că primarul Leiba are vre-o *45—60* de hectare de pământ și câteva case, și că tot pământul *îl lucrează cu servitori creștini.*

Săraca țară românească, cum a ajuns! Și acu, să răspundă domnii liberali și domnii țărăniști apărători ai *criminalilor jidani ce omoară pe români,* să răspundă: *Au suflet? Își iubesc neamul? Țin ei la țara noastră pe care o vom apăra până la moarte?* Până azi, nu am avut voe să scrim nimic din durerile neamului, pentrucă *liberalii ne băgau călușul în gură. Azi iată adevărata noastră durere.*

Să răspundă țărăniștii, să răspundă liberalii, dacă au glas. Să răspundă învățătorii dela sate cari mai țin la liberali, ce vor și dece se țin de liberali, ce găsesc la țărăniști. Să răspundă preoții *cari mai fac în biserică vorbă pentru d. Iamandicel cu cele trei masini,* să răspundă: *le convine, le place, admit aceste ticăloșii? Nu se tem că se va risipi altarul peste ei? Cât sunt de ticăloase cozile de topor!!!*

M. GR. CONSTANTINESCU

## פראות ז'ידאנית

יאמרו־נא אלה שיקראו את השורות הללו, אם העם הרומני זכאי לשאוף להצלתו מידי הז'ידאנים;

---

* המאמר הומצא על־ידי ד"ר יחיאל אייזנשטיין.

געשריגן אויף אַ קול: ס׳זאָל לעבן קוזאַ! Jos jidanii! האָבן זיך אָנגעהויבן געשלעגז, און איין גוי איז דערהרגעט געוואָרן, און ס׳איז אויך געווען עטלעכע פאַרוווּנדעטע. זונטיק האָט מען דורכגעפירט אַ אויספאָרשונג. מ׳האָט אַרעסטירט דעם פרימאר טענדלער, אברהם גערשנזאָן, יהושע גרוז־מאַן און אַנדערע.

אין אַ אויסשניט פון אַן אַנדערער רומענישער צייטונג געפין איך פיר פאַר־גרייזטע נעמען, אָבער פון זיי קען מען אויספירן, אַז דער פערטער איז געווען אַרקע וואָלדמאַן (ניסן וואָלדמאַן׳ס זון). וואָס אנבאַלאַנגט גערשענזאָנען, איז דאָרט אָנגעוויזן דער נאָמען אייזיק, און נישט אברהם.

אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט האָט די גאַנצע מעשה אויסגעזען אַזוי געפערלעך, אַז „אונזער צייט" האָט איר געווידמעט דאָס לייט־אַרטיקל אינעם נומער פונעם 2־טן יוני 1936, אונטערן קעפּל: „בריטשעווע — בוקאַרעשט". אָבער די מעשה האָט אויך „זוכה" געווען צו ווערן אַ „צימעס" פאַר די קוזיסטישע אַרויס־טרעטונגען.

דער קוזיסטישער פאַרלאַמענט־דעפּוטאַט מומויאַנו האָט זיך געווענדעט מיט אַ אינטערפּעלאַציע אין פאַרלאַמענט וועגן איבערפאַל אין בריטשעווע צווישן „זשידאַנעס" און „אַ רומענישער גרופּע", און די אַנטיסעמיטישע צייטונגען האָבן פאַרעפנטלעכט נישט נאָר ידיעות, נאָר אויך לאַנגע אַרטיקלען מיט גרויליקע באַשרייבונגען און שמוץ־אויסדרוקן, ווי געוויינטלעך. אַלץביישפּיל קען דינען דאָס רומענישע אַרטיקל, וואָס איז דאָ פאָטאָגראַפירט, און וואָס זיין איבערזעצונג איז די פאָלגנדיקע:*

## אַ זשידאַנישע ווילדקייט

זאָלן זאָגן די וואָס וועלן לייענען די דאָזיקע שורות, צי דאָס רומענישע פאָלק האָט רעכט צו שטרעבן צו אַ רעטונג פון די זשידאַנישע הענט;

זאָלן זאָגן די, וואָס דערווייל זענען זיי נישט קוזיסטן, צי מע דאַרף און צי מיר מעגן קעמפן פאַר דער באַפרייונג פונעם רומענישן פאָלק פון דעם זשידאַנישן יאָך.

דאָסמאָל פרעדיק איך נישט, איך דערצייל נאָר, און נאָר דאָס, איך דערצייל וועגן איין פאַל:

ס׳איז געווען אין יאָר 1935, און אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, אין האַרבסט.

דער אַפּאָסטאָל פונעם פאָלק, און דער יידן־שונא פון תמיד אָן, א.

---

* דאָס אַרטיקל האָט אונדז צוגעשיקט ד״ר יחיאל אייזנשטיין.

יאמרו־נא אלה, שלעת־עתה אינם קוזיסטים, אם יש צורך ואם רשאים אנו ללחום לשחרורו של העם הרומני מהעול הז׳ידאני.

אני איני מטיף הפעם, אלא מספר על מקרה אחד:

היה זה בשנת 1935, ואם איני טועה, היה סתיו.

שליח העם, ואויבם מאז ומתמיד של היהודים, א. ק. קוזה, קרא אותנו לטשרנוביץ כדי לומר לכולנו מה שטוב לנוצרים וכדי להשמיע דברי עידוד שלו במלחמה המיואשת שניהלנו אז, כשהליבראלים השליכו את רכושנו בידי הז׳ידאנים.

מארץ הביסאראבים, מבקעות הפרוט, יצאו אז לדרך, כשם שיצאו מכל פינות הארץ רומנים; יצאו, כפי שאמרתי, כחמש מאות איכרים.

הם היו עניים, רעבים, חלשים ומורעבים, אלא שבקרבם להטה התשוקה העזה ללכת אחרי א. ק. קוזה, וכן האהבה לכנסיה ולמלך.

דרכם היתה דרך הכפר בריטשיבה שבמחוז סורוקה. בכפר זה יש 750 משפחות של ז׳ידאנים ו־30 משפחות של נוצרים. הפרימאר, סגנו, המזכיר וכל הפקידים באותו זמן היו ז׳ידאנים. שמו של הפרימאר היה לייב טנדלר, ז׳ידאן בעל ראש מלוכלך עם שחין, בעל פרצוף של פושע, של קוף מגולח. משהגיעו 250 הקוזיסטים שהלכו עם הדגל המתנופף ותוך שירת הימנונים לאומיים, אל חזית בית־המועצה, התחילו לייב הפרימאר, בראש של כשש מאות ז׳ידאנים מזויינים בקרדומים, קלשונות ומגלים, להלום בנוצרים שהלכו אל הקונגרס. פקודה ניתנה קודם ממר קוזה, שהנוצרים לא יעשו ולא יאמרו דבר, כדי שלא יאמרו עלינו כי אנו אנשי ריב ומכות.

לפיכך פנו הנוצרים בריצה לכל עבר. זקן מסכן, ושמו אלכסנדר דאמיאן, נחשל בריצתו, כיוון שחלוש היה. אז השיג אותו לייב הפרימאר ובכובד משקולת של קילוגראם הלם על ראשו של הקדוש אלכס. דאמיאן, ולאחר זה רמסו אותו כל הז׳ידאנים, ירקו עליו והתעללו בו.

סבא אלכסנדר דאמיאן מת! לייב הפרימאר ישב במאסר חמשה־עשר יום ואחר כך שוחרר, כיוון שבשלטון היו אז הליבראלים, אנשיו, ועתה מתנהל המשפט בפני בית־הדין ביאס, מחלקה שתיים.

אני, יחד עם כל עורכי־הדין הקוזיסטים, מופיעים בשם אשתו הזקנה של הקדוש אלכסנדר דאניאן, ועל ארבעת הז׳ידאנים, ובראשם לייב הפרימאר, מלמדים סניגוריה עורך־דין ליבראלי, מחילו של מר ו. יאמאנדי, דהיינו

טש. קוזא, האָט אונדז צונויפגערופן קיין טשערנאָוויץ, כדי אונדז אַלע צו זאָגן וואָס איז גוט פֿאַר די קריסטן און כדי צו לאָזן הערן זיינע דערמו־טיקנדיקע רייד אין דעם פֿאַרצווייפֿלטן קאַמף, וואָס מיר האָבן דעמלט געפֿירט, ווען די ליבעראַלן האָבן אַוועקגעוואָרפֿן אונדזער פֿאַרמעגן אין די הענט פֿון די זשידאַנעס.

פֿונעם לאַנד פֿון די בעסאַראַבער, פֿון די טאָלן פֿונעם פּרוט, זענען אַרויסגעגאַנגען אין וועג, פּונקט ווי סע זענען אַרויסגעגאַנגען פֿון אַלע עקן לאַנד, רומענער; סע זענען אַרויסגעגאַנגען, ווי כ'האָב געזאָגט, אַ פֿינעף הונדערט פּויערן.

זיי זענען געווען אָרעמע, הונגעריקע, שוואַכע און אויסגעהונגערטע, אָבער ס'האָט אין זיי געגליט דער שטאַרקער באַגער צו גיין נאָך א. טש. קוזא, ווי אויך די ליבע צו דער קירכע און צום קעניג.

זייער וועג איז געווען דורכן דאָרף בריטשעווע, אין סאָראָקער קרייז. אין דעם דאָזיקן דאָרף זענען דאָ 750 פֿאַמיליעס פֿון זשידאַנעס. דער נאָמען פֿונעם פּרימאַר איז געווען לייב טענדלער, אַ זשידאַן מיט אַ שמוציקן פֿאַרפֿאַרעכטן קאָפּ, מיט אַ פּנים פֿון אַ פֿאַרברעכער, פֿון אַן אָפּגעגאָלטער מאַלפּע. ווען סע זענען אָנגעקומען די 250 קריסטן, וואָס זענען געגאַנגען מיט דער פֿלאַטערנדיקער פֿאָן און מיטן געזאַנג פֿון די נאַציאָנאַלע הימנען, ביז צום פֿראָנט פֿון דער פּרימאַריע, האָט אָנגעהויבן לייב דער פּרימאַר, אין שפּיץ פֿון אַ 600 זשידאַנעס, אָנגעוואָפֿנטע מיט העק, ווילעס און קאָסעס, צו שלאָגן די קריסטן, וואָס זענען געגאַנגען צום קאָנגרעס. אַ באַפֿעל איז געגיבן געוואָרן פֿריער פֿון הער קוזא, אַז די קריסטן זאָלן גאָר נישט טון און גאָרנישט זאָגן, כדי מע זאָל נישט זאָגן אַז מיר זענען קריגערס און שלעגערס.

דערפֿאַר האָבן זיך גענעמען די קריסטן צו צעלויפֿן. אַן אָרעמער זקן, מיטן נאָמען אַלעקסאַנדער דאַמיאַן, איז געבליבן הינטערשטעליק מיטן לויפֿן, ווייל ער איז געווען אַ שוואַכער. האָט אים געכאַפּט לייב דער פּרימאַר און מיט אַ קילאָגראַם־געוויכט געקלאַפּט אין קאָפּ פֿון דעם הייליקן אַלעקס. דאַמיאַן, און נאָך דעם ווי אַלע זשידאַנעס האָבן אים צעטרעטן מיט די פֿיס, האָבן זיי אים באַשפּיגן און אים געשענדעט.

דער זיידע אַלעקסאַנדער דאַמיאַן איז געשטאָרבן! לייב דער פּרימאַר איז געזעסן אין אַרעסט 15 טעג און דערנאָך באַפֿרייט געוואָרן, ווייל באַ דער מאַכט זענען דעמלט געווען די ליבעראַלן, זיינע מענטשן, און איצט פֿירט זיך אַ משפּט פֿאַרן יאַסער געריכט, סעקציע נומער צוויי.

איך, אינאיינעם מיט אַנדערע קוזיסטישע אַדוואָקאַטן, טרעטן אַרויס אין נאָמען פֿון דער אַלטער פּרוי פֿונעם קדוש אַלעקסאַנדער דאַמיאַן, און פֿאַר די פֿיר זשידאַנעס, אין שפּיץ מיטן פּרימאַר לייב, טרעטן אַרויס אַלס פֿאַרטיידיקער אַ ליבעראַלער אַדוואָקאַט, פֿון ה' וו. יאַמאַנדי'ס אַרמיי, דהיינו

מר מיטיקה דימיטריו, ועורך־דין צאראניסטי, מחילו של מר מיכאלאקה, דהיינו מר י. ראנג.

בעת המשפט נודע לי כי הפרימאר לייב הוא בעליהם של 40—60 הקטאר אדמה וכמה בתים, וכי את כל האדמות הוא מעבד באמצעות משרתים נוצרים.

הארץ הרומנית המסכנה. עד היכן הגיעה וכו׳ וכו׳.

אכן, גם המפלגות שלא היו אנטישמיות באופן רשמי, כגון הליבראלים והצאראניסטים, הצרו צעדיהם של היהודים גם בשטח האדמיניסטרטיבי, גם בשטח הכלכלי. בסופו של דבר ביטלו את המועצה בבריטשיבה והעבירו אותה לכפר גיוזדיטה — זה היה מעשה משווע ממש, כיוון שמשך עשרות בשנים, גם בימי הרוסים וגם בימי הרומנים, היתה המועצה בבריטשיבה. לאחר שנתבטלה שם המועצה, נאלץ כל בריטשיבאי לנסוע לגיוזדיטה לכל סידור של מה־בכך, התלוי באדמיניסטרציה המקומית.

ואשר לשטח הכלכלי נעשה המצב עוד יותר חמור: בשנת 1936 הועבר היריד מבריטשיבה לבאראבוי. ושוב: עשרות שנים היה היריד מתקיים בבריטשיבה שבוע־שבוע בימי ד׳ והיה משמש אמצעי עיקרי למיקח־וממכר עם איכרי הסביבה, אבל הקוזיסטים דרשו במשך זמן רב מהשלטונות להעביר את היריד מבריטשיבה לכפר נוצרי. הטיפול נגד מזימה זו נמשך שנים לא מעטות; גם יאשה דלוגאטש (בהיותו פרימאר מטעם הצאראניסטים), גם לייב טנדלר (מטעם הליבראלים) השקיעו מאמצים רבים ועיכבו את ביצוע ההעברה לשנים מספר. לכתחילה נעשה מטעם השלטונות המרכזיים צעד פשוט, כאילו מטעמי בריאות: הוציאו את היריד מבין רחובות העיירה אל מחוצה לה, קודם מאחורי הבתים של הרחוב האמצעי, ואחר כך אל המדרון שבין בית־הקברות לבין הדרך לג׳יזדיטה. לכאורה, אמצעי סאניטארי, אלא שהכוונה והתוצאות היו אחרות: האיכרים מן הכפרים הסמוכים היו באים קודם אל היריד כדי למכור את תוצרתם וכדי לקנות מצרכים; אולם, משהוצא היריד אל מחוץ לעיירה, הם מכרו הרבה וקנו רק מעט, שהרי לשם קניות צריך היה ללכת אל רחובות העיירה עצמם.

כשנודע דבר הגזירה להעביר את היריד לבאראבוי, פנו יהודי בריטשיבה אל צירי הפארלאמנט מהמפלגה הליבראלית, שהיתה אז בשלטון. אבל הללו סירבו להתערב; על כך אנו קוראים בעיתון היהודי־רומני „רינאשטיריה נוסטרה" מיום 21 בפברואר 1936. והעתון „אֶגאליטאטיה" מיום 20 במאי של אותה שנה

הער מיטיקא דימיטריו, און אַ צאַראַניסטישער אַדוואָקאַט, פון ה׳ מיכאַלאַקע׳ס אַרמיי, דהיינו הער ראַנג.

בעתן געריכט בין איך געוווירער געוואָרן, אַז דער פּרימאַר לייב האָט 45—60 העקטאַר ערד און עטלעכע הייזער, און די אַלע פעלדער באַאַרבעט ער מיט קריסטלעכע משרתים.

דאָס אָרעמע רומענישע לאַנד, ביז וואַנען האָט עס דערגרייכט! אאַ״וו.

אין אמתן, די פּאַרטייען, וואָס זענען פאָרמעל נישט געווען אַנטיסעמיטישע, ווי די ליבעראַלן און די צאַראַניסטן, האָבן אָנגעהויבן צו דריקן די יידן אויפן אַדמיניסטראַטיוון ווי אויך אויפן עקאָנאָמישן געביט. דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן אויפגעלעזט די פּרימאַריע אין בריטשעווע און זי איבערגעפירט קיין גיזדיטע — דאָס איז געווען אַ געפערלעכע עוולה, ווייל אין משך צענדליקער יאָרן אין די צייט פון די רוסן און אויך פון די רומענער, איז געווען די פּרימאַריע אין בריטשעווע. נאָכן אויפלעזן די פּרימאַריע פלעג יעדער בריטשעווער מוזן פאָרן קיין גיזדיטע וועגן יעדער קלייניקייט, וואָס האָט באַלאַנגט אין דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע.

און וואָס אָנבאַלאַנגט דעם עקאָנאָמישן געביט, איז די לאַגע געוואָרן נאָך ערגער: אין 1936 איז איבערגעפירט געוואָרן דער יריד פון בריטשעווע קיין באַראַבוי. און ווידער: צענדליקער יאָרן איז דער יריד געווען אין בריטשעווע אַלע וואָך אין די מיטוואָכן, און ער איז געווען דאָס עיקרדיקע מיטל פון סוחרעריי מיט די אַרומיקע פויערן, אָבער די קוזיסטן האָבן אין משך אַ לאַנגער צייט געפּאָדערט פון דער מאַכט איבערצופירן דעם יריד אין אַ קריסטלעך דאָרף. קעגן דער דאָזיקער רשעותדיקער כוונה האָבן אין משך אַ לאַנגער צייט זיך באַמיט אי יאַשע דלוגאַטש (אַלץ פּרימאַר מצד די צאַראַניסטן) אי לייב טענדלער (מצד די ליבעראַלן), און זיי האָט געלונגען צו פאַרהאַלטן די גזירה אויף עטלעכע יאָר. באַם אָנהייב האָט די צענטראַלע מאַכט געמאַכט אַ פּשוטן שריט, כלומרשט צוליב סאַניטאַרע צוועקן: מ׳האָט אַרויסגעפירט דעם יריד פון די גאַסן פונעם שטעטל — ערשטנס הינטער די הייזער פון דער מיטלסטער גאַס, באַם עק, און דערנאָך אויפן באַרג צווישן גיזדיטער וועג און בית־עולם. אין פלוג, אַ סאַניטאַר מיטל, אָבער די כוונה און די רעזולטאַטן זענען געווען אַנדערע: די פויערן פון דער סביבה פלעגן קומען פריער צו פאַרקויפן זייער פּראָדוקציע און צו קויפן פּראָדוקטן פאַר זייערע באַדערפענישן. אַז מ׳האָט אָבער איבערגעפירט דעם יריד אַרויס דער שטאָט, פלעגן שוין די פויערן פאַרקויפן אַ סך און קויפן ווייניק, ווייל כדי צו קויפן האָט מען געדאַרפט גיין ספּעציעל אין די גאַסן פונעם שטעטל.

אַז מ׳איז געוווירע געוואָרן וועגן דער גזירה איבערצופירן דעם יריד קיין באַראַבוי, האָבן זיך די בריטשעווער יידן געווענדעט צו די פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַטן פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי, וואָס איז דעמלט געווען באַ דער מאַכט; זיי האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט צו מישן. וועגן דעם לייענען מיר אין דער יידיש־רומענישער

יודע לספר, כי איכרים רבים מן הכפרים שבסביבה המשיכו לבוא לבריטשיבה לשם קניות, אבל הם הותקפו והוכו על־ידי כנופיות של חוליגאנים, ובראשם הקוזיסט נוביצקי. ידיעות אלו מתאשרות גם בכתבות, שראו אור ב„אונזער צייט" ב־18 במארס 1936, ובעיקר בגליון מיום 23 במאי של אותה שנה: הקו־זיסטים, כך נאמר שם, הקיפו את העיירה מכל צדדיה ולא נתנו להיכנס ליריד. על כל הדרכים נמצאים קוזיסטים. בעיירה עצמה פרשים במלוא מדיהם, ובראשם נוביצקי הידוע. בעיירה שוררת פאניקה.

אכן, יהודי בריטשיבה ידעו ימים קשים, ימי משבר כלכלי, כשצריך היה להיעזר בסיוע מהחוץ ומבפנים כאחד. ומעניין, הם היו לפעמים נמצאים במצב של עוזרים ונעזרים בעת ובעונה אחת. הנה, למשל, יודע הכתב ב„אונזער צייט" (בשנת 1929) לספר, שבבריטשיבה נוסד ועד לעזרת נגועי־הרעב בדרום־ביסאראביה, שבראשו עמדו ד"ר סולומון, הרוקח שפירא וש. גולירגאנט, אשר נטל על עצמו לבקר בכל בית ובית ולאסוף את התרומות. ואף־על־פי שבבריטשיבה עצמה עירר משבר חמרי קשה, עלה בידי הוועד לאסוף 40 אלף ליי; מזה נשלח לוועד המרכזי בקישינוב סך של 25 אלף ליי, והיתרה הוקדשה לצרכי העניים שבמקום.

ועוד ידיעה שם: הואיל והקור החורפי גובר והולך, נקראה אסיפה שניה, שבה דובר על הדאגה להסקה בשביל עניי המקום. הורכב ועד, שבראשו עמד מנהל „באנקא ביסראביאֵי", ה' רישקאנו (נוצרי). הפעולה הראשונה התבטאה בקניית 16 טון עצים, כדי לחלקם מייד בין הנצרכים. אולם בשל הסופות נשתבשו הדרכים, ואף הרכבות לא פעלו, ואז הציע ה' שפייאֶר שילווה לפי שעה את העצים הנחוצים ממחסן הטחנה.

ועוד כתבה ב„אונזער צייט" מיום 29 במארס של אותה שנה, על עריכת נשף ספרותי־מוסיקאלי לטובת נפגעי־הרעב שבעיירה, ועל נשף אחר, נשף רי־קודים, לאותה מטרה.

והנה כתבה משנים מאוחרות יותר („אונזער צייט" 1 בפברואר 1937):

לפני שבועות מספר נתקבלה הודעה מקישינוב אל הקהילה המקומית, שסכום בגודל של 2,250 ליי יישלח כל חודש, על־מנת שיווסד תמחוי למען חלוקת ארוחות לילדי העניים של האוכלוסיה, אבל בתנאי שהקהילה במקום תיצור קרן, שתתאים, לכל הפחות, לסכומים שיישלחו. לשם כך פנתה הקהילה בקריאה אל האוכלוסיה, ונוסד מיד ועד־אירגון בהרכב הנשים הבאות: יושבת־ראש — מ. פקר, סגנית — מ. גולירגאנט, גזברית — ע.

צייטונג „רענאשטערעא נאָאסטראַ״ פונעם 21־טן פעברואַר 1936. און די צייטונג „עגאַליטאַטעא״ פונעם 20 מאַי ווייסט צו דערציילן, אַז אַ סך פויערן פון דער סביבה זענען פאָר צו קומען קיין בריטשעווע וועגן איינצוקויפן, אָבער זיי זענען אַטאַקירט געוואָרן און געשלאָגן פון די כוליגאַנישע באַנדעס, אין שפּיץ מיטן קוזיסט נאָוויצקי. די ידיעות זענען באַשטעטיקט אויך פון די קאָרעספּאָנדענצן, וואָס זענען דערשינען אין „אונזער צייט״ פונעם 18־טן מערץ 1936, און דערעיקר אין נומער פונעם 23־טן מאַי פונעם זעלבן יאָר: די קוזיסטן, אַזוי ווערט דאָרט געשריבן, האָבן אַרומגערינגלט דאָס שטעטל פון אַלע זייטן און האָבן נישט געלאָזט אַריינפאָרן צום יריד. אויף אַלע וועגן געפינען זיך קוזיסטן. אין שטעטל פאָרן אַרום רייטערס אין דער פולער אוניפאָרם, און אין שפּיץ דער באַוווּסטער נאָוויצקי. אין שטעטל הערשט אַ פּאַניק.

יאָ, בריטשעווער יידן האָבן געהאַט שווערע טעג, טעג פון עקאָנאָמישן קריזיס, ווען מ׳האָט געמוזט זיך ניצן מיט הילף פון דרויסן און פון אינעווייניק. אָט, למשל, ווייסט דער קאָרעספּאָנדענט צו דערציילן אין „אונזער צייט״ (אין יאָר 1929), אַז אין בריטשעווע איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט אויף צו העלפן די הונגער־ליידנדיקע איז דרום־בעסאַראַביע, וואָס אין זיין שפּיץ זענען געשטאַנען ד״ר סאָלאָמאָן, דער אַפּטייקער שאַפּיראָ און שמעון גאָלערגאַנט, וואָס האָבן אויף זיך גענומען צו גיין פון שטוב צו שטוב און צונויפנעמען די שפּענדונגען. און כאָטש בריטשעווע אַליין האָט געליטן פון אַ שווערן עקאָנאָמישן קריזיס, האָט דעם קאָמיטעט געלונגען צונויפזאַמלען 40 טויזנט ליי; פון דעם זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין צענטראַל־קאָמיטעט פון קעשענעוו 25 טויזנט ליי, און דאָס איבעריקע איז געווידמעט געוואָרן פאַר די אָרטיקע אָרעמע לייט.

און נאָך אַ ידיעה איז דאָרט פאַרעפנטלעכט געוואָרן: ווייל די ווינטער־קעלטן פאַרשטאַרקן זיך, איז צונויפגערופן געוואָרן אַן אַנדערע אסיפה, ווו מ׳האָט באַשפּראָכן וויאַזוי צו באַזאָרגן די אָרעמע לייט מיט הייצונג. מ׳האָט פאָרמירט אַ קאָמיטעט, אין שפּיץ איז געווען דער דירעקטאָר פון „באַנקאַ באַסאַראַביעי״ דער ה׳ רישקאַנו (אַ קריסט). די ערשטע אַרבעט איז געווען דאָס איינקויפן פון 16 טאָן האָלץ, כדי צוטיילן די נויטבאַדערפטיקע. אָבער מחמת די שטורעמס, זענען איבער־געריסן געוואָרן די וועגן, און די צוגן זענען נישט געגאַנגען, האָט דער ה׳ שפּייער פאָרגעלייגט אַז ער וועט דערוויייל אויסלייען דאָס נייטיקע האָלץ פון דעם מיל־מאַגאַזאַן.

און נאָך אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „אונזער צייט״ פונעם 29 מערץ, דאָס זעלבע יאָר, וועגן אַ ליטעראַריש־מוזיקאַלישן אָוונט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן לטובת די הונגער־ליידנדיקע אין שטעטל, און וועגן אַן אַנדער אָוונט, אַ באַל, פאַר דעם זעלבן ציל.

און אָט איז אַן אַנדערע קאָרעספּאָנדענץ פון שפּעטערע יאָרן („אונזער צייט״, 1־טער פעברואַר 1937):

גוטמן, וחברות — ט. גלמן, י. פלדמן, ע. לייזרמן, ד. גולירגאנט, מ. פיינסמן, ומורת בית־הספר „תרבות" — ר. נוטה, שיחד עם המזכיר ועם יושב־ראש הקהילה העבירו מגבית בעיירה, שהכניסה סכום של 9,000 ליי, מלבד כלים וחפצים שונים, הנחוצים לקיום תמחוי. האוכלוסיה כולה גם הטילה על עצמה מס שבועי שישולם למען החזקת התמחוי.

ביום ב' 12 בינואר התקיימה במעון בית־הספר „תרבות" פתיחת התמחוי, בו יקבלו יום־יום כ־40—50 ילד ארוחה חמה.

על חשיבותו של המיפעל מדבר בשם הקהילה המזכיר י. דלוגאטש; מטעם בית־הספר „תרבות" — מ. נוטה, מטעם בית־הספר הממשלתי — נ. פאשטוקה, בשם ועד הנשים — מ. פקר, המסבירה באורח אימהי לילדים כיצד עליהם להתנהג.

כפי שמוסרת היושבת־ראש, הג' פקר, הרי התמחוי מובטח כבר בארוחות עד לחודש אפריל. ואם הוועד יפעל במרץ כפי שפעל עד כה, מובטחת לו למיפעל הצלחה מלאה.

קיימת גם תכנית להלבשת הילדים העניים, ונערכים חיפושים למציאת האמצעים הכספיים הדרושים לכך.

**א. פ י ש ב י י ן**

ה

מה היה החינוך בבריטשיבה? דומני שעל שאלה זו לא ייתכן בשום פנים לענות בקצרה ובצמצום. בעל כרחך אתה מצווה לספר ולתאר בהרחבה, אם כי המעברים משלב לשלב ומצורת חינוך לחברתה היו די מהירים, עד כדי כך, שבמשך שני דורות בלבד חלו שינויים מן הקצה אל הקצה, ולפעמים היו שתיים או שלוש צורות חינוך רווחות בעת ובעונה אחת.

אלה שנולדו לפני היו לומדים ב„חדרים", ואחר כך היה ממשיך מי שהמשיך בלימוד עצמי בבית־המדרש. גם דורי שלי הספיק לטעום טעמו של „חדר", וה„חדרים" היו בעצם קיימים אפילו בשנות העשרים, אבל במספר מועט. זכורים לי, למשל, שמות המלמדים הבאים: הירש מלמד — היה זה מלמד דרדקי ממש, שלימד את האותיות והתנועות וראשית קריאה לפי הברות, שנקראה בשם „טראפ". משגמרת את „הקורס" אצל מלמד זה, עברת לאחד ממלמדי החומש; אני למדתי אצל חיים מלמד, שחדרו היה משוכן בבית דל ליד בית־הכנסת

צוריק מיט אַ פּאָר וואָכן האָט זיך באַקומען פון קעשענעוו אַ מיט־טיילונג צו דער היגער קהלה, אַז חודשליך וועט געשיקט ווערן 2250 ליי אויף צו שאַפן אַ קאַנטינע צו געבן מיטאָג די קינדער פון דער אָרעמער באַפעלקערונג נאָר באופן, אַז די אָרטיקע קהלה זאָל שאַפן אַ פאָנד, וועלכער זאָל לכל הפחות שטימען מיט דער צוגעשיקטער סומע. צוליב דעם צוועק האָט די קהילה זיך געווענדעט מיט אַ אויפרוף צו דער באַפעלקערונג און ס'האָט זיך תיכף געשאַפן אַ אָרגאַניזיר־קאָמיטעט און באַשטאַנד פון פאָל־גענדיקע פרויען: פאָרזיצערין — מ. פעקער, וויצע־פאָרזיצערין — מ. גאלערגאנט, קאַסירין — ע. גוטמאַן, און מיטגלידערינס — פ. געלמאַן, י. פעלדמאַן, ע. לייזערמאַן, ד. גאלערגאַנט, פ. פיינסמאַן און לערערין פון „תר־בות"־שול ר. נוטע וועלכע האָבן צוזאַמען מיטן סעקרעטאַר און פאָרזיצער פון דער קהלה דורכגעפירט אַן אַקציע אין שטעטל, וועלכע האָט אַריינ־געבראַכט אַ סומע פון 9000 ליי. חוץ פאַרשידענע כלים און אַנדערע זאַכן, וואָס זיינען נויטיק וועגן דער קאַנטינע. די גאַנצע באַפעלקערונג האָט זיך אויך באַשטייערט צו צאָלן וואָכנטלעך וועגן אויסצוהאַלטן די קאַנטינע.

מאָנטיק, דעם 12־טן ד.ח. איז אין לאָקאַל פון „תרבות"־שול פאָרגעקומען די דערעפענונג פון דער קאַנטינע, ווו עס וועלן טעגלעך באַקומען אַ וואַרע־מען מיטאָג לערך 40—50 קינדער. וועגן דער באַדייטונג פון דער אונטער־נעמונג רעדן אין נאָמען פון דער קהילה דער סעקרעטאַר ז. דלוגאַטש, פון „תרבות"־שול — מ. נוטע, פון פרימאַר־שול — ג. פּאַשטאָקע, פון פרויען־קאָמיטעט — מ. פעקער, וועלכע דערקלערט אויף אַ מוטערליכן אופן די קינדער ווי אַזוי זיך אויפצופירן. ווי ס'גיט איבער די פאָרזיצערין פרוי פעקער, איז די קאַנטינע דערווייל שוין באַזאָרגט מיט מיטאָגן ביז חודש אַפּריל. און אויב דער קאָמיטעט וועט אַרבעטן מיט ענערגיע ווי ביז יעצט, וועט די אונטערנעמונג זיין געזיכערט מיט דערפאָלג. ס'איז אויך פאָראַנען אַ פּלאַן צו באַקליידן די אָרעמע קינדער און ס'ווערט געזוכט מיטלען דערצו.

א. פישביין

ח

וויאַזוי איז געגיבן געוואָרן בילדונג אין בריטשעווע? דאַכט זיך, אַז אויף דער דאָזיקער פראַגע איז בשום אופן נישט מיגלעך צו ענפערן בקיצור. ווילסט יאָ, ווילסט נישט, מוזטו דערציילן און באַמאָלן בהרחבה, כאָטש די איבערגאַנגען פון איין פאַזע צו דער אַנדערער און פון איין פאָרם צו דער אַנדערער זענען געווען גאַנץ גיכע, אַזוי אַז אין משך פון צוויי דורות זענען פאָרגעקומען שינויים פון איין עק צום אַנדערן, און צומאָל פלעגן אין איין און דער זעלבער צייט זיין צוויי אָדער דריי דערציונג־פאָרמען.

„המרתף"; אחרים למדו אצל חיים־משה המלמד; ראשית משנה וגמרא למדתי אצל יענקל הליטאי, ומלמד אחר בדרגה זאת היה זיידה המלמד (לימים עזב את המלמדות ונעשה חנווני לאריגים).

אבל שנים מספר לפני מלחמת־העולם הראשונה חלה תסיסה אצל רבים מההורים. נראה שהחדשנות חדרה גם לבריטשיבה, ורבים חשו שאין להסתפק בלימודי היהדות ובהיקף מצומצם. אז החלה תקופת „המורים" במקום זו של „המלמדים". בתחילה היו מקבלים הילדים מעין תוספת ללימודי החדר, שניתנה על־ידי מורים בקבוצות ילדים קטנות, בעיקר בעברית „מודרנית", לפי ספרי־לימוד, קריאה וכתיבה; נעשו גם נסיונות ללימוד רוסית, חשבון, גיאוגראפיה והיסטוריה. אבל השאיפה העיקרית מצד ההורים היתה להקנות לילדיהם ידיעות בלימודי היהדות. מורים ראשונים לעברית „חדשה" היו, למשל, יוסל מסטר (הכתבן), אחד בשם פישמן (שלא לערבב עם גבריאל פישמן), שמת בגיל ארבעים, בערך, ממחלת הטיפוס; אחד ספקטור, פיני גולירגאנט, יוסף מיידנברג, קוטשר. אבל המיפנה העיקרי בכיוון הוראות העברית, שהביא את כל התפתחות החינוך החדש, חל כשהקים גבריאל פישמן ז"ל את ה„חדר המתוקן" שלו (שקרא אותו בשם „אבטליון").

גבריאל פישמן, אחיו של הרב פישמן־מיימון, היה ממארקולשט; כיוון שנשא לאשה את שרה־לאה, בתו של דוד הדס'ס, בנה ביתו בעיירתנו. הופעתו בבריטשיבה סימנה תוספת של כוח תרבותי־עברי־לאומי, שהשפעתו ניכרה מייד בין האנשים ששאפו לחידוש החיים מבחינה לאומית. לכתחילה פתח חנות לאריגים, אבל העסק לא היה טוב, והוא נאלץ לחסלו. ואז אירגן אבא שלי, שהיה מידידיו הקרובים ביותר, קבוצת ילדים, שיהוו תלמידיו של גבריאל פישמן. וכך נפתח פרק חדש בחינוך, שהביא באופן הדרגתי להמעטת דמותו של „החדר".

תלמידיו הראשונים של גבריאל פישמן היו: בוזי באראד, זוסיה (בן ישראל) שפילברג, אהרן (בן יעקל) שפילברג, פייוול בלאנק * (הוא המכונה פייוולה פּאָסיס, על־שם אמו), דוד שייקין, יחיאל אייזנשטיין, דוד זיסמן, ישראל (בן יעקל) בלאנק, האחים יצחק ואשר הייניכס, ישראל סוֹפרזון, יצחק דיזנגוף (אמו של יצחק היתה אשתו השניה של זיינוול צאוואליר) ואני. שכר־הלימוד היה די גבוה (כי אבא שלי סבור היה, שגבריאל פישמן צריך להתקיים בכבוד), ולכן לא יכול כל

* חי אחר־כך כל ימיו בבלגיה ומת שם ב־1966. הוציא בבריסל (1952) ספר „מעשהלעך און משלים". אחרי מותו יצא בתל־אביב (בהוצאת י. ל. פרץ, 1967) ספרו „משלים און פיעסן".

די וואָס זענען געבוירן געוואָרן פֿאַר מיר פֿלעגן לערנען אין די חדרים, און דערנאָך פֿלעג ווער ס׳האָט ממשיך געווען, לערנען אַליין אין בית־מדרש. מיין דור האָט נאָך אויך פֿאַרזוכט דאָס חדר, און חדרים האָבן אייגנטלעך עקזיסטירט אפֿילו אין די צוואַנציקער יאָרן, אָבער זייער ווייניקע. איך געדענק, למשל, די נעמען פֿון פֿאָלגנדיקע מלמדים: הערש מלמד — דער איז געווען אַ דרדקי־מלמד, וואָס האָט געלערנט די אותיות און די נקודות און אָנהייב לייענען, וואָס האָט געהייסן „טראַף״. אַז דו האָסט געענדיקט דעם „קורס״ באַ דעם מלמד, ביסטו איבערגעגאַנגען צו איינעם פֿון די חומש־מלמדים. איך האָב געלערנט באַ חיים מלמד, וואָס זיין חדר איז געווען אין אַ נידעריק הייזל לעבן דער „באַשקע״; אַנדערע האָבן געלערנט באַ חיים־משה מלמד; אָנהייב משניות און גמרא האָב איך געלערנט באַ יעקל „ליטוואַק״, און אַן אַנדערער מלמד פֿון דעם גראַד איז געווען זיידע מלמד (שפּעטער האָט פֿאַרלאָזט דאָס מלמדות און איז געוואָרן אַ מאַנופֿאַקטוריסט).

אָבער עטלעכע יאָר פֿאַרן ערשטן וועלט־קריג האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויפֿרודערונג באַ אַ סך עלטערן. ווייזט אויס, אַז דער דראַנג נאָכן נייעם איז אַריינגעדרונגען אויך קיין בריטשעווע, און אַ סך האָבן געפֿילט, אַז מע קען זיך שוין נישט באַגיין מיט ריין יהדות־לימודים און אין אַ קליינעם פֿאַרנעם. דעמלט האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פֿון „לערערס״ אויפֿן אָרט פֿון מלמדים. תּחילת האָבן די קינדער באַקומען אַ מין צוגאָב צו די לימודים אין חדר, וואָס לערערס האָבן זיי געגיבן אין קליינע גרופּן, דעריקר מאָדערנע העברעאיש, לויט לערן־ביכער, לייענען און שרייבן; סע זענען געמאַכט געוואָרן אויך פּרוּוון צו לערנען רוסיש, אַריטמעטיק, געאָגראַפֿיע און געשיכטע. אָבער די עיקרדיקע שטרעבונג פֿון די עלטערן איז געווען צו גיבן די קינדער קענטעניש אין יידישע לימודים. ערשטע לערערס פֿאַר „ניי״־העברעאיש זענען געווען, למשל, יאָסל שרייבער (מעסטער), איינער מיטן נאָמען פֿישמאַן (נישט פֿאַרבייטן אים מיט גבריאל פֿישמאַן), וואָס איז געשטאָרבן אין עלטער פֿון פֿערציק יאָר פֿון טיפֿוס; איינער ספּעקטאָר, פּיניע גאָלערגאַנט, יוסף מיידנבערג, איינער קוטשער. אָבער די עיקרדיקע ווענדונג אין דער ריכטונג פֿון לערנען העברעאיש, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך די אַנטוויקלונג פֿון דער גאַנצער נייער דערציִונג, איז פֿאָרגעקומען ווען גבריאל פֿישמאַן ז״ל האָט אויפֿגעעפֿנט זיין לערן־גרופּע (וואָס ער האָט זי גערופֿן „אבטליון״).

גבריאל פֿישמאַן, דער ברודער פֿון הרב פֿישמאַן־מיימון, איז געווען אַ מאַר־קוּלעשטער; אַזיווי ער האָט חתונה געהאַט מיט שרה־לאה׳ן, דוד הדס׳עס טאָכטער, האָט ער זיך באַזעצט אין בריטשעווע. זיין דערשיינען אין שטעטל האָט אָנגעמערקט אַ צוקום פֿון קולטורעלן־העברעאישן־נאַציאָנאַלן כוח, וואָס זיין השפּעה האָט זיך תּיכף דערפֿילט צווישן די מענטשן, וועלכע האָבן געשטרעבט צו דער באַנייִונג פֿונעם לעבן אין נאַציאָנאַלן זין. צום אָנהייב האָט ער אויפֿגעעפֿנט אַ קלייט פֿאַר מאַנופֿאַקטור, אָבער דאָס געשעפֿט איז נישט געגאַנגען גוט, און ער האָט עס געמוזט פֿאַרמאַכן. דעמלט האָט מיך פֿאָטער, וואָס איז געווען פֿון זיינע נאָענטסטע

פריינד, אָרגאַניזירט אַ גרופּע קינדער, וואָס זאָלן ווערן זיינע תּלמידים. און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַ קאַפּיטל אין חינוך, וואָס האָט בהדרגה׳דיק געבראַכט דערצו, אַז דאָס חדר האָט פאַרלוירן דעם טעם און דאָס געשטאַלט.

גבריאל פישמאַן׳ס ערשטע תּלמידים זענען געווען: בוזי באַראַד, זוסיע (בן ישראל) שפּילבערג, אהרן (בן יעקל) שפּילבערג, פּיוול בלאַנק (וואָס האָט געהייסן פּיוועלע פּעסיס, לויט זיין מאַמען*), דוד שייקין, יחיאל אײַזנשטיין, דוד זיסמאַן, ישראל (בן יעקל) בלאַנק, די ברידער איציק און אשר הייניכס, ישראל סופּרזאָן, יצחק דיזנגאָף (זיין מאַמע איז געווען די צווייטע פרוי פון זאַנוול צאַוואַליער) און איך. דער שכר־לימוד איז געווען זייער אַ הויכער (ווייל מיין טאַטע איז געווען בדיעה אַז גבריאל פּישמאַן דאַרף לעבן בכבוד), דערפאַר האָט נישט יעדער פאָטער געקענט שיקן זיין זון צו דעם לערער. יאָסל טענענגאַוזער ז״ל, וואָס האָט באַזוכט ישראל צוריק מיט אַ צען יאָר, האָט מיר דערציילט אין אַ שמועס וויאַזוי ער האָט דעמלט געוויינט פאַר זיין מאַמען, זי זאָל אים אויך שיקן אין אונדזער גרופּע, אָבער זיין מאַמע איז געווען אַן אלמנה אָן מיטלען.

שפּעטער זענען צוגעקומען צו אונדזער גרופּע נחמן ווייסבערג (לבנון), וואָס איז געקומען פון ליפּקאַן מיט זיינע עלטערן, ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה; איציק גרינאַוצקי, וואָס איז געקומען פון רישקאַן מיט זיין מאַמע, וועלכע האָט חתונה געהאַט קיין בריטשעווע; דודעלע גאָלערגאַנט, פּיני גאָלער־גאַנט׳ס ברודער, (שפּעטער איז דודעלע אַליין געוואָרן אַ לערער פאַר יידישע קינדער אין דאָרף שורעס; איינמאָל האָט ער זיך אומגעקערט פון דאָרטן צופוס אויף שבת און איז שלאָף געוואָרן אויף דיזענטעריע, פון וועלכער ער איז געשטאָרבן, אין עלטער פון אַ פופצן יאָר), און נאָך שפּעטער — ניוניע גרומאַן. זיין פאָטער, דודי גרומאַן, איז געווען אַ תּבואות־סוחר אין נאָענטן דאָנדושען (דערנאָך איז ער איבערגעפאָרן קיין בעלץ), און ווייל ער איז געווען אַ משכיל, און געוואָלט גיבן זיין זון אַ העברעאישן חינוך, האָט ער אים אַריינגעגיבן אין אונדזער גרופּע בײַ גבריאל פישמאַן, וואָס האָט בײַ אונדז געהייסן סתם „דער לערער“.

„דער לערער“ האָט נישט באַקומען קיין שום פּעדאַגאָגישע צוגרייטונג, און ער אַליין האָט אַוודאי נישט באַקומען קיין געאָרדנטן חינוך אין אַ שול, אָבער ער איז געווען באַגאַבט מיט אויסערגעוויינלעכע פּעדאַגאָגישע פעיקייטן; זיין עיקרדיקער כוח איז געווען אין דעם, וואָס ער האָט געוווּסט וויאַזוי צו באַליבן דעם לימוד אויף זיינע תּלמידים; זיין כוח איז געווען אין אויפקלערן און אין טרענירן. זיינע פילע ידיעות אין דער העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור, אין יהדות און אין דער

---

* געלעבט דערנאָך אַלע יאָרן אין בעלגיע. געשטאָרבן אין יאָר 1966. אין בריסל איז דערשינען (1952) זיין בוך „מעשהלעך און משלים“. נאָך זיין טויט איז דערשינען אין תּל־אביב (פּרץ־פאַרלאַג, 1967) זיין בוך „משלים און פּיעסן“.



גבריאל פישמן ז״ל בארץ־ישראל

אב לשלוח את בנו למורה זה. יוסל טננהאוזר, שביקר בישראל לפני כעשר שנים, סיפר לי תוך כדי שיחה איך בכה הוא אז לפני אמא שלו, שתשלח אותו להצטרף לקבוצתנו, אבל אמא שלו היתה אלמנה דלת־אמצעים.

לימים ניתוספו לקבוצתנו גם נחמן וייסברג (לבנון), שבא מליפקאן עם הוריו, בפרוץ מלחמת העולם הראשונה; יצחק גרינאוצקי, שבא עם אמו מרישקאן, כיוון שנישאה לבריטשיבאי; דוד׳לה גולירגאנט, אחיו של פיני גולירגאנט המורה (דוד׳לה שימש כעבור זמן מורה לילדי ישראל בכפר שור; פעם אחת חזר משם ברגל לשבת וחלה במחלת הדיזנטריה, שממנה מת, והוא בן חמש־עשרה), ומאוחר יותר ניוניה גרומן. אביו של זה, דודי גרומן, סוחר־תבואות היה בדונדושאן הסמוכה (אחר כך עבר לבלץ), וכיוון שהיה משכיל ורצה לתת חינוך עברי לבנו, הכניס אותו לקבוצתנו בבית־ספרו של גבריאל פישמן, שהיה קרוי בפינו „המורה" סתם.

„המורה" לא קיבל כל הכשרה פידגוגית, והוא עצמו ודאי שלא קיבל חינוך מסודר בבית־ספר, אבל היה ניחן בכשרונות פידגוגיים לא מצויים; עיקר כוחו היה בכך, שידע לחבב את הלימוד על תלמידיו; כוחו היה בהסברה ובתירגול כאחד. ידיעותיו הרבות בשפה ובספרות העברית, ביהדות ובתנועה הלאומית, היו

נאַציאָנאַלער באַוועגונג. פלעגן פון זיין מויל אַרויסשטראָמען באַ יעדער געלעגנהייט, און ער האָט געוווּסט וויאַזוי זיי איבערגיבן אויך זיינע תּלמידים מיט אַן איינגענעמענער שיטה און אין אַ שיינער פאָרם. „דער לערער“ איז געווען באַ אונדז אין די אויגן אַן אויטאָריטעט, וואָס מע טאָר אים נישט אָנרירן, אַזוי אַז זיינע טאַטן און אידייען־גאַנג פלעגן זיין פאַר אונדז אַ ביישפּיל אויף נאָכצוטון. אפילו זיין כּתב, וואָס איז געווען וווּנדערלעך שיין און האַרמאָניש, פּערלדיק און זייער קלאָר, איז געוואָרן, אין דער אָדער יעדער מאָס, אונדזער אַלעמענס. ס׳רוב פלעג ער פירן דאָס לערנען געלאַסן, און גאָר זעלטן פלעג ער אַרויסזעצן מיט אַ כּעס. די לערנשעהען זענען טאַקע געווען צעטיילט אויף „אָביעקטן“, אָבער ער פלעג קיינמאָל נישט מקפּיד זיין אין דער דאָזיקער פאַרטיילונג; דער עיקר איז געווען צו פאַראינטערעסירן די תּלמידים, „אַריינציען“ זיי. און תּמיד זענען געווען זיינע רייד צוגעריכט מיט מעשׂהלעך, מיט משלים, מיט אַנעקדאָטן און מיט וויצן. אַ סך שעהען פלעג ער אָפּגיבן דעם לייענען, טאַקע אין דער כּיתּה. „בימים ההם“ פון יהודה שטיינבערג, למשל, „עמק הארזים“ פון א״ש פרידבערג, „מסתּרי פּאַריז“ פון קלמן שולמאַן, האָט ער פאָרגעלייענט כּמעט גאַנצערהייט. און דאָס אַלץ אַחוץ דעם לויפיקן מאַטעריאַל (נישט נאָר פון די כרעסטאָמאַטיעס) פון קינדער־זשורנאַלן (איך בין געווען אבאָנירט אויפן וואָכנבלאַט „הפּרחים“) און זשורנאַלן פאַר גרויסע, אין העברעאיש און אין יידיש. הקיצור, ער איז פאַר אונדז געווען אַ מענטש־אַ לערער, וואָס העכער פון אים קען נישט זיין. און איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם פאָלגנדיקן מאָמענט: ווען ניוניע גרומאַן איז צוגעקומען צו אונדזער גרופּע, האָט ער געפּרוּווט די ערשטע טעג עפּעס אַ שפּעט צו טון אויפן „לערער“, וועגן זיינע תּנועות און אויסערלעכקייט. דאָס האָט אונדז אַלע שטאַרק פאַרדראָסן און אפילו צעטומלט — ס׳טייטש, אויפן „לערער?“ און ווירקלעך, גרומאַן האָט געמוזט אָפּטרעטן און האָט זיך נישט געקענט האַלטן אין דער גרופּע; אין אַ צייט אַרום איז ער אַרויס פון איר.

דריי יאָר מיט אַ האַלבן האָט די ערשטע גרופּע געלערנט באַ גבריאל פישמאַן, דערנאָך איז די גרופּע זיך צעפאַלן; מ׳האָט זיך אָנגעהויבן ציען אין די גימנאַזיעס. אָבער אויף אונדזער אָרט זענען געקומען אַנדערע גרופּן, און „דער לערער“ האָט געהאַט, פאַרהעלטנישמעסיק, אַ סך תּלמידים. מיט דער צייט האָט זיך געגרינדעט אין ברישעווע די ערשטע „תּרבות“־שול, און גבריאל פישמאַן איז געוואָרן איינער פון אירע גרינדער און ערשטע לערערס.

אַנדערע לערערס, וואָס האָבן אויך געלערנט גרופּעס פאַר ניי־העברעאיש, זענען געווען פיניע גאָלערגאַנט און דוד בערמאַן. דער לעצטער איז געקומען קיין ברישעווע אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה; ער האָט געלערנט לערעריי אין די באַוווּסטע גראָדנער קורסן; האָט גוט געקענט רוסיש און האָט געהאַט אַן אַלגעמיינע בילדונג. ער האָט אויך אַרויסגעגיבן אַ סך תּלמידים מיט קענטענישן אין העברעאיש און יהדות. ווען מ׳האָט אויפגעמאַכט די „תּרבות“־

שופעות מפיו בכל הזדמנות, והוא ידע להקנות מהן גם לחניכיו בשיטה נאה ובדרכי נועם. „המורה" היה סמכות בלתי מעורערת בעינינו, עד כדי כך שמעשיו ודרך מחשבתו שימשו לנו דגמים לחיקוי. אפילו כתב־היד שלו, שהיה יפה והרמוני להפליא, פניני וברור עד מאד, נעשה, במידה זו או אחרת, נחלת כולנו. לרוב היה מנהל את הוראתו בנחת, ורק לעתים רחוקות היה מתפרץ בזעם. שעות ההוראה היו אמנם מחולקות ל„מקצועות", אבל הוא לא היה מקפיד בחלוקה זו; העיקר היה לעניין את התלמידים, „לסחוב" אותם. ותמיד היו דבריו מתובלים בדברי אגדה, במשלים, בבדיחות ובדברי הלצה. שעות רבות היה מקדיש לקריאה בכיתה עצמה. „בימים ההם" של יהודה שטיינברג, למשל, „עמק הארזים" של א"ש פרידברג, „מסתרי פאריז" של קלמן שולמן, נקראו לפנינו בשלימותם. וזאת בנוסף לחומר שוטף (לא רק מן הכריסטומאטיות) מעיתונות לילדים (אני הייתי חתום על השבועון „הפרחים") ולגדולים, בעברית וביידיש. הקיצור, הוא היה בשבילנו אדם־מורה שאין למעלה ממנו. ולעולם לא אשכח את המומנט הבא: כשנצטרף לקבוצתנו ניוניה גרומן הנ"ל, ניסה בימים הראשונים להשמיע דברי ליגלוג על „המורה"

לדבורה׳ל, רחל׳ה וצבי!

הרינו מברכים אותך לראשית
השנה, חה״פ, ברכה והצלחה,
בפרנסה ובכלכלה; מה שיקוים בכם דברי
הנביא האחרון.
„והשיב לב אבות על בנים
ולב בנים על אבות!"...

באהבה ובידידות:

שרה וגבריאל
פישמן

תל-אביב

כתב־ידו של גבריאל פישמן / זיין האַנטשריפט

שול, האָט ער געאַרבעט אינאײנעם מיט גבריאל פישמאַן אין דער שול, ביז זײ זענען בײדע אײנגעלאַדן געװאָרן אַלץ לערער קײן אונגען, און פון דאָרטן זענען זײ עולה געװען קײן ארץ־ישראל. אײנער פון די ערשטע לערער אין דער „תרבות"־שול איז געװען ברוך יאשטשיקמאַן (דעם רבס אײדעם), װאָס איז דערנאָך איבערגעפאָרן קײן יעדינעץ. אַן אַנדער לערער, װאָס האָט נאָך פאַר אים געלערנט אַ סך שילער און שילערינס, איז געװען אײזנשטײן, װאָס אינאײנעם מיט זײן פרוי (איצט אין ישראל) האָבן זײ אָנגעפירט אַ העברעאישע שול, און דערנאָך איבערגעפאָרן קײן יאַס.

די „תרבות"־שול האָט זיך אַנטװיקלט אין משך פון די יאָרן און האָט דערצויגן אַ סך בריטשעװער קינדער — ביזן יאָר 1940. אין משך פון דער צײט זענען דאָרט געװען פאַרשידענע דירעקטאָרן און לערערס, װאָס אײניקע פון זײ געדענק איך: ז. איגרת (אַגרעס), דער דירעקטאָר נוטע מיט זײן פרוי רחל, דער לערער זאַבראנסקי, פיניע גאָלערגאַנט, זאב (װעװע) שטשיגליק. בריטשעװער קינדער האָבן געלערנט אויך אין דער רומענישער פאָלק־שול. די געשיכטע פון דער דאָזיקער שול איז אַ טיפּישע: װען די רומענער זענען אַרײן קײן בעסאַראַביע, האָבן זײ תחילת געגיבן די מיגלעכקײט צו לערנען אין די רעגירונג־שולן אויף דער מוטער־שפּראַך. עטלעכע יידישיסטן האָבן דערפאַר אויפגעעפנט די בריטשעװער רעגירונג־שול אין יידיש. יאַשע דלוגאַטש איז געװען דער דירעקטאָר, און דער לערער אויף יידיש איז געװען מאָטל גלײזער (װאָס איז געקומען פון רישקאַן און זיך באַזעצט אין בריטשעװע); מ'האָט אים דערנאָך גערופן „מאָטל יידיש"; דערנאָך האָט ער עמיגרירט קײן בראַזיל. שפּעטער מיט עטלעכע יאָר האָט די רומענישע מאַכט פאַרבאָטן צו לערנען אין די רעגירונג־שולן אויף יידיש, און די שול איז געװאָרן אַ רומענישע. נאָך שפּעטער האָט מען אפילו דערװײטערט יאַשע דלוגאַטש פון דער דירעקציע, און ער איז פאַרביטן געװאָרן מיט אַן אַנדערן דירעקטאָר.

בריטשעװער עלטערן האָבן זיך נישט באַגנוגט מיט עלעמענטאַרער בילדונג פאַר די קינדער. אײניקע פלעגן שוין שיקן די קינדער לערנען אין די גימנאַזיעס, קײן בעלץ, סאָראָקע, קעשענעװ, און דערעיקר קײן באַראַבױ. מיט דער צײט איז אין בריטשעװע אויפגעשטעלט געװאָרן אַ גימנאַזיע „תרבות" (אײגנטלעך, אַ פּראָגימנאַזיע). דער ערשטער דירעקטאָר איז דאָרט געװען דוד קימעלפעלד (געשטאָרבן אין ישראל). נאָך אים איז געװען דער דירעקטאָר שבתי בודקאר, ביז דער סאָװיעטישער צײט. דער סעקרעטאַר פון דער גימנאַזיע איז געװען בנימין צװואליער. די העברעאישע לערערס זענען געװען: תחילת לײב קופּערשטײן (איצט אין ישראל), און דערנאָך פּיני גאָלערגאנט, װאָס איז איבערגעגאַנגען פון דער תרבות־שול.

סע זענען װערט צו דערמאָנען די טוערס, װאָס האָבן געאַרבעט אַ סך װעגן גרינדן די גימנאַזיע און זיך געזאָרגט פאַר איר. איך ציטיר זײערע נעמען לויט אַ קאָרעספּאָנדענץ װאָס איז דערשינען אין „אונדזער צײט" פונעם 24־טן אַפּריל 1935:

**КОМИТЕТЪ**
ОБЩЕСТВА
ВСПОМОЩЕСТВОВАНІЯ ЕВРЕЯМЪ
**земледѣльцамъ и ремесленникамъ**
въ СИРІИ и ПАЛЕСТИНѢ.

27|12 1913. א טבת תר״עד

№ 8218

г. ОДЕССА.

Телефонъ № 24 35.

**ועד החברה**
**לתמיכת בני ישראל**
**עובדי אדמה ובעלי מלאכה**
**בסוריא ובארץ־ישראל**
**אודיסה.**

Комитетъ помѣщается въ Авчиниковскомъ переул., № 12.

Господину
Г. Фимману
Въ Бричево
Бес

אדון נכבד!

קבלנו את הסך 65.00 רובל (ששים והמשה רובל)

ששלה לנו כבודו ביום 13 לח׳ דיקבר ורשמנו אותו בספרי־החשבון לפי הוראתו במכתבו

לטובת בתי הספר בארץ ישראל, והרינו מביעים לכבודו ולכל העסקנים את תודתנו על עבודתם החרוצה והפוריה.

בכבוד ובברכת ציון

ראש הועד [illegible]

מנהל החשבונות [illegible]

**КОМИТЕТЪ**
ОБЩЕСТВА
**вспомоществованія евреямъ**
**земледѣльцамъ и ремесленникамъ**
**въ Сиріи и Палестинѣ.**
25 Окт. 1917
№ 437
г. ОДЕССА.
Авчиниковскій пер. 12.
Телефонъ № 24/35.

**ועד החברה**
**לתמיכת בני ישראל**
עובדי אדמה ובעלי מלאכה
**בסוריא ובארץ־ישראל**
**אודיסה.**

*Господину*
Гавр. Фишману
Бричево
Бесс.

אדון נכבד!

קבלנו את הסך מאה ועשרים ואחד רו"ב ועשרים וחמש קופ (121.25 ר.)
ששלח לנו כבודו ביום 17 לח' אוקטבר ורשמנו אותו בספרי־החשבון לפי הוראתו במכתבו בתור [illegible]
[illegible] – תרע"ח ([illegible])
והננו מוסרים לכם, נדבנים נכבדים, את תודתנו העמוקה.
להרחבת עבודתנו אנו מחכים.
תקופה חדשה מתחלת בהיסטוריה הלאומית שלנו.
תקופה: [illegible], הרת מאורעות ושאיפות ותקוות.
נקדש כולנו אל תקופה זו [illegible] רבה ובתשוקה גדולה!

בכבוד ובברכת ציון

ראש הועד [signature]

מנהל החשבונות [signature]

ביחס לתנועותיו ולצורתו החיצונית. הדבר הרגיז את כולנו ואף הדהים אותנו — הכיצד, על "המורה?" ואכן, גרומן נאלץ להירתע, ואף לא החזיק מעמד בכיתה ונפלט ממנה כעבור זמן לא רב.

כשלוש שנים וחצי למדה הקבוצה הראשונה אצל גבריאל פישמן, אחר־כך נתפרדה החבילה; התחילה הנהייה אחרי הלימוד בגימנסיות. אבל במקומנו באו קבוצות אחרות, ו„המורה" הקים תלמידים הרבה, יחסית; לימים נוסד בבריטשיבה בית־הספר הראשון של „תרבות", וגבריאל פישמן היה ממייסדיו וממוריו הרא־שונים.

מורים אחרים, שלימדו אף הם קבוצות תלמידים והיקנו להם עברית חדשה, היו פיני גולירגאנט ודוד ברמן. האחרון הגיע לבריטשיבה בימי מלחמת־העולם הראשונה; הוא הוכשר להוראה בקורסים הגרודנאים המפורסמים; הוא ידע יפה גם רוסית והיה בעל השכלה כללית. אף הוא גידל תלמידים רבים בעברית ובלימודי היהדות. עם הקמת בית־הספר „תרבות" עבד גם הוא יחד עם גבריאל פישמן בבית־הספר, עד ששניהם הוזמנו להיות מורים בבית־הספר „תרבות" באונגן, ומשם עלו כעבור כמה שנים ארצה. אחד מראשוני המורים בבית־הספר „תרבות" היה ברוך יאשטשיקמן (חתנו של הרב אֶפלבוים), שעבר אחר־כך ליידינץ הסמוכה. מורה אחר, שחינך עוד קודם תלמידים ותלמידות באורח מודרני, היה המורה אייזנשטיין, שיחד עם אשתו ניהלו בית־ספר עברי ואחר כך עברו ליאס.

בית־הספר „תרבות" התפתח במשך הזמן וחינך חלק גדול של ילדי בריטשיבה עד 1940. במשך הזמן שימשו שם בהוראה מנהלים ומורים שונים, כגון אלה הזכורים לי: ז. אגרס (איגרת), המנהל נוטה ואשתו, המורה זאבראנסקי, פיני גולירגאנט, זאב שצ׳יגליק. ילדי בריטשיבה למדו גם בבית־הספר הממשלתי. קורותיו של בית־ספר זה הן טיפוסיות: עם היכנס הרומנים לביסראביה ניתנה תחילה האפשרות ללמד בבתי־הספר הממשלתיים בשפת־האם. כמה יידישיסטים לוחמים פתחו איפוא את בית־הספר הממשלתי בבריטשיבה בשפת ההוראה יידיש. היה זה יאשה דלוגאטש המנהל, והמורה ליידיש היה מוטל גלייזר (שבא לשם כך מרישקאן והשתקע בבריטשיבה), הוא הידוע בכינויו „מוטל יידיש", שהיגר אחר כך לבראזיל. כעבור שנים ספורות ביטל השלטון הרומני את האפשרות להורות ביידיש. לימים אף הורחק יאשה דלוגאטש מההנהלה והוחלף במנהל רומני.

הורי בריטשיבה לא הסתפקו במתן חינוך יסודי לילדיהם: רבים היו שולחים את בניהם ובנותיהם ללמוד בגימנסיות שבבלץ, קישינוב, סורוקה, ובעיקר לכפר בּאראבוֹי הסמוך. לימים הוקמה בבריטשיבה עצמה גימנסיה „תרבות" (בעצם

ד״ר יחיאל איזנשטיין, לייב טענדלער, שמעון גאָלערגאנט, אברהם זאַק, חיים בלאַנק, דוד פעקער, יאָסל קראָטשאַק, ישראל מלך, אברהם בוכמאַן, ברל טענענ־האוז, מאַטעס גוטמאַן, אברהם טראַכטנברויט, וועלוול געלמאַן (בן מרדכי), משה וויטיס, מרדכי סאַנדעלמאַן, מ.(?) רויזנבליט, דער אפּטייקער שפּיראַ, יוסף זאָניס, מ. כהן.

קלאָר, אַז די אינסטרוקציעס וועגן אויפשטעלן דעם אַנשטאַלט האָבן די טוערס און דער דירעקטאָר באַקומען פון „מרכז תרבות״ אין קעשענעוו. דער פאָרשטייער פונעם מרכז, דער אַדוואָקאַט שמואל ראָזנהאופּט, האָט אפילו באַזוכט בריטשעווע, כדי צו זען אויפן פּלאַץ די לאַגע אין פאַרבינדונג מיטן אויפשטעלן די גימנאַזיע און פון דער פאָלק־שול און קינדער־גאָרטן פון „תרבות״.

אין אַ קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז דערשינען אין „אונזער צייט״ פונעם 28 מאַי 1937, געשריבן פון א. בן־משה (אַלטער פישביין), ווערט דערציילט, אַז לויט די פאָדערונגען פונעם בילדונג־מיניסטעריום דאַרף מען אויפבויען אַ פּאַסיקן בנין פאַר דער גימנאַזיע „תרבות״*. נאָך דעם וואָס דער פאָרשטייער פון „מרכז־תרבות״ האָט באַזוכט דאָס פּלאַץ, איז אויסגעוועלט געוואָרן אַ קאָמיטעט אויפצו־שטעלן דעם געהעריקן בנין, אין פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: חיים בלאנק (פאָר־זיצער), ישראל מלך (וויצע־פאָרזיצער), דוד פעקער, אברהם זאַק, יעקב פיינסמאַן, לייב טענדלער, מאַטעס גוטמאַן, חיים בליקשטיין, מרדכי סאַנדעלמאַן, אברהם טראַכטנברויט, לייב דאַווידאָוויטש, יאָסקע שפּילבערג, נטע פּילאַט, וועלוול געלמאַן, מ. נוטע, יאָסל קראָטשאַק, בעני זיסמאַן, יאָסל טראַכטנברויט, מאָטל שלופמאַן, עזריאל פּאָלאַק. דער קאָמיטעט האָט דורכגעפירט אַ באַלדיקע אַקציע, וואָס האָט אַריינגעבראַכט 70 טויזנט ליי.

און דאָ וויל איך דערמאַנען די דערציונג, וואָס מ׳האָט געגיבן בריטשעווער קינדער אין שול־ראַמען, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. ס׳איז געווען אַ שול פונעם טיפּ, וואָס די „חברת מפיצי השכלה״ האָט געמאַכט, און איז אויפגע־שטעלט געוואָרן דורך דער געזעלשאַפט יק״א. דאָס לערנען איז געווען אין דער רוסישער שפּראַך, אויך אַלגעמיינע לימודים, און העברעיש אויפן שפּיץ מעסער. דער דירעקטאָר פון דער שול איז געווען אַ ייד, וואָס איז געקומען פון דער ליטע, און זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען שאפראן; דער אַנדערער לערער אין שול איז געווען מענדל סלוצקי, אויך אַ ליטוואַק. די שול האָט געהאַט צוויי קלאַסן, און געלערנט האָבן דערעיקרשט מיידלעך. ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, איז די שול געבליבן אָן עקזיסטענץ־מיגלעכקייטן, און דער דירעקטאָר שאפראן האָט זיך אומגעקערט קיין ליטע (אָדער מינסקער געגנט?). איך געדענק ווען די שול איז געווען אין הויז ווו שפּעטער האָט געוווינט נחמן רויזנבליט (נחמן אליה׳ס).

---

* זע וועגן דעם אינעם בריוו, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו ד״ר איינשטיין אין בראזיל.

היתה זו פרוגימנסיה בלבד). המנהל הראשון היה שם דוד קימלפלד (מת אחר כך בארץ). אחריו בא לנהל את הגימנסיה שבתי בודקאר, שהתמיד בניהולו עד בוא הסובייטים. מזכיר הגימנסיה היה בנימין צאוואליר. המורים לעברית היו: לכתחילה — לייב קופרשטיין (עכשיו בארץ), ואחר כך פיני גולירגאנט, שעבר מבית־הספר היסודי „תרבות".

וראויים להיזכר כאן העסקנים, שעמלו הרבה למען ייסודה וביסוסה של הגימנסיה. אני מצטט כאן את שמותיהם לפי הכתבה, שנתפרסמה ב„אונזער צייט" מיום 24 באפריל 1935: ד"ר יחיאל איינשטיין, לייב טנדלר, שמעון גולירגאנט, אברהם זאק, חיים בלאנק, דוד פקר, יוסף קרוטשאק, ישראל מלך, אברהם בוכמן, ברל טנגהאוז, מַתת גוטמן, אברהם טראכטנברויט, ואֶלוול גלמן, משה ויטיס, מרדכי סאנדלמן, מ. רויזנבליט, הרוקח שפירא, יוסף זוניס, מ. כהן.

ברור, שאת ההדרכה להקמת המוסד קיבלו העסקנים והמנהל ממרכז „תרבות" בקישינוב. נציג המרכז, עורך־הדין שמואל רוזנהויפט, אף ביקר בבריטשיבה כדי להכיר במקום את הבעיות הכרוכות בקיום הגימנסיה ובקיומם של בית־הספר העממי וגן־הילדים של „תרבות".

בכתבה שנתפרסמה ב„אונזער צייט" מיום 28 במאי 1937 בחתימת א. בן־משה (אלתר פישביין), מסופר כי לפי דרישות משרד החינוך יש לבנות בניין מתאים לגימנסיה „תרבות" *. אחרי שבא־כוח מרכז „תרבות" ביקר במקום נבחר ועד להקמת הבניין, בהרכב הבא: חיים בלאנק (יושב־ראש), ישראל מלך (סגן־יו"ר), דוד פקר, אברהם זאק, יעקב פיינסמן, לייב טנדלר, מתת גוטמן, חיים בליקשטיין, מרדכי סאנדלמן, אברהם טראכטנברויט, לייב דווידוביץ, יוסקה שפילברג, נטע פילאט, ואֶלוול (בן מרדכי) גלמן, מ. נוטה, יוסף קרוטשאק, בני זיסמן, יוסל טראכטנברויט, מוטל שלופמן, עזריאל פולאק. הוועד העביר מגבית מידית, שהכניסה 70 אלף ל"י.

וכאן יש להזכיר את החינוך שניתן לילדי בריטשיבה עוד לפני מלחמת־העולם הראשונה במסגרת של בית־ספר. היה זה מטיפוס בתי־הספר של „חברת מפיצי השכלה" ברוסיה, שהוקם בבריטשיבה על־ידי חברת יק"א. הלימוד היה לשם הקניית השפה הרוסית וקצת לימודים כלליים יחד עם משהו של לימוד עברי. מנהלו של בית־הספר היה יהודי, שבא מליטא, ושם משפחתו שאפראן; שני לו בהוראה בבית ספר זה היה מנדל סלוצקי, אף הוא יוצא ליטא. בית־הספר

* וראה על כך גם במכתב, שנשלח אל ד"ר איינשטיין בבראזיל.

אָבער אין יענע יאָרן האָבן בריטשעווער עלטערן געגיבן זייערע קינדער אַ יידישע, העברעישע דערציונג, און וועגן לערנען רוסיש און אַלגעמיינע לימודים פלעגן גיבן פריוואַטע שטונדן (פאַר יחידים אָדער פאַר קליינע גרופּן) פאַרשידענע לערערס אין פאַרשידענע צייטן. איך געדענק, למשל, פאָלגנדיקע פריוואַטע לערערס: ציקינאַווסקי, וואַסערמאַן, נאַקמאַן, (די אַלע זענען געקומען קיין בריטשעווע אין דער מלחמה־צייט אַלץ „האָזן", דהיינו, זיך אויסבאַהאַלטן פון גיין אין דער צאַרישער אַרמיי), משה וויטיס, יחזקאל בעניקאָוו, לייבוש קויפמאַן (דער ברודער פון סימע רויזנבליט), פעסיע באַרג (די שוועסטער פון דודי באַרג), אידע וויינשטיין, יאָסל לאַנדאו. צום ביישפּיל: איך געדענק אַ זומער, ווען יחזקאל בעניקאָוו האָט געהאַט אַזאַ גרופּע פאַר רוסישע לימודים, אין וועלכער איך האָב זיך באַטייליקט אַלץ שילער. די אַנדערע שילער זענען געווען: זוסיע שפּילבערג, הינדע בלאַנק, בערטע און מיין שוועגערין ראָזע ליכט, ענצי שפּילבערג, זיסל (בת אברהם) שפּילבערג, ישראל בלאַנק, פּייוול בלאַנק, עטל גון, העניע געלמאַן, אסתר ווייצמאַן.

סע זענען געווען עלטערן, וואָס האָבן געשיקט לערנען זייערע קינדער אין גימנאַזיעס נאָך פאַר דעם וואָס בעסאַראַביע איז געוואָרן אַ טייל פון רומעניע. ווייניק זענען זיי געווען, אָבער דאָך די ערשטע שוועלבעלעך. זיי האָבן געלערנט אין אָדעס, אין מאָלעוו־פּאָדאָלסק, אין סאָראָקע. מיט דער צייט זענען אַ סך אַרויסגעפאָרן לערנען אין די העברעישע און אין די רעגירונג־גימנאַזיעס פון די אַרומיקע שטעט. און אַזוי זענען שוין אין בריטשעווע געווען די ערשטע סטודענטן, וואָס זענען געפאָרן לערנען אין די אוניווערסיטעטן פון אויסלאַנד: יחיאל איינשטיין, איך, בערטע, אסתר ווייצמאַן, פרידע גליקמאַן, און דערנאָך שלום זאַק (איצט פּראָפעסאָר פאַר פילאָזאָפיע אין פראַנקרייך), מוסיע בלאנק (איצט אין בראַזיל).

ט

געזעלשאַפטלעך און אידייאיש האָט אונדזער שטעטל געהאַט אַ טיפּישע אַנטוויקלונג אונטער דער ווירקונג פון די געשעענישן אין דעם אידייען־גאַנג אין דער יידישער וועלט. דאָס שטעטל האָט אוודאי געפירט אין משך פון אַ סך יאָרן אַ שטייגער־לעבן אין גייסט פון חסידות. אָבער ביסלעכוויז האָבן אַריינגעדרונגען די אידייען פון השכלה און פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. על כל פנים, איך געדענק, אַז שוין אין מיין פריער קינדהייט זענען געווען ציוניסטישע טוערס אין שטעטל. מיט דער צייט האָט זיך דער קרייז פאַרברייטערט. גבריל פישמאַן'ס באַזעצן זיך אין בריטשעווע האָט געדינט אַלץ אָנהייב פאַר דעם דאָזיקן פאַרברייטערן זיך. ער איז געווען אַלע זיינע יאָרן אין בריטשעווע דער איניציאַטאָר און דער צענטראַליזאַטאָר פון יעדע נאַציאָנאַלע־ציוניסטישע אַקטיוויטעט. און כאָטש שפּעטער האָט זיך די ציוניסטישע באַוועגונג צעשפּאַלטן (אויך אין בריטשעווע) אין פאַר־

התקיים במסגרת של שתי כיתות, ולמדו בו בעיקר בנות. משפרצה מלחמת־העולם הראשונה ניטלה אפשרות קיומו של בית־הספר, והמנהל שאפראן חזר לליטא מולדתו. מה שזכור לי הוא, שבית־הספר התקיים בבית שבו התגורר אחר כך נחמן רויזנבליט (נחמן אליה׳ס).

אבל בדרך כלל היו הורי בריטשיבה נותנים לילדיהם חינוך יהודי עברי, ואילו לשם רכישת השפה הרוסית ולימודים כלליים היו ניתנים שיעורים פרטיים (ליחידים או בקבוצות קטנטנות) על־ידי מורים שונים בזמנים שונים. זכורים לי, למשל, המורים הפרטיים הבאים: ציקינובסקי, ואסרמן, נאקמן (אלה באו לבריטשיבה בימי המלחמה כ״ארנבות״, כלומר כמתחמקים משירות בצבא הצאר), משה ויטיס, יחזקאל בניקוב, לייבוש קויפמן (אחיה של סימה רויזנבליט), פסיה בארג (אחותה של דודי בארג), אידה ויינשטיין, יוסף לאנדאו.

ולשם הדגמה: זכור לי אותו קיץ, שיחזקאל בניקוב קיים לימודי רוסית בקבוצה, שאני השתתפתי בה. יתר המשתתפים בלימודי קבוצה זו הזכורים לי היו: ברתה וגיסתי רוזה ליכט, הינדה בלאנק, זוסיה שפילברג, אחותו אנצי שפילברג, זיסל (בת אברהם) שפילברג, ישראל בלאנק, פייוול בלאנק, אֶטל גוּז, הניה גלמן, אסתר וייצמן.

אבל היו הורים ששלחו את בניהם ובנותיהם לגימנסיה כבר לפני סיפוחה של ביסראביה לרומניה. מעטים היו, אבל בכל זאת סנוניות ראשונות. אלו למדו באודיסה, במוהילוב־פודולסק, בסורוקה. ברבות הימים יצאו רבים ללמוד בגימ־נסיות העבריות ובממשלתיות שבערי המחוז. והנה גם הסטודנטים הראשונים, שיצאו ללמוד באוניברסיטאות שמחוץ לרומניה: יחיאל אייזנשטיין, אני, ברתה, אסתר וייצמן, פרידה גליקמן, ואחר כך מוסיה בלאנק (כעת בבראזיל), שלום זאק (המכהן עתה כפרופיסור לפילוסופיה בצרפת).

ט

מבחינה ציבורית ואידיאולוגית היתה עיירתנו נתונה להתפתחות טיפוסית בהשפעת המאורעות והלך־הדיעות בעולם היהודי. העיירה ניהלה בוודאי משך שנים רבות אורח חיים ברוח החסידות. אבל קימעה־קימעה חדרו גם רעיונות של ההשכלה ושל התנועה הלאומית. על־כל־פנים, זכור לי שכבר בימי ילדותי היו ציונים פעילים בעיירה (ביניהם אבי) ותורמים ליישוב ארץ־ישראל. ברבות הימים נתרחב המעגל. השתקעותו של גבריאל פישמן בבריטשיבה שימשה פתח

טייען, איז אין די ערשטע יאָרן, דהיינו ביז 1917, אַן ערך, נישט געווען קיין חילוק אין די מיינונגען אָדער אין די טאַטן. און נאָך אַ זאַך: שפּענדונגען און באַשטייערונגען, לערנען העברעיש און לייענען יידישע פּרעסע, אַלטע און נייע ל״טעראַטור — דאָס אַלעס איז געווען ווי איין שיכט פון אַקטיוויטעט.

אַרום גבריאל פישמאַן האָט זיך קאָנצענטרירט אַ נישט־גרויסער קרייז פון בריטשעווער, וואָס פלעג זיך צונויפנעמען פון צייט צו צייט, כמעט יעדן שבת, אין אַ הויז; ס׳רוב איז עס געווען טאַקע באַ גבריאל פישמאַן, אַמאָל אויך באַ אונדז אין הויז, און אַמאָל אין אַנדערע הייזער. גבריאל פישמאַן האָט דעמלט געוווינט אין דער אונטערשטער טייל פון משה ראַבינאָוויטשעס הויז. איך געדענק עטלעכע מענטשן פון דעם קרייז: מיין פאָטער, משה־יאָסל גאָלד, משה אהרנזאָן, חיים בלאָנק (סאַנע שוחט׳ס איידעם), דוד בערמאַן, פּסח יאַמפּאָלסקי. שפּעטער איז צוגעקומען משה שטולמאַן (דער איידעם פון מונימיס) און איציק ווייסבערג, וואָס איז געקומען קיין בריטשעווע פון ליפּקאַן. אין דעם קרייז פלעגן פירן שמועסן וועגן נאַציאָנאַלע פראַגן, וועגן אַקטועלע פּראָבלעמען, וועגן ליטעראַטור; מע פלעג לייענען אַרטיקלען און פירן דיסקוסיעס; פּלאַנירן טאַטן. אַמאָל פלעג מען דערביי עפּעס עסן און טרינקען ביער, און פאַרענדיקן פלעג מען מיט זינגען אין דער גרויקייט פון בין־השמשות.

ביסלעכווייז זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער נאַציאָנאַלער טעטיקייט כ׳רוב איינוווינער פונעם שטעטל. איך געדענק אַן אינטערעסאַנטע מעשה: אין אַ סך הייזער פלעגן הענגען ר׳ מאיר־בעל־נס־פּושקעס, און דאַכט זיך, אַז סע פלעג עמעצער אַראָפּקומען איין מאָל אין אַ יאָר אָדער צוויי און אויסליידיקן די פּושקעס און איבערשיקן דאָס געלט וווהין מ׳האָט געשיקט. אָבער אין די יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג זענען קיין שליחים נישט געקומען אויף אויסצוליידיקן. האָבן זיך אַנגעזאַמלט נישט ווייניקע געלט־סומען און אָן שום נוץ. דערווייל זענען אָנגעקומען ידיעות וועגן הונגער, וואָס האָט דעמלט געהערשט אין ארץ־ישראל — האָבן די מענטשן פונעם קרייז באַשלאָסן צונויפנעמען די געלטער פון די פּושקעס און עס איבערשיקן קיין ארץ־ישראל. פאָרלעכווייז זענען זיי געגאַנגען פון הויז צו הויז אויסליידיקן די פּושקעס, און די זאַך איז נישט געווען לייכט. נישט נאָר דערפאַר וואָס סע זענען געווען רעגנס און קעלטן און בלאָטעס, און דאָס גיין אַליין איז געווען זייער שווער, נאָר סע זענען געווען טענות קעגן דער גאַנצער זאַך. איך געדענק, אַז גבריאל פישמאַן מיט מיין טאַטן, וואָס זענען געגאַנגען אין דער פּאָר, האָבן אַריינגעכאַפּט בזיונות און אָנפאַלן מצד אַלטע יידענעס, וואָס האָבן זיך באַצויגן צום איבערפירן געלטער פון ר׳ מאיר־בעל־נס וועגן ישוב־ארץ־ישראל — ווי צו אַ חילול הקודש. אָבער די אַקציע איז דורכגעפירט געוואָרן מיט ניצחון, און פון דעמלט האָט שוין די קרן־קיימת־פּושקע געהאָנגען אין יענע הייזער — (זע דעם באַשטעטיקונג־בריוו, געחתמעט פון מ. אוסישקין).



גימנזיסטיות ראשונות / ערשטע גימנאַזיסטקעס / באראבוי :
טויבה שפילברג, שרה באראד, הינדה בלאנק, חוה גלמן, ? חנה מסטר, חוה גלמן,
ברתה ליכט, אֶתל גון, זיסל שפילברג, רוזה ליכט, שבע אַפלבוים, אסתר וייצמן, הנצי שפילברג

**Еврейскій Національный Фондъ**

(KEREN KAJEMETH LE JISROEL), LIMITED.

Зарегистрированъ въ Лондонѣ 8 апр. 1907.

ГЛАВНОЕ БЮРО ДЛЯ РОССІИ.

А Д Р Е С Ъ

для денежной и всякой корреспонденціи:

Л. Черниховеру, Москва, Покровскій бульв.,4 кв. 37.

№ ..........

# קרן קימת לישראל.

הלשכה הראשית בשביל רוסיה.

מוסקבה, יום 28 לחדש תמוז שנת 1917

אל אגודת בני ציון בבריזבו

שלום וברכה!

חברים נכבדים!

הננו מאשרים קבלת מכתבכם מיום ג' בסיון. ביום 18 לח"ז קבלנו מכם ע"י החבר מר [illegible] סך 19.80 רו"ב. בבקשה לשלוח תעודות על הה"ק. את התעודות נשלח לכם בסוף השבוע.

בטח קבלתם את מכתבנו מיום 18 לח"ז ואת כל הקונטרסים החדשים לרשימות וגם [illegible] רשימה בספר הזהב. אנו שולחים לכם את הקול-קורא הזה ומבקשים שתעשו תעמולה והשתדלו להשיג כסף לתשלום הנוכחי [illegible].

מחכים אנו לתשובה מהרה ולמכתבים תכופים.

בכבוד וברכת ציון

בשם לשכת הקרן הקיימת

Т=щ Г. Фришманъ

Бухгалтеръ, весь. ..[illegible]

המזכיר ד"ר [illegible]

איך געדענק אויך אַ צוזאַמענטרעף אין הויז פון דודי באַרג (וואָס האָט דעמלט געוווינט אין הויז פון חיים־אהרן אייזנשטיין), ווען ס'האָט זיך באַקומען די ידיעה וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע. די מלחמה איז נאָך געגאַנגען, און יעדע צונויפ־זאַמלונג איז געווען פאַרבאָטן, דערפאַר האָט מען נישט געקענט מאַכן אַ גרויסע אסיפה אין אַ שול, און מ'האָט זיך באַגענוגט מיט חברישן צוזאַמענקום אויף אָפּצושעצן די געשעעניש. דעמלט איז אויך געווען גבריאל פישמאַן פון די ערשטע רעדנערס.

להתרחבות זאת. הוא היה משך כל ימי שבתו בבריטשיבה היוזם והמרכז של כל פעולה לאומית־ציונית. ואם כי במאוחר יותר התפצלה התנועה הציונית (גם בבריטשיבה) למפלגות, הרי בשנים הראשונות, כלומר עד ל־1917 בערך, לא היה מורגש כל שוני שבדיעות ובמעשים. ועוד: תרומות והתרמות, לימוד עברית וקריאה בעיתונות יידיש, ספרות עתיקה וספרות חדשה — הכל היווה מיקשה אחת של פעילות.

מסביב לגבריאל פישמן התרכז מעין חוג לא גדול של בריטשיבאים, שהיה מתכנס לעיתים מזומנות, כמעט מדי שבת, באיזה בית; על־פי־רוב היה זה בביתו של גבריאל פישמן עצמו, לפעמים גם בביתנו, ובוודאי גם בבתים אחרים. גבריאל פישמן היה גר אז בדירה קטנה בחלקו האחורי של בית משה רבינוביץ. וזכורים לי אנשים אחדים מהחוג הזה: אבי, משה־יוסל גולד, משה אהרנזון, חיים בלאנק (חתנו של נתנאל השו"ב), דוד ברמן, פסח יאמפולסקי. לימים נוספו עליהם גב משה שטולמן (חתנו של מונימיס) ואיציק וייסברג, שבא לבריטשיבה מליפקאן.

בחוג הזה היו מקיימים שיחות בשאלות לאומיות, בענייני דיומא, על נושאים ספרותיים, קוראים מאמרים ומתווכחים; מתכננים פעולות; לפעמים היה הכל מתובל בטעימה כלשהי ובשתיית בירה ומסתיים בשירה באפלולית של בין־השמשות.

לאט־לאט נמשכו לפעולה הלאומית רוב תושבי העיירה. זכורה לי אֶפיזודה מעניינת: בבתים רבים היו תלויות קופסות של ר' מאיר בעל־הנס, והיה בא, כנראה, איזה שליח פעם בשנה־שנתיים לרוקן את הקופסות ומעביר את הכסף למקום שהעביר. אבל בשנות מלחמת העולם הראשונה לא היו שליחים באים להרקה. נצטברו איפוא כספים לא מעטים וללא תועלת. בינתיים הגיעו ידיעות על הרעב השורר בארץ — ואז החליטו אנשי החוג לאסוף את הכסף מהקופסות ולהועידו למשלוח לארץ. זוגות־זוגות עברו מבית לבית ורוקנו את הקופסות, והדבר לא היה קל. לא רק משום שהיו אז ימי גשמים וקור ובוץ, ועצם ההליכה היתה מפרכת, אלא שהיו גם טענות נגד עצם המעשה; זכור לי שגבריאל פישמן עם אבא שלי, שהיוו זוג, ספגו עלבונות והתנפלויות מצד זקנות, שראו בהעברת הכספים מר' מאיר בעל־הנס ליישוב ארץ־ישראל — חילול הקודש. אבל המיפעל נסתיים בנצחון, ומאז התנוססה קופת הקרן־הקיימת בכל אותם הבתים.

כן זכורה לי התכנסות בביתו של דודי בארג (שהתגורר אז בביתו של חיים־אהרן אייזנשטיין), כשהגיעה הידיעה על הצהרת בלפור. המלחמה היתה

ווען ס'האָט זיך געגרינדעט דער קרן־היסוד איז ווידער גבריאל פישמאַן געווען צווישן די ערשטע טוערס. דאָס זעלבע ווען ס'האָט זיך געגרינדעט די קהילה אין די רומענישע צייטן, שוין אָפּגערעדט פון דער נאַציאָנאַלער־יידישער אָרגאַניזירונג וואָס נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע. איך געדענק וויאַזוי ס'האָט זיך דעמלט געפירט אַ געראַנגל צווישן פאַרשידענע ציוניסטישע פראַקציעס, ווען ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין בריטשעווע. די וואַלן האָבן זיך געפירט לויט אַבסאָלוטע דעמאָקראַטישע געזעצן. יעדער בריטשעווער פון 18 יאָר און העכער האָט געהאַט וואַל־רעכט; די וואַלן זענען פאָרגעקומען לויט פּערסאָנאַלע צעטלען, און די ווילער האָבן אַריינגעוואָרפן זייערע צעטלעך אין אַ גרויס קעסטל, וואָס האָט געהאָנגען אין דער פאָלק־ביבליאָטעק. דערנאָך האָט מען איבערגעציילט די שטימען, און לויטן רעזולטאַט איז אויסגעוויילט געוואָרן דער קאָמיטעט. כאָטש אַזוי האָט ער נישט אָנגעהויבן תיכף צו אַרבעטן — פאַרוואָס?

איך מוז מיך אומקערן אַביסל צוריק. אין די מלחמה יאָרן איז געווען אַן אויפברויז צווישן דער עלטערער יוגנט אין בריטשעווע. „די האָזלעך", וואָס זענען געקומען פון פאַרשידענע ערטער אין בעסאַראַביע און פון יענער זייט נעסטער,

למר גבריאל פישמן!

בבית הת"ת.

א. לרמן
מ. בוטשאטשר
ב. צימרמן

1915: בני־הנוער נטלו על עצמם את הדאגה לקיום ה„תלמוד־תורה" והכניסו שמה גם לימודי־חול; הם עצמם היו המורים / די עלטערע יוגנטלעכע האָבן אויף זיך גענעמען אויסצוהאַלטן די תלמוד־תורה און אויך איינגפירט וועלטלעכע לימודים; זיי אַליין זענען געווען די לערערס

על ההזמנה חתומים / אויף דער פאַרבעטונג זענען געחתמעט: אלתר לרמאַן, מרדכי בוטשאטשר, ברוך צימרמאַן

עדיין בעיצומה, וכל התכנסות היתה אסורה מטעם השלטונות, ועל־כן אי־אפשר היה לערוך אסיפה בהיקף גדול באיזה בית־כנסת. הסתפקו איפוא בהתכנסות חברית להערכת המאורע, ואף אז היה, כמובן, גבריאל פישמן מראשי המדברים.

עם היווסד קרן־היסוד שוב היה גבריאל פישמן בין ראשי העושים והמעשים, והוא הדין ביחס לקהילה שנוסדה בימי הרומנים, שלא לדבר כבר על ההתארגנות

**КОМИТЕТЪ**
ОБЩЕСТВА
**вспомоществованія евреямъ**
**земледѣльцамъ и ремесленникамъ**
**въ Сиріи и Палестинѣ.**
25 октября 1917
№ [redacted]
г. ОДЕССА.
Авчиниковскій пер. 12.
Телефонъ № 24/35.

**ועד החברה**
לתמיכת בני ישראל
עובדי אדמה ובעלי מלאכה
בסוריא ובארץ־ישראל
אודיסה.

*Господину*
Г. Фишману
Кол. Бринево
Бесс.

אדון נכבד!

קבלנו את הסך ששים ושבעה רו"כ ועשר קאפ' (67 רו"כ 10 ק')
ששלה לנו כבודו ביום טו לח' אקטובר ורשמנו אותו בספרי־החשבון לפי הוראתו במכתבו בתור עזרת מקופות רמבעה"ן.
ואנו מודים לך תודתנו, ושכרך כפול.
ומבקשים אנו לכתוב גם את השמות של הנותנים, כפי דרכנו.*)

בכבוד וברכת ציון

ראש הועד
מ. אוסישקין

מנהל החשבונות ו. בשנאיר

*) № 336, 1–14

אישור על קבלת הכסף שנאסף מקופת רבי מאיר בעל־הנס

באַשטעטיקונג פונעם באַקומען די געזאַמלטע געלטער פון מאיר־בעל־הנס־פושקעס

האָבן געפונען אין בריטשעווע אַ מקום־מקלט און אַ באַהעלטעניש, און צווישן זיי זענען געווען אינטעליגענטע בחורים מיט אַ באַשטימטער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע. זיי האָבן געווירקט אויף די יוגנטלעכע אין בריטשעווע. מ׳האָט אָנגעהויבן זיך צונויפקומען, צו לערנען, אַריינטיפן זיך און דיסקוסירן, פאַרנעמען זיך מיט דער געשיכטע פונעם יידישן פאָלק, מיט נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע טעאָריעס, מיט תנ״ך — איז נאָך דעם וואָס די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן און די ווינטן פון פרייהייט זענען אָנגעקומען אויך קיין בריטשעווע, האָבן די יוגנטלעכע אָנגעהויבן זיך אָרגאַניזירן. זיי האָבן שוין געוווּסט, אַז אויך דער ציוניזם האָט פאַרשידענע ריכטונגען. פון זיי האָט זיך באַזונדערס אָנגעזעען מרדכי בוטשאַטשער (דער זון פון נחמיה); ער איז געווען אַ זייער באַגאַבטער, וואָס נאָך פאַר דער מלחמה איז ער, אינאיינעם מיט מויסיי וויינשטיין, געפאָרן לערנען אגראָנאָמיע אין אַ ספּעציעלער שול, וואָס די געזעלשאַפט יק״א האָט געגרינדעט ערגעץ אין ליטע. ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט אויף די זומער־וואַקאַנסן פון 1914 קיין בריטשעווע, האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, און זיי זענען געבליבן שטעקן אין שטעטל און זיך נישט אומגעקערט אין שול.

מרדכי בוטשאַטשער איז אַליין געווען אַקטיוו און געמאַכט יענעם אַקטיוו. ער האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט מאָלעוו־פּאָדאָלסק, תחילת צוגעשטאַנען צו „צעירי־ציון“, איבערגעגאַנגען גיך צו „פּועלי־ציון“, און צום סוף געוואָרן אַ קאָמוניסט, און אין יאָר 1921 אַרעסטירט געוואָרן דורך דער רומענישער מאַכט פאַר „באָלשעוויסטישער אַגיטאַציע“. אַרום אים האָבן זיך תחילת (ווען ער איז געווען אַ ציוניסט) קאָנצענטרירט די בעסטע יוגנטלעכע, בחורים און מיידלעך, פאַר פאַרשידענע אַקציעס. איך וועל, למשל, דערמאַנען די וויינשטיינס, די לעווינטאַלס, מענדיק פרידמאַן און זיין שוועסטער ליזע, באָנאָפּאַרט (וואָס איז אַנטלאָפן פון רומעניע קיין בריטשעווע אין די מלחמה־יאָרן, ווען רומעניע איז אַריין אין קריג), שרה רויזנבליט, יאַשע שאַרפשטיין און זיינע שוועסטער, אברהם זאַק, חיים זיסמאַן און אַ סך אַנדערע. די דאָזיקע גרופּע האָט זיך, געוויינטלעך, באַטייליקט אין די וואַלן צו דער ציוניסטישער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע, אָבער דעמלט איז טאַקע פאָרגעקומען די שפּאַלטונג: אייניקע פון זיי זענען צוגעשטאַנען אידייאיש צו די עלטערע, און אַנדערע האָבן געפאָדערט פאַר זיך אַ גרעסערע פאָרשטייערשאַפט: איך געדענק, למשל, אַז אידע לעווינטאַל איז דווקא צוגעשטאַנען צו די עלטערע און אויסגעקליבן געוואָרן אין קאָמיטעט. צום סוף האָט מען זיך איבערגעבעטן, און דאָס איבערבעטן איז פאָרגעקומען אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין זאַל בא יעקל פּראַטשקאַר (דאָרט פלעג מען אויך שפּילן טעאַטער). אָבער נאָך אַ שטיקל צייט איז די אייניקייט צעשטערט געוואָרן, און בריטשעווע איז געגאַנגען אין וועג פון דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג — צעטיילט אין פאַרטייען.

איך דאַרף דאָ דערמאַנען נאָך אַ זאַך: די אויוונדערמאָנטע יוגנטלעכע, וואָס אייניקע פון זיי זענען שוין געווען מיט אַ ליטעראַרישן געשמאַק, האָבן אַרויסגעגיבן

היהודית־הלאומית שלאחר פרוץ המהפיכה הרוסית. זכור לי כיצד התנהל אז המאבק בין סיעות ציוניות שונות עם הקמת הסתדרות ציונית בבריטשיבה. הבחירות התנהלו לפי כללי הדימוקראטיה המוחלטת. כל אחד מגיל 18 ומעלה היה בעל זכות בחירה; הבחירות עצמן התקיימו לפי רשימות אישיות, והבוחרים הטילו פתקיהם בקלפי גדולה, שהיתה תלויה בספריה הציבורית. אחר כך נמנו הקולות, ולפי זה נבחר הוועד. ואף־על־פי־כן לא התחיל תיכף לפעול. ועל שום מה?

עלי לחזור קצת אחורה. בשנות מלחמת־העולם הראשונה היתה תסיסה בקרב הנוער המבוגר (הלא־לומד) אשר בבריטשיבה. „הארנבות", שבאו ממקומות שונים בביסראביה ומעבר לדניסטר (ואחר כך גם מרומניה), מצאו להם בבריטשיבה מקום־מיקלט ומסתור, והיו ביניהם בחורים משכילים ובעלי־אידיאולוגיה לאומית. הם־הם שהשפיעו גם על בני־נוער מבריטשיבה. התחילו מתכנסים, לומדים, מלמדים, מעיינים בצוותא ומתווכחים, עוסקים בהיסטוריה של העם היהודי, בתורות לאומיות והברתיות, בתנ"ך — והנה, לאחר שפרצה המהפיכה בפברואר 1917, ורוחות החופש הגיעו גם לבריטשיבה, החלו בני־הנוער להתארגן. הם ידעו כבר על כיוונים שונים בתורת הציונות. מביניהם התבלט בעיקר מרדכי בוטשאטשר (בנו של נחמיה); זה היה בעל כשרונות, שעוד לפני המלחמה יצא הוא, ואתו יהד משה (מויסיי) ויינשטיין, ללמוד חקלאות בבית־ספר מיוחד, שנוסד אי־שם בליטא על־ידי חברת יק"א. כשחזרו לימי החופשה של 1914 לבריטשיבה, פרצה המלחמה, והם נתקעו בעיירה, בלי שיוכלו לחזור לבית־הספר.

מרדכי בוטשאטשר היה פעיל ומפעיל. הוא קשר קשרים עם מוהילב־פודולסק, הצטרף תחילה ל„צעירי ציון", עבר מהר ל„פועלי ציון" — וסופו שנהפך לקומוניסט, ובשנת 1921 נאסר על־ידי השלטונות הרומניים על היותו „תעמלן בולשביק". סביבו התרכזו בהתחלה (בימי היותו ציוני) הטובים שבבני־הנוער, בחורים ובחורות, למען פעולות שונית. אזכיר, למשל, את הוויינשטיינים, את הלווינטאלים, את מנדיק פרידמן ואת אחותו ליזה, את בונופארט (שברח מרומניה לבריטשיבה בימי מלחמת העולם, כשרומניה נצטרפה אף היא למלחמה), את שרה רויזנבליט, את יאשה שארפשטיין ואחיותיו, את אברהם זאק, את חיים זיסמן ורבים אחרים. הקבוצה הזאת השתתפה, כמובן, בבחירות להסתדרות הציונית, אבל אז חל פילוג: אחדים הצטרפו בדיעותיהם אל הוותיקים, ואחרים דרשו נציגות גדולה ולעצמם. זכור לי, למשל, שאידה לווינטאל הצטרפה לוותיקים ואף נבחרה לוועד.

אַן אייגענעם ארגאַן אויף רוסיש, מיטן נאָמען „פונקען אין דער פינצטער״; מ׳האָט דאָרט פאַרעפנטלעכט לידער, דערציילונגען און פובליציסטיק. די נומערן זענען דערשינען אין האַנט־שריפט אין איין און־איינציקן עקזעמפּלאַר, באַצירט שיין דורך מענדיק פרידמאַן. דעם איינציקן עקזעמפּלאַר פלעג מען אַנידערלייגן אויפן טיש אין דער ביבליאָטעק, און ווער ס׳האָט געוואָלט זאָל קומען און לייענען. איך געדענק נישט וויפל נומערן זענען אַרויס, אָבער נישט ווייניק, און זייער ווירקונג איז געווען אַ קענטלעכע, ווייל די זאַכן זענען געווען ערנסטע, ממשותדיקע.

איך דערמאַן מיך נאָך עפּעס, וואָס איז געווען פריער: אַ יאָר אָדער צוויי פאַר דעם איז „דערשינען״ אין בריטשעווע אַן אַנדערע צייטשריפט, אין העברעיש, מיטן נאָמען „הכוכב״ (דער שטערן). די רעדאַקטאָרן זענען געווען: בוזי באַראַד און איך. דהיינו, מיר זענען געווען די מחברים פון די לידער און די סקיצן; מיר פלעגן איבערזעצן פון יידיש און רוסיש; מיר פלעגן איבערשרייבן אַלדינגס מיט שיינער האַנט־שריפט און באַצירן שיין. אַמאָל פלעג זיך באַטייליקן אויך גבריאל פישמאַן, דערעיקרשט אין פּאָלעמיק מיט מרדכי בוטשאַטשער, און דער פלעג אים ענפערן אין אונדזער זשורנאַל. אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, זענען דערשינען זעקס נומערן; זיי פלעגן אויך ליגן פאַר פריי לייענען אין דער געזעלשאפטלעכער ביבליאָטעק.

שפּעטער מיט עטלעכע יאָר איז ווידער געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו אַרויסצו־גיבן אַזאַ צייטשריפט אין העברעיש אין אונדזער קליין שטעטעלע. לויט איך ווייס איז אַרויסגעגאַנגען נאָר איין נומער, רעדאַגירט און געשריבן פון דוד באָנדער און אַלטער שיכמאַן.

אַ קורצע צייט פאַר דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ אויפברויז פון אַן אַנדערן מין. די שפּראָצונגען פון יידישיזם זענען אויפגעגאַנגען און זיך אַנטוויקלט. אַ נייע געזעלשאַפטלעך באַשעפעניש איז געבוירן — די „קולטור־ליגע״. צווישן די אַקטי־ויסטן, וואָס זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער „קולטור־ליגע״, געדענק איך פאָלגנדיקע: יאַשע דלוגאַטש, ד״ר באָריס צוקער, מאָטל גלייזער, פּיני גאָלדנ־בערג, הירש־לייב דענמאַן, אָשר וואָלדמאַן, ליפּע אַלטמאַן, איסאַק זאָנענשיין. בריטשעווע האָט פאַרנעמען אַ וויכטיק פּלאַץ אין דער קולטור־ליגיסטישער באַוועג־גונג. וועגן דעם זאָגן עדות די באַריכטן וועגן די יערלעכע יידישע קולטור־קאָנ־פערענצן פון רומעניע. אָט לייענען מיר אין אַלמאַנאַך „קולטור״ (טשערנאָוויץ 1921, זייט 92), אַז אויף דער ערשטער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין די טעג פון 7—9 יאַנואַר 1921, האָט מאָטל גלייזער (דעמאָלט אַ לערער איז בריטשעווע) באַגריסט אין נאָמען פון די יידיש־שולן אין בעסאַראַביע. אין דער „אַרבעטער־צייטונג״ (טשערנאָוויץ, 15 יאַנואַר 1922) איז געמאָלדן, אַז אין דער צווייטער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין די טעג פון 6—9 יאַנואַר 1922, איז אויס־געוויילט געוואָרן אין צענטראַל־קאָמיטעט (צ.ק.) ד״ר צוקער, איינער פון די צוויי פאַר גאַנץ בעסאַראַביע. אין די טעג פון 6—7 אַפּריל 1923 איז פאָרגעקומען אין

בסופו של דבר באה איזו התפייסות, שהתבטאה באסיפה משותפת באולם של יעקל בעל־המכבסה (האולם ששימש לימים גם להצגות חובבים). אולם לאחר זמן־מה הופר האיחוד, ובריטשיבה הלכה בדרך כל התנועה הציונית — לפלגיה.

וכאן ראוי להזכיר הדבר הבא: בני הנוער המבוגר הנ״ל, שרבים מהם היו כבר בעלי טעם ספרותי, הוציאו לאור ביטאון משלהם בשפה הרוסית, בשם „איסקורקי וו טומאנ׳יא" („ניצוצות באפילה"), שפורסמו בו שירים, סיפורים ומאמ־רים פובליציסטיים. הגליונות יצאו בכתב־יד ובעותק אחד בלבד, מעוטרים יפה על־ידי מנדיק פרידמן. את העותק היחידי היו מניחים על השלחן שבספריה הציבורית, וכל הרוצה יבוא ויקרא. לא זכור לי כמה גליונות יצאו, אבל הם לא היו מעטים, ורישומם היה ניכר, כי הדברים היו רציניים, ממשיים.

ואני נזכר כאן במשהו שקדם לכך: שנה או שנתיים לפני כן „יצא לאור" בבריטשיבה כתב־עת אחר, בעברית, ושמו „הכוכב". העורכים היו: בוזי באראד ואני. דהיינו, אנחנו היינו המחברים את השירים ואת הרשימות; היינו מתרגמים מיידיש ומרוסית; היינו מעתיקים את הכל בכתב־יד יפה ומעטרים הכל בעיטורים. לפעמים היה משתתף גם גבריאל פישמן, בעיקר בדברי פולמוס עם מרדכי בוטשאטשר, וזה האחרון היה עונה לו בעיתוננו. אם איני טועה, יצאו ששה גליונות כאלו; אף הם היו מונחים לקריאה חפשית בספריה הציבורית.

כעבור כמה שנים שוב נעשה נסיון להוציא כתב־עת כזה בעברית בעיירתנו הקטנטונת. לפי ידיעתי יצא רק גליון אחד, ערוך וכתוב כולו בידי דוד בוֹגדר ואלתר שיכמן.

זמן קצר לפני כן התחילה תסיסה מסוג אחר. ניצני היידישיזם, שביצבצו פה ושם, עלו והתפתחו. ברייה ציבורית חדשה באה — „קולטור־ליגה". בין הפעילים שעמדו בראש ה„קולטור־ליגה" זכורים לי: יאשה דלוגאטש, ד״ר צוקר, מוֹטל גלייזר, פיני גולדנברג, הירש־לייב דאֶנמאן, אשר ווֹלדמאן, ליפא אלטמן, איסאק זוֹננשיין.

עד כמה תפסה בריטשיבה מקום חשוב בתנועה ה„קולטור־ליגה" ניתן לראות מתוך הדיווּחים על הוועידות השנתיות של התרבות היידית ברומניה. הנה אנו קוראים בקובץ „קולטור" (צ׳רנוביץ, 1921, עמ׳ 92), שבוועידה הראשונה, שהתקיימה בימים 7—9 בינואר 1921, בירך מוֹטל גלייזר (אז מורה בבריטשיבה) בשם בתי־הספר היידישאיים שבביסאראביה. בעיתון „ארבעטער צייטונג" (צ׳רנוביץ, 15 בינואר 1922) נמסר כי בוועדה השניה, שהתקיימה בימים 6—9 בינואר 1922, נבחר לוועד המרכזי ד״ר צוקר, אחד משני הנבחרים מביסאראביה כולה. בימים 6—7



איציק מאנגר, משה אלטמן, אליעזר שטיינבארג (במשקפיים / אין ברילן), יעקב שטרנברג

טשערנאָוויץ די דריטע קאָנפערענץ, און גלייכצייטיק אויך די קאָנפערענץ פונעם געגנט־קאָמיטעט (ג.ק. פאַר בעסאַראַביע). ד״ר צוקער איז אויסגעוויילט געוואָרן אין פרעזידיום פון דער קאָנפערענץ און דערנאָך אויך אין נייעם געגנט־קאָמיטעט — דאָס אַלץ לויטן באַריכט אין „אַרבעטער־צייטונג" פונעם 13־טן אַפּריל 1923.

און דאָ מוז איך צוגיבן אַ זייער וויכטיקע זאַך: אַ דאַנק דער טעטיק־ײט פון דער „קולטור־ליגע" און אַ דאַנק דעם אויפטרעסלען זיך צו נייע שטראָמען אין יידישקייט, איז בריטשעווע געוואָרן אַ צענטער, וואָס האָט צו זיך צוגעצויגן לעקטאָרס, שרייבערס און גייסטיקע מענטשן. כ'וועל פאַרצייכענען דערעיקרשט די באַזוכן פון די גרעסטע דריי יידיש־שרייבערס אין רומעניע: אליעזר שטיינבאַרג, וואָס ער איז שוין דעמלט געווען זייער באַוווּסט סיי מיט זיינע משלים, סיי מיט זיינע מעשהלעך פאַר קינדער און מיט זיין פּעדאַגאָגישן דרך. ער האָט באַזוכט בריטשעווע עטלעכע מאָל, און איך געדענק באַזונדערס זיין רעפעראַט וועגן „שיר השירים". דער צווייטער, וואָס האָט עטלעכע מאָל באַזוכט בריטשעווע, איז געווען איציק מאַנגער. דאָס ערשטע מאָל האָט ער באַזוכט דאָס שטעטל, ווען ער איז נאָך געווען אין סאָלדאַטסקע קליידער, ווייל ער האָט געדינט אין רומענישן מיליטער; ער האָט קוים באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן זיינע ערשטע לידער, האָט ער זיך שוין קונה שם געווען בײַ די לייענערס, וואָס ער פלעג זיי באַצויבערן מיט זיינע פּאָעטישע רעפעראַטן און רעציטאַציעס, באַזונדערס איינגעקריצט אין מיין

באפריל 1923 התקיימה בצ׳רנוביץ הוועדה השלישית, ויחד עמה ועידת־החבל (ביסאראביה). ד״ר צוקר נבחר לנשיאות הוועידה ואחר כך גם לוועד־החבל החדש — הכל לפי הדו״ח ב„ארבעטער צייטונג״ מיום 13 באפריל 1923.



פרידה מד״ר צוקר / אָפשייד פון ד״ר צוקער: אשר וולדמן, מרדכי זיסמן, יאַשה דלוגאַטש, איסאַק זוננשיין, אלתר לרמן, שמשון טונקל, יאַשה לאַבר, מאסי בוטשאַטשר, שרה מאַלטשוק, ד״ר צוקר ואשתו, שרה באַראַד, מישה שפייאַר, ילדם של הצוקרים, אַטי דלוגאַטש, ברתה ליכט, חנה מסטר

זיכרון האָט זיך זיין רעפּעראַט וועגן ליטעראַרישע פיגורן, מיטן נאָמען „צעשויבערטע קעפּ״. דער דריטער איז געווען דער נאָוועליסט משה אַלטמאַן, וואָס זיין שוועסטער־קינד ליפּע אַלטמאַן פון רישקאַן האָט חתונה געהאַט פאַר זיסל שפּילבערג (אַברהם זוסיעס טאָכטער). איך געדענק זייער גוט זיין רעפעראַט וועגן מענדעלע מוכר־ספרים.

פריער האָב איך שוין דערמאַנט די יידיש־שול, וואָס האָט עקזיסטירט עטלעכע יאָר. דערצו דאַרף מען נאָך צוגיבן דעם פּרווו אויסהאַלטן אַ פּראָפּעסיאָנעלע שול (פאַר נייען) אין דער יידישער שפּראַך, וואָס איז געווען באַ משה שטערנבערג אין הויז (פריער איז דאָרט געווען די פּאָסט), און דאָרט האָט געאַרבעט אַ לערערין מיטן נאָמען קאַלוזשנאיא. ווען די שול איז פאַרמאַכט געוואָרן, האָט זי פאַרלאָזט בעסאַראַביע און איבערגעפאָרן קיין סאָוועט־רוסלאַנד.

אָבער דאָס עיקרדיקע ווערק פון דער „קולטור־ליגע״ איז געווען איר ביבליאָטעק. מוז איך פריער שרייבן עפּעס וועגן דער אַנדערער ביבליאָטעק, די פאָלק־ביבליאָטעק. די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק איז געגרינדעט געוואָרן אין 1913. די איניציאַטאָרס זענען געווען די אויוונדערמאַנטע יוגנטלעכע, וואָס האָבן געלעכצט נאָך אַ בוך און האָבן געזען אין דער גרינדונג פון אַ ביבליאָטעק אַ קוואַל פאַר בילדונג. איך געדענק פאָלגנדיקע ערשטע גרינדערס: ברוך (בן יעקב) שיכמאַן, אברהם זאַק, מרדכי בוטשאַטשער, משה רויזנבליט, ברוך צימערמאַן, לייב גאָלערגאַנט, שבע זיסמאַן, משה קעסטעלמאַן, און סע זענען אַוודאי געווען נאָך, אָבער דער זיכרון סטייט מיר נישט. (אגב, אַ קורצע צייט נאָכן עפענען די ביבליאָטעק איז ברוך שיכמאַן געשטאָרבן, און איין שאַפע האָט פון דעמלט אָן געטראָגן אַן אויפשריפט צו זיין אָנדענק). צו די אויוונדערמאָנטע זענען צוגעשטאַנען אויך די עלטערע, דהיינו דער קרייז פון גבריאל פישמאַן, וועגן וועלכן כ׳האָט זיך פריער געשמועסט. די ערשטע צייט איז די ביבליאָטעק געווען אין הויז פון זוסיע געלמאַן. די ביכער זענען געווען אין דריי שפּראַכן: העברעיש, יידיש און רוסיש, און זייער אַלגעמיינער צאָל בשעת דער גרינדונג איז געווען אַן ערך 180. דער אויסוואַל איז געווען אַן אויסגעצייכנטער אינעם ליטעראַרישן זין: קלאַסישע ווערק און אַ ביסל פּראַקטישע־אינפאָרמאַטיווע. דאָס ביבליאָטעק־צימער האָט אויך געדינט אַלץ לייען־צימער; אַחוץ דעם פלעגן זיך דאָרט צונויפנעמען פאַר פאָרלייענען, רעפעראַטן און אָוונטן. איך געדענק, למשל, שבת נאָך מיטאָג, ווען מע פלעג זיך צונויפנעמען צו הערן פאָרלייענען ליטעראַרישע פראַגמענטן אין יידיש און אין העברעיש. אַזוי האָט איינמאָל מיין פאָטער פאָרגעלייענט אַ קאַפּיטל פון שלום־עליכ׳ס „שיר השירים״, וואָס האָט זיך געדרוקט אין זשורנאַל „מולדת״ (איך און מיין חבר בוזי באַראַד זענען געווען אבאָנירט אויף אים בשותפות), און דעם צווייטן שבת האָט גבריאל פישמאַן געלייענט אַן אַנדער קאַפּיטל פון דער זעלבער שאַפונג.

די צאָל לייענערס (פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל) אין דער ביבליאָטעק איז געווען

וכאן עלי להוסיף דבר חשוב ביותר: הודות לפעילותה של ה„קולטור־ליגה" והודות להתעוררות הרבה לקראת זרמים חדשים ביהדות נעשתה בריטשיבה אחד המרכזים, שמשכו אליה מרצים, סופרים ואנשי־רוח. ואציין בעיקר את ביקוריהם של שלושה מגדולי סופרי יידיש ברומניה: אליעזר שטיינבארג, שהיה כבר אז מפורסם מאד הן במשליו, הן במעשיותיו לילדים והן בדרכו הפידגוגית. הוא ביקר כמה פעמים בעיירה, וזכורה לי במיוחד הרצאתו על „שיר השירים". השני, שביקר מספר פעמים בבריטשיבה, היה איציק מאנגר. בפעם הראשונה ביקר בעיירה, כשהיה עדיין במדי חייל בשירות הצבא הרומני; הוא רק הספיק לפרסם את שיריו הראשונים וכבר קנה לו שם ואהדה אצל הקוראים, שהיה מקסימם בהרצאותיו הפיוטיות ובקריאה משיריו. ביחוד נחרתה בזכרוני הרצאתו על דמויות ספרותיות בשם „ראשים פרועי־שיער". השלישי היה המסַפר משה אלטמן, שבן־דודו ליפא אלטמן נשא לאשה את זיסל בת אברהם שפילברג. אני זוכר יפה את אחת ההרצאות של אלטמן על מנדלי מוכר־ספרים.

כבר הוזכר למעלה בית־הספר היידישאי, שהתקיים זמן־מה. לכך יש להוסיף את הנסיון לקיים גם בית־ספר מקצועי (לתפירה) בלשון ההוראה יידיש. זכור לי, שהוא התקיים בביתו של משה שטרנברג (קודם לכך היה שם משוכן הדואר), ושימשה בו בתור מורה אחת בשם קאליוז׳נאיה. משחוסל בית־הספר, ע׳בה את ביסראביה ועברה לברית־המועצות.

אבל אחד המיפעלים העיקריים של ה„קולטור־ליגה" היתה הספריה משלה. אקדים לכך משפטים על הספריה הציבורית. ספריה זו נוסדה בשנת 1913. היוזמים היו בני־הנוער הנ"ל, שכמהו לספר וראו בעצם יסודה של הספריה מקור להשכלה. זכורים לי המייסדים הבאים: ברוך (בן יעקב) שיכמן, אברהם זאק, מרדכי בוטשאטשר, שרה רויזנבליט, ברוך צימרמן, לייב גולירגאנט, שבע זיסמן, משה קסטלמן, וודאי שהיו גם אחרים שאינם זכורים לי. אליהם נצטרפו גם מן הקשישים — הלא הם בני החוג של גבריאל פישמן שהוזכרו לעיל. מקום משכנה הראשון של הספריה היה בביתו של זוסיא גלמן. הספרים היו בשלוש שפות: עברית, יידיש ורוסית, ומספרם הכללי בשעת ייסוד הספריה היה כ־180. המיבחר היה מצוין מבחינה ספרותית: ספרי מופת ממש וקצת ספרים שימושיים. חדר הספריה שימש גם חדר־קריאה במקום, ובנוסף לכך התאספו בו מפעם לפעם לשם הקראות, הרצאות ונשפים. זכורים לי, למשל, ימי שבת אחר־הצהרים, שעה שבני־נוער היו מתאספים שם לשמוע קטעי־קריאה בעברית וביידיש. כך קרא פעם אבא שלי פרק מתוך „פרקי שיר השירים" לשלום־עליכם, שנדפס אז בירחון

זייער אַ גרויסער, פֿאַרהעלטעניסמעסיק מיט בריטשעווער באַפֿעלקערונג. די ביב־ליאָטעקאַרן וואָס איך געדענק זענען: ברוך פּרנס, משה קעסטעלמאַן, העניע קעס־טעלמאַן, העניע געלמאַן. די צאָל ביכער איז געוואַקסן פֿון יאָר צו יאָר; מ׳האָט צוגעקויפֿט די בעסטע ביכער און אויך ווערטער־ביכער און האַנט־ביכער. אַזוי, למשל, איז געווען אין דער ביבליאָטעק די באַוווסטע יידיש־רוסישע ענציקלאָ־פּעדיע און אויך אַן אַלגעמיינע רוסישע ענציקלאָפּעדיע. ס׳איז קיין ספק נישט, אַז די ביבליאָטעק האָט געשפּילט אַ קאָלאָסאַלן ראָל אין דער דערציונג פֿון בריט־שעווער אײַנוווינערס. על כל פּנים, איך געפֿין פֿאַר מיין הייליקן חוב אונטערצו־שטרייכן, אַז אַחוץ די קענטעניש, וואָס כ׳האָב באַקומען בײַ גבריאל פישמאַן און בײַם טאַטן אין הויז, איז די ביבליאָטעק געווען מיין גרעסטער אפּראָוויזיאָנער פֿון גייסטיקן שפּייז — ביז וואַנען כ׳בין אַרויסגעגאַנגען אויף דער גרויסער וועלט, און אויך דעמלט האָב איך נישט פֿאַרגעסן קיינמאָל דעם גרויסן אוצר, וואָס די ביבליאָטעק האָט מיר געגעבן.

די מאַטעריעלע לאַגע פֿון דער ביבליאָטעק איז תמיד געווען אַ שווערע, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס׳האָבן זיך פֿאַרגרעסערט די באַדערפֿעניש, האָט די ביבליאָטעק זיך גענייטיקט אין הילף פֿון דרויסן. מיר געבן דאָ פֿאָטאָגראַ־פֿירט דעם מעמאָראַנדום פֿון דער ביבליאָטעק צום צענטער פֿון דזשוינט אין קעשענעוו, וואָס איז געשריבן מיט דער שפּראַך און האַנט־שריפֿט פֿון ברוך פּרנס און איז באַשטעטיקט געוואָרן פֿון גבריאל פישמאַן, וואָס איז געווען דער סעקרעטאַר פֿונעם דזשוינט אין בריטשעווע. פֿונעם מעמאָראַנדום קענען מיר לערנען וועגן מצב פֿון דער ביבליאָטעק און וועגן אירע באַדערפֿעניש.

אויך שפּעטער איז די לאַגע פֿון דער ביבליאָטעק נישט געווען אַ גלענצנ־דיקע, און דער קאָמיטעט האָט געמוזט פֿון צייט צו צייט זוכן מקורים כדי צו דעקן די הוצאות. אָט, למשל, געפֿינען מיר אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „אונזער צייט" פֿונעם 30־טן מאַי 1929 וועגן אַ ריזיקן „שפּאַציר", וואָס מ׳האָט איינגעריכט אין די גערטנער אונטער די הייזער, מיט אַ בופֿעט און אַ לאָטעריי. די הכנסות זענען אַלע געווען פֿאַר דער ביבליאָטעק. און די אַקטיווע אַרבעטער, וואָס האָבן געבראַכט דעם דערפֿאָלג, זענען געווען: שרה וויטיס, רחל מלך (פֿון דאָמבראָווען), עטל גרוזמאַן, ברכה צימערמאַן, הינדע מאָגילאָווסקי, דאָבע גאָלדנבערג, ריווע דוווי־נאַרסקי, ישראל ווייצמאַן, מאַטעס שיכמאַן, שלמה רויזנבליט, יאַשע לאַבער. אין אַן אַנדערער קאָרעספּאָנדענץ, פֿונעם 8־טן סעפּטעמבער, איז געבראַכט די ידיעה, אַז חיים טענענגאַוז, וואָס איז געקומען אויף אַ באַזוך פֿון ריאָ־דע־זשאַניירא, האָט געשפּענדעט 3,000 ליי לטובת דער ביבליאָטעק.

ווען ס׳האָט זיך געגרינדעט די ביבליאָטעק פֿון דער „קולטור־ליגע", האָט זיך געשאַפֿן אַ מין קאָנקורענץ צווישן ביידע ביבליאָטעקן. די ביבליאָטעק פֿון דער „קולטור־ליגע" איז אייגנטלעך געגרינדעט געוואָרן אָן בוך ווייטיקן: ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, זענען געשיקט געוואָרן פֿון אַמעריקע קיין פּוילן און

„מולדת" (אני וחברי בוזי באראד היינו חתומים עליו במשותף), ובשבת שלאחריה קָרא פרק נוסף מיצירה זו גבריאל פישמן.

מספר הקוראים בספריה זו (תמורת תשלום סמלי) היה גדול מאד, יחסית לאוכלוסיה הבריטשיבאית. הספרנים הזכורים לי היו: ברוך פרנס, משה קסטלמן, הניה קסטלמן, הניה גלמן. מספר הספרים הלך וגדל משנה לשנה, נרכשו ספרים מעולים ואף מילונים וספרי־שימוש. כך, למשל, היתה בספריה האנציקלופדיה היהודית־רוסית המפורסמת בהוצאת ברוקהאוז־עפרון וכן אנציקלופדיה רוסית כללית. אין ספק, שספריה זו מילאה תפקיד עצום בחינוכם של בני בריטשיבה. על־כל־פנים, אני מוצא לעצמי חובה קדושה לציין פה, שבנוסף לידיעות שרכשתי מפי גבריאל פישמן ובבית אבא שלי, היתה ספריה זו הסַפק העיקרי של מזוני הרוחני עד שיצאתי לעולם הרחב, וגם אז לא שכחתי מעולם את האוצר הרב, שהעניקה לי.

מצבה החמרי של הספריה היה תמיד דחוק. לאחר מלחמת־העולם הראשונה, עם התרחבות הצרכים, נזדקקה הספריה לתמיכה גם מהחוץ. אנו נותנים כאן בצילום את תזכיר הספריה למרכז הג׳וינט בקישינוב, שנערך בלשונו ובכתב־ידו של ברוך פרנס ואושר על־ידי גבריאל פישמן, ששימש אז מזכירו של סניף הג׳וינט. מן התזכיר יש ללמוד על מצב הספריה ועל צרכיה.

גם לאחר מכן לא שפר חלקה של הספריה, והוועד צריך היה מפעם לפעם למצוא מקורות הכנסה לשם כיסוי ההוצאות. הנה, למשל, אנו מוצאים כתבה ב„אונזער צייט" מיום 30 במאי 1929 על עריכת טיול ענקי בגנים שמאחורי הבתים בבריטשיבה עם מזנון והגרלה. ההכנסות היו כולם קודש לספריה. ואלה הפעילים שתרמו להצלחת המיפעל: שרה ויטיס, רחל מלך (מדומברוֹואֶן), אֶטל גרוזמן, ברכה צימרמן, הינדה מוגילובסקי, דוֹבה גולדנברג, ריווה דווינארסקי, ישראל וייצמן, מַתת שיכמן, שלמה רויזנבליט, יאשה לאבר.

והנה כתבה אחרת בגליון 8 בספטמבר של אותה שנה, ובה הידיעה כי חיים טננהאוזר, שבא לביקור מריאו־די־ז׳אניירו לבריטשיבה, תרם שלושת אלפים ליי לטובת הספריה.

ועוד דבר: משך שנים רבות קיים היה הנוהג (לפי יזמתו של ברוך פרנס) להתכנס בשמחת־תורה בבית־הספר או בבית פרטי ולעלות לתורה, כפי שנהוג בבתי־הכנסת, ואת ה„נדרים" להקדיש לטובת הספריה. צעירים, שכבר לא היו אז מבאי בית־כנסת, חשבו כי חובתם הקדושה היא לבוא, לעלות לתורה ולנדר.

משנוסדה ספריית ה„קולטור־ליגה", נוצרה מעין התחרות בין שתי הספריות.

בעסאַראַביע ביכער אין יידיש. אַ סך פון זיי זענען אָנגעקומען אויך קיין בריטשעווע, און דווקא אין דער „קולטור־ליגע״, מחמת סיי די טוער אין אַמעריקע און סיי די פון קעשענעוו זענען געווען מיינסטנס פונעם „בונד״. אומזיסט האָבן זיך די קאָמיטעט־מיטגלידער פון דער געזעלשאַפטלעכער ביבליאָטעק געווענדט מיט אַ פאָרשלאָג צונויפצוגיסן ביידע ביבליאָטעקן — די „קולטור־ליגע״ איז נישט מסכים געווען, אַזוי־אַרום האָבן עקזיסטירט אין בריטשעווע אין משך פון עטלעכע יאָר צוויי ביבליאָטעקן — ביז דער צייט וואָס די „קולטור־ליגע״ איז אויפגעלעזט געוואָרן, און ווייל די ביבליאָטעק פון דער „קולטור־ליגע״ האָט נישט געהאַט קיין לעגאַלע באַזע פאַר איר עקזיסטענץ, האָט זי זיך דעמלט געווענדעט מיט אַ פאָרשלאָג, אַז די געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק זאָל איבערנעמען אירע ביכער ווען איר באַנוץ. אַזוי־אַרום האָט נאָכאַמאָל די געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק פונקציאָנירט אַליין איינציקע פאַר אַלע לייענער, ביז דער סאָוועטישער צייט. קלאָר, אַז צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָט מען אַרייַנגעבראַכט אין דער ביבליאָטעק אויך רומענישע ביכער, און אויב כ׳האָב קיין טעות נישט זענען געווען יאָרן, ווען די רוסישע ביכער האָט מען באַהאַלטן, צי דערפאַר וואָס סע זענען נישט געווען קיין רוסישע לייענערס, צי מחמת אַ גזירה מצד דער רומענישער מאַכט.

איך וויל דאָ אונטערשטר׳יכן, אַז די ביבליאָטעק פון דער „קולטור־ליגע״ האָט אויך אַ סך צוגעגיבן צו דער אַנטוויקלונג פונעם ליטעראַרישן געשמאַק, און מיך פערזענלעך האָט זי באַרייכערט מיט אַ סך ווערטן. און נאָך אַ זאַך: אַזוי־ווי די רוסישע שפּראַך איז ביסלעכווייז פאַרלאָזט געוואָרן, און די יוגנט האָט נישט תיכף באַוויזן איינצוואָרצלען זיך אין דער רומענישער שפּראַך, איז די גייסטיקע באַציונג צו יידיש געוואָרן אַ וויכטיקער קולטורעלער פאַקטאָר אין בריטשעווע (און אפשר אויך אין אַנדערע בעסאַראַבער שטעטלעך). נאָך מער: „זשאַרגאָן״ האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן, און די יוגנט האָט זיך באַמיט צו רעדן און צו שרייבן אין אַ גוטן יידיש, ווי מיגלעך ריין פון דייטשמעריש, רוסיציזמען און רומעניזמען. מ׳האָט געהאַט אַ דרך־ארץ־געפיל פאַר יידיש. אין יידיש האָט מען געלייענט נישט נאָר אָריגינעלע ליטעראַטור, נאָר אויך וועלט־ליטעראַטור אין איבערזעצונג.

די מאַטעריעלע לאַגע פון דער „קולטור־ליגע״ איז אויך תמיד געווען אַ שווערע. אין זעלבן יאָר וואָס די געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק האָט געשיקט איר מעמאָראַנדום צום דזשוינט (1921), האָט די „קולטור־ליגע״ אויך צוגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום וואָס ווערט דאָ געגיבן פאָטאָגראַפירט. און אינטערעסאַנט: אויף דעם מעמאָראַנדום איז אויך דאָ אַ באַשטעטיקונג פון בריטשעווער דזשוינט, געחתמעט פון איציק שטשיגליק, פאָרזיצער, און גבריאל פישמאַן, סעקרעטאַר. און ווייל די באַשטעטיקונג אויף ביידע מעמאָראַנדומס זענען געשריבן געוואָרן פון גבריאל פישמאַן, זענען זיי ביידע געשריבן אין ה ע ב ר ע י ש.

ס׳איז אַ חוב צו זאָגן, אַז פון אַלע גרינדערס פון דער געזעלשאַפטלעכער ביבליאָטעק און פון אַלע אירע אָנפירערס און פאַרזאָרגעס נאָך דעם, איז ברוך

ספריית ה„קולטור־ליגה" נוסדה בעצם בלי חבלי לידה: בתום מלחמת־העולם הראשונה נשלחו מאמריקה ספרים ביידיש לפולין ולביסראביה. רבים הגיעו גם לבריטשיבה, ודווקא לפי כתובת ה„קולטור־ליגה" ולא אל הספריה הציבורית, וזאת משום שהפעילים באמריקה ובקישינוב היו רובם מה„בונד". לשווא פנו חברי הוועד של הספריה הציבורית אל אנשי ה„קולטור־ליגה" בבריטשיבה בהצעה למזג את שתי הספריות — הללו סירבו. וכך התקיימו שתי הספריות במשך שנים אחדות — עד שה„קולטור־ליקה" נתפוררה, ומכיוון שלספריה של ה„קולטור־ליגה" גם חסַר בסיס חוקי לקיום, באה הפעם בקשה מטעם הוועד שלה, שהספריה הציבורית תקבל את הספרים לשימושה. וכך פעלה שוב הספריה הציבורית כיחידה אחת, עד בוא הסובייטים. ברור, שבין שתי המלחמות הוכנסו לספריה גם ספרים ברומנית, ואם איני טועה היו שנים, שבהן נגנזו הספרים ברוסית, אולי משום חוסר קוראים, ואולי משום גזירת השלטונות הרומניים.

ברצוני לציין שגם ספריית ה„קולטור־ליגה" הוסיפה הרבה לפיתוח הטעם הספרותי, ואותי אישית העשירה הרבה. ועוד: כיוון שהרוסית הוזנחה, וברומנית טרם הספיק הנוער להתערות, היתה הזיקה ליידיש גורם תרבותי חשוב בבריטשיבה (ואולי גם בשאר עיירות ביסראביה). גדולה מזו: ה„ז'ארגון" חדל כאילו להתקיים, והנוער השתדל לדבר ולכתוב יידיש טובה, נקיה ככל האפשר מגרמאניזמים, רוסיזמים ורומניזמים. היתה הרגשת דרך־ארץ בפני יידיש. ביידיש היו קוראים לא רק ספרות־מקור, אלא גם ספרות־עולם מתורגמת.

גם בשנות קיומה של ה„קולטור־ליגה" היו כוחותיה החמריים של הספריה דלים למדי. באותה שנה (1921) שהספריה הגישה תזכיר בבקשת עזרה מהג'וינט בקישינוב, הגישה גם ה„קולטור־ליגה" תזכיר משלה, שאנו נותנים אותו פה בצילום. ומעניין: גם על תזכיר זה יש המלצה מטעם סניף ג'וינט בבריטשיבה בחתימתו של יצחק שצ'יגליק, יו"ר הסניף, וגבריאל פישמן, המזכיר. אולם כיוון שההמלצות בשני התזכירים נכתבו על־ידי גבריאל פישמן, הרי שתיהן נערכו ב ע ב ר י ת.

חובה היא לומר, שמכל מייסדי הספריה הציבורית ומכל מנהליה ודואגיה לאחר־מכן היה ברוך (בן ניסן) פרנס הפעיל ביותר. לפי האידיאולוגיה שלו היה ברוך פרנס מונה את עצמו עם „פועלי־ציון", ואת כל מרצו היה מקדיש להרחבת התרבות ביידיש ובעברית בין תושבי עיירתנו. הוא אף היה היוזם של מיפעלים שונים לטובת הספריה הציבורית, שכאמור, לא היה תקציב מבוסס לקיומה. דאגתו זו השתקפה גם בכתבות, שהיה שולח מפקידה לפקידה לשבועון „ארבעטער צייטונג", שיצא בצ'רנוביץ, מטעם „פועלי־ציון". בכתבה ל„ארבעטער־

(בן ניסן) פרנס געווען דער טיכטיקסטער. לויט דער אידעאָלאָגיע האָט ער זיך געהאַלטן אַ „פּועל־ציון", און זיין גאַנצע ענערגיע האָט ער געווידמעט פאַרן פאַר־ברייטערן די קולטור אין יידיש און אין העברעיש צווישן די בריטשעווער איינוווי־נער. ער איז אויך געווען דער איניציאַטאָר פון אַ סך טאַטן לטובת דער ביבליאָטעק, וואָס האָט, ווי געזאָגט, נישט געהאַט קיין באַזירטן בודזשעט פאַר איר עקזיסטענץ. די דאָזיקע זאָרג האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די קאָרעספּאָנדענצן, וואָס ער פלעג שיקן פון צייט צו צייט אין דער „אַרבעטער צייטונג", אַ וואָכנבלאַט וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין טשערנאָוויץ דורך די פּועלי־ציון. אין זיין קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז דערשינען דעם 21־טן דעצעמבער 1923, קלאָגט זיך ברוך פרנס אויף דער ביטערער מאַטעריעלער לאַגע פון דער ביבליאָטעק. און אָט געפינען מיר אַ ספּע־ציעלע קאָרעספּאָנדענץ מיט זיין חתימה אין דער „אַרבעטער־צייטונג" פונעם 4־טן אַפּריל 1924, און דאָרט שטייט געשריבן:

לעצטנס באַמערקט זיך אין אונדזער שטעטל אַ מער אינטענסיווע אַרבעט אויף דעם קולטורעלן געביט. צוריק מיט אַ מאָנאַט איז דורך דעם איניציאַטיוו פון אַ קליינער גרופּע מיט דער מיטהילף פון דער היגער יוגנט דורכגעפירט געוואָרן אַ טרויער־אָוונט צום אָנדענק פון „בעל־מחשבות". די הכנסה פון דעם אָוונט אין אַ סכום פון 7000 ליי איז גענצלעך געווידמעט געווען לטובת דער היגער פאָלקס־ביבליאָטעק. ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז אַ דאַנק דער הילפס־אַקציע האָט די ביבליאָטעק באַקומען די מעגלעכ־קייט צוצוקויפן די נייעסטע דערשינענע יידישע און העברעאישע אויסגאַבן.

די היגע „קולטור־ליגע" האָט לעצטנס אָנגעהויבן מער ראַציאָנעל דורכ־צופירן אויף צו פאַרבעסערן דעם פינאַנציעלן מצב פון דער פּראָפעסיאָנעלער שול. צוריק מיט אייניקע וואָכן זענען דורך די שילער פון דער אויבנדער־מאַנטער שול דורכגעפירט געוואָרן אייניקע ליטעראַרישע אָוונטן, אַ דאַנק וועלכע ס'האָט זיך באַקומען די מעגלעכקייט פאָרצוזעצן דעם ווייטערדיקן קיום פון דעם פּראָדוקטיוון לערן־אַנשטאַלט, ווי עס איז די פּראָפעסיאָנעלע שול. עס וואָלט זייער געווונטשן געווען, אַז די פּאָפּולאַריטעט פון אַזאַ נוצ־באַרן אַנשטאַלט זאָל אַריינדרינגען אין אַלע שיכטן פון דער היגער באַפעל־קערונג, וועלכע זאָל ערנסט זאָרגן פאַר זיין ווייטערדיקן קיום.

אין אַן אַנדערע קאָרעספּאָנדענץ אין יענער צייטונג פונעם 22 מאַי 1925, געחתמעט פון פ.א. לייענען מיר:

אונדזער פאָלקס־ביבליאָטעק, וואָס עקזיסטירט שוין זייט 15 יאָר, און וועלכע האָט זיך גערעכנט אַלס איינע פון די רייכסטע ביבליאָטעקן צווישן די פּראָווינציעלע שטעטלעך אין אונדזער קרייז, פאַרמאָגנדיק צירקא

צייטונג", שהופיעה בגליון מה־21 בדצמבר 1923, קובל ברוך פרנס על המצב הכספי הירוד של הספריה הציבורית. וכן אנו מוצאים כתבה מיוחדת חתומה על ידו בגליון „ארבעטער־צייטונג" מיום 4 באפריל 1924, ובה נאמר:

בזמן האחרון ניתן להבחין בעיירתנו בפעילות מאומצת יותר בשטח התרבות. לפני חודש הועבר, בסיוע הנוער המקומי, ערב־אבל לזכרו של בעל־מחשבות. ההכנסה מערב זה בסך 7000 ליי הוקדשה כולה לטובת הספריה הציבורית שבמקום. וכדאי לציין, שהודות למיפעל־סיוע זה נתאפשר לה לספריה לרכוש את הספרים החדישים, שהופיעו לאחרונה ביידיש ובעברית.

בכתבה אחרת באותו עיתון מיום 22 במאי 1925, חתומה על־ידי פ. א., אנו קוראים:

ספרייתנו הציבורית, המתקיימת כבר 15 שנים והנחשבת לאחת העשירות מבין אלו שבעיירות מחוזנו, הואיל ויש בה כ־1,800 ספרים, אלא שנאלצה בסוף הקיץ שעבר להיסגר זמנית, משום שלא היה לה תקנון כנדרש לפי החוקים הרומניים, נפתחה שוב לפני חדשים מספר וחידשה פעולתה. הוועד המנהל שהוקם, ובראשו הד"ר וייספלד, ניגש מיד לפעול במרץ כדי ליצור את האמצעים לשיפור מצבה הכספי ולדאוג לקיומה התקין של הספריה. הוא אירגן הגרלה, שהכניסה ריווח של 1,200 ליי, העביר הצגת־תיאטרון, שהכניסה 1,000 ליי, הגדיל את התשלום החדשי של הקוראים. כן קיבלנו למען הספריה 3,000 ליי מאת חברינו הצעירים בבראזיל, ורכשנו ספרים חדשים בשווי של 2,000 ליי.

לעת עתה נושא על עצמו את נטל הספריה רק קומץ אנשים קטן. לפיכך מוגבלים הם אמצעיה הכספיים. אלא שניתן לקוות, כי בעתיד הקרוב יתחילו חוגים רחבים יותר להתעניין בגורל הספריה, והם יהיו חדורי הרעיון על נחיצותו של המוסד התרבותי היחידי בעיירתנו. ראוי לציין, שעל קיומה של הספריה יש לנו להודות למר ברוך פרנס. הוא היה היחידי, שתמיד, בשעה שארבה סכנת כלייה לספריה, הוא שהציל אותה ובפעולתו ללא־ליאות, תוך היותו מוכן לקרבנות, היה חולץ אותה מכל משבריה הרבים והביא אותה למצב פריחתה והתפתחותה עד כה.

ועד הספריה הציבורית / דער קאָמיטעט פון דער געזעלשאַפטלעכער ביבליאָטעק:
הניה קסטלמן, משה שפילברג, ד״ר רחמן (ובנותיו) הירשל גאמרמן, ברוך פרנס, מאיר־הירש זלמן, יאשה גלמן

אם לדבר על המעבר בבריטשיבה מן הישן אל החדש, אין להתעלם מזה, שלכך תרמו הרבה אנשים, אשר באו מן החוץ. כבר הוזכר מה היה חלקו של גבריאל פישמן, שבא ממארקולשט. לכך יש להוסיף דבר, שבתנאי עיירה קטנה נראה כטבעי: הרופאים שהתגוררו בבריטשיבה היו רובם ככולם פעילים בשטח הציבורי והלאומי.

לא ידוע לי בבירור מי היה הרופא הראשון בבריטשיבה. לי, על־כל־פנים, זכור היטב הד״ר אברהם (בן יוסף?) גרמאנט. לפניו זכור לי איזה „רופא" (כלומר, מי שעסק במתן תרופות והגשת עזרה, ללא כל הכשרה לכך) בשם ר׳ משה. ד״ר גרמאנט בא לבריטשיבה מליטה הרחוקה. הוא עצמו למד רפואה בברלין והיה חבר־נעוריו של ד״ר שמריהו לוין. קודם גר בביתו של חיים־אהרן אייזנשטיין, מול משפחת דודי וולדמן. ידוע לי שבא לבריטשיבה כרווק זקן; התאהב בבתו של חיים בוקארשטר, רוזה, ונשא אותה לאשה. חותנו הקים למענו בית נהדר בקצה הרחוב העליון, בדרך לבאראבוי (בית זה הוא ששימש אחר כך מעון לגימנסיה „תרבות"). ד״ר גרמאנט היה משכיל עברי ומראשוני הציונים ברוסיה. בביתו היתה ספריה עברית נאה, ואני, שהייתי מבקר אצלו תכופות בשל ידידותו עם אבא שלי, הייתי שואל אצלו ספרים עברים לקריאה. הוא היה דובר רוסית ומכניס רוח חדשה בעצם הופעתו. בימי מלחמת־העולם הראשונה חי חיי בדידות, משום שאשתו נסעה לריפוי, נתקעה בשווייץ הרחוקה, בלי שתוכל לחזור בשל תנאי המלחמה. זמן קצר לאחר גמר המלחמה חלה אף הוא בדלקת ריאות ומת, לפני שהספיק לראות את אשתו.

אחריו בא לשמש כרופא הד״ר סולומון מצ׳רנוביץ, אף הוא ציוני, שעלה אחר כך ארצה, ואחריו היה הד״ר בוריס צוקר. זה האחרון היה, בניגוד לקודמו, יידישאי ממייסדי ה„קולטור־ליגה" וממנהליה. גם אשתו היתה פעילה ב„קולטור־ליגה", וביתם שימש מרכז לכל הפעולה היידישאית, אם כי ד״ר צוקר עצמו ידע יידיש במידה זעומה, ונאמר עליו שהיה כותב שירים ברוסית. כעבור שנים מספר עזב את בריטשיבה יחד עם אשתו ושני ילדיו, ודרך ברלין עבר לברית־המועצות.

כיוון שהעיירה גדלה קצת, ואנשי העיירה פנו כבר יותר ויותר לרופאים ולא הסתפקו ב„רופא" ובחובש, פעל בעת־ובעונה אחת עם ד״ר צוקר גם רופא אחר בשם ד״ר רחמן, והוא דווקא היה ציוני נלהב ופעיל והמשיך את הקו של ד״ר גרמאנט; גם ידידיו ואנשי־שלומו היו מבין אלה שקודם קרובים היו לד״ר גרמאנט. לימים עקר גם הוא מבריטשיבה והיגר לארגנטינה.

1800 עקזעמפלאַרן, וועלכע איז אָבער ענדע פונם פאָריקן זומער געשלאָסן געוואָרן, נישט באַזיצנדיק דעם נויטיקן, לויט די רומענישע געזעצן, סטאַטוט, איז מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק ווידער געעפנט געוואָרן, און באַנייט איר טעטיקייט. די רעקאָנסטרואירטע פאַרוואַלטונג, מיטן ד״ר ווייספעלד אין איר שפּיץ, האָט באַלד ענערגיש צוגעטרעטן צו דער אַרבעט אויסצוגעפינען די מיטלען אויף צו פאַרבעסערן די פינאַנציעלע לאַגע און צו זאָרגן פאַרן ווילשטאַנד פון דער ביבליאָטעק. זי האָט איינגעאָרדנט אַ לאָטעריע, וואָס האָט געגעבן פּראָפיט 1200 ליי, דורכגעפירט אַ ספּעקטאַקל, וואָס האָט אַריינגעבראַכט 1000 ליי, פאַרגרעסערט דעם אבאָנאָמענטס־אָפּצאָל פאַר די לעזער, אויך האָבן מיר באַקומען פאַר דער ביבליאָטעק 3000 ליי פון אונדזערע יונגע לייט אין בראַזיליע, און ערוואָרבן נייע ביכער אין ווערט פון 2000 ליי.

דערווייל טראָגט אויף זיך דעם שווערן לאַסט פון דער ביבליאָטעק גאָר אַ קליין הייפעלע מענטשן, דערפאַר טאַקע זענען אירע פינאַנץ־מיטלען אַזוי באַגרענעצט, נאָר ס׳איז צו האָפן, אַז אין דער נאָענטער צוקונפט וועלן זיך מער ברייטערע קרייזן פון אונדזער באַפעלקערונג אָנהויבן צו אינטערעסירן מיטן גורל פון דער ביבליאָטעק און דורכגעדרונגען ווערן מיטן געדאַנק פון דער וויכטיקייט פון דעם איינציקן קולטורעלן אַנשטאַלט אין אונדזער שטעטל. ס׳איז ווערט צו באַמערקן, אַז מיט דער עקזיסטענץ פון דער ביבליאָטעק האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם הער ברוך פּרנס. ער איז געווען דער איינער, וועלכער האָט אַלע מאָל, ווען ס׳האָט געדראָט אַ געפאַר פון אונטערגיין פון דער ביבליאָטעק, זי געראַטעוועט, און מיט זיין אומדערמידלעכער, קרבנות־גרייטער אַרבעט זי אַרויסגעפירט פון אירע פילע קריזיסן און זי דערפירט צו איר בליענדיקן צושטאַנד און אַנטוויקלונג פון איצט.

אויב מע רעדט וועגן איבערגאַנג פונעם אַלטן צום נייעם אין בריטשעווע, טאָר מען נישט פאַרגעסן, אַז אַ גרויסן צושטייער האָבן געבראַכט מיט זיך די מענטשן וואָס זענען געקומען פון דער פרעמד. כ׳האָב שוין דערמאַנט וועלכער איז געווען דער צושטייער פון גבריאל פישמאַן, וואָס איז געקומען פון מאַרקולעשט. דערצו דאַרף מען צוגיבן אַ זאַך, וואָס אין די באַדינגונגען פון אַ קליין שטעטל איז עס געווען ווי נאַטירלעך: די דאָקטוירים, וואָס האָבן פּראַקטיצירט אין בריטשעווע, זענען מיינסטנס געווען טעטיק אויפן געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַלן געביט.

איך ווייס נישט ווער איז געווען דער ערשטער דאָקטער אין בריטשעווע. על כל פּנים געדענק איך גוט דעם ד״ר אברהם (בן יוסף?) גערמאנט. פאַר אים

אחר־כך שימש בתור רופא הד״ר יעקב וייספלד. זה היה ציוני, ודווקא מן הרוויזיוניסטים, שידע לגלות פעילות בכל עניין ציבורי לאומי. כשעזב את בריטשיבה, שימש זמן קצר בתור רופא ד״ר שאפיר, שבא מקישינוב; פעילותו של זה לא היתה רבה. הוא אף לא הספיק להכיר היטב את חיי העיירה ועזב אותה כעבור זמן קצר.

אחריו שימש בתור רופא — בריטשיבאי, הוא חברי ד״ר יהיאל אייזנשטיין, שגילה פעילות רחבה מאד בכל המוסדות התרבותיים ובתנועה הלאומית. אני, שכבר לא התגוררתי אז בבריטשיבה ורק הייתי פוקד אותה פעם־פעמיים בשנה, שמעתי על פעילותו, אבל מוטב לו לקורא שיפנה אל זכרונותיו של ד״ר אייזנשטיין עצמו, כפי שניתנו בספר זה.

משהיגר ד״ר אייזנשטיין לבראזיל, שימש בתור רופא הד״ר פודגאייצקי, שבא לבריטשיבה מבלץ; זה השתייך כבר ליידישיסטים, אבל פעולה של ממש בכיוון זה לא פיתח, משום שהחבילה נתפרדה מזמן. לעומת זה השתתף בפעולה למען מוסדות החינוך שבעיירה.

וכיוון שהמדובר הוא ברפואה, יש להזכיר את המיילדת הראשונה הינדה (הינדה די באָבע), שבעצם לא קיבלה כל הכשרה, אלא שהתמחתה עם ריבוי נסיונה. המיילדת העיקרית והיחידה אחר כך היתה סוניה, שבאה מאי־שם לפני שנים רבות, לאחר שגמרה קורסים מיוחדים; לימים נישאה ליוסל מסטר ונספתה אחר כך בטראנסניסטריה.

ועוד יש להזכיר את הרוקח נחום שפירא, בעל בית־המרקחת המדופלם היחידי, וכן את בתי־המסחר לחמרי רפואה וקוסמטיקה של לווינטאל ושל זוניס. מבין רופאי־השיניים זכורות לי דינ׳צה גורודצקי (אחותו של יוסל־יהודה גורודצקי) ומילי לווינטאל, שעברה אחר כך ליאס, ומשם לקישינוב, ונספתה יחד עם בעלה מנדיק פרידמן, בטראנסניסטריה.

י״א

כבר נאמר על ראשוני הציונים בבריטשיבה, עד שנת 1918. מכאן ואילך נתמשכה הפעילות מסביב לקרנות (קרן־היסוד והקרן־הקיימת), שבוע „החלוץ" וכדומה. ברור, שהעסקנים הוותיקים המשיכו בפעולתם, אבל נתווספו כוחות מארגנים חדשים. הנה זכורה לי, למשל, המגבית הראשונה ל„קרן־היסוד". ציפיה חגיגית שררה בעיירה. המשלחת עמדה להגיע מעיר־המחוז, מסורוקה, בדרך

געדענק איך עפּעס אַ „רופא" (דהיינו, איינער וואָס פלעג גיבן הייל־מיטלען און ערשטע הילף, אָן דעם וואָס ער זאָל געווען האָבן דערצו אַ מעדיציניִשע צוגרייטונג), מיטן נאָמען ר' משה. ד״ר גערמאַנט איז געקומען קיין בריטשעווע פון דער ווייטער ליטע. ער אַליין האָט געלערנט מעדיצין אין בערלין און געווען אַ יוגנט־חבר פון ד״ר שמריהו לעווין. תחילת האָט ער געוווינט אין הויז פון חיים־אהרן אייזנשטיין, אַקעגן דודי וואָלדמאַן. איך ווייס, אַז ער איז געקומען קיין בריטשעווע אַן אַלטער בחור; האָט זיך פאַרליבט אין זיין פּאַציענטין, ראָזע, חיים בוקאַרעשטער'ס טאָכטער, און האָט פאַר איר חתונה געהאַט. זיין שווער האָט פאַר אים אויסגעבויט אַ שיין הויז אין עק פון דער אייבערשטער גאַס, אויפן וועג קיין באַראַבוי (דאָס הויז איז דערנאָך געוואָרן אַ לאָקאַל פאַר דער „תרבות"־גימנאַזיע). ד״ר גערמאַנט איז געווען אַ העברעיִשער משכיל און פון די ערשטע ציוניסטן אין רוסלאַנד. ער האָט געהאַט אַ שיינע העברעיִשע ביבליאָטעק, און איך, וואָס פלעג אים באַזוכן, מחמת זיין גוט־ברודערשאַפט מיט מיין פאָטער, האָב ניִשט איין מאָל געליגן באַ אים העברעיִשע ביכער צום לייענען. ער פלעג רעדן רוסיש און אַריינטראָגן אַ נייעם גייסט מיט זיין עצם דערשיינען. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געלעבט אַן איינזאַמע לעבן, ווייל זיין פרוי, וואָס איז געפאָרן זיך קורירן, איז פאַרשטעקט געוואָרן אין דער שווייץ און ניִשט געקענט זיך אומקערן. אַ קורצע צייט נאָך דער מלחמה איז ער געשטאָרבן פון אַ לונגען־אָנצינדונג, נאָך איידער זיין פרוי האָט זיך אומגעקערט.

נאָך אים איז געווען באַ אונדז ד״ר סאָלאָמאָן פון טשערנאָוויץ, אויך אַ ציוניסט (איצט אין ישראל), און נאָך אים (אָדער אין דער זעלבער צייט?) ד״ר באָריס צוקער. דער לעצטער איז געווען אַ יידישיסט און איינער פון די קולטור־ליגיסטן. זיין פרוי איז אויך געווען אַן אַקטיווע קולטור־ליגיסטין, און זייער הויז איז געווען אַ צענטער פאַר יידישיסטישער אַקטיוויטעט, כאָטש ד״ר צוקער אַליין איז געווען אַ קליינער קענער אין יידיש, און מ'האָט געזאָגט אַז זיינע לידער שרייבט ער אין רוסיש. שפּעטער מיט עטלעכע יאָר האָט ער פאַרלאָזט בריטשעווע אינאיינעם מיט דער פרוי און קינדער, און דורך בערלין איבערגעפאָרן קיין ראַטן־פאַרבאַנד.

דאָס שטעטל איז דערווייל אַביסל פאַרגרעסערט געוואָרן, און צו קיין „רופא" און צו קיין פעלדשער האָט מען זיך שוין ניִשט געווענדעט, האָט איינצייטיק מיטן ד״ר צוקער פּראַקטיצירט אין בריטשעווע אויך דער ד״ר ראכמאַן, און ער איז דווקא געווען אַ הייסער און אַקטיווער ציוניסט און פאָרגעזעצט ד״ר גערמאַנט'ס ליניע. זיינע גוטע ברידער און מקורבים זענען אויך געווען פון די וואָס זענען פריער געווען נאָענט צום ד״ר גערמאַנט. מיט דער צייט האָט ער עמיגרירט קיין אַרגענטינע.

איז געקומען אַן אַנדער דאָקטער, ד״ר יעקב ווייספעלד. ער איז געווען אַ ציוניסט, און דווקא פון די רעוויזיאָניסטן, וואָס איז געווען זייער אַקטיוו אין יעדער געזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלן ענין. נאָך זיין פאַרלאָזן בריטשעווע, האָט אַ קורצע



חברי הועד של „קרן-היסוד", בריגה (תרפ"א)

צייט געאַרבעט אַלץ דאָקטער ד״ר שאפיר, וואָס איז געקומען פון קעשענעוו; זיין אַקטיוויטעט איז געווען גאָר אַ קנאַפּע; ער האָט נישט באַוויזן צו קענען גוט דאָס שטעטל, האָט ער עס שוין פאַרלאָזט נאָך אַ קורצער צייט.

נאָך אים האָט געאַרבעט אַלץ דאָקטער טאַקע אַ בריטשעווער — מיין חבר ד״ר יחיאל אייזנשטיין, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ גאָר ברייטע אַקטיוויטעט אין אַלע קולטורעלע אינסטיטוציעס און אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. איך, וואָס האָב דעמלט נישט געוווינט אין בריטשעווע און פלעג נאָר באַזוכן דאָס שטעטל פון צייט צו צייט, האָב געהערט וועגן זיין אַקטיוויטעט, אָבער בעסער זאָל זיך דער לייענער ווענדן צו ד״ר אייזנשטיין׳ס זכרונות אַליין, וואָס געפינען זיך אין דעם כפר.

נאָך דעם וואָס ד״ר אייזנשטיין האָט עמיגרירט קיין בראַזיל, איז געקומען קיין בריטשעווע ד״ר פּאָדגאַיעצקי (פון בעלץ). ער האָט געקערט צו די יידישיסטן, אָבער קיין ממשותדיקע אַקטיוויטעט האָט ער נישט באַוויזן, מחמת די יידישיסטישע גרופּע איז שוין געווען צעפאַלן פון לאַנג. ער האָט אָבער איינטייל גענומען אין דער אַרבעט לטובת די לערן־אַנשטאַלטן אין שטעטל.

און אַז מע רעדט שוין וועגן מעדיצין, דאַרף מען דערמאַנען די ערשטע באָבע, הינדע די באָבע, וואָס האָט בעצם נישט געהאַט קיין שום בילדונג און צוגרייטונג צו איר פאַך. די איינציקע און די אָנגענומענע אַקושערין איז דערנאָך געווען סאָניע, וואָס איז פון ערגעץ געקומען קיין בריטשעווע נאָך דעם וואָס זי האָט געענדיקט ספּעציעלע קורסן. שפּעטער האָט זי חתונה געהאַט פאַר יאָסל מעסטער און איז דערנאָך אומגעקומען אין טראַנסניסטריע.

מע דאַרף אויך דערמאַנען דעם אַפּטייקער נחום שפּיראַ, דער איינציקער די־פּלאָמירטער אַפּטייקער אין שטעטל, ווי אויך די דראָגעריעס פון לעווינטאַלן און פון זאָניסן.

פון די ציין־דאָקטוירים געדענק איך דינצע גאָראָדעצקי (יאָסל־יהודה גאָראָדעצקי׳ס שוועסטער) און מילי לעווינטאַל, וואָס איז דערנאָך איבערגעפאָרן קיין יאַס, פון דאָרטן קיין קעשענעוו און איז מיט איר מאַן, מענדיק פרידמאַן, אומגעקומען אין טראַנסניסטריע.

→

ערשטער קרן־היסוד־קאָמיטעט אין בריטשעווע (1921):
יושבים / זיצן: משה אהרונזון, גבריאל ליכט, יחזקאל בניקוב, יצחק שטשיגליק, שליחים: ז. משי, הרב שוחטמן, חיים קרופניק, בנימין גיטשקו, אברהם־יוסל גוטמן, גבריאל פישמן.
עומדים / שטייען: ?, ישראל גורפינקל, משה שטרנברג, מוטל סאדובניק, ?, שלמה פורר, פסח יאמפולסקי, ? הכתובת מלמטה היא בכתב־ידו של גבריאל פישמן / די אויפשריפט איז געמאַכט פון גבריאל פישמאַן

גיזדיטה. בני־נוער היו לבושים בבגדי תכלת־לבן דקים, כיוון שהיה זה בימות הקיץ, אחדים מהם רכובים על סוסים, אחרים על אופניים (וזכור לי דוד זיסמן על אופניו), מצפים לבוא המשלחת. בעיירה פעל כבר מקודם ועד זמני מיוחד, מעין מַטה־כללי, ומקום מושבו היה בביתו של איציק שטשיגליק, בסאלון הגדול שמימין (מקום־מגוריו הקודם של יחיאל זיסמן וביתו). מכאן יצאו ההוראות, וכאן אף נתקבלה המשלחת.

זכורה לי גם אסיפת־ההמונים שלאחר מכן. דומני שכמוה לא היתה שום התכנסות בבריטשיבה, לא לפני כן ולא אחריה. כל העיירה, אנשים, נשים וטף, התכנסו תחת כיפת הרקיע בגנים שמאחורי טור הבתים שברחוב העליון. מעל גבי במה מאולתרת נאם שליח קרן־היסוד ב. גיטשקו*, שחצב להבות ממש וקרא לתרום בכסף ובתכשיטים. ואכן, בו במקום ובמשך כמה ימים לא היתה אשה ונערה בבריטשיבה שלא התפרקו את עדייהן: צמידים, עגילים, טבעות, סיכות, כלי־כסף־וזהב — הכל הובא לוועד והועבר אחר כך לקישינוב. והתרוממות הרוח היתה עצומה.

יש לציין שבמרוצת הזמן התגוונה הפעולה הציונית, אבל תמיד היו המורים העבריים מראשי הפעילים. כבר הוזכר גבריאל פישמן בפעולתו; גם המורה דוד ברמן גילה פעילות ניכרת בשטח הציונות, הן בהסברה והן במגביות. ואחרי עקרם לאונגני היו המורה פיני גולירגאנט והמורה ז. אגרת (אגרס) אף הם מן המתמידים בכל פעולה ציונית, וכן המורים ששימשו לאחר מכן יחד אתם. אחד הפעילים והקומיסאר של הקרן־הקיימת היה, כזכור לי, דודי אלתרמן.

כדאי, לדעתי, להביא כאן מקצת מהנתונים, שמצאתי בארכיונים ובכתבות:

לפי דו״חות, שהועברו מהלשכה הארצית בקישינוב אל ההנהלה המרכזית של הקרן־הקיימת בארץ, הסתכמו התרומות בבריטשיבה בשנים 1924—1926 לכדי 154 אלף ליי, ואילו בשנים 1927—1929 הן הסתכמו לכדי 79 אלף (אז היו, כזכור, כמה שנות משבר כלכלי בביסאראביה כולה), ואילו בשנים 1930—1931 — לכדי 43 אלף ליי. בנוסף לכך הועברה בשנת 1927 מגבית מיוחדת, שייעודה היה — הרשמת הערים והעיירות בכרך היובל של „ספר הזהב״; בין 38 מקומות היישוב בביסראביה, שתרמו לצורך זה, היתה גם עיירתנו.

והנה אני קורא בביולטין המיוחד של הלשכה הארצית בביסראביה למען הקרן־הקיימת (טבת, תרצ״ב), כי בזמן ביקורו של חבר ההנהגה הראשית של

---

* כעת בארץ. שנים רבות שהה לפני כן בארצות־הברית.

## י״א

כ'האָב שוין גערעדט וועגן די ערשטע ציוניסטן אין ברישעוו, ביז 1918. פון דעמלט אָן האָט זיך די אַרבעט געפירט אַרום קרן־קימת און קרן־היסוד, די „וואָך פון החלוץ" אאַ"וו. קלאָר, אַז די עלטערע עסקנים האָבן פאָרגעזעצט זייער אַקטיווי־טעט, אָבער סע זענען צוגעקומען נייע אָרגאַניזאַטאָרישע כוחות. איך געדענק, למשל, די ערשטע אַקציע פאַר קרן־היסוד. אַ יום־טובדיק וואַרטן האָט געהערשט אין שטעטל. די דעלעגאַציע האָט געזאָלט אָנקומען פון סאָראָקע אויפן גיזד־טער וועג. יוגנטלעכע, אָנגעטון אין ווייס־בלויע דינע קליידער, ווייל ס'איז געווען זומער, אייניקע רייטנדיק אויף פערד, אַנדערע אויף וועלאָסיפּעדן (איך געדענק דוד זיסמאַן אויף אַ וועלאָסיפּעד), וואַרטן אויפן אָנקומען פון דער דעלעגאַציע. אין שטעטל האָט שוין פון פריער געאַרבעט אַ צייטווייליקער קאָמיטעט, אַ מין גענעראַל־שטאַב, אין הויז פון איציק שטשיגליק, אין גרויסן זאַל פון רעכטס (ווי פריער האָט געוווינט יחיאל זיסמאַן). פון דאַנען זענען אַרויסגעגאַנגען אינס־טרוקציעס, און דאָ האָט מען אויך אויפגענומען די דעלעגאַציע.

איך געדענק דעם מיטינג נאָך דעם. דאַכט זיך אַז אַזאַ מיטינג איז אין ברישעוו קיינמאָל נישט געווען, נישט פריער און נישט שפּעטער. דאָס גאַנצע שטעטל, גרויס און קליין, האָט זיך צונויפגענומען אונטערן פרייען הימל אין די גערטנער הינטער די הייזער פון דער אייבערשטער גאַס. פון דער אימפּראָ־וויזירטער בינע האָט דער שליח פון קרן־היסוד ב. גיטשקאָ*, מיט אַ פייערדיקער רעדע גערופן מע זאָל שפּענדן געלט און צירונג. און טאַקע דאָרט אויפן פּלאַץ און אין משך פון עטלעכע טעג נאָך דעם איז נישט געווען קיין פרוי און קיין מיידל אין ברישעוו, וואָס האָט נישט אַוועקגעגעבן איר צירונג: בראַסלעטן, אויררינגלעך, פינגערלעך, שפּילקעלעך, זילבערנע און גאָלדענע כלים — אַלץ האָט מען געבראַכט אין קאָמיטעט און דערנאָך איבערגעשיקט קיין קעשענעוו. און די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע.

מע דאַרף באַצייכענען, אַז מיט דער צייט איז די טעטיקייט געוואָרן פיל־פאַרביק, אָבער תמיד זענען די העברעיִשע לערערס געווען צווישן די אַקטיווסטע טוערס. כ'האָב שוין נישט איין מאָל דערמאָנט גבריאל פישמאַן, אָבער אויך דער לערער דוד בערמאַן איז געווען זייער אַקטיוו, סיי אין דורכפירן די געלט־אַקציעס און סיי אין דערקלערערישער אַרבעט. נאָך דעם וואָס זיי זענען איבערגעפאָרן קיין אונגען, זענען די לערערס פיני גאָלערגאַנט און ז. איגרת (אגרעס) געווען צווישן די אַקטיווסטע טוערס פאַר יעדער נאַציאָנאַלער אַרבעט. יעקב פיינסמאַן איז אויך געווען זייער טעטיק, און מע דאַרף אויך דערמאָנען דודי אַלטערמאַן, דער קאָמיסאַר פון קרן־קימת אין משך פון אַ סך יאָרן. ס'איז כדאי צו ברענגען דאָ אייניקע ציפערן, וואָס כ'האָב געפונען אין די ארכיוון און אין קאָרעספּאָנדענצן:

---

* איצט אין ישראל. פריער געוווינט אין משך אַ סך יאָרן אין אַמעריקע.

„גורדוניה" בנציון חרך (כעת חבר מסדה) נעשתה בסניף בריטשיבה „הערכה עצמית", שהגיעה ל־19 אלף ליי, וכן „מס עצמי" — 4 אלפים וחצי, ולצורך זה נבחרה ועדה בהרכב חברי „גורדוניה": מ. גולדנצוויג, ב. כהן וש. פרנס. באותה שנה נערך בימים 1—7 ביוני באזאר־תערוכה בחדרי בית־הספר „תרבות". והנה קרה „מעשה נורא": העסקנים החליטו לחלק את ההכנסה מהמפעל הזה לקרן־הקיימת ולצרכי בית־הספר. ההנהלה המרכזית של הקרן־הקיימת בירושלים מצאה לנכון לשלוח מכתב־נזיפה על הצירוף וביקשה להימנע ממעשים כאלה להבא (אם כי הכירה בצרכיו החיוניים של בית־הספר).

והיו, כמובן, מפעם לפעם הפרעות מבפנים. כשנתפלגה ההסתדרות הציונית, והרוויזיוניסטים פרשו, ניסו חברי בית"ר גם בבריטשיבה למנוע איסוף תרומות למען הקרן־הקיימת בשתי חתונות, ורק הודות לתגובתם האמיצה של חברי

הלשכה הארצית של הקרן הקימת לישראל בבסרביה.
„K E R E N   K A E M E T"
Biroul central din Basarabia, Chişinău, str. Chievului No 52.



יום סו לחדש כסלו שנת תרפ"ד
1923.

№ 1953

לועדת הק"הקל
בריצ'יבה.
לידי מר ג. פישמן. אונגני.

ח.נ.

רצוף פה אנו שולחים לך שובר קבלה על הסכום 3.550 (שלשת אלפים חמש מאות וחמשים) לי", שנאספו בעיר בריצ'יבה לטובת הקרן הקימת לישראל. רשמנו סכום זה בספרינו על חשבון ועדת הק"הק בבריצ'יבה.

בכבוד רב ובב"צ

הקומיסר הראשי של הק"הקל בבסרביה

המזכיר

לויט די באַריכטן וואָס די לאַנד־ביוראָ אין קעשענעוו האָט איבערגעשיקט אין דער צענטראַלער קרן־קיימת־ביוראָ אין ירושלים, זענען סומירט געוואָרן די שפּענדונגען אין בריטשעווע אין די יאָרן 1924—1926 ביז 154,000 ליי, און אין די יאָרן 1927—1929 זענען זיי דערגאַנגען ביז 79,000 ליי (דעמלט זענען געווען עטלעכע יאָר פון עקאָנאָמישן קריזיס אין בעסאַראַביע), און אין די יאָרן 1930—1931 זענען זיי דערגאַנגען ביז 43 טויזנט ליי. דערצו נאָך איז אין יאָר 1927 דורכגעפירט געוואָרן אַ ספּעציעלע אַקציע, וואָס איר ציל איז געווען — פאַרשרייבן די שטעט און שטעטלעך אין יובל־באַנד פונעם „ספר־הזהב”; צווישן די 38 ערטער אין בעסאַראַביע, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער אַקציע, איז אויך געווען אונדזער שטעטל.

און אַט לייען איך אין ספּעציעלן ביולעטין פון דער לאַנד־ביוראָ פאַרן קרן־קיימת אין בעסאַראַביע (טבת, תרצ״ב), אַז בשעתן באַזוך פונעם פאָרשטייער פון דער הויפּט־אָנפירונג פון „גאָרדאָניע”, בנציון חרך (איצט אין קיבוץ מסדה) האָט מען אין בריטשעווער סניף געמאַכט אַ „זעלבסט־אָפּשאַצונג”, וואָס איז דערגאַנגען ביז 19,000 ליי, און אויך אַן „אייגענעם שטייער” — 4,500 ליי, און וועגן דעם איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון די „גאָרדאָניסטן”: מ. גאָלדנצווייג, ב. כהן און ש. פּרנס. אין דעם זעלבן יאָר איז איינגעאָרדנט געוואָרן, אין די טעג פון 1—7 יוני, אַ אויסשטעלונג־באַזאַר אין די צימערן פון דער תרבות־שול. און ס'האָט זיך געטראָפן אַ „שרעקלעכע מעשה”: די עסקנים האָבן באַשלאָסן צו צעטיילן די הכנסה — לטובת דעם קרן־קיימת און פאַר די שול־נויטן. די צענטראַלע אָנפירונג פון קרן־קיימת אין ירושלים האָט געפונען פאַר ריכטיק צו שיקן אַ פאָרוואורף־בריוו מחמת דעם צונויפשטעל און געבעטן מער אַזעלכע זאַכן נישט טון (כאָטש זי האָט אָנערקענט די לעבנס־נויטן פון דער שול).

און סע זענען געווען, געוויינטלעך, פון מאָל צו מאָל שטערונגען פון אינעווייניק. ווען די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע איז געשפּאַלטן געוואָרן, און די רעוויזיאָניסטן האָבן זי פאַרלאָזט, האָבן בריטשעווער בית״ריסטן געפּרוווט שטערן דאָס זאַמלען פאַרן קרן־קיימת אויף צוויי התונות, און נאָר אַ דאַנק דער פעסטער שטעלונג פון „גאָרדאָניע” און „השומר הצעיר”, אינאיינעם מיט מ. שפּילבערג און א. פישביין, איז פאָרגעזעצט געוואָרן די זאַמלונג און דערגאַנגען צו שיינע רעזולטאַטן — אַזוי איז געשריבן אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „אונזער צייט” פונעם 17־טן יאַנואַר 1935.

לויט די שפּעטערדיקע באַריכטן איז צו זען, אַז אין תרצ״ה, למשל, זענען די שפּענדונגען פאַרן קרן־קיימת דערגאַנגען ביז 15,000 ליי, און ס'האָבן אָנטייל גענומען: אַלגעמיינע ציוניסטן, צעירי־ציון, מזרחי, פּרויען־פאַריין, גורדוניה, השומר־הצעיר און מכבי. אין תרצ״ט זענען דערגאַנגען די שפּענדונגען ביז 13,000 ליי, און אין דער „הגלילה”־אַקציע אין יאָר ת״ש (ד״ה, דאָס לעצטע פאַרן אַריינקומען פון די סאָוועטן) — צו 10,000 ליי.

און אָט איז אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „אונזער צייט" (געשריבן פון שמעון פּרנס) פונעם 20־טן יאַנואַר 1928, אין וועלכער סע ווערט דערציילט וועגן אַ פאַרברייטערטער זיצונג פון די עסקנים פאַרן קרן־היסוד אין הויז פון דוד גאָלערגאַנט אין דער אָנוועזנהייט פון די קרן־היסוד־שליחים י. סקווירסקי און צ. וויינשטיין, און אויפן אַנדערן טאָג איז געזאַמלט געוואָרן דער ערשטער סכום פון 25,000 ליי. אין דער כראָניק, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „אונזער צייט" פונעם 29־טן יאַנואַר פון יענעם יאָר, איז געשריבן, אַז פאַרן קרן־היסוד איז געזאַמלט געוואָרן אין בריטשעווע אַריבער 70,000 ליי.

וועגן דער „החלוץ־וואָך" איז תמיד בריטשעווע געווען זייער אַקטיוו. לויט די באַריכטן, וואָס זענען דערשינען אין „ערד און אַרבעט", זענען די רעזולטאַטן געווען פאָלגנדיקע: תר"ץ — 2,800 ליי; תרצ"א — 1,550 ליי; תרצ"ב — 550 ליי; תרצ"ג — 2,200 ליי; תרצ"ו — 1,730 ליי. איינער פון די באַריכטן, וואָס געפינען זיך אין „ציוניסטישן צענטראַלן אַרכיוו" אין ירושלים, ווייסט צו דערציילן, אַז די „החלוץ־וואָך" אין פסח תרצ"ג איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ קענטיקן דערפאָלג אַ דאַנק די באַמיונגען פון די אַקטיוויסטן: משה אהרנזון, פיני גאָלערגאַנט, בערל טענענהאוז, שמואל־נחום כהן, מענדל שיכמאַן.

פון אַלע פאַרטייען זענען די צעירי־ציון געווען די אַקטיווסטע, אָבער יעדער אָפּרופן זיך אויף די געשעענישן אין ארץ־ישראל פלעג מיינסטנס געמאַכט ווערן איינהייטלעך מצד אַלע גרופּירונגען. אַזוי, למשל, לייענען מיר אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „אונזער צייט" פונעם 8־טן סעפּטעמבער 1929, אַז שבת דעם 31־טן אויגוסט איז פאָרגעקומען אין דער ראַשקעווער שול אַ פּראָטעסט־מיטינג קעגן די בלוט־פאַרגיסונגען אין ארץ־ישראל. געעפנט האָט דער רב ישעיה עפּלבוים; געהאַלטן רעדעס האָבן: חיים בלאַנק, אהרן קופּערשטיין (איצט אין ישראל) און יעקב פיינסמאַן. נאָך דעם איז פאָרגעקומען אין בריטשעווע דער באַזוך פונעם שליח פון מרכז־החלוץ, ז. משי, וואָס האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט אויף דער טעמע „אונדזער ענפער אויף די בלוטיקע געשעענישן". און וואָס איז געווען דער בריטשעווער ענפער? ס'האָט זיך אָרגאַניזירט אַ „צוגרייטונג־גרופּע" פון 26 חברים („אונזער צייט" פונעם 23־טן נאָוועמבער 1929). און אָט איז אַן אַנדערע קאָרעספּאָנדענץ (געשריבן פון משה שפּילבערג) אין „אונזער צייט":

שבת, דעם 20־טן נאָוועמבער (1929?), איז אין דער ראַשקעווער שול פאָרגעקומען אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג מיטן אָנטייל פון ה' מ. דאווידזאָן. זונטיק אויפדערנאַכט איז אין לאָקאַל פון „גורדוניה" פאָרגעקומען אַן

→

1921: קבוצת „צעירי ציון": אָטל גון / דוד זיסמאַן, שבע אָפּלבוים, הנצי שפּילברג, זוסיא שפּילברג, פאַני בונדר, טויבה שפּילברג, יאַשה אייזנשטיין / רוזה ליכט, ב. גיטשקו (קרן־היסוד־דעלעגאַט), יוסף פּיסטראַק, יחיאל אייזנשטיין, נוטשה גולירגאַנט / הינדה בלאַנק, דבורה שיכמאַן

„גורדוניה" ו„השומר הצעיר", יחד עם מ. שפילברג וא. פישביין, נמשך האיסוף והגיע לתוצאות נאות — כך נאמר בכתבה, שראתה אור ב„אונזער צייט" מיום 17 בינואר 1935.

לפי הדו"חות המאוחרים יותר נראה, שבתרצ"ה, למשל, הגיעו התרומות לקרן־הקיימת לכלל 15 אלף ליי, והשתתפו במפעל ההתרמה: ציונים כלליים, צעירי־ציון, מזרחי, אגודת הנשים, גורדוניה, השומר־הצעיר ומכבי. בתרצ"ט הגיעו התרומות ל־13 אלף ליי, ואילו במפעל „הגלילה" בשנת ת"ש (כלומר, האחרונה לפני היכנס הסובייטים) — ל־10 אלפים ליי.

והנה כתבה ב„אונזער צייט" (בחתימתו של שמעון פרנס) מיום 20 בינואר 1928, שבה מסופר על ישיבה מורחבת של העסקנים למען קרן־היסוד בביתו של דוד גולירגאנט בנוכחות שליחי קרן־היסוד י. סקווירסקי וצ. ויינשטיין, ולמחרת הישיבה נאסף כבר סכום ראשון של 25 אלף ליי; ובכרוניקה שנתפרסמה ב„אונזער צייט" מיום 29 בינואר של אותה שנה, נאמר, כי נאספו למען קרן־היסוד 70 אלף ליי במזומנים.

ב„שבוע החלוץ" היתה בריטשיבה תמיד פעילה. לפי הדו"חות, שנתפרסמו בגליונות „ערד און ארבעט", הסתכמו הפעולות כדלקמן: בתר"ץ — 2800 ליי: בתרצ"א — 1,550 ליי; בתרצ"ב — 550 ליי; בתרצ"ג — 2,220 ליי; בתרצ"ו — 1,730 ליי. אחד הדו"חות בארכיון הציוני המרכזי בירושלים יודע לספר, כי „שבוע החלוץ" בפסח תרצ"ג עבר בהצלחה ניכרת הודות למאמציהם של הפעילים משה אהרונזון, פיני גולירגאנט, ברל טננהויז, שמואל־נחום כהן, מנדל שיכמן.

מכל המפלגות הציוניות היו הפעילים ביותר „צעירי ציון", אבל התגובות על מה שנתרחש בארץ באו, לרוב, מתוך אחדות פעולה. הנה כי כן אנו קוראים, למשל, ב„אונזער צייט" מיום 8 בספטמבר 1929 כתבה, כי בשבת 31 באוגוסט התקיימה בבית־הכנסת הראשקובי אסיפהת־מחאה על שפיכת־הדמים בארץ־ישראל. הפותח היה הרב ישעיהו אֶפלבוים; נאמו: חיים בלאנק, אהרן קופרשטיין (כעת בארץ) ויעקב פיינסמן.

לאחר מכן התקיים בבריטשיבה ביקורו של שליח מרכז „החלוץ", שהירצה על הנושא, „תשובתנו למאורעות הדמים". ומה היתה תשובתה של בריטשיבה? אורגנה „קבוצת הכשרה" בת 16 חברים (כתבה ב„אונזער צייט" מיום 23 בנובמבר 1929).

והנה כתבה אחרת (בחתימתו של משה שפילברג), שראתה אור ב„אונזער צייט":

אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די אָרטיקע ציוניסטן, אין וועלכע ס'איז קאָנ־סטרואירט געוואָרן דער קאָמיטעט אין פאָלגנדיקן באַשטאַנד: אַלס קאָמי־סאַר איז אויסגעוויילט געוואָרן ב. טענענהויז, פאָרזיצער — ד"ר ווייספעלד, געהילפס — ה' פוקס. אַלס סעקרעטאַר — א. פוקס. מיטגלידער: פּ. גאָלער־גאַנט, ש.ב. כהן, ש. פּרנס, צ. טיאַמנע, ז. שטשיגליק, ר. כהן, ר. דווינאַרסקי. צענזאָרן־קאָמיסיע: י. פיינסמאַן, ש. גאָלערגאַנט און מ. אראָנזאָן.

מאָנטיק האָט מען אָנגעהויבן דורכפירן צוזאַמען מיטן ה' מ. דאווידזאָן די אַקציע לטובת די געליטענע אין ארץ־ישראל, נאָר צוליב דער גרויסער בלאָטע, האָט די אַקציע געמוזט אָפּגעשטעלט ווערן, און אין די חנוכה־טעג וועט די אַקציע פאַרענדיקט ווערן. אין אַלגעמיין איז צו באַמערקן אַ שטיקל שינוי צום בעסערן אין אַלע ציוניסטישע אַרבעטן.

וועגן אַ געגנט־צוזאַמענקום פון „גורדוניה", וואָס איז פאָרגעקומען אין בריט־שעוו, לייענען מיר אַ קאָרעספּאָנדענץ (געחתמעט פון „אַ אָרטיקער") אין „אונזער צייט" פונעם 5־טן מאַי 1935:

שוין פון אַ פּאָר טעג פריער פאַר דער פגישה, האָט זיך געקענט באַמערקן דאָס אָנקומען פון מחנות גורדוניסטן פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך צו דער פגישה גלילית, וואָס איז פאָרגעקומען אין די טעג פון 22, 23, 24 און 25־טן אַפּריל.

די פגישה, ווי אַלע פגישות פון דער הסתדרות זענען געווען געווידמעט פאַר די מתעוררים און די ספּעציעלע פּראָבלעמען פון דער שכבה.

אין נאָמען פון דער הנהגה הראשית האָבן זיך אין דער פגישה באַטיי־ליקט: ש. קושניר, צ. בוטניק, ש. קעסטלמאַן און רייכער. אין דער פגישה באַטייליקן זיך אַריבער 300 חברים.

די עפנטליכע ערעפנונג באַגלייט מיט אַ א"י'דיקן נשף — איז געווען זייער אַ אימפּאָזאַנטע. נאָך דער ערעפענונג און פאַרשידענע באַגריסונגען פון אַלע ציוניסטישע און געזעלשאַפטליכע אנשטאַלטן באַקומט דאָס וואָרט דער חבר ש. קושניר, וועלכער ליינט זיין פאָרטראַג „חלוציאַנישער ציוניזם". עס זענען נאָך געהאַלטן געוואָרן שיחות איבער: „גורדוניסטישע קולטור", „די מושבות אין אונזער לעבן", „אונזערע אויפטועין אין א"י" א. אַנד. דער לעצטער טאָג פון דער פגישה איז געווידמעט געוואָרן אַ טיול אין נאָענטן וואַלד, ווי עס איז אויך געפּירט געוואָרן אַ צווייטאַטיקער יום־טוב: 5 יאָר פון זינט עס עקזיסטירט די ערשטע קבוצה פון גורדוניה פון רומעניע און צו דעם 10־יעריקן יובילעאום פון העברעישן אוניווערסיטעט.

באַם שלוס פון טיול איז איינגעאָרדנט געוואָרן איבער דער שטאָט אַ דעמאָנסטראַציע פון דער גאַנצער פגישה. עס איז געווען דאָס הערליכסטע

בשבת, 20 בנובמבר, התקיימה בבית־הכנסת הראשקובי אסיפת־המונים בהשתתפותו של ה׳ מ. דוידזון.

ביום ראשון בערב התקיימה במעון „גורדוניה" אסיפה כללית של הציונים במקום, ובה הורכב הוועד כדלקמן: כקומיסאר נבחר ב. טננהויז, יושב־ראש — ד"ר וייספלד, סגן־יושב־ראש — ה׳ פוקס, מזכיר — א. פוקס חברים: פ. גולירגאנט, ש. נ. כהן, ש. פרנס, צ. טיומני, ז. שטשיגליק, וא. אהרונזון.

ביום ב׳ החלו להעביר, יחד עם ה׳ מ דוידזון, את המגבית לטובת הנפגעים בארץ־ישראל, אלא שמחמת הבוץ העמוק היה הכרח להפסיק את הפעולה, והיא תסתיים בימי החנוכה. בכלל ניתן לציין שינוי כלשהו לטובה בכל הפעולות הציוניות

על פגישה גלילית של „גורדוניה", שהתקיימה בבריטשיבה, אנו קוראים כתבה, חתומה על־ידי „מקומי" ב„אונזער צייט" מיום 15 במאי 1935:

כבר ימים מספר לפני הפגישה ניתן היה להבחין כיצד מגיעים מחנות גורדונאים מכל עיירות הסביבה אל הפגישה הגלילית, שהתקיימה בימים 22, 23, 24 ו־25 באפריל.

ככל פגישות ההסתדרות של התנועה היתה גם פגישה זו מוקדשת למת־עוררים ולבעיותיה המיוחדות של שיכבה זו.

בשם ההנהגה הראשית השתתפו בפגישה: ש. קושניר, צ. בוטניק, ס. קסטלמן ורייכר. בפגישה לקחו חבל מעל ל־300 חברים.

הפתיחה הפומבית בליווי נשף ארץ־ישראלי היתה מרשימה. לאחר הפתיחה וברכות שונות מטעם המוסדות הציוניים והציבוריים נוטל את רשות־הדיבור החבר ש. קושניר, המרצה על הנושא „ציונות חלוצית". כן התקיימו שיחות על: „תרבות גורדונאית", „המושבות בחיינו", „מפעלינו בארץ־ישראל" ועוד. היום האחרון של הפגישה הוקדש לטיול בחורשה הסמוכה, שם הוחג חג כפול: 5 שנים מעת קיומה של קבוצת־גורדוניה הראשונה ברו־מניה ויובל עשר השנים של האוניברסיטה העברית.

עם סיום הטיול נערכה בעיירה תהלוכה של כל משתתפי הפגישה. היתה זו תמונה נהדרה: 400 בני נוער לבושי תלבושת־גורדוניה עברו בסך את העיירה. הרושם היה עצום.

בילד פון דער פּגישה: 400 יוגנטליכע געקליידעט אַלע אין דער גורדוניס־טישער אוניפאָרם, האָבן דורכגעמאַרשירט דאָס שטעטל. דער איינדרוק איז געווען אַ גוואַלדיקער.

י״ב

דער געזעלשאַפטלעכער־נאַציאָנאַלער הוש פון די בריטשעווער איז געקומען צום אויסדרוק אין אַ סך פאַלן, און דערעיקרשט בשעת די אַלגעמיינע וואַלן אין לאַנד. אין אָנהייב דרייסיקער יאָרן איז די יידישע באַפעלקערונג אין רומעניע, און באַזונדער אין בעסאַראַביע, געווען אַריינגעטאָן אין קעסל־גרוב פון די אַלגעמיינע וואַלן אין פּאַרלאַמענט און אין סענאַט. די נאַציאָנאַלע יידישע עלעמענטן פון אַלע שאַטירונגען האָבן זיך אַרומגעזען, אַז אָן אַן אייגענער יידישער פאָרשטייערשאַפט, מיט אַן אייגענער פּלאַטפאָרם און מיט אייגענע פאָדערונגען פאַר גייסטיקער אויטאָנאָמיע, וועט דאָס רומענישע יידנטום נישט זוכה זיין צו אַ נאָרמאַלע עקזיסטענץ. און אַזוי־אַרום איז באַשלאָסן געוואָרן וועגן אַן אויטאָנאָם „יידיש צעטל", כדי אַריינצושיקן אין פּאַרלאַמענט און אין סענאַט די נאַציאָנאַלע פאָר־שטייערס, וואָס זאָלן פאָדערן די רעכט פון יידן אין דער מדינה. איינצייטיק האָבן אַקטיווירט אויך אַנדערע „פאָרשטייערס", וואָס האָבן געמאָנט די יידישע שטימען פאַר די אַלגעמיינע רומענישע צעטלען. און אָט ווי בריטשעווער יידן האָבן זיך געפירט לגבי דעם דאָזיקן עניין: אין אַ קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז דערשינען אין „אונזער צייט" פונעם 29־טן מאַי 1931, ווערט אַזוי געשריבן:

צוריק מיט עטלעכע טעג האָבן באַ אונדז געוויילט אין דער אָנגעלעגנהייט פונעם „יידישן צעטל" די ה״ה ט. פישער און מ. לאַנדאו. זייער אָנוועזנהייט האָט געמאַכט זייער אַ גרויסן רושם אויף דער היגער באַפעלקערונג. פיל מענטשן, וועלכע האָבן אפילו נישט געטראַכט וועגן גיין צו די וואַלן, זענען דעם צווייטן טאָג געלאָפן אָפּנעמען זייער וואַל־ביולעטין, כדי זייער שטימע זאָל נישט פאַרלוירן ווערן.

ס'איז כדאי איבערצוגיבן וויאַזוי די פאָרשטייערס זענען דאָ אויפגענומען געוואָרן. ווען דער אויטאָמאָביל איז אַראָפּגעפאָרן אין שטעטל, איז מען אים אַקעגנגעגאַנגען און באַגעגנט מיט הורא־געשרייען. יעדער האָט זיך געשטופּט אָפּגיבן שלום־עליכם די קאַנדידאַטן פונעם יידישן צעטל.

אין זאַל „אָפּאָלאָ" האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַן ערך טויזנט מענטשן בייצוזיין באַ די רעדעס. די אַפּלאָדיסמענטן, מיט וועלכע זיי זענען באַדאַנקט געוואָרן, האָט זיך געדאַכט, אַז זיי וועלן גאָר קיינמאָל נישט אויפהערן.

גאָר אַנדערש איז געווען דעם ערשטן טאָג שבועות, בשעת דער אָנוועזנהייט פון ה' מאַקס ווורמבראַנד. ער האָט געהאַלטן אַ „פלאַם־פייערדיקע"

החוש הציבורי הלאומי של בני־בריטשיבה בא לידי ביטוי בהרבה מקרים, ובעיקר בהשתתפות בבחירות הכלליות של המדינה. בראשית שנות השלושים היתה האוכלוסיה היהודית ברומניה, ובעיקר בביסראביה, נתונה בקלחת הבחירות הכלליות לבתי־הנבחרים. היסודות הלאומיים היהודיים מכל הגוונים נתנו דעתם לכך, שבלי נציגות יהודית עצמית,עם מצע עצמי ועם דרישות עצמיות לאוטו־נומיה רוחנית, לא תזכה היהדות ברומניה לקיום נורמלי. וכך הוחלט על „רשימה יהודית״ עצמאית, כדי להחדיר לבתי־הנבחרים את הנציגים הלאומיים, שיעמדו על זכויות היהודים במדינה. אולם בעת ובעונה אחת פעלו גם „נציגים״ אחרים, שגרסו כי יש להצביע בעד רשימות רומניות כלליות. והנה כיצד השתקפה גישתם של יהודי בריטשיבה לעניין זה: בכתבה, שהתפרסמה ב„אונזער צייט״ מיום 29 במאי 1931, כתוב לאמור:

לפני ימים אחדים שהו בעיירתנו בקשר ל„רשימה היהודית״ ה״ה ד״ר ח. פישר ומ. לאנדאו. נוכחותם עשתה רושם עז מאד על תושבי המקום. הרבה אנשים, שלא עלה בדעתם ללכת לבחירות, מיהרו למחרת לקבל את כרטיסי־ההצבעה שלהם, כדי שקולותיהם לא ילכו לאיבוד.

כדאי לציין כיצד נתקבלו הנציגים. כשירדה המכונית לעיירה, יצאו לקראתה וקיבלוה בקריאות הידד. כל אחד נדחק לחלוק „שלום־עליכם״ למועמדים של הרשימה היהודית.

באולם „אפולו״ נתאסף קהל של כאלף איש כדי להאזין לנאומים. נדמה היה, שהתשואות שבאו להודות לנואמים, לא ייפסקו כלל.

המצב היה שונה לחלוטין ביום א׳ של חג השבועות בנוכחות הא׳ מאקס וורמבראנדט. הוא נאם נאום „חוצב להבות״ ושפך אש וגפרית על הרשימה היהודית, תוך כדי בקשו שיתנו לו כאלפיים קולות, שאם לא כן ירד „לבו היהודי״ לטמיון.

ובצורה נאה יצא נגד וורמבראנדט מנהל־החשבונות של קופת־מלווה־וחיסכון במקום, הא׳ פיינסמן, שהציג בפני הקהל את „הישגיו״ של וורמ־בראנדט בפארלאמנט. משראה שנפגע קשה, עזב ה׳ וורמבראנדט מייד את האולם, עלה על המכונית וברח... אלא ששקל למטרפסיה גם בהיעדרו. ניתן לשער, כי משהו בדומה לכך מתרחש גם בעיירות אחרות שבמחוז סורוקה.
ש. בריטשיבסקי (כנראה, פרנס ?)

רעדע, געשיט פעך און שוועבל אויפן יידישן צעטל, בעטנדיק מע זאָל אים גיבן טויזנט שטימען. אין פאַל וועו נישט, פאַרלירט ער זיין „יידיש האָרץ״.

שיין האָט אָפּאַנירט ווורמבראַנדן דער בוכהאַלטער פון דער היגער ליי־און־שפּאָר־קאַסע ה׳ פיינסמאַן, וועלכער האָט פאַרגעשטעלט ווורמבראַנדס „אויפטועך״ אין פאַרלאַמענט. זעענדיק, אַז ער האָט שלעכט אָנגעטראָפן, האָט דער ה׳ ווורמבראַנד תּיכף פאַרלאָזט דעם לאָקאַל, זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל און איז אַוועק... אָבער זיין „פּסק״ האָט ער שוין באַקומען אויך אין זיין אָפּוועזנהייט. ס׳איז צו גלויבן, אַז ענלעכעס קומט פאָר אויך אין די אַנדערע שטעטלעך פון סאָראָקער קרייז.

ש. בריטשעווסקי (ווייזט אויס, פּרנס)

י״ג

ווער זענען געווען די ערשטע בריטשעווער, וואָס זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל? ס׳איז שווער זיך צו פאַרלאָזן אויפן זיכרון, און קיין דאָקומענטן זענען נישטאָ. אָט, למשל, אין אַ קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז דערשינען אין „ערד און אַרבעט״ (ארגאַן פון צעירי־ציון אין בעסאַראַביע) ווערט דערציילט וועגן דער שמחה, וואָס האָט געהערשט אין שטעטל באַם עולה זיין פון די ערשטע חלוצים: חיה ווייספעלד*, לאה בלאנק און בנימין כהן. דער מכבי־אָרקעסטער האָט באַגלייט די חלוצים, און כמעט דאָס גאַנצע שטעטל איז אַרויסגעגאַנגען אין די גאַסן; אַזוי אין געשאַפן געוואָרן אַ ארץ־ישראלדיקע אַטמאָספערע.

דאָ מוז איך צוגיבן, אַז לויט איך געדענק, איז מאַטעס שיכמאַן געווען פון די ערשטע (און אפשר דער גרינדער) פון מכבי אין בריטשעוו. די ערשטע צייט פלעגן די מכבי־מיטגלידער זיך פאַרנעמען דערעיקר מיט ספּאָרט, און באַזונדערס מיט פוטבאָל. נאָך עטלעכע יאָר האָט זיך די מכבי־באַוועגונג אין בריטשעוו איינגעשפּאַנט אין חלוצישער אַרבעט. אין דער אויבנדערמאַנטער קאָרעספּאָנדענץ ווערט באַמאָלט אַ געוויינלעך בילד פון די מכביסטן, ווען זיי פלעגן זיך אומקערן פון דער אַרבעט פאַרנאַכט: זיי זענען געווען האָלץ־העקערס, אַרבעטער באַם פאַרגרוזן וואַגאָנעס אָדער ערד־אַרבעטער — דערפאַר פלעגן זיי זיך אומקערן מיט די אַרבעט־מכשירים, געזונטע, מיט פאַרברענטע פּנימער, און מיט געזאַנג.

וואָס אָנבאַלאַנגט עליה דאַרף מען גוט דעפינירן דעם באַגריף „חלוץ״ — מיינט עס נאָר די וואָס זענען געווען אָרגאַניזירט אין אַ באַוועגונג? על כל פּנים, מיר דאַכט זיך, אַז מיין חבר איציק דיזענגאָף (זאַנוול צאוואליערס שטיף־זון), וואָס זיין פעטער איז געווען מאיר דיזענגאָף, תל־אביבער ראש־העיר, איז געווען דער ערשטער וואָס איז עולה געווען (אגב, ער איז נישט פאַרוואָרצלט געוואָרן אין

---

* ד״ר ווייספעלד׳ס שוועסטער.



פגישה גלילית (בריטשיבה, יידיניץ, סיקוראן, רישקאן) של „גורדוניה" בחורשה שבדרך לטירנובה
אַ ראַיאָן־באַגעגעניש פון „גורדוניה" (בריטשעוו, יעדינעץ, סעקוראַן, רישקאָן) אין וועלדל אויף טערנעווער וועג

לאַנד. מיט זיין גאַנצער שטאַרקער „פּראָטעקציע״ האָט ער נישט געפונען קיין פּלאַץ פאַר זיך, און דער סוף איז געווען, אַז ער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע). און הינדע בלאַנק איז אַוודאי געווען פון די ערשטע, וואָס זענען עולה געווען. איך געדענק ווען יעקל פרידמאַן איז עולה געווען מיט דער פאַמיליע. און מאַטעס שיכמאַן האָט דען נישט געפּרוווט עולה צו זיין צווישן די ערשטע, האָט זיך אומגעקערט און דערנאָך עולה געווען? פון די ערשטע פאַמיליעס, וואָס זענען עולה געווען געדענק איך יעקל בלאַנק׳ס, שמואל־נחום כהן׳ס (האָט זיך באַזעצט מיט זיין זון אין מסדה און געשטאָרבן נישט לאַנג אין טיפער עלטער) און יעקל שפּילבערג מיט די קינדער. אגב, ווייל דער זון, משה שפּילבערג, איז שוין געווען איבער 18 יאָר, האָט ער געמוזט בלייבן אין בריטשעווע און וואַרטן אויף אַ באַזונדערן צערטיפיקאַט. וויפל ער האָט זיך אָנגעמוטשעט, וויפל ער האָט זיך געראַנגלט, וויפל מאָל איז ער געווען אַנטוישט — און דער סוף איז געווען, אַז דער צערטיפיקאַט פאַר אים איז אָנגעקומען געציילטע טעג פאַרן אַריינקומען פון די סאָוועטן קיין בעסאַראַביע, און ער האָט נישט באַוויזן עולה צו זיין און איז אומגעקומען אין די היטלער־יאָרן.

סע וועט אָבער זיין אַן עוולה, אויב מיר ווילן נישט דערמאָנען די וואָס זענען געווען נאָך פאַר די ערשטע בריטשעווער וואָס זענען עולה געווען. דאָס זענען געווען פון די ערשטע „חלוצים״ בכלל, פון די ערשטע וואָס קערן צו דער אַזוי גערופענער „דריטע עליה״. איך מוז מיך דאָ אומקערן צום קאַפּיטל פון די אוקריינער פּליטים. און כ׳וועל אָנהייבן מיט אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד: מיר האָבן זיך מתעסק געווען מיט צוגרייטן דאָקומענטן פאַר די אוקריינער פּליטים, ווייל אָן דאָקומענטן האָט קיינער פון זיי נישט געקענט בלייבן אין בעסאַראַביע*. זענען מיר איין מאָל געזעסן צוויי גאַנצע טעג, איך און מיין שוועסטער־קינד נאָטשע, און מיר האָבן צוגעגרייט רשימות און אויסגעפילט קאָמפּליצירטע אַנקעטעס פאַר יעדן פּליט — און ס׳האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז די אַרבעט וועט זיך נישט ענדיקן. ס׳איז געווען בא מיין פעטער יאָסל אין שטוב, וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט פּסח וויינשטיין, וועלכער איז דעמלט געווען פּרימאַר. אויף מאָרגן האָט פּסח געדאַרפט פאָרן מיטן צעטל צום פּרעטאָר און באַקומען די דערלויבעניש אַרויסצוגיבן די אידענטיטעט־קאַרטן. און געזאָגט האָט מען אונדז, אַז דאָס וועט זיין די לעצטע רשימה, ווייל די מאַכט וועט שוין מער קיין דערלויבעניש נישט אַרויסגיבן. דערפאַר טאַקע האָבן מיר געמוזט אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט, כדי צו באַוויזן אַריינטראָגן אַלע נעמען אין דער רשימה. האָט זיך פּלוצים פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ביאַליק געפינט זיך אין מאָלעוו און וואַרט אַריבערצוגיין דעם נעסטער. אויב אַזוי, האָט געפרעגט מיין פעטער יאָסל, אויב ער וועט קומען קיין בעסאַראַביע, וויאַזוי וועט ער קריגן אַ דערלויבעניש צו זיין דאָ? האָבן מיר אויסגעפילט אַן

* זע וועגן דעם אין ד״ר י. אייזנשטיין׳ס זכרונות.

מי היו ראשוני הבריטשיבאים שעלו ארצה? קשה לסמוך על הזיכרון, ואילו מסמכים חסרים כמעט. הנה, למשל, בכתבה, שנתפרסמה ב„ערד און ארבעט", (בטאון „צעירי־ציון" בביסאראביה), מסופר על השמחה ששררה בעיירה עם עליית החלוצים הראשונים: חיה וייספלד*, לאה בלאנק ובנימין כהן. תזמורת „מכבי" ליוותה את העולים, וכמעט כל תושבי העיירה יצאו לרחובות; כך נוצרה אווירה ארץ־ישראלית.

בנקודה זו עלי להוסיף, שלפי מיטב זכרוני היה מתתיהו שיכמן מהראשונים (ואולי המייסד) של תנועת „מכבי" בבריטשיבה. בזמן הראשון היו חברי התנועה עוסקים בעיקר בספורט, ובמיוחד בכדורגל. כעבור שנים מעטות נרתמה „מכבי" הבריטשאיבאית לפעולה חלוצית. בכתבה הנ"ל מתוארת הופעתה הרגילה של „מכבי" בשובה מן העבודה לקראת ערב: חוטבי־עצים היו, מטעיני־תבואה בקרונות רכבת או עובדי אדמה — ועל־כן היו חוזרים עם כלי עבודתם, שזופי פנים וחסונים ושירה בפיהם.

בנידון העליה יש להגדיר יפה את המלה „חלוץ" — האם הכוונה רק למי שאורגן בתנועה? על כל פנים, לי נדמה שחברי יצחק דיזנגוף (בנו החורג של זאנוול צאוואליר), שדודו היה מאיר דיזנגוף, ראש העיר תל־אביב, היה ה ר א ש ו ן לעליה (אגב, הוא לא נקלט בארץ. עם כל „הפרוטקציה" החזקה, שהיתה לו, לא מצא לו אחיזה וסופו שירד לארצות־הברית). זכור לי גם יעקל פרידמן, שעלה עם ביתו בשנות השלושים המוקדמות, והינדה בלאנק, ודאי שהיתה מן העולות הראשונות. ומתת שיכמן, כלום לא ניסה לעלות ארצה בין הראשונים וחזר ואחר כך שוב עלה? מהמשפחות שעלו לארץ בשלימות זכורות לי זו של יעקל בלאנק (קודראן), של משפחת שופר, של ישעיהו פרנס, של שמואל־נחום כהן (שהשתקע במסדה עם בנו אליהו ומת לא מזמן בשיבה טובה) וזו של יעקל שפילברג. ואגב, כיוון שהבן, משה שפילברג, היה כבר בגיל שמעל ל־18, הוא נאלץ להישאר בבריטשיבה ולצפות לחסדו של סרטיפיקט מיוחד לעצמו. כמה חיבוטים נתחבט, כמה מאבקים נאבק, כמה פעמים אוכזב — והסוף היה שהסרטיפיקאט בשבילו נתקבל ימים ספורים לפני כניסת הסובייטים לביסראביה, והוא לא הספיק לעלות ונספה בשואה.

איני מוכן כלל למנות את העולים מתנועות הנוער; באותה תקופה לא

---

* אחותו של ד"ר וייספלד.

אַנקעטע, עליי ביאַליק געפינט זיך שוין צווישן די פּליטים אין ברישעווע, און אַריינגעשטעלט זיין נאָמען אין דער רשימה. און אַזוי איז אַרויסגעגיבן געוואָרן אַ דאָקומענט אויף זיין נאָמען, וואָס מיר האָבן אָפּגעהיט עטלעכע חדשים, ביז מיר זענען געוואָירע געוואָרן, אַז ביאַליק איז אַרויסגעפאָרן פון אָדעס מיט אַן אַנדער וועג. מע דאַרף דאָ, אגב, צוגיבן, אַז בריטשעווע פלעג צוגרייטן דאָקומענטן פאַר די אוקריינער פּליטים, וואָס האָבן זיך געפונען אין סאָראָקע, ווערטוזשען און אַנדערע שטעטלעך (דער סעקרעטאַריאַט האָט זיך געפירט, לויט ווי איך געדענק, באַ איציק שטשיגליק אין הויז).

צווישן די אוקריינער פּליטים איז אָנגעקומען קיין בריטשעווע אַ גרופּע חלוצים פון פּאָדאָליע, פונעם שטעטל יאַמפּאָל. נאָך דעם וואָס די באַפעלקערונג האָט זיי געגיבן די ערשטע הילף, האָבן זיי זיך באַזעצט אין אַ וווינונג אין עק שטעטל, לעבן דעם „גאַז־רעזערוואַר" פון דער פאַמיליע מונימיס (מיט דער צייט האָט דאָרט געוווינט דער „שעף־דע־פּאָסט"). צווישן דעם בנין און צווישן שמוז״ל־אברהמ׳ס הויז איז דעמלט נישט געווען קיין הייזער, און דער גאַנצער שטח איז געווען אַ ברייט פּלאַץ, וואָס מ׳האָט גערופן „די טאָלעקע". אין דעם באָדן פון דער טאָלעקע האָבן די חלוצים אויסגעגראָבן אַ פאָרם פון אַ מגן־דוד, און זיי פלעגן דאָרט זינגען און טאַנצן אין ד״ אויפדערנאַכטן. אין דער שפּיץ פון דער גרופּע איז געווען נחמן כהן (איצט נ. תרדיון, אַ קיבוצניק אין יפעת), און אָט ווי ער אַליין באַשרייבט די זכרונות וועגן בריטשעווע אין זיין בוך „נגוהות חוזרים" („אָפּשיי־נען", פאַרלאַג נ. טווערסקי, תל־אב״ב, 1948), זייט 21 און ווייטער:

...מיר זענען אין אַ טיפּישער בעסאַראַבער קאָלאָניע. די טעג זענען „פּראַשאָווקע"־טעג אין די טאַבאַק־פּלאַנצונגען, און די אָרטיקע צוויי העבּרעישע לערערס האָבן נישט אומזיסט געאַרבעט און זיך באַמיט, ווייל אייניקע פּלאַנטאַטאָרס האָבן מסכים געווען און צוגענומען חלוצים אויף אַרבעט. הינטער דער קאָלאָניע, באַרג־אַראָפּ פון אַ בערגל, שטייט אַ פּאַרלאָזט ליימען שטיבל, שויער צו זאָגן צי סע שטייט צי האַלט עס אין איינפאַלן. דאָס איז אונדזער וווינונג דאָ. האָבן זיך תחילת די צוויי אָפּגעלאָזטע צימער אייגעשפּאַרט און נישט געוואָלט אַריינגעמען פערציק נפשות. אָבער בלית ברירה האָבן זיי זיך איבערגעבעטן. און הורא! מאָרגן גייען מיר אַרויס צו דער אַרבעט. פול, פול זענען די הערצער. און אונדזער אָרט איז, ווי געזאָגט, אויסערן שטעטל. געבענטשטע פעלדער און פריידיקע זומער־הימלען. און אַרום אונדז אַ ברייטע „טאָליקע". ווערן צונויפגעפלאָכטן פון זיך די אַכציק אָרעמס — און אַ טאַנץ. גרופּן־ווייז ציען זיך צו אונדז די יינגלעך און די מיידלעך פונעם שטעטל. פאַרוווּנדערונג. פאַרלעגנהייט. סימפּאַטיע. פאַר־ערונג.

...ס׳איז אַוועק דער שניט, ס׳האָט זיך געענדיקט דער זומער, און מיר

הייתי בא לבריטשיבה, אלא להתארח לימים מספר בשנה; „הגדיים נעשו תיישים", היציאה להכשרה נהפכה לתופעה רגילה, והבנים והבנות, יוצאי בריטשיבה, הרי הם מפוזרים בארץ, בקיבוצים ובקבוצות, במושבות ובערים.

הרבונו הסכם אנו הח"מ מרשים
לבתנו שרה את עליית לארצנו הקדושה
ארץ ישראל
ובזה רננו חותמים!
יענקב שפילבערג
עטל שפילבערג

בריטשיבא
22 סעפטעמבר 1934

ב"ה

באתי בזה להעיד כי יענקב שפילבערג ורעיתו עטל הם הורים של הבתולה
שרה [illegible] מסכימים [illegible] בתם שרה הנ"ל לעלות לארצנו הקדושה
[illegible]
[illegible] פה בריטשיבא 22 סעפטעמבר 1934 נאום ישעיהו אפלבוים רב [illegible]




מאבק היה מתנהל לפרקים בין הורים לבנים ולבנות ביחס לעלייה. גם משרד העלייה נאלץ להקפיד ולבקש אישור ההורים. הנה אישור של יענקל שפילברג ואשתו אטל ז"ל, שהסכימו לעליית בתם שרה. ההסכמה מאושרת על־ידי הרב. / עלטערן פלעגן צומאָל קעמפן קעגן דעם אַז זייערע קינדער זאָלן עולה זיין, און דער פּאַלעסטינע־אַמט איז געווען געצוווּנגען צו פאָדערן די דערלויבניש פון די עלטערן. אָט איז די הסכמה פון יענקל און עטל שפּיל־בערג ז"ל, פאַר דער עליה פון זייער טאָכטער שרה. די הסכמה איז באַשטעטיקט פונעם רב.



1921 : החלוצים מאוקראינה עם באי־כוח קרן־היטוד / די אוקריינער חלוצים מיט די קרן־היסוד דעלעגאַטן

ברם, יהיה זה עוול, אם נתעלם מאלה שקדמו לבריטשיבאים הראשונים שעלו ארצה ושהו קודם בבריטשיבה. ואלה היו חלוצים מראשוני „החלוץ" בכלל, מראשוני העליה השלישית. עלי לחזור ולהזכיר את עניין הפליטים מאוקראינה, ואפתח באֶפיזודה מעניינת:

עסקנו בהכנת תעודות למען הפליטים מאוקראינה, שבלעדיהן לא יכול היה אף פליט להישאר בביסראביה*. ישבנו פעם אחת יומיים רצופים, אני ונוֹטשה, בן־דודי, וערכנו רשימות ומילאנו טפסים עם שאלונים מסובכים לכל פליט ופליט — ונדמה היה כי העבודה לא תיגמר. היה זה בביתו של דודי יוסל גרינברג, שפעל שכם אחד עם פסח ויינשטיין, שהיה אז הסטארוסטה. למחרת צריך היה פסח לנסוע עם הרשימה אל מושל האיזור (הסובפריפקט בקלימאוּץ) ולקבל את האישור להוצאת תעודות־הזיהוי. ונאמר לנו, כי זו תהיה הרשימה האחרונה, כיוון שהשלטונות לא יוסיפו עוד להוציא אישורים. נאלצנו איפוא לעבוד גם בלילה כדי שנספיק להכניס את כל השמות לרשימה. והנה התפשטה השמועה, שביאליק נמצא במוהילוב־פודולסק ומצפה למעבר לביסאראביה. אם כך, שאל דודי יוסל, אם יגיע לביסראביה, איך ישיג רשיון להשתהות כאן? ומה הוחלט? מילאנו שאלון, כאילו גם ביאליק נמצא בין הפליטים השוהים בבריטשיבה, והכנסנו את שמו לרשימה. וכך הוצאה תעודה על שמו ונשתמרה כמה חדשים, עד שנודע לנו כי ביאליק עזב את אודיסה בדרך אחרת.

אגב, יש להוסיף כאן, שבריטשיבה היתה מספקת תעודות גם למען הפליטים מאוקראינה שהשתהו בסורוקה, בוואֶרטוּז'אֶן ומקומות אחרים (המזכירות היתה פועלת, כזכור לי, בביתו של איציק שטשיגליק).

בין יתר הפליטים הגיעו לבריטשיבה קבוצת חלוצים מפודוליה, מהעיירה יאמפוֹל. לאחר הגשת סיוע מצד האוכלוסיה, הם התמקמו באיזה מעון שבקצה העיירה, ליד „מחסן הנפט" של משפחת מונימיס (שנהפך ברבות הימים לבית של ה„שף־דה־פוסט"). בין הבניין הזה לבין ביתו של שמואל־אברהם לא היה אז כל בית, והשטח כולו היה כר נרחב עם דשא, מקום לטיולים. בקרקע הכר הזה עשו החלוצים חריצים בצורת מגן־דוד, והוא ששימש להם למקום שירה וריקודים בערבים. ראש הקבוצה הזאת היה נחמן כהן (כעת נ. תרדיון, חבר יפעת), והנה איך הוא מעלה זכרונות מהימים ההם שבבריטשיבה, בספרו „גגוהות חחרים" (הוצאת נ. טברסקי, תל־אביב, תש"ח), עמוד 21 ואילך:

---

* על כך ראה גם בזכרונותיו של ד"ר י. אייזנשטיין בספר זה.

שטעקן נאָך אין דער קאָלאָניע... דער מרכז אין קעשענעוו האָט אין אונדז פאַרגעסן. און דערווייל אַרבעט־לאָזיקייט. און שלמה חלוץ (אַזוי האָט מען גערופן אין שטעטל דעם טאָלנער אַלטן חסיד פאַר זיין צוקלעבן זיך צו אונדז) קען נישט געפינען קיין עצה. גאַנצע טעג לויפט ער אום פון בעל־בית צו בעל־בית, ער בעט זיך און פאָדערט — און קערט זיך אום מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

אונדזער קאָנטע באַם בעקער —אַן אויסגעמאַטערטער ייד און אַ פריי־לעכער קבצן — האָבן מיר איבערגעריסן שוין צוריק מיט אַ סך טעג און וואָכן; אויפן אָרט פונעם ברויט איז געקומען די מאַמעליגע. אָט האָט זיך אָבער געענדיקט אויך דאָס פּאַפּעשוי־מעל, און אפילו אַ ביסל „מאָנפּאַסיע" — אויפן אָרט פון צוקער — צו דער טיי איז נישטאָ.

יענער קבצן, דער בעקער, באַווייזט זיך פּלוצים אין אַ טאָג אויף דער טיר פון אונדזער וווינונג, הייבט אָן צו היקן סתם וועגן דעם און וועגן יענץ און גייט איבער צום ציל פון זיין קומען: איר זענט, במחילה, נישט מער ווי קינדער. ווי איך בין אַ ייד, אַז ס'איז אַזוי. וויאַזוי זאָגט מען זיך אָפּ פון ברויט? און פאַרוואָס? מחמת דער מטבע. נו, ווייסט מען דאָך, אַז זי איז קיילעכיק... צי טאָמער... איר זענט דאָך למד־וואָווניקעס בכלל און בפרט... צי אפשר גאָר איז דער כּן אַראָפּגעפאַלן פאַר אייך פונעם הימל די לעצטע טעג... הקיצור, לאָזט אָפּ, חברה לצים, ווייל איך בין עלטער פון אייך, לפחות, מיט אַ פורים, און אויב איך זאָג „קומט נעמט ברויט", הייסט עס יעמוד פלוני בן פלוני, זאָל ער נעמען אין דער האַנט דעם באַוווסטן זאַק און גיין און קומען צו מיר אין דער בעקעריי...

אַן אַנדערע גרופּע פון חלוצים, פון סלאָוויטע, איז געקומען שפּעטער צו אונדז אין שטעטל, און מיר, די יונגע, האָבן איר געהאָלפן מיט וואָס מיר האָבן געקענט. זיי האָבן געוווינט אין דעם גרויסן הויז פון פּרצ'ן, און יעדן טאָג און יעדן אויפדערנאַכט פלעגן מיר זיך דאָרט צונויפזאַמלען מיט זיי און פאַרברענגען אין שמועסן און געזאַנג — ביז זיי זענען געוווען עולה קיין ארץ־ישראל.

און נאָך אַנדערע חלוצים זענען געקומען צו אונדז, און דערנאָך עולה געווען, און איצט פאַרנעמען אייניקע פון זיי זייער וויכטיקע שטעלעס אין ישראל. איך וועל דערמאָנען, לפחות, יוסף באַרפאַל, וואָס איז געווען אַ קורצע צייט אין בריטשעווע (מיט אים אינאיינעם איז געווען אויך זיין ברודער, וואָס זיין נאָמען געדענק איך נישט) און דעם שרייבער א. ז. בן־ישי.

בקולוניה ביסראבאית יהודית טיפוסית אנו. הימים ימי „פראשובקה" (עידור) במטעי הטאבאק, ושני המורים העבריים המקומיים לא בכדי עמלי ויגעו, שכן נתרצו להם כמה פלאנטאטורים וקיבלו חלוצים לעבודתם. מאחורי הקולוניה, בשיפועה של גבעה, עומד בית־חמר נעזב, ספק עומד ספק מט לנפול, זה משכננו כאן. התעקשו לכתחילה שני החדרים העלובים ולא אבו להכ"ל ארבעים נפש. אך באין ברירה נתפייסו. והידד! מחר אנו יוצאים לעבודה. מלאים, מלאים הלבבות. ומקומנו, כאמור, מחוץ לעיירה. שדות ברוכים ושמי קיץ מצהילים. ומסביבנו „טוליקה" (אפר) רחבת־ידיים. נקלעות מיניה וביה שמונים הזרועות — וריקוד. שיירות שיירות נמשכים אלינו בני העיירה ובנותיה. תימהון. מבוכה. חיבה. הערצה.

...עבר קציר, כלה קיץ, ואנחנו תקועים בקולוניה. נשכחנו מלב המרכז בקישינוב. ובינתיים חוסר כל עבודה, ואין עצה גם בפי שלמה חלוץ (כך כינו בעיירה את החסיד הטולנאי הזקן על שם דבקותו בנו). כל הימים הריהו מתרוצץ מבעל־בית לבעל־בית, משדל ותובע — וחוזר בראש מורד.

את הקונטו שלנו אצל נחתום העיירה — יהודי סחוט־עמל ודלפון עליז — הפסקנו זה ימים ושבועות; את מקום הלחם שלנו ירשה ה„מאמא־ליגה". אך הנה אזל גם קמח התירס, ואף מעט „מונפאסיה" — תחת סוכר — לתה אין.

אותו אופה דלפון מופיע פתאום באחד הימים בפתח משכננו, פותח בגמגום סתם על דא ועל הא ועובר למטרת בואו: הרי אינכם אלא ילדים, במחילה. ביהדותי, כן הוא. הא כיצד גוזרים על הפת? וכל כך למה? משום שהמטבע... נו, בידוע שעגול הוא... או שמא... הרי למד־וונ־יקים אתם בכלל ובפרט.. שמא איפוא ירד עליכם המן מן השמיים בימים הללו...

הקיצור, חדלו לכם, חברה ליצים, שכן זקן אני מכם לפחות בפורים אחד, ואם אני אומר „בואו קחו לחם", משמע יעמוד החתן פלוני בן פלוני, ישים בידו את השק הידוע וילך ויבוא למאפייה שלי...

קבוצת חלוצים אחרת מסלאווטה, באה לעיירתנו כעבור זמן, ואנחנו, הצעירים, סייענו להם באשר יכולנו. היא היתה משוכנת בביתו המרווח של פרץ הזקן, ויום־יום וערב־ערב היינו מתכנסים שם ומבלים בשיחות ובשירה — עד שעלו ארצה.

דאַכט זיך, אַז ס׳איז ווערט זיך אָפּשטעלן אַ ביסל אויפן גאַנג וואָס האָט געפירט צו וועלטלעכער קולטור אין בריטשעוו. נאָך אַ פּאָר יאָר פאַר דער ערשטער מלחמה האָבן שוין אַרויסגעשפּראָצט אייניקע סימנים פונעם „נייעם״. יונגע מענטשן האָבן אָנגעהויבן לייענען און לערנען רוסיש. איך ווייס, למשל, אַז באַ די וויינשטיינס און די לעווינטאַלס האָט מען גערעדט רוסיש, און דאָס לייענען איז אוודאי געווען רוסיש. און נישט נאָר זיי: סאָניע די אקושערין, שבע זיסמאַן (טראַכטנברויט), רח׳צע גאָלד (די פרוי פון משה־יאָסל גאָלד, וואָס איז געקומען פון כאָטין און דאָרט געענדיקט די גימנאַזיע), אַלטער מיידנבערג, פּעסיע באַרג און איר ברודער דודי באַרג און זיין פרוי קריינע, פרומע זאַק און אַנדערע, זענען געווען רוסיש־לייענערס און זיך אינטערעסירט נישט נאָר מיט דער קלאַסישער ליטעראַטור, נאָר אויך מיט דער אַלגעמיינער ליטעראַטור פון זייער צייט. קלאָר, אַז מ׳ט דער גרינדונג פון דער ביבליאָטעק איז דער דאָזיקער קרייז פאַרברייטערט געוואָרן.



נשים מן „האינטליגנציה״ לפני מלחמת־העולם הראשונה / פרויען פון דער „אינטעליגענציע״ פאַרן ערשטן וועלט־קריג: אסתר גרצנשטיין, מאַניה גולירגאַנט, שבע טראַכטנברויט

ועוד הרבה־הרבה חלוצים, שאחר כך עלו והם תפסו ותופסים מעמד מכובד בציבוריות בארץ. ואזכיר, לכל הפחות, את יוסף בארפאל, ששהה זמן קצר בבריטשיבה (אתו יחד היה גם אחיו, ששמו אינו זכור לי) ואת הסופר א. ז. בן־ישי.

י״ד

דומני, שראוי להתעכב קצת על צמיחת התרבות החילונית בבריטשיבה. כבר כמה שנים לפני מלחמת־העולם הראשונה ביצבצו פה ושם סימנים ל„חדש". אנשים צעירים התחילו ללמוד ולקרוא רוסית. ידוע היה, למשל, שבית הוויינשטיינים ובית הלווינטאלים היו קוראי רוסית ואף דוברים בה. ולא רק הם: סוניה המיילדת, שבע זיסמן (טראכטנברויט), רח'צה גולד (אשתו של משה־יוסל, שמוצאה היה מחוטין, וגמרה שם גימנסיה רוסית), אלתר מיידנברג, פסיה בארג ואחיה דודי



בני־נוער שפעלו בקליטת פליטים מאוקראינה / יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך פאַרנעמען מיט הילף פאַר די פליטים פון אוקריינע. יושבים / זיצן: נחום זיסמאַן, אהרן גולירגאַנט, דוד שייקין, נוטשה גולירגאַנט, דוד זיסמאַן; עומדים / שטייען: מאַסטון (אוקראינה, עתה בחיפה), יחיאל אייזנשטיין, נחמןווייסברג. נוטשה לא יכול לוותר על בוזי באראד, שאך זה היגר לבראזיל, והוא מחזיק את תמונתו / נאַטשע האָט נישט געקענט פאַרציכטן אויף דער אַנוועזנהייט פון בוזיע באַראַד, וואָס האָט נאַרוואָס עמיגרירט קיין בראַזיל, האַלט ער זיין בילד.

און נאָך איין פאַקטאָר: ברישעווער יידן האָבן אָנגעהויבן לייענען צייטונגען, און אין אַ קענטיקער מאָס. ברוך פרנס, וואָס איז געווען פון די טיכטיקסטע אויפן קולטורעלן באָדן, האָט געטון אַ זאַך, וואָס איז אין פלוג געווען גאַנץ פשוט, אָבער דער באַטייט איז געווען אַ קאָלאָסאַלער: ער איז געוואָרן אַן אַגענט פאַר צייטונגען און פלעג שיקן יעדן טאָג זיין שוועסטער חיה צו צוטיילן די צייטונגען צווישן די אבאָנענטן. און אינטערעסאַנט! די בריטשעווער האָבן שוין געוווסט אונטערשיידן צווישן שאַטירונגען און ריכטונגען; אייניקע האָבן געלייענט דווקא דעם „היינט", און אַנדערע דעם „מאָמענט" (ביידע זענען דערשינען אין וואַרשע). אי די אי יענע האָבן זיך געפריידט צו באַקומען די יערלעכע פּרעמיעס: מענדעלע׳ס ווערק, שלום־עליכם׳ס, אברהם רייזין׳ס אאַ"וו.

און איך געדענק גוט דעם בייליס־פּראָצעס; מיט וואָסערע שפּאַנונג פלעגן די עלטערע לייענען וועגן גאַנג פונעם פּראָצעס און די דערקלערערישע אַרטיקלען. פאַרשידענע נעמען פלעגן דערגיין צו אונדז, קינדער, מיר האָבן געוווּסט ווער זענען שונאי־ישראל און בלבול־מאַכערס און ווער זענען די אַדוואָקאַטן פון די חסידי אומות העולם. און איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די נאַכט, ווען פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קלאַפּ אין פענצטער פונעם שלאָף־צימער פון די עלטערן — וואָס איז דאָרט? ס׳איז געווען לייב מיין פעטער עזריאל׳ס, וואָס איז געקומען זאָגן די בשורה, וועלכע איז אָנגעקומען טעלעפאָניש, אַז מ׳האָט באַפרייט מענדל בייליס.

אויך לגבי די העברעישע צייטונגען זענען געווען פאַרשידענע געשמאַקן: איך געדענק, אַז מיין טאַטע איז געווען טריי דער „הצפירה" (און סאָקאָלאָוון האָט ער גערופן „מיין רבי"), איציק שטשיגליק פלעג זיין אבאָנירט דווקא אויף „הזמן" (וואָס איז דערשינען אין ווילנע). דערפאַר אָבער פלעג משה־יאָסל גאָלד ליב האָבן די „הצפירה", און מיין פעטער שמעון איז דווקא געווען אבאָנירט אויפן „הזמן" — און דאָ דאַרף איך צוגיבן אַז מיין מומע מאניע (שמעון׳ס פרוי) האָט געקענט העברעיש, און ס׳איז געווען אין דעם אַ גרויסער חידוש נישט נאָר אין ברישעווע און נישט נאָר אין זגוריצע (פון וואַנען זי האָט געשטאַמט), נאָר אפילו אין דער גאַנצער סביבה, ווייל מיידלעך האָט מען קיין העברעישע דערציונג דעמלט נישט געגיבן, און נאָר שפּעטער, ווען מ׳האָט געגרינדעט תרבות־שולן, איז געוואָרן דאָס לערנען אינאיינעם, פאַר ייגגלעך און מיידלעך.

מע פלעג זיך אבאַנירט אויך אויף רוסישע צייטונגען, און ווידער, יעדער לויט זיין געשמאַק און נייגונג: משה ראבינאָוויטש, למשל, פלעג לייענען צייטונגען פון פעטערבאַרג, און אַנדערע האָבן געלייענט צייטונגען פון קיעוו און פון אָדעס. אייניקע פלעגן זיך אבאָנירן אויפן אילוסטרירטן וואָכנבלאַט „ניוואַ", דעריקרשט צוליב די פּרעמיס: די שריפטן פון די קלאַסיקערס. אין די יאָרן פונעם ערשטן וועלט־קרג, ווען וואַרשע און ווילנע זענען געווען אָקופּירט פון די דייטשן, פלעג זיך בריטשעווע נערן מיט דער יידישער צייטונג, וואָס איז דערשינען אין אָדעס,

בארג ואשתו קריינה, פרומה זאק ועוד — היו קוראי רוסית ומתעניינים לא רק בספרות הקלאסית, אלא גם בספרות בת־זמנם. וברור שעם היווסד הספרייה נתרחב החוג והלך.

ועוד גורם אחד: יהודי בריטשיבה התחילו קוראים עיתונים, ובמידה ניכרת. ברוך פרנס, שהיה מן הפעילים בשטח התרבות, עשה דבר פשוט כאילו, אבל משמעותו היתה עצומה: הוא נעשה סוכן לעיתונים, והיה שולח יום־יום את אחותו חיה לחלק אותם בין המנויים. ומעניין, הבריטשיבאים ידעו כבר להבחין בין צביון לצביון, בין כיוון לכיוון; אחדים קראו דווקא את ה״היינט״, ואחרים העדיפו את ה״מומנט״ (שניהם יצאו בווארשה). כאלה כן אלה ששים היו לקבל את הפרסים השנתיים: כתבי מנדלי, כתבי שלום־עליכם, כתבי רייזין ואחרים.

ואני זוכר יפה את משפט בייליס; באיזה מתח היו המבוגרים קוראים על מהלך המשפט ואת מאמרי הפרשנות. שמות שונים היו מגיעים אלינו, הילדים; ידענו שיש שונאי ישראל ומעלילים, וידענו שיש עורכי־דין מחסידי אומות העולם. ולא אשכח לעולם לילה אחד, כשפתאום נשמעה דפיקה עזה על חלון חדר־המיטות של אבא ואמא שלי — מה קרה? היה זה לייב בן דודי עזריאל, שבא לבשר כי הגיעה ידיעה טלפונית שבייליס זוכה.

גם ביחס לעיתונות העברית היו הטעמים מחולקים: זוכרני, שאבא שלי היה נאמן ל״הצפירה״ (ואת נחום סוקולוב היה מכנה ״הרבי שלי״), ואילו איציק שטשיגליק היה חותם על ״הזמן״, שיצא בווילנה. לעומת זה היה משה־יוסל גולד מעדיף את ״הצפירה״, ואילו דודי שמעון חתם על ״הזמן״ — כאן עלי להוסיף כי דודתי מאניה (אשתו של שמעון) ידעה עברית, והיה בכך משום חידוש רב לא רק בבריטשיבה, ולא רק בזגוריצה (מקום מוצאה), אלא בסביבה כולה, שהרי לבנות לא ניתן אז כל חינוך עברי, ורק במאוחר יותר, עם היווסד בתי־ספר של ״תרבות״, נעשה החינוך משותף לבנים ולבנות.

היו חותמים גם על עיתונים רוסיים, ושוב, כל אחד לפי טעמו: משה רבינוביץ, למשל, היה קורא דווקא עיתונים מפטרבורג, ואחרים קראו עיתונים מקיוב או מאודיסה. כן היו חותמים על השבועון הרוסי המצוייר ״ניווה״, בעיקר בגלל התוספות והפרסים שלו: כתבי הסופרים הקלאסיים. בימי מלחמת־העולם הראשונה, כשווארשה ווילנה נכבשו על־ידי הגרמנים, היתה בריטשיבה ניזונה בעיתון היידי, שיצא באודיסה ״אונזער לעבן״, ואילו בין שתי מלחמות־העולם היו כבר לביסראביה עיתונים יידיים משלה: קודם ״דער מאָרגן״, ״דער איד״,

„אונזער לעבן״, און צווישןביידע וועלט־מלחמות האָט שוין בעסאַראַביע געהאַט אייגענע יידישע צייטונגען: תחילת „דער מאָרגן״, „דער איד״, און דערנאָך „אונזער צייט״. דעמלט זענען שוין געווען אפילו קאָרעספּאָנדענטן פון בריטשעווע. איך געדענק בעיקר די פאָלגנדיקע קאָרעספּאָנדענטן: שמעון פרנס, אַלטער פישביין, משה שפּילבערג.

כ׳האָב פריער שוין באַשריבן וויאַזוי בריטשעווע האָט זיך אינטערעסירט מיט חזנים. די באַציונג איז געווען נישט נאָר צו לעבעדיקע חזנים, נאָר צו חזנות בכלל, געהערט פון פּלאַטן. איך בין נאָך געווען אַ קינד, ווען ס׳האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אָט די וועלט פון מוזיק. שבת־צו־נאַכט פלעגן זיך אָפט צונויפנעמען עלטערע מיט זייערע קינדער צו יחיאל זיסמאַן און הערן פּאַטעפאָן; ניין, דעמלט האָט עס נאָך געהייסן גראַמאָפאָן, מיט אַ גרויסער טרובע. נאָך איין גראַמאָפאָן איז געווען דעמלט אין בריטשעווע: באַ אהרן ציגמאַן. אַמאָל פלעגן זיך צונויפנעמען אין אַן אַנדער הויז אויף צו הערן פּלאַטן, למשל באַ מיין פעטער שמעון, אָבער דעמלט האָט מען געמוזט איבערטראָגן דעם גראַמאָפאָן פון יחיאל זיסמאַן אָדער פון אהרן ציגמאַן; און ווי גליקלעך זענען מיר, די קליינע, געווען, ווען ס׳איז אונדז אויסגעקומען איבערטראָגן דעם גראַמאָפאָן און טראָגן די טרובע. און וואָס זענען געווען די פּלאַטן? קודם כל, חזנות; דערנאָך שטיקלעך פון אָפּערעטעס און פאָלקלידלעך, פלעגן עס איבערזינגען אין די שטיבער און אויף די שפּאַצירן, ביחידות און אין געזעלשאַפט.

,דער שטראָם פון אוקריינער פּליטים האָט מיט זיך געבראַכט אויך מוזיקערס, און ס׳איז געקומען די צייט צו לערנען מוזיק. די ערשטע פּיאַנע איז, דאַכט זיך, געווען באַ אַהרן ציגמאַן אין הויז, און זיין טאָכטער פרידע איז, ווייזט אויס, געווען די ערשטע, וואָס האָט געלערנט מוזיק באַ אַ לערערין, ווען זי האָט געלערנט אין בעלץ; נאָכדעם זענען געווען פּיאַנעס אויך אין אַנדערע הייזער. צוויי לערערינס אויף פּיאַנע זענען אָנגעקומען מיטן שטראָם פון די פּליטים: איינע — טאַניע באָריסאָוונע (פּיסטראק), וואָס האָט דערנאָך חתונה געהאַט פאַר דוד זיסמאַן, און די צווייטע — טערעזע באָריסאָוונע. און די צאָל פון די שילערס און שילערינס האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, און פון זיי זענען געווען אפילו שפּילערס פון אַ פיינער מדריגה, ווי: יחיאל אייזנשטיין, פרידע ציגמאַן, די טעכטער פון אברהם־יאָסל גוטמאַן, מיין שוועסטער־קינד ישראל גאָלערגאַנט (געפאַלן אין קריג באַ כאַרקאָוו) און אַנדערע.

איינער פון די „האָזלעך״, וואָס זענען געקומען פון רומעניע, בעני פליישער (וואָס האָט דערנאָך חתונה געהאַט פאַר אַנע וויינשטייך) האָט שיין געשפּילט מאַנדאָלינע; האָט זיך באַ אים אויסגעלערנט שפּילן משה מעסטער, און ער אַליין האָט דערנאָך געלערנט אַנדערע. סע זענען געווען אויך שפּילערס אויף פידל, גיטאַרע, באַלאַלייקע. דעמלט איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויך אַ קליינער אָרקעסטער אונטער דער אָנפירונג פון דודל קויפמאַן.

ואחר־כך „אונזער צייט". ואז פעלו כבר כתבים מבריטשיבה. זכורים לי, בעיקר, הכתבים הבאים: שמעון פרנס, אלתר פישביין, משה שפילברג.

ציינתי קודם את העניין שבריטשיבה היתה מגלה בחזנות. הזיקה היתה לא רק לחזנים חיים, אלא גם לפרקי חזנות מעל־גבי תקליטים. עודי ילד רך בשנים, והנה נתגלה לי עולם המוסיקה. במוצאי־שבתות היו לפרקים מתכנסים מבוגרים עם ילדיהם בביתו של יחיאל זיסמן ומאזינים לפאטיפון; לא — אז זה היה קרוי גראמופון עם אפרכסת ענקית. עוד גראמופון אחד היה אז מצוי בבריטשיבה: בביתו של אהרן צינמן. לפרקים היו מתכנסים גם בבית אחר לשם האזנה לתקליטים, למשל אצל דודי שמעון, אבל אז נאלצו לטלטל את הגראמופון בידיים מביתו של יחיאל זיסמן או של אהרן צינמן; וכמה היינו אנחנו, הקטנים, מאושרים, שעלה בידינו לטלטל את הגראמופון ולשאת את האפרכסת.

ומה היו התקליטים? בראש ובראשונה פרקי חזנות; אחר כך קטעים מאופי־ריטות ושירי־עם. הללו נעשו נחלת הרבים: נערים ונערות, עלמים ועלמות, היו משמיעים את הלחנים בחדרים ובטיולים, ביחידות ובציבור.

זרם הפליטים מאוקראינה הביא אתו לבריטשיבה גם מוזיקאים, והגיע הזמן גב ללימוד מוסיקה. הפסנתר הראשון היה, נדמה לי, בביתו של אהרן צינמן, ובתו פרידה היתה, כנראה, הראשונה שלמדה מוסיקה מפי מורה בעת לימודיה בבלץ; אחר כך הופיעו פסנתרים מעטים גם בבתים אחרים. שתי מורות לפסנתר הופיעו בזו אחר זו עם זרם הפליטים: האחת טאניה בוריסובנה (פיסטראק), שלימים נישאה לדוד זיסמן, והשניה תיריזה בוריסובנה. ומספר התלמידים והתלמידות הלך ורב, ומביניהם קמו גם פסנתרנים בדרגה נאה, כגון יחיאל אייזנשטיין, פרידה צינמן, הבנות של אברהם־יוסל גוטמן, בן־דודי ישראל גולירגאנט (נפל במלחמה ליד חארקוב) ואחרים.

באֶני פליישר (אחד מה„ארנבות" שבאו מרומניה, שנשא אחר־כך לאשה את אנה ויינשטיין) היה מנגן יפה במאנדולינה; ממנו למד משה מסטר, והוא עצמו לימד אחרים. היו גם נגנים בכינור, בגיטארה, בבאלאלייקה. אז קמה בברי־טשיבה להקה מוסיקלית בניהולו של דוד'ל קויפמן.

היו באים לבריטשיבה גם זמרים ונגנים, שהופיעו בקונצרטים. זכור לי, למשל, קונצרט של הצ'ילן פלדמן מבלץ בליווי אחותו הפסנתרנית. וכן קונצרט אחר של הזמר ליוושיץ (כעת סידור ביליארסקי המפורסם מארצות־הברית), ששר שירי אופירה בלווית הפסנתרנית טאניה (פיסטראק).

קײַן בריטשעווע זענען געקומען אויך זינגערס און שפּילערס צו גיבן קאָנ־צערטן. איך געדענק, למשל, דעם טשעליסט פעלדמאַן׳ס פון בעלץ אַ קאָנצערט אין דער באַגלייטונג פון זיין שוועסטער אויף פּיאַנע. און אויך אַ קאָנצערט פונעם זינגער ליוושיץ (איצט דער באַוווּסטער סידאָר ביליאַרסקי פון אַמעריקע), וואָס האָט געזונגען אַריעס פון אָפּערעס אין דער באַגלייטונג פון דער פּיאַניסטין טאַניע (פּיסטראק).

אין אַן אַנדער פּלאַץ פון דעם בוך ווערט דערציילט וועגן ליבהאָבער־טעאַטער אין בריטשעווע — ווייל איך צוגעבן עטלעכע פּרטים. די ערשטע פאָרשטעלונג וואָס איך געדענק, איז געווען אין נישט־פאַרענדיקטן הויז פון ישראל ערליך, דהיינו, ווען סע זענען געשטאַנען נאָר דער דאַך מיט די ווענט. ס׳איז געווען די פּיעסע „דאָס פּינטעלע ייד“. אָבער דער רעזשיסער (כ׳געדענק נישט ווען ס׳איז געווען) האָט נישט געוואָלט מוותר זיין אויף דער מוזיק־באַגלייטונג. האָט ער



1920 : המחזה של „הצוענים“ לפושקין / אינסצעניזירונג פון פושקינס „ציגײַנער“ :
ברתה ליכט, הניה גלמאַן

במקום אחר בספר זה מסופר על הצגות־חובבים בבריטשיבה. אני רוצה להוסיף כמה פרטים אופייניים. ההצגה הראשונה הזכורה לי התקיימה בבניין ביתו של ישראל אֶרליך, כלומר לפני שנגמרה בנייתו, והיו עומדים הקירות והגג בלבד. היתה זו הצגת „הנקודה היהודית". אבל הבמאי (איני זוכר מי היה זה) לא יכול היה לוותר על נגינת־לווי. בסופו של דבר מצא עצה: דוד זיסמן, שהיה אז ילד ממש, למד נגינה בכינור. ומי היה המורה? אביגדור אדסמן. — והנה השתמש הבמאי בילד דוד שליווה את המחזה בנגינתו.

זוהי אפיזודה בלבד, אבל העיקר הוא שלאחר מכן התפתחו השחקנים החובבים ומארגניהם בטעמם התיאטרלי־ספרותי. הם החלו ללעוג לאופירטות הזולות זלקיטש (שונד), שהוצגו קודם לכן בבריטשיבה על־ידי להקות מקצועיות, שהיו פוקדות אותה (לעיתים נדירות, כמובן). השאיפה היתה לריפרטואר ספרותי. קודם היה האידיאל — מחזותיו של גורדון; אחר כך עברו לקומדיות של שלום־עליכם, אחר כך לדוד פינסקי, לפרץ הירשביין, לטשיכוב. הבמאים־החובבים הזכורים לי היו: מנדיק פרידמן, פיני גולדנברג, אברהם זאק. אבל הגדיל מכולם לטפח את הטעם הטוב — הבמאי שלום שיינבוים. הוא היה מפאלשט, אבל כיוון שנשא לאשה את בתו של זלמן טנדלר, את סוסי, השתהה זמן מסויים בבריטשיבה, והוא היה באמת איש־תיאטרון, שידע לשחק וידע ללמד את המשחק; הוא אף לקח חבל במשך זמן מסויים ב„להקה הווילנאית".

לימים, כשמשה מסטר חזר מבראזיל לבריטשיבה ושהה בה זמן ממושך עד ששב לבראזיל, היו אז ביסראביה ורומניה כולה נתונות בהתפעלות מהצגות „הלהקה הווילנאית", שבאה אז לביקור במדינה זו. אנשי בריטשיבה, ובעיקר הנוער, יצאו לבלץ או לעיר אחרת כדי לראות את ההצגות. מה עשה משה מסטר? הוא התעקש והביא את „הלהקה הווילנאית" לבריטשיבה. היה זה סיכון כספי רב; הוא רתם לעסק זה גם את חיים טננהאוזר (שאף הוא שהה אז בבריטשיבה בחזרתו מבראזיל); שכרו את האולם של אהרן ציינמן; הציגו ספסלים, חילקו מקומות, ובסופו של דבר יצאו בלי הפסד, כי קהל הצופים היה רב ולא נרתע מלשלם מחירים גבוהים יחסית.

בשנות השלושים המאוחרות הופיעו בבריטשיבה גם הלהקות התיאטרליות עם סידי טאל, עם דינה קניג, סאָווילה פאסטור ועוד.

וזכור לי עוד דבר: לאחר שאברהם זאק חזה בהצגות ה„ווילנאים", הצהיר ברורות „מכאן ואילך שוב איני מביים ואיני משחק". כלומר, השחקנים הפרופסיו־

געפונען אַן עצה: דוד זיסמאַן האָט דעמאָלט געלערנט פידל שפּילן; און ווער איז געווען דער לערער? אביגדור אַדעסמאַן — האָט זיך דער רעזשיסער באַנוצט מיטן יינגעלע דוד זיסמאַן וואָס האָט באַגלייט די פּיעסע.

דאָס איז, געוויינטלעך, אַן עפּיזאָד. אָבער דער עיקר איז, וואָס מיט דער צייט האָבן זיך די שפּילערס־ליבהאָבערס אַנטוויקלט מיט זייער ליטעראַריש־טעאַטראַלן געשמאַק. זיי האָבן אָנגעהויבן אויסלאַכן די ביליקע אָפּערעטעס און דעם שונד, וועלכע פלעגן געשטעלט ווערן אין בריטשעווע דורך פּראָפעסיאָנעלע טרופּן, וואָס האָבן זי באַזוכט, און די שטרעבונג איז געווען צו ליטעראַרישן רעפּערטואַר. תחילת איז געווען דער אידעאַל — יעקב גאָרדין, דערנאָך איז מען איבערגעגאַנגען צו שלום־עליכם׳ס קאָמעדיעס, דערנאָך צו דוד פּינסקי, פּרץ הירשביין, טשעכאָוו. די רעזשיסערן וואָס איך געדענק: מענדיק פרידמאַן, פּיני גאָלדנבערג, אברהם זאַק. אָבער דער גרעסטער, וואָס האָט באַזונדערס אַנטוויקלט דעם געשמאַק איז געווען דער רעזשיסער שלום שיינבוים. ער איז געווען פון כּאַלעשט, אָבער ווייל ער האָט התונה געהאַט פאַר זלמן באַסיעס טאָכטער, סאָסיע, האָט ער זיך פאַרהאַלטן אַ שטיק צייט אין בריטשעווע, און ער איז געווען אַן אמתער טעאַטער־מענטש, וואָס האָט געקענט שפּילן און געקענט רעזשיסירן; ער האָט אַ געוויסע צייט אָנטייל גענומען אין דער „ווילנער טרופּע".

מיט אַ צייט שפּעטער, ווען משה מעסטער האָט זיך אומגעקערט פון בראַזיל קיין בריטשעווע און איז דאָרט געבליבן אַ לענגערע צייט אידער ער האָט זיך אומגעקערט, איז בעסאַראַביע און גאַנץ רומעניע געווען אין התפּעלות פון דער „ווילנער טרופּע", וואָס האָט דעמלט געשפּילט אין לאַנד. בריטשעווער מענטשן, און דערעיקרשט יוגנט, זענען געפאָרן קיין בעלץ און אין אַנדערע שטעט כדי צו זען די „ווילנער". וואָסזשע האָט געטון משה מעסטער? ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און געבראַכט די „ווילנער" קיין בריטשעווע. ס׳איז געווען אַ גרויסע געלט־ריזיק; האָט ער איינגעשפּאַנט אין עסק אויך חיים טענענגאַוזער (וואָס איז אויך געקומען דעמלט פון בראַזיל); זיי האָבן געדונגען די זאַל בײַ אהרן צינמאַן; געשטעלט בענק מיט נומערירטע פּלעצער — און דער סוף איז געווען אַז זיי האָבן נישט דערלייגט קיין געלט, ווייל די באַזוכערס זענען געווען גאָר אַ סך און האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט צו צאָלן פעטע פּרייזן. אין די דרייסיקער יאָרן זענען אין בריטשעווע אַרויסגעטרעטן די טרופּעס מיט סידי טאַל, מיט דינה קעניג, מיט סעווילע כאַסטאָר און אַנדערע.

און איך געדענק נאָך איין זאַך: נאָך דעם וואָס אברהם זאַק האָט געזען די „ווילנער", האָט ער דערקלערט גאַנץ אָפן: „פון איצט אָן און ווייטער רעזשיסיר איך נישט און שפּיל מער נישט"; ס׳הייסט, די פּראָפעסיאָנעלע קינסטלערישע שפּילערס האָבן אין אים, און אויך אין אַנדערע, אַריינגעדרונגען אַ מינדערווערט־געפיל. און דער דראַמאַטישער ליבהאָבער־קרייז איז טאַקע זיך צעפאַלן.

די וועלט גייט אָבער נישט אונטער: יעדער דור האָט זיך זיינע שפּילערס.

נליים האמנותיים הפיחו בו, ובאחרים כמותו, רגשי נחיתות. ואכן, החבילה של החוג הדראמאטי נתפרדה.

אבל לא אלמן ישראל. דור דור ושחקניו. הנה, למשל, אנו קוראים בגליון „אונזער צייט" משנת 1929, ובה ידיעה שחברים מהסתדרויות הנוער בבריטשיבה הציגו את „הנבילה" לפרץ הירשביין, וההכנסות, שהוקדשו לטובת נגועי הרעב שבעיירה, הגיעו לששת אלפים ליי ונמסרו לקופת הוועד העירוני. המשתתפים במשחק היו: י. מילשטיין, י. (יאשה) ברונשטיין, י. (ישראל) וייצמן, א. (אֶטל) גרוזמן, ד. (דובה) גולדנברג ור. (ריווה) דווינארסקי. הבאי היה שמעון טונקל.

אבל נסיונות כאלה של הצגות, דווקא על־ידי כוחות צעירים יותר, נעשו גם קודם לכן. אנו קוראים ב„ערד און ארבעט" מיום 22 במאי 1925, שלרגל פעולה לאומית למען הקרן־הקיימת הוצג המערכון „בתו של השדכן", ובו השתתפו במשחקם: א. (אלתר) שיכמן, מ. (משה) שטשיגליק, פ. (פייגה) שפילברג ו־י. (ינטה) שיכמן. וכן הוצגו מערכונים אחרים: „המלמד המטורף", „בדירה שקטה". שבהם השתתפו מחוץ להנ"ל גם י. (יאשה) גלמן. בסוף הוצג „אני נעשה ספסר" בהמחזתו של אלתר שיכמן.

ט"ו

השתדלתי להקיף ברשימותי אלה תחומים רבים, ואם כי הארכתי יחסית, הרי אין זה הכל. נדמה לי כל הזמן, שחובה היא להזכיר את כל מה שהיה, את כל האנשים, ללא יוצא מהכלל. אולם נראה, שאין זה בכוחי. לעיתים, כשאני מתעורר בלילות, או כשאני עוצר פתאום ברחוב, מרחפות לפני עיני תמונות־ תמונות מן העבר, סיטואציות ואנשים, עם שמותיהם וקרוביהם. אבל אחר כך, כשאני מנסה לרשום על גליון, נמוגים הקווים, נעלמים השמות. ועוד זאת: הרי בסיכומו של דבר, חדלתי להיות תושב בריטשיבאי בגיל צעיר יחסית: אמנם אהבתי לפקוד את העיירה, אהבתי לראות ולשמוע, אבל הדורות הצעירים יותר, המאורעות המאוחרים יותר, ידועים לי במידה פחותה.

כל זה גרם לכך, שכוונתי לא נתגשמה במלואה, ולפיכך עלי לסיים במלים הכאובות: תם ולא נשלם.

אָט, למשל, לייענען מיר אין „אונזער צייט" פֿונעם יאָר 1929 אַ ידיעה, אַז חברים פֿון די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין בריטשעווע האָבן געשטעלט „די נבלה" פֿון פּרץ הירשביין, און די הכנסות, וואָס זענען געווען געווידמעט פֿאַר די הונגער־ליידנדיקע אין בריטשעווע, זענען דערגאַנגען ביז 6,000 ליי און זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין דער קאַסע פֿונעם שטעטלישן קאָמיטעט. די אָנטייל־נעמערס אין דער שפּיל זענען געווען: ו. מילשטיין, י. (יאַשע) ברונשטיין, י. (ישראל) ווייצמאַן, ע. (עטל) גרוזמאַן, ד. (דאָבע) גאָלדנבערג, און ר. (ריווע) דזווינאַרסקי. דער רעזשיסאָר איז געווען שמעון טונקעל.

אַזעלכע פּרוּוון פֿון ליבהאָבערס־פֿאָרשטעלונגען זענען געמאַכט געוואָרן נאָך פֿריער, און דווקא פֿון יונגע כּוחות. אָט לייענען מיר אין „ערד און אַרבעט" פֿונעם 22־טן מאַי 1925, אַז אין שייכות מיט אַן אַקציע לטובת דעם קרן־קיימת איז געשטעלט געוואָרן דער איינאַקטער „דעם שדכן'ס טאָכטער", און ס'האָבן גענומען אָנטייל: א. (אַלטער) שיכמאַן, מ. (משה) שטשיגליק, פּ. (פֿייגע) שפּילבערג און י. (יענטע) שיכמאַן. סע זענען געשפּילט געוואָרן אויך אַנדערע איינאַקטערס: „דער משוגענער מלמד", „אין אַ שטילער וווינונג", וואָס אין זיי האָבן זיך באַטייליקט אַחוץ די פֿריער דערמאַנטע אויך י. (יאַשע) געלמאַן. צום סוף איז געשטעלט געוואָרן „איך ווער אַ ספּעקולאַנט", אינסצענירט פֿון אַלטער שיכמאַן.

ט"ו

כ'האָב מיך באַמיט מיט די דאָזיקע פֿאַרצייכענונגען אַרומצונעמען פֿאַרשידענע תּחומים, און כאָטש כ'האָב פֿאַרהעלטענישמעסיק מאריך געווען, איז עס נישט אינגאַנצן. די גאַנצע צייט ווייזט זיך מיר אויס, אַז ס'איז אַ חוב צו דערמאַנען אַ ל ץ וואָס איז געווען, אַ ל ע מענטשן אָן אויסנאַם. אָבער ווייזט אויס, אַז ס'איז נישט אין מיינע כּוחות. צייטנווייז, ווען איך כאַפּ מיך אויף באַנאַכט, אָדער ווען כ'בלייב פּלוצים שטיין אין גאַס, שוועבן פֿאַר מיינע אויגן בילדער נאָך בילדער פֿונעם אַמאָל, סיטואַציעס און מענטשן, מיט זייערע נעמען און זייערע קרובֿים, אָבער דערנאָך, ווען איך פּרוּוו פֿאַרשרייבן אויף פּאַפּיר, ווערן די שטריכן צעפֿלאָסן און די נעמען פֿאַרשוווּנדן. און נאָך אַ זאַך: אין אמתן האָב איך דאָך אויפֿגעהערט צו זיין אַ בריטשעווער תּושבֿ אין דער יוגנט; אמת, כ'פֿלעג ליב האָבן צו באַזוכן דאָס שטעטל, כ'האָב ליב געהאַט צו קומען, צו זען און צו הערן, אָבער די יינגערע דורות, די שפּעטערדיקע געשעענישן, זענען מיר באַקאַנט אין אַ קלענערער מאָס.

דאָס אַלץ האָט גורם געווען דערצו, אַז מיין כּוונה איז נישט פֿאַרווירקליכט געוואָרן אין דער פֿולער מאָס; דערפֿאַר מוז איך ענדיקן מיט די וויטיקלעכע ווערטער: תּם ולא נשלם — געענדיקט, אָבער נישט דערענדיקט.

ז. שצ׳יגליק / קריית־מוצקין

# עיירתנו

א

כולנו, כל אלה שנולדו וגדלו בעיירתנו בריטשיבה, מאחדת אותנו הקירבה היסודית הטבעית, זו התלויה באדמתה, באווירה, במבנה הגיאוגרפי, באנשיה, במימיה, בתרבותה ובחברתה של עיירתנו.

בריטשיבה היתה עטורה סביב־סביב בגני־פרי נרחבים; האוויר שנפלט מהצ־מחים היה האוויר הצח והבריא שנשמנו כולנו. כולנו טיילנו וגם התגנבנו לגנים וזללנו פירות ירוקים ובשלים; כולנו בוססנו בבוץ העמוק, שכיסה את הרחובות באביב ובסתיו; כולנו החלקנו על השלג וגלשנו במגלשות ברחוב ה„גיזדיטי" המשופע; כולנו יצאנו לטייל אל בקעת הריאוט, הנהר שעבר ממערב לעיירה; כולנו יצאנו לטייל ולהתרחץ באגם שבדרך לטירנובה; כולנו יראנו (יראת־כבוד) להסתכל לעבר בית־הקברות, כאשר עברנו בערבים בקרבתו; כולנו קלטנו לנפשותינו ולגו־פינו את האווירה החמה והלבבית ששררה בעיירתנו; כולנו ביקרנו, מי פחות ומי יותר, בבתי־הכנסת בחגים, ובמועדים ובעיקר בתשעה־באב, לקריאת „הקינות" ואחרי זה זרקנו קוצים זה על זה; כולנו למדנו עברית וקלטנו יהדות ולאומיות. כולנו גדלנו בעיירתנו הקטנה.

לא יספיק הנייר להוסיף ולציין את המאחד אותנו. כן, דברים כאלה הם גם המאחדים אחים ואחיות מלידה, והננו רואים את כולנו כאחים ואחיות במידה רבה.

מאז ומתמיד, גם מימי אבינו הראשון אברהם, דאגו לגלעד, למציבה, שתישאר

ז. שטשיגליק / קריית־מוצקין

# אונדזער שטעטל

**א**

אונדז אַלע, אַלע די, וועלכע זענען געבוירן און אויסגעוואַקסן אין אונדזער שטעטל בריטשעווע, פאַראייניקט אַ יסודותדיקע נאַטירלעכע קרובהשאַפט, וואָס הענגט צוזאַמען מיט איר ערד, איר אַטמאָספער, איר געאָגראַפישע לאַגע, אירע מענטשן, אירע וואַסערן, איר קולטור.

בריטשעווע איז געווען אַרומגערינגלט מיט ברייטע סעדער; די לופט וואָס אירע געוויקסן האָבן פאַרשפרייט איז געווען אַ געזונטע, אַ מחיהדיקע. מיר האָבן אַלע שפּאַצירט און אַריינגעגנבעט זיך אין גערטנער און געריסן גרינע און צייטיקע פירות; אַלע האָבן מיר געטאָפּטשעט אין די טיפע בלאָטעס וואָס האָבן באַדעקט די גאַסן אין פרילינג און אין האַרבסט; אַלע האָבן מיר זיך געגליטשעט אויפן שניי און אייז, און זיך אַראָפּגעלאָזט מיט גליטש־ברעטלעך פון דער משופּעדיקער גיזדיטע־גאַס; אַלע האָבן מיר געמאַכט אויספלוגן צום רעוועט, וואָס איז געפלאָסן מערבדיק פון אונדזער שטעטל; אַלע האָבן מיר זיך געבאָדן אין דער אָזערע אויפן וועג קיין טערנעווע; אַלע האָבן מיר מורא געהאַט, (אַ יראת־הכבוד מורא), ווען מיר זענען אין די אָוונטן פאַרבייגעגאַנגען דעם בית־הקברות פון דער נאָענט; אַלע האָבן מיר איינגעזאַפּט אין אונדזערע נשמות די וואַרעמע און האַרציקע אַטמאָספער, וואָס האָט געהערשט אין אונדזער שטעטל. אַלע האָבן מיר, ווער מער, ווער ווייניקער, באַזוכט די שולן אין די ימים־טובים, דער עיקר אין תשעה־באב, כדי צו זאָגן די קינות און דאַן וואַרפן „בערלעך" איינער אויפן אַנדערן; אַלע האָבן מיר געלערנט עברית און אַריינגעזאַפּט יידישקייט און נאַציאָנאַלע געפילן; אַלע זענען מיר אויסגעוואַקסן אין אונדזער קליינינק שטעטעלע. ס'וועט נישט קלעקן דאָס פּאַפּיר כדי

לדורות הבאים כזכר לאלה שהיו. צוררי־ישראל ה„מודרניים" רצו למחות את זכר עמנו מן העולם וגם לטשטש את זכרם לעולם.

גם בעיירתנו, כפי ששמענו, נמחו הבתים, ובית־הקברות הרוס. התושבים החד־שים, השכנים לעיירתנו, ידעו אפילו להוציא אבני מציבות, לטשטש את הכתובות ולהשתמש בהן לצרכיהם. כן נמחקו שמותיהם של כל אלה מיקירינו, שזכו למות בביתם והובאו לקבר־ישראל. אבל כל האחרים — גם לזאת לא זכו.

לוח זה, שאנו מגלים ב„מרתף השואה" והנמצא בין לוחות רבים אחרים של ישובים יהודים דומים באירופה, שנחרבו ונשמדו, יהיה בשביל כל אחד מאתנו המציבה, שמתחתיה מונחות עצמות אביו, אמו, אחיו, אחיותיו וכל היקרים לו ולנו כולנו; שלא זכו למות בעיירתנו, שנרצחו, שהושמדו, שנפלו בדרכים בגלותם, שמתו ברעב, ממחלות, שנזרקו לבורות, לצדי־הדרכים והיו למאכל לחיות־השדה ולעוף־השמיים, וכן תשמש זכר לכל אנשי עיירתנו, אשר רוח החשמונאים והמכבים פעם בנפשם, והם ידעו להגן (כשם שידעו חברי ההגנה בארץ ולוחמי הגיטאות) על עיירתנו מפרעות במלחמת העולם־הראשונה ולאחריה. ומי יתן והמציבה הסמ־לית הזאת תישמר לעד לדורות הבאים — כזכר לעיירה הקטנה, שהיתה מליאת חיים, רוח חברית בריאה, תרבות, לאומיות, גבורה וכבוד עצמי.

ב

עיירה קטנה, שקטה ולבבית היתה עיירתנו בריטשיבה. אעז להגיד שעיירתנו זו הקטנה חבקה בתוכה הרבה תכונות בריאות ויפות, שגם היום הן סמל לציבור יהודי תרבותי וחברתי.

צורתה הכללית של העיירה: כשלשה רחובות עיקריים וסמטות אחדות, מוקפים במסגרת רחבה של גני־פרי־ונוי, שהשתרעו על פני שטחים גדולים והשיבו אוויר צח ובריא לכל העיירה. למרות קטנותה הצליחה לארגן ולנהל בתוכה מוסדות חברתיים ותרבותיים, שהביאו לתושביה עזרה, טיפול, ידידות, שלום וריעות: ספריות, להקות חובבים, תיאטרון, „חדרים" ובתי־ספר, באנק להלוואה־וחסכון, קופת גמילות־חסד, חברה לביקור־חולים, עזרה הדדית, קמחא דפסחא, בתי־כנסת כלליים (בלי מפלגות), בית־מרחץ גדול ומסודר, בית־עם להופעות וכו׳. היו אלה המוסדות, אשר הישרו על אנשי העיירה אהבה למקום, שקט נפשי, אחווה וידידות.

משלשה רחובות מקבילים היתה מורכבת עיירתנו: הרחוב העליון, „די פוצ׳טובה", בצד המערבי, ומאחוריו רצועת הגנים, שנמשכו עד למורד, לנחל הריאוט,

אויסצורעכענען דאָס אַלעס וואָס האָט אונדז פּאַראייניקט. יאָ, אַזוינע זאַכן פאַר־אייניקן אויך לייבלעכע ברידער און שוועסטער. און מיר, בריטשעווער, באַטראַכטן זיך טאַקע ווי ברידער און שוועסטער.

פון אייביק אָן, נאָך פון אונדזער ערשטן פאָטער אברהם, האָט מען געזאָרגט וועגן אַ דענקמאָל, אַ מציבה, וואָס זאָל פאַרבלייבן אַ זכר פאַר קומענדיקע דורות, אַ זכר פון די וואָס זענען אַוועק. די „מאָדערנע" שונאי־ישראל האָבן געוואָלט אויס־מעקן דעם זכר פון אונדזער פאָלק, פאַרווישן אויף אייביק זייער זכר.

אויך אין אונדזער שטעטל זענען אָפּגעמעקט געוואָרן די הייזער, און דער בית־עולם איז צעשטערט געוואָרן. די נייע תושבים, די שכנים פון אונדזער שטעטל, האָבן אפילו צערויבט די מציבה־שטיינער, אויסגעמעקט די אויפשריפטן און די שטיינער פאַרניצט פאַר פאַרשידענע צוועקן. אַזוי זענען אָפּגעמעקט געוואָרן די נעמען פון אַלע אונדזערע טייערע, וואָס האָבן זוכה געווען צו שטאַרבן אין זייערע הייזער און געבראַכט צו ווערן צו קבר־ישראל. פון די אַנדערע איז אינגאַנצן קיין שפור נישט געבליבן.

דער טאָוול, וועלכן מיר זעען אין דעם אַז. ג. „מרתף־השואה" אין ירושלים, און וועלכער געפינט זיך צווישן אַ סך אַנדערע טאָוולען פון ענלעכע חרובע יידישע ישובים אין אייראָפּע, — וועט פאַר אונדז אַלע זיין די מציבה, אונטער וועלכער עס רוען די ביינער פון זיין טאַטן, זיין מאַמען, זיינע ברידער און שוועסטער, און פון אַלע טייערע, וועלכע האָבן נישט זוכה געווען צו שטאַרבן אין אונדזער שטעטל, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן, וועלכע זענען געשטאָרבן פון הונגער, פון קראַנקהייטן, זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין גריבער, געפאַלן אויף וועגן, און געוואָרן שפּייז פאַר פעלד־חיות און רויב־פייגל, און ס'וועט דינען ווי אַ זכר פאַר אַלע יידן פון אונדזער שטעטל, וועלכע זענען געווען דורכגעדרונגען, באַזעלט פון אַ חשמונאים־גייסט, וועלכע האָבן (ווי די הגנה־מיטגלידער אין לאַנד און ווי די קעמפּער פון די געטאָס,) געוווּסט ווי זיך צו פאַרטיידיקן, צו באַשיצן דאָס שטעטל קעגן פּאָגראָמען בשעתן ערשטן וועלט־קריג און שפּעטער.

און זאָלן די דאָזיקע סימבאָלישע מציבות בלייבן ווי אַ זכר פאַר קומענדיקע דורות פון דעם קליינעם שטעטל, וואָס איז געווען פול מיט לעבן, מיט אַ געזונטן קאָלעגיאַלן גייסט, קולטורעל, נאַציאָנאַל, פול מיט גבורה און זעלבסטווירדע.

ב

אַ קליין שטעטעלע, אַ שטילס און אַ האַרציקס, איז געווען אונדזער שטעטל בריטשעווע. דאָס דאָזיקע קליינע שטעטל האָט אָבער פאַרמאָגט אייגנשאַפטן, וועלכע קאָנען אויך היינט דינען ווי אַ סימבאָל פאַר אַ קולטורעלן יידיש־נאַציאָנאַלן קאָלעקטיוו.

דאָס אַלגעמיינע בילד פון שטעטל: דריי הויפּט־גאַסן און אייניקע נעבן־

שלשם טיילו אנשי העיירה, וביחוד הנוער, לחזות במשחקי הכדורגל ולגלוש לתח־תית הגבעה עד לנחל. שם גם היתה טחנת־קמח של משפחת שפילברג ובתי־החרושת ללבינים שרופות, שבהן קישטו תושבי העיירה את חזיתות הבתים.

בדרך כלל נבנו מרבית הבתים מהחמר המצוי, האדמה השחורה, שנלושה עם קש ותבן והודבקה בין עמודים ושלבים וטויחה בחמר וסיד. הגגות היו משופעים, עשויים שחיפי־עץ, ומעל לגגות התנוסו ארובות העשן, שפלטו את העשן והפיח מהתנורים, אשר חיממו את הבתים בחודשי החורף; הללו הוסקו בעצים, בקליפות חמניות, שנקנו מבתי־הבד לתעשיית השמן. בחזיתות הבתים היו, לרוב, מרפסות עשויות עץ ומדריגות. מאחורי רוב הבתים היו חצרות, שבהן נמצאו פרות חולבות, עזים, לולים לעופות, שובכי יונים. בירכתי החצרות היו מחסנים להחזקת תבואות שונות, שחלק גדול מהתושבים היו קונים מהחקלאים שבסביבה בדרכים שונות: שותפות־בתוצרת עם החקלאי, כשהסוחרים הפקידו בידי האיכר זרעים, כלים וכספים לגידול התוצרת; קניית התוצרת החקלאית, בעיקר תבואות, חמניות, פירות וכו׳, שנמכרו אחר־כך על־ידי הסוחרים לסוכני החברות הגדולות שבמדינה. הללו איחסנו את התוצרת בתחנת הרכבת, ומשם הועברו ליעדם הסופי. מאחורי המח־סנים השתרעה רצועת הגגים.

הרחוב השני, האמצעי — רחוב המסחר. המגרשים כאן היו הרבה יותר מצומצמים מאשר ברחובות הראשון והשלישי. בחזיתות של כמעט כל הבתים שברחוב זה היו חנויות, בתי־מלאכה (של סנדלרים, נגרים, חייטים וכו׳) ובתי־אוכל־ומרזח. ברחוב זה היו גם מרבית בתי־הכנסת שבעיירה. מאחורי בתי־המסחר־והמלא־כה היו חדרי האוכל והמגורים, ובקצה האחורי — המיטבחים והמחסנים השונים לסחורה העודפת, לחמרי הסקה, למצרכים וכד׳.

רחוב זה המה בימי רביעי (יום השוק) ובימי ראשון ובימי החגים של האיכרים מהסביבה: המון אנשים הגיעו מכל הכפרים והביאו מתוצרתם למכירה, ואחרי שהספיקו למכור את תוצרתם, לטחון את הגרעינים שהביאו, לסדר את חשבונותיהם עם לקוחותיהם הסוחרים, היו מתפשטים בין החנויות ובתי־המלאכה וקונים ומזמי־נים, בעיקר: בדים, כלים, נעליים, דברי מתיקה, צעצועים, כלי־עבודה, וכן מוסרים לתיקון: כלים ובגדים. כן היו נפגשים עם עמיתיהם מהכפרים השונים ומוציאים בבתי־האוכל־והמרזח חלק ניכר מהכנסתם.

הרחוב השלישי, התחתון, הצד המערבי שלו היה גבוה, והמזרחי נמוך יותר, השיפוע היה לנחל, אשר עבר בקצה המזרחי, ובו זרמו המים, שהגיעו מסביבות הבאר בדרך לטירנובה. לכן היתה הביצה ברחוב הזה קטנה יותר, כי

געסלעך, אַרומגערינגלט אין ווייטע ראַמען פון שיינע פעלדער, וואָס האָבן זיך צעשפּרייט איבער גרויסע שטחים און אָנגעזאַפּט דאָס גאַנצע שטעטל מיט אַ געזונטער לופט און שמעקנדיקע ריחות.

נישט געקוקט אויף איר קליינקייט האָט עס באַוויזן צו אָרגאַניזירן און אָנצופירן מיט אַ ריי געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אַנשטאַלטן, וועלכע זענען געוואָרן אַ מקור פאַר הילף, דערציונג, פריינטשאַפט און חברשאַפט. דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט ביבליאָטעקן, כאָרן, טעאַטער, חדרים און שולן, אַ ליי־און־שפּאָר־קאַסע, אַ גמילות־חסד־קאַסע, אַ חברה ביקור־חולים, אַ קעגנזייטיקע הילף, אַ חברה מעות־חיטין, אַלגעמיינע קלויזן (אומפּאַרטייאיש), אַ גרויסע איינגעאָרדנטע באָד, אַ זאַל פאַר אַרויסטרעטונגען או״וו. דאָס זענען געווען אַנשטאַלטן, וואָס האָבן די איינוווינער געגעבן ליבשאַפט צום אָרט, זעלישע רו, ברידערלעכקייט און פריינטשאַפט.

פון דריי פּאַראַלעלע גאַסן איז באַשטאַנען אונדזער שטעטל: די אויבערשטע גאַס, די „פּאָטשטאָווע״, אין מערב־זייט, און הינטער איר אַ פּאַס פון גערטנער, זיי האָבן זיך געצויגן ביז צום באַרג־אַראָפּ, צום טייך רעוועט, וווהין ס׳ פלעגן קומען די שטאָטישע מענטשן, באַזונדערס די יוגנט, צו שפּילן פוטבאָל, און זיך אַראָפּלאָזן פון בערגל ביזן טייך. דאָרט האָבן זיך אויך געפונען די מיל פון דער משפחה שפּילבערג און פאַבריקן פון געברענטע ציגל, מיט וועלכע די איינוווינער פלעגן באַצירן די פראָנטן פון זייערע הייזער.

די מיינסטע הייזער זענען געבויט געווען פון דעם מאַטעריאַל וואָס איז פאַראַן געווען אין אָרט. די שוואַרצע ערד איז אויסגעקנעטן געוואָרן מיט שטרוי און פּלעווע, אַריינגעקלעפּט צווישן די סלופּעס און געטינקעוועט מיט ליים און קאַלך. די דעכער זענען געווען משופּעדיקע, געמאַכט פון שינדלען. אויף די דעכער זענען געווען קוימענעס, וואָס האָבן אַרויסגעשפּיגן די רויכן פון די אויוונס, וואָס האָבן געגעבן וואַרעמקייט אין דיווינטער־חדשים. זיי זענען געהייצט געוואָרן מיט האָלץ אָדער מיט דער שאָלעכץ פון סאָנעשניק, וואָס מ׳האָט געקויפט אין די בוימל־פאַבריקן. פאַר די פראָנט־הייזער זענען ס׳רוב געווען גאַנעקעס, געמאַכט פון האָלץ, און טרעפּ. הינטער די הייזער זענען געווען הויפן, וווּ ס׳האָבן זיך געפונען מעלקנדיקע קי, ציגן, הינער־שטייגן, טויבן־שלאַקן. אין עק פון די הויפן זענען געווען די שייערס פאַר פאַרשידענע תבואות, וועלכע אַ גרויסער טייל איינוווינער פלעג צונויפקויפן פון די שכנישע פויערן אויף פאַרשידענע אופנים: שותפות צו די פּראָדוקטן מיטן לאַנדווירט: ווען די סוחרים גיבן דעם פויער זוימען, כלים און געלט. אָדער מ׳פלעג קויפן לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, דער עיקר תבואה, סאָנעשניק, פרוכטן אד״גל. זיי ווערן שפּעטער פאַרקויפט פון די סוחרים צי די קאָמיסיאָנערן פון גרויסע געזעלשאַפטן. די פּראָדוקטן ווערן איינמאַגאַזאַנירט באַ די אייזנבאַן־סטאַנציעס, און פון דאָרט ווערן זיי צעשיקט צו די באַשטימונג־ערטער. הינטער די מאַגאַזאַנען האָבן זיך געצויגן די גערטנער.

די צווייטע גאַס, די מיטלסטע — די מסחר־גאַס. די פּלעצער זענען דאָ געווען



נטע חנינא׳ס (שפייער)

המים ניגרו לתעלה, והשמש ממזרח ייבשה את הרחוב, שהיה רחב מאד, ומספר הבתים בו קטן ומפוזר משני הצדדים. גם ברחוב זה היו מרבית התושבים קשורים לכפרים ולאיכרים, שניהלו אתם עסקים. ברחוב הזה, בקצה הדרומי, היו בית־המרחץ, בית הקברות וטחנת־הקמח של האחים שפייאֶר.

בפינה הצפון־מערבית של עיירתנו הובילה הדרך לכפר פראסינה ומשם לעיירה יידיניץ; מיידיניץ הגיעו אחדים מראשוני העיירה, ביניהם גם חנינא שפייאֶר, חלוץ טחנת־הקמח שבעיירה. תחילתה היתה על הנהר ריאוט; שם טחנו את הגרעינים בטחנת־מים, שהופעלה מזרם המים. מאוחר יותר הפכו את הטחנה לטחנת־רוח, ואחרי זה לטחנת מנוע שבקצה הדרום־מזרחי של העיירה. אותה הפעיל נטע שפייאֶר, ואחר כך בניו יוסף ומשולם (משולם גורש יחד עם אהרון צינמן לייב טנדלר, מתת גוטמן ואחרים — לסיביר).

טחנת־הרוח עמדה בשוממותה, נישאת לגובה רב, כנפיה משותקות, ואלפי יונים מקננות בין הקורות והגלגלים שבתוכה. לשם היו ילדי הסביבה באים ומטפסים בין הקורות והגלגלים כלפי מעלה ומפריחים משם את היונים, שפרו ורבו והתעופפו לכל צד. על־יד הטחנה נשמרה ביקתה, שבה היה גר אחד מעובדי הטחנה.

פיל מער באַשרענקט ווי אין דער ערשטער און דריטער גאַס. אין די פראָנטן פון כמעט אַלע הייזער פון דער דאָזיקער גאַס זענען געווען געשעפטן, וואַרשטאַטן (פון שוסטערס, סטאָלערס, שניידערס א.א.וו.), רעסטאָראַנען און שענקען. אין דער גאַס האָבן זיך אויך געפונען די מערסטע שולן פון שטעטל. הינטער די געשעפטן און וואַרשטאַטן זענען געווען די וווין־צימערן, און אַ ביסל ווייטער — די קיכן און די פאַרשידענע מאַגאַזאַנען פאַר איבעריקע סחורות, הייץ־מאַטעריאַל, פראָדוקטן אאַ״וו.

די דאָזיקע גאַס האָט אין די מיטוואָך־טעג (ירידים) און אין די זונטיקס און חגאות, געברויזט און געטומלט: פויערן זענען געקומען פון אַלע אַרומיקע דערפער און געבראַכט צו פאַרקויפן זייערע פראָדוקטן, און נאָכדעם ווי זיי האָבן זיי פאַרקויפט, אָפגעמאָלן די תבואה אין דער מיל, דערליידיקט די חשבונות מיט די קונים — פלעגן זיי זיך צעשפרייטן צווישן די געשעפטן און וואַרשטאַטן, און קויפן, באַשטעלן, דער עיקר: לייוונט, מאַנופאַקטור, שיך, זיסע זאַכן, שפּילעכער, אַרבעט־כלים, ווי אויך גיבן פאַרריכטן אינסטרומענטן און קליידער. זיי פלעגן זיך אויך טרעפן מיט זייערע באַקאַנטע פון די פאַרשידענע דערפער, און איבערלאָזן אין די רעסטאָראַנען און שענקען אַ גרויסן טייל פון זייערע הכנסות.

די דריטע גאַס, די אונטערשטע — די מערבדיקע זייט איז געווען הויך, און די מזרחדיקע — אַ סך נידריקער. דער באַרג־אַראָפּ האָט געפירט צום טייך, וועלכער איז פאַרבייגעפלאָסן אין מזרח־זייט. אין אים זענען אַריינגעפלאָסן די וואַסערן, וואָס זענען געקומען פון דער קערניצע אויפן וועג קיין טערנעווע. דעריבער זענען די בלאָטעס אין דער דאָזיקער גאַס געווען פיל קלענער, ווייל דאָס וואַסער איז אַריינגעפלאָסן אין רינטשיק, און די זון פון מזרח האָט אויסגעטרוקנט די גאַס, וואָס איז געווען זייער אַ ברייטע, און די צאָל פון אירע הייזער איז געווען אַ קליינע, צעוואָרפן אין ביידע זייטן. אויך אין דער דאָזיקער גאַס זענען די מערסטע יידן געווען געבונדן מיט די דערפער, מיט די פויערים, מיט וועלכע זיי האָבן געהאַנדלט. אין דער גאַס, אין דרום־זייט, האָבן זיך געפונען די באָד, דער בית־עולם, און די מיל פון די ברידער שפּייער.

אין צפון־מערבדיקן עק פון שטעטל האָט דער וועג געפירט צום דאָרף פראסינע, און פון דאָרט צום שטעטל יעדינעץ. אייניקע פון צווישן די ערשטע אין שטעטל האָבן געשטאַמט פון יעדינעץ, צווישן זיי אויך חנינא שפּייער, דער פּיאָניר פון דער מיל אין אונדזער שטעטל. תחילת איז זי געווען באם רעוועט. דאָרט האָט מען געמאָלן די תבואה אין אַ וואַסער־מיל. אַ סך שפּעטער איז די מיל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווינט־מיל, און נאָך דעם אין אַ מאָטאָריזירטער מיל אין דרום־מזרחדיקן עק פון שטעטל. מיט איר האָט אָנגעפירט נטע שפּייער. שפּעטער — זיינע זין יוסף און משולם (משולם איז, צוזאַמען מיט אהרן צינמאַן, לייב טענדלער, מאַטעס גוטמאַן, פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר).

די ווינט־מיל איז געבליבן שטיין אַ פאַרלאָזטע, אַ פּוסטע, מיט פאַרגליווערטע

אבי ז״ל שהשטח הזה היה שייך לו, הפריש חלקה שלפני הביקתה, שם צברו בחורף גושי־קרח רבים בבור עמוק מכוסה בערימת קש, ועליו גג ופתח. משם היו מחלקים חינם בימי הקיץ קרח לנצרכים, מאחר שקניית קרח אצל חיה־רחל עלה בכסף לא מועט.

בשנות ה־20 הקימו באותה פינה בניין גדול, הוא בית־העם, על השטח שלפני הטחנה ובור־הקרח. בית־העם הוכשר להצגות תיאטרון, ומתחת לבמה בנו תנור גדול ציבורי לאפיית מצות, שתפס שליש מהשטח. שני השלישים הקדמיים שימשו למבקרים בהצגות. מאוחר יותר שוכן שם בית־הספר העברי העממי „תרבות״ ושימשו בו בהוראה המורה נוטה מ„הריגאט״ ואשתו, אנשים נחמדים מאד, פיני גולירגאנט, זאבראנסקי, זאב שצ׳יגליק (כותב הטורים האלה), שטיפחו בילדי העיירה את הזיקה לעברית בצד הלמודים הממשלתיים. כמזכירה עבדה זמן מסוים הניה גלמן. כל שטחי הקרקע האלה נמסרו לרשות הציבור על־ידי אבי. כי אחרי מות ר׳ נטע קיבלו הבנים את הטחנה; לבנות שילם אבי את חלקן, ואת השטח תרם לרשות הציבור.

ג

לרגלי הגבעות ממזרח לעיירה נקוו זרמי מים חיים רבים, אשר העשירו בלחותם את הצד המזרחי של העיירה, סיפקו מים לבתי־החרושת־לשמן, בצד הצפוני של הדרך, שהוליכה לתחנת הרכבת אשר בכפר טירנובה. המים הגיעו גם לאגמים העטורים יערות, שלשם היו הולכים ונוסעים בני־העיירה להתרחץ בימי הקיץ החמים. השיפוע הקל לצד הדרומי גרם לכך, שבימי הגשמים זרמו המים מאחורי הרחוב האמצעי והיפרו את הגיא שעליו עבר גשר לדרך מזרחה, בכיוון הכפר גיזדיטה. משם זרמו המים דרומה ועברו את סביבת בית־המרחץ, טחנת־הקמח ובית־העלמיז, שהיה על הגבעה המזרחית. על־יד הדרך הצפונית, שהובילה לבית־החרושת ולתחנת־הרכבת, התנוסס עמוד ענקי גבוה, ועליו מוט ארוך, שירד לבאר והעלה דליי מים למלא את החביות של שואב־המים. לסביבות הבאר הזאת היו נערי העיירה אוהבים לטייל וגם לשבת על האבנים הגדולות, שבלטו מהבוץ ומהמים סביב פתח הבאר; כאן חלמו חלומות לעתיד, התקשרו בקשרי ידידות ואחווה ובאו סתם כדי להיות בסביבה היפה והשקטה.

בית־משפט לא היה קיים בעיירה. וסכסוכים, אי־הבנות וכו׳ היו מתחסלים באמצ־עות אחדים מנכבדי העיירה, שהיו הבוררים, ולפניהם היו הניצים שוטחים את

פליגל, און טויזנטער טויבן האָבן זיך געמאַכט נעסטן צווישן דער סטעליע און די רעדער. אַהין פלעגן קומען די שכנישע קינדער, אַרויפקלעטערן אויף די באַלקנס און די רעדער און צעיאָגן פון דאָרט די טויבן, וואָס זענען זיך צעפלויגן אין אַלע זייטן. לעבן דער מיל איז געבליבן שטיין אַ בורדיי (הייזקע), אין וועלכן ס'האָט געוווינט איינער פון די מיל־אַרבעטער.

מיין פאָטער ז"ל, צו וועמען דער שטח האָט געקערט, האָט אָפּגעטיילט אַ שטיקל פלאַץ לעבן בורדיי, ווו מ'האָט ווינטער צונויפגעזאַמלט אין אַ טיפן גרוב שטיקער אייז, זיי צוגעדעקט מיט הויפנס שטרוי, און איבער דעם גרוב געמאַכט אַ דאַך און אַ טיר. פון דאָרט פלעגט מען אין די זומערטעג צעטיילן אומזיסט אייז פאַר נויט־באַדערפטיקטע, ווייל ביי חיה־רחלען האָט אייז געקאָסט אַ סך געלט.

אין די צוואַנציקער יאָרן האָט מען אויף דעם שטח, וואָס פאַר דער מיל און דעם אייזגרוב, אויפגעשטעלט אַ גרויסן בנין, אַ „בית־עם", וואָס איז געווען באַשטימט פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען. און אונטער דער בינע האָט מען אינסטאַלירט אַ גרויסן קהלישן אויוון, אויף צו באַקן מצות — וואָס האָט איינגענומען אַ דריטל פונעם שטח. די צוויי פעדערשטע דריטל האָבן געדינט פאַר די טעאַטער־באַזוכער. אַ סך שפּעטער איז אַהין איבערגעפירט געוואָרן די העברעישע פאָלקס־שול „תרבות", אין וועלכער עס זענען געווען די לערערס נוטע פון "רעגאַט" און זיין פרוי, זייער סימפּאַטישע מענטשן, פּיניע גאָלערגאַנט, זאַבראַנסקי און זאב שטשיגליק (דער שרייבער פון די שורות), וואָס האָבן — אַ חוץ די מלוכהשע לימודים, געגיבן די קינדער פון שטעטל אַ העברעישע דערציונג. ווי אַ סעקרעטאַרקע האָט אַ געוויסע צייט געאַרבעט העניע געלמאַן. דער גאַנצער שטח פונעם באָדן האָט מיין פאָטער געשטעלט אין רשות פון ציבור, ווייל נאָכן טויט פון ר' נטע'ן האָבן די זין באַקומען די מיל, די טעכטער האָט מיין פאָטער אויסגעצאָלט זייער חלק, און דעם שטח האָט ער געשענקט דער שטאָט.

ג

צופוסנס די בערגלעך מזרחדיק פונעם שטעטל האָבן זיך געזאַמלט שטראָמען פון קוועל־וואַסער, וואָס האָבן באַרייכערט מיט זייער פייכטקייט די מזרחדיקע זייט פון שטעטל, געליפערט וואַסער דער אייל־פאַבריק אויף דער צפון־זייט פונעם וועג, וואָס האָט געפירט צום וואָקזאַל פון טערנעווע. דאָס וואַסער איז אויך דערגאַנגען צו די אָזערעס וואָס זענען געווען אַרומגערינגלט מיט וועלדער, וווהין די שטאָטישע מענטשן פלעגן אין די הייסע זומערטעג קומען זיך באָדן. דער קליינער באַרג־אַראָפּ צו דרום־צו האָט גורם געווען אַז אין די רעגנטעג זענען די וואַסערן געפלאָסן הינטער דער גאַס און באַפרוכפּערט דעם טאָל, איבער וועלכער ס'האָט געפירט אַ בריק אויפן וועג צו מזרח, אין דער ריכטונג צום דאָרף גיזדיטע. פון דאָרט האָט דאָס וואַסער געפלאָסן צו דרום און איז פאַרבייגעפלאָסן די סביבה פון באָד, די מיל



ילדים שלמדו רוסית אצל יוסל לנדאו. אחד מהם, יהושע גרוזמן, לא הזמין תמונה, על־כן גירד הצלם את דמותו והדביק במקומה קישוט.
קינדער וואָס האָבן געלערנט רוסיש באַ יאָסל לאַנדאו. איינער פון זיי, יהושע גרוזמאַן, האָט נישט באַשטעלט קיין בילד, האָט דער פאָטאָגראַף פאַרדעקט זיין געשטאַלט מיט אַ באַפּוץ

טענותיהם ומקבלים את פסק־הדין של הבוררים. בין הבוררים היו אחדים קפדניים כבית־שמאי, ואחרים נוחים כבית הלל.

בדרך כלל למדו ילדי העיירה ב„חדרים”. אצל ה„מלמדים”, שהיו מלמדים

און דעם בית־עולם, וואָס האָט זיך געפונען אויפן מזרחדיקן בערגל. בא דעם צפונדיקן וועג, וואָס האָט געפירט צו דער פאַבריק און צו דער איזנבאַן־סטאַנציע, האָט זיך דערהויבן אַ ריזיקער סלופּ, און אויף אים איז געווען אַ לאַנגע שטאַנג, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין ברונעם און אַרויפגעבראַכט עמערס וואַסער, אָנצופילן די פעסער פון די וואַסער־טרעגערס. אַרום דעם דאָזיקן ברונעם פלעגן די קינדער פון שטעטל ליב האָבן צו פאַרברענגען, זיצן אויף די גרויסע שטיינער וואָס האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט פון די בלאָטעס און פון די וואַסערן אַרום דעם ברונעם. דאָ האָבן זיי געשפּונען חלומות וועגן דער צוקונפט, האָבן געשלאָסן פרייגט־שאַפט, אָדער זענען סתם אַזוי געקומען, כדי צו געפינען זיך אין אַ שטילער און שיינער געגנט.

אַ געריכט האָט אין אונדזער שטעטל נישט עקזיסטירט. סכסוכים, מחלוקתן פּלעגן ליקווידירט ווערן צווישן זיך, ד.ה. דורך בוררים, פאַר וועלכע די צדדים פלעגן ברענגען זייערע טענות, און די בוררים פלעגן אַרויסטראָגן זייער פּסק־דין. צווישן די בוררים זענען אייניקע געווען זייער שטרענג — אַ מין בית־שמאי, אַנדערע דאַקעגן זייער מילד — אַ בית־הלל.

בדרך־כלל האָבן יידישע קינדער געלערנט אין חדרים, קודם ביי דרדקי־מלמדים, שפּעטער — תורה און נביאים. אַ גרויסער טייל האָט זיך דערמיט באַגנוגנט. דערנאָך זענען זיי אַריבער צו אַרבעט, העלפן אין די היימען, אָדער צו מסחר.

אין די ערשטע יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט האָט מען אין שטעטל אָנגעהויבן אָרגאַניזירן גרופּן קינדער, פאַר וועלכע מ׳האָט באַשטעלט לערערס. די דאָזיקע קינדער האָבן געלערנט פון אלף־בית ביז ליטעראַטור, געשיכטע אאַ״וו. דאָס איז געווען אַ תקופה פונעם „חדר־מתוקן״. און סע זענען געווען משפחות, וואָס האָבן די זין און די טעכטער געלאָזט לערנען אויך די רוסישע שפּראַך. פאַר זיי האָט מען אָרגאַניזירט נישט קיין גרויסע גרופּן, און אַ רוסישער לערער האָט אָנגעפירט מיט די לימודים.

די לערערס זענען געווען פון די שטעטלדיקע איינוווינער, וועלכע זענען אַהער געקומען פון אַנדערע שטעטלעך און געקענט רוסיש. איינע פון די גרופּן זענען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך אברהם בלאַנק, עזריאל גאָלערגאַנט און יצחק שטשיגליק: אַ קורס פאַר רוסיש. און אַלס לערער איז געווען דער דעמלטיקער סטודענט יאָסל לאַנדאו, וועלכער איז געווען פריי אין די זומער־וואַקאַנסן.

ד

איך וועל מיך איצט אָפּשטעלן אויף אייניקע בריטשעווער:

יאָסל שרייבער (מעסטער) איז געווען אַ קלוגער ייד און אפילו אַ שאַרף־זיניקער; ער איז געווען אַ לערער פאַר ייִנגלעך און מיידלעך, לויט אַ ספּעציעלער פּראַקטישער פּראָגראַם. די לימודים זענען געווען אין יידיש און העברעיש, און

אלף־בית, קריאה ראשונית, כלומר צירוף תנועות לאותיות, קריאה רהוטה. כל זה מתוך סידור, ואחרי שידעו לקרוא יפה — תורה, נביאים. חלק גדול הסתפק בזה. הילדים למדו גם לכתוב אותיות, משפטים ודפוסי־מכתבים. אחר־כך יצאו לעבודה, לעזרה בבית, במסחר וכו׳.

בשנים הראשונות של המאה התחילו לארגן בעיירה קבוצות ילדים, שהוזמנו אליהן מורים. הללו לימדו מאלף־בית ועד פרקי ספרות, היסטוריה וכו׳. זו היתה תקופת ה„חדר המתוקן״. והיו משפחות שהיקנו לבנות ולבנים גם לימוד השפה הרוסית; לכך היו מארגנים קבוצות לא גדולות, ומורה לרוסית ניהלה את הלימודים.

המורים היו אחדים מתושבי העיירה, שהגיעו מאזורים אחרים ומעיירות אחרות וידעו רוסית. אחת מהקבוצות היתה זו שאורגנה ע״י אברהם בלאנק, עזריאל גולירגאנט ויצחק שצ׳יגליק: קורס לרוסית, וכמורה שימש אז הסטודנט יוסל לאנדאו, שהיה חפשי בימי הקיץ.

ד

אתעכב כאן על כמה מאנשי בריטשיבה:

יוסל מסטר (שרייבער) היה יהודי פיקח ואף שנון; הוא היה מורה לנערים ולנערות, לפי תכנית מיוחדת, מעשית. הלימודים היו ביידיש ובעברית. והתלמידים התחלקו לא לפי כיתות, אלא לפי דרגות. שלב ראשון היה, כמובן, לימוד אלף־בית; אחר־כך כתיבת מלים בשורה (שורה־גריזל). השלב הבא היה — עריכת מכתבים לפי דוגמאות שונות; התלמידים והתלמידות רכשו להם את הדוגמאות והתבניות, ונדמה לי שמרבית המכתבים, שנכתבו על־ידיהם, היו דומים כולם בתוכנם, בתבניתם ובסדרם. כן היו לומדים אצלו ארבע הפעולות בחשבון, ובעיקר צריך היה להתגבר על חישוב המשקלים, כיוון שבידי הרוסים לא היתה השיטה העש־רונית, ונחוץ היה לדעת איך לעבור מפוד לפונט, ומפונט ללוט, ולהיפך.

אשתו היתה סוניה המיילדת. דומני שתשעים אחוז מיוצאי בריטשיבה ראו את אור העולם לראשונה תחת השגחתה של סוניה ואף קיבלו טיפול ראשון לפי הדרכתה. שקטה ואצילה היתה; עדנה ורוך אפפו את כל מעשיה. אשתו השניה היתה של יוסל מסטר. ילדים לא ילדה, אולם רגשותיה האימהיים קרנו על כל ילדי העיירה.

די שילערס האָבן זיך געטיילט נישט אין קלאַסן, נאָר לויט שטאַפּלען. די ערשטע שטופע איז, געוויינטלעך, געווען אַלף־בית; דערנאָך שרייבן ווערטער אין אַ שורה (אַ שורה־גריזל). די ווייטערדיקע שטופע איז געווען — צונויפשטעלן בריוו לויט פאַרשידענע מוסטערן; די שילערס און שילערינס האָבן זיך אויסגעלערנט צו שרייבן לויט מוסטערס, און דאַכט זיך, אַז די מיינסטע בריוו, וואָס זיי האָבן געשריבן זענען געווען די זעלבע לויט דער פאָרם און אינהאַלט. זיי פלעגן אויך לערנען אַריטמעטיק, און דערעיקרשט האָט מען זיך געדאַרפט באַמיען קענען רעכענען די וואָג־מאָסן, ווייל דעמלט האָט מען אין רוסלאַנד גערעכנט לויט פוד, פונט און לויט.

זיין פרוי איז געווען סאָניע די אַקושאָרקע. דאַכט זיך, אַז ניינציק פּראָצענט פון בריטשעווער האָבן דערזען די ליכטיקע וועלט אונטער סאָניעס אויפזיכט און האָבן אויך באַקומען די ערשטע פלעגונג לויט אירע אָנווייזונגען. אַ שטילע און אַ איידעלע איז זי געווען; ציכטיקייט און ווייכקייט האָבן תמיד איינגעהילט אירע מעשים. זי איז געווען די צווייטע פרוי בא יאָסל מעסטער. אַליין האָט זי קיין קינדער נישט געבוירן, אָבער איר מוטערלעכע געפילן האָבן געשיינט איבער אַלע קינדער פונעם שטעטל.

אין „באַשקע״־ליק איז געשטאַנען לעבן מאָטל באָנדערס הויז מנחם שוחטס הויז. ער איז געווען אַ חזן אין שול אַקעגן זיין הויז און זיך אויסגעצייכנט מיט זיין זינגען. דאַכט זיך, אַז ווען אין יענע ווייטע צייטן וואָלטן געווען פּלאַטן און טייפּ־רעקאָרדערס אין בריטשעווע, וואָלט פאַרבליבן זיין זינגען אַלס אַ שיינקייט פון יידיש אויסגיסן זיך. אַלע זיינע שטיקלעך פונעם דאַווענען, וואָס ער האָט געמאַכט פאַר זיי מוזיק, זענען געווען אַ פילפאַרביקער צוזאַמענשטעל, וואָס האָט אויסגעדריקט דאָס שיינקייט און דאָס לעכצן נאָך גאולה פון אַלע יידן אין גלות. הונדערטער מענטשן פונעם שטעטל פלעגן ימים־נוראים־צייט זיך ציען כדי צוהערן די קלאַנגען פון זיינע ניגונים און זיין אויסגיסן זיך, וואָס האָט געווירקט אויף אַלע צוהערער.

לייב טענדלער, וואָס איז אַ סך יאָרן געווען פרימאַר אין שטעטל, איז געווען באַקאַנט אויך מיטן פאַרקירצטן נאָמען לייבעלע. ער איז געווען פון די, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט נאַציאָנאַלער און מענטשלעכער גאווה. איך געדענק די צייט פון רעוואָלוציע און פּאָגראָמען, ווען אין אַ סך יידישע ישובים האָט מען געראַבעוועט און געהרגעט, אָבער אין קליינעם בריטשעווע איז אויפגע־שטאַנען אַ זעלבסט־שוץ און מ׳האָט נישט געלאָזט די פּאָגראָמטשיקעס צו זיין טעטיק. כ׳בין געווען אַ קינד, אָבער סע זענען איינגעקריצט אין זיכרון די בילדער, ווען אין די גאַסן פלעגן אומפאָרן צענדליקער מענטשן אויף פערד מיט ביקסן און מיט ר׳עוואָלווערן. צווישן די קאָמענדאַנטן איז געווען אויך לייב טענדלער, הירש שיכמאַן, די ברידער יאָסל און משולם שפּייער, נחמן רויזנבליט, פּייוול איציק־לעמלס (געלמאַן) און אַנדערע — און די גויים האָבן נישט געוואַגט אָנצורירן.

בסימטת „המרתף" עמד בצד ביתו של מוטל בונדר ביתו של ר' מנחם השו"ב. הוא שימש חזן בבית־הכנסת שמול ביתו והצטיין בזמרתו. נדמה לי, שאילו היו באותם הימים הרחוקים תקליטים והקלטות גם בעיירתנו, היתה נשמרת גם זמרתו ומשמשת פאר להשתפכות היהודית. כל הקטעים, קטעי התפילה, שחיבר להם מנגי־נות משלו, היוו מעין מסכת מגוונת שהביעה את ההוד ואת הכמיהה לגאולה של כל יהודי הגולה. מאות רבות מבני העיירה היו נוהרים „בימים הנוראים" לשמוע את צלילי ניגוניו ואת השתפכות נפשו שהשפיעה על כל שומעיה.

לייב טנדלר, ששימש משך שנים רבות כפרימאר בעיירתנו, היה ידוע גם בשם המקוצר לייבלה. הוא היה בין אלה שהצטיינו בגאוותם הלאומית והאנושית. זכורים לי ימי מהפיכה ופרעות, כאשר בהרבה יישובים שבסביבתנו נערכו שוד ורצח, אבל בבריטשיבה הקטנה שלנו קם אירגון של הגנה ולא נתן לפורעים לפעול. ילד הייתי, אולם נחרתו בזכרוני המראות, כשברחובות היו עוברים עשרות אנשים, רכובים על סוסים ורובים על שכמם ואקדוחים צמודים למתניהם. בין המפקדים היה גם לייב טנדלר, הירש שיכמן, האחים משולם ויוסף שפיאֶר, נחמן רויזנבליט, פיוול איציק־למלס (גלמאן) ואחרים — והגויים לא העזו לנגוע בעיירה.

לפני שנעשה פרימאר וגם לאחר מכן היה עיסוקו של לייב טנדלר בעיבוד אדמות, וזכור לי איך היה מסתובב עם סוסיו ודוהר בשדות שבסביבה. מטבעו היה אדם עליז, ובכל מקום שהופיע הכניס שמחת חיים. הוא לא היה איש־הספר אבל היתה לו זיקה נפשית לחיים יהודיים. והעיקר, היה לו אומץ לב ומרץ. רק הודות להם עלה בידו לעמוד בקשיי סיביר הרחוקה ולחזור אחרי שנים רבות ואף לעלות לישראל.

הוא היה מאכסן אצלו את הרביים, שביקרו בעיירה, ואף היה נוסע אליהם ומת־ייעץ אתם מפעם לפעם. וזכורני, שפעם, לפני בחירות, נסע אל אחד הרביים לקבל ממנו ברכה להצלחתו בבחירות. כשחזר סיפר, שהרבי איחל לו הצלחה, אבל הוסיף לכך: והעיקר, השתדל לרכוש קולות...

כאדם בעל כבוד עצמי התנהג גם בארץ. הוא לא רצה להכנס ל„מלבן", שנחשב אצלו כמקום לבטלנים. הוא שאף לפעול, ליצור. אבל כוחותיו הגופניים לא הספיקו לו. אין ספק שהיו בו כמה גילויים של אותן תכונות, אשר איפיינו את עמנו שחזר לחיים בריאים בארצו: זיקה לעבודת אדמה, כבוד עצמי ואומץ לב.

איידער ער איז געוואָרן פּרימאַר און אויך נאָכדעם האָט זיך לייב טענדלער באַשעפטיקט מיט באַאַרבעטן פעלדער, און איך געדענק ווי ער פלעג אומפאָרן מיט זיינע פערד און די פעלדער פון דער סביבה. געווען איז ער אַ פריילעכע נאַטור, און ווי ער פלעג קומען האָט ער אַריינגעבראַכט לעבן־לוסט. ער איז נישט געווען קיין לערנער, אָבער ער האָט געהאַט אַ זעלישע באַציונג צו יידיש לעבן. און דער עיקר, ער איז געווען זער געוואַגט און ענערגיש. נאָר אַ דאַנק דעם האָט ער געקענט איבערלעבן די שווערקייט פון דער ווייטער סיביר און זיך אומקערן נאָך אַ סך יאָרן און אפילו עולה זיין קיין ישראל.

ער פלעג אויפנעמען בא זיך די „גוטע יידן", וואָס זענען געקומען אין שטעטל, און אויך פאָרן צו זיי זיך באַראָטן. כ׳געדענק, איינמאָל פאַר וואַלן איז ער געפאָרן צו אַ רבי׳ן בעטן בא אים אַ ברכה. צוריקקומענדיק האָט ער דערציילט, אַז דער רבי האָט אים געווונטשן הצלחה, אָבער צוגעגיבן: „און דער עיקר, באמי זיך צו קריגן שטימען..."



זאב שטשיגליק ליד הבאר בדרך לטירנובה
וועווע שטשיגליק באַ דער טערנעווער קערניצע

→ 1933 : תערוכת לג־בעומר בביה״ס „תרבות״ עם המנהל נוטה והמורה שטשיגליק
ל״ג־בעומר־אויסשטעלונג אין תרבות־של מיטן דירעקטאָר נוטע און לערער שטשיגליק

אַלץ אַ מענטש מיט ווירדע האָט ער אויך דאָ, אין ישראל, נישט מסכים געווען גיין אין „מלבן״, וואָס ער האָט גערעכנט פאַר אַ פּלאַץ פאַר בטלנים. ער האָט געשטרעבט צו אַרבעטן, צו שאַפן, אָבער זיינע פיזישע כוחות האָבן אים נישט געסטייעט. ס'איז נישט קיין ספק, אַז אייניקע זיינע שטריכן כאַראַקטעריזירן אונדזער פאָלק, וואָס האָט זיך אײַמגעקערט צו אַ געזונט לעבן אין זיין לאַנד: אַ באַציונג צו ערד־אַרבעט, זעלבסט־ווירדע און געוואַגטקייט.



סטודנטים בשנות השלושים; הממושקף הוא ליובה צינמן, שנספה בספרד
סטודענטן אין די דרייסיקער יאָרן; דער באַברילטער איז ליאָווע צינמאַן, אומגעקומען אין שפּאַניע

→ המורה הצעיר דודלי גולירגאַנט (אחיו של פיני) עם קבוצת תלמידיו
דער יונגער לערער דודעלי גאָלערגאַנט (פיניעס ברודער) מיט אַ גרופּע שילערס

פ. גולדנברג ז״ל

# מן העבר התרבותי

א

בריטשיבה עיירתי, בה נולדתי וגודלתי בבית סבי שלמה השוחט וסבתי חיה זכרונם לברכה, בריטשיבה, מה רבה היתה אהבתי לך, עם יהודייך הפשוטים העמלים: מה יפו שדותייך וגנייך המעובדים על־ידי היהודים הבריטשיבאים עצמם! ובריטשיבה עם עובדייך: חייטים, סנדלרים, נפחים — אלו יהודים יקרים היו; גם סוחרייך וחנווניך יהודים ישרים יקרים היו, אנשים טובי־לב. כמעט ואיני זוכר עתה מריבות בבריטשיבה, אלא אם כן בגלל „עליה״ לתורה, או בשעת בחירתו של גבאי בבית־הכנסת. בריטשיבה עם הכנסת־אורחים שלה, ובפרט אצל סבי שלמה וסבתי חיה, שהרי לא היה אצלם יום בלי אורח, או אפילו שניים. זכורני, שסבתא שלי היתה, קוראת כל איש בשם בן, וכל אשה בשם בת — כל כך גדולה היתה אהבתה לכל אדם, כאהבת אם את ילדיה. וכך נהגו גם בניה ובנותיה: אמי ריבה, דודתי פריידה, דודתי חנצ׳ה, דודתי מרים, דודי דודי וחברו גבריאל פישמן, משכי־ליה הראשונים של בריטשיבה; דודי עוריאל שהצטיין ביושרו ובאהבת הזולת, דודי שמעון, שהיה חכם נודע בסביבה, מנהל־חשבונות טוב וסוחר ישר; דודותי, אימהות יהודיות חרישיות. ושעה שאני הולך ומונה כאן את קרובי, אין כוונתי להתפאר, אלא אני מתכוון בכך לכל האימהות והאבות שבבריטשיבה, שהרי כולם היו אנשים טובים, כך נדמה לי כעת, מוכנים תמיד לעזור לזולת. בריטשיבה עם נוער הזהב שלה, ששאף תמיד לקרוא ספרים, שיצר לו ספריה נפלאה, שקיים חוגים ספרותיים וחוג דראמאטי; אשר לא צריך היה להתבייש אף בפני שחקנים של ערים גדולות,

פ. גאָלדנבערג ז״ל / חיפה

# פונעם קולטורעלן אַמאָל

## א

בריטשעווע, מיין שטעטעלע, ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן בײַ מיין זיידן שלמה שוחט און באָבע חיה ז״ל; בריטשעווע, ווי שטאַרק איך האָב דיך ליב געהאַט! מיט דיינע פשוטע האָרעפּאַשנע יידן; ווי שיין זענען דיינע פעלדער און גערטנער געווען; באַאַרבעט טאַקע פון די בריטשעווער יידן אַליין; בריטשעווע מיט אירע בעלי־מלאכות — שוסטערס, שניידערס, קאָוואַלס — וואָס פאַר טייערע ערלעכע יידן זענען דאָס געווען! אויך דיינע סוחרים און קרעמערס זענען ערלעכע טייערע יידן געווען, מענטשן מיט גוטע הערצער. איך געדענק כמעט נישט קיין קריגעריי צווישן זיך, אַחוץ איבער אַן עליה אין שול צו דער תורה, אָדער ווען מען האָט געקליבן אַ גבאי אין דער שול; בריטשעווע מיט איר הכנסת־אורחים, באַזונדערס בײַ מיין זיידן שלמה און דער באָבע חיה איז נישט געווען כמעט דער טאָג, סע זאָל נישט זיין אַן אורח אָדער אפילו צוויי. איך געדענק אַז מיין באָבע חיה האָט יעדן מאַן גערופן: זון, און יעדע פרוי: טאָכטער. אַזוי פיל ליבשאַפט האָט זי צו יעדן געהאַט, ווי צו אייגענע קינדער. און אַזוי זענען אויך געווען די טעכטער און די זין. מיין מאַמע ריווע, מיין מומע פריידע, מיין מומע כאַנציע, מיין מומע מרים, מיין פעטער דודי מיט זיין חבר גבריאל פישמאַן — די ערשטע משכילים אין בריטשעווע, מיין פעטער עזריאל מיט זיין ערלעכקייט און ליבשאַפט צו מענטשן, מיין פעטער שמעון, כמעט אַ וועלט־חכם, אַ גוטער בוכהאַלטער און אַן ערלעכער סוחר. מיינע מומעס, שטילע יידישע מאַמעס. אַז איך שרייב וועגן מיינע קרובים, מיין איך דערמיט אויך אַלע אַנדערע מאַמעס און טאַטעס פון בריטשעווע, אַלע, אַלע טייערע גוטע מענטשן, שטענדיק גרייט צו העלפן אַ צווייטן. בריטשעווע מיט איר גאָלדענער יוגנט, געלייענט ביכער, געשאַפן אַ וווּנדערבאַרע ביבליאָטעק, געשאַפן ליטעראַרישע קרייזן, אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס האָט זיך נישט געדאַרפט שעמען אפילו פאַר

ולהקת־נגנים. והעיקר — נוער תמיד עליז, שופע חיים, שר שירים, ביידיש, בעב־רית, ברוסית. הה, מה יפים היו צלילי הקולות מתוך הבתים, הגנים והשדות. אני עצמי הייתי אוהב לשיר את השיר הרוסי, „ואֶטשאֶרני זוון" (פעמון הערב), אף על־פי שבבריטשיבה לא היו בתי־כניסה נוצריים: עיירה יהודית טהורה היתה, לפיכך צלצלו השירים היהודיים יותר יפה מכל צלצלי הפעמונים. בריטשיבה, מה רבה היתה אהבתי לך ומה אהוב הייתי בך! יורשה־נא לי לרשום כמה אפיזודות של חיינו הציבוריים התרבותיים בעיירתנו.

ב

בעיירתנו הקטנטונת היו מפלגות כמעט מכל הכיוונים: ציונים, סוציאליס־טים וקומוניסטים. גם בשטח התרבותי היו כיוונים שונים: עבריים ויידישיסטים, גם קצת מתבוללים שניסו לדבר רק רוסית. הקיצור, עיירתנו היתה דומה בכך לכל העיירות היהודיות. מימי נעורי המוקדמים הייתי אני פעיל בשטח הציבורי ובעל השקפות שמאליות מבחינה מפלגתית. בכל לבי האמנתי שהסוציאליזם צריך להש־תרר בעולם כולו, וכי אנו, היהודים, זקוקים למדינה סוציאליסטית משלנו בארץ־ישראל. תמיד חשבתי שאנו, היהודים, הננו עם דו־לשוני (עברית ויידיש). כל ימי חיי ועד היום הריני חובב נלהב של השפה היידית. לפיכך מובן שהייתי אחד ממייסדי „הקולטור־ליגה" בבריטשיבה. קבוצת הלוחמים למען עברית היו רואים בנו, חברי ה„קולטור־ליגה", שונאי עברית (ואכן, היו בינינו גם כאלה) וניהלו אתנו מאבק עז. לא פעם אחת היינו מגיעים בוויכוחינו הסוערים עד לתגרות־ידיים כמעט. והואיל ולוחמי העברית היוו תמיד את הרוב, הרי אנו, היידישיסטים, נמצאנו תמיד במצב קשה. לכן התאספנו בביתו של היושב־ראש שלנו, הד"ר צוקר, כדי לטכס עצה ולהמציא תחבולה להלום ב„עבריים" מהלומה ראויה לשמה.

והחלטנו להביא לעיירה את הממשל המפורסם אליעזר שטיינבארג, שנודע היה באהבתו ליידיש וכאחד ממניחי היסודות ל„קולטור־ליגה" שבטשרנוביץ. בטוחים היינו שאליעזר שטיינבארג יהלום ב„עבריים" כדיבעי, ואנחנו נצא וידנו על העל־יונה. עמדנו בחליפת מכתבים עם אליעזר שטיינבארג, כתבנו לו על צרותינו עם „העבריים" וביקשנו ממנו לבוא להצלתנו. ומה גדלה שמחתנו, כשקיבלנו את תשובתו שהוא עומד לבוא, והכל יסתדר בהתאם למה שאנו מאחלים לעצמנו.

נקבע היום, שבו יקרא את הרצאתו על הנושא, „יידיש או עברית"; אולם היה לנו כמעט משלנו, בו פעל החוג הדראמאטי. הדבקנו מודעות ברחובות בריטשיבה,

גרויס־שטאָטישע אַרטיסטן, אַ יוגנט־אָרקעסטער, און די הויפּטזאַך — שטענדיק פריילעך, פול מיט לעבן, שטענדיק געזונגען לידער — יידישע, העברעישע, רוסישע. ווי שיין ס׳האָבן געקלונגען די יונגע קולות פון די שטיבער, פון די גערטנער און פעלדער. איך אַליין פלעג אויך שטאַרק ליב האָבן צו זינגען „וועטשערני זוואָן״. כאָטש אין בריטשעווע זענען קיין קלויסטערס נישט געווען. ס׳איז געווען אַ ריין יידיש שטעטל; האָבן טאַקע די יידישע לידער געקלונגען פיל שענער פון די אַלע קלויסטער־גלאָקן. בריטשעווע, ווי שטאַרק איך האָב דיך ליב געהאַט און אויך געליבט געווען! זאָל־זשע מיר דערלויבט זיין דערציילן אַ פּאָר עפּיזאָדן פון אונדזער געזעלשאַפטלעכער קולטורעלער אַרבעט אין אונדזער שטעטעלע.

ב

אונדזער שטעטל האָט פאַרמאָגט פאַרטייען פון אַלע ריכטונגען: ציוניסטן, סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן. אויך אויפן קולטורעלן געביט זענען געווען פאַרשידענע ריכטונגען, העברעיסטן און יידישיסטן. עס זענען אויך געווען אַסימילירטע, וואָס האָבן נאָר רוסיש גערעדט; מיט איין וואָרט, אונדזער שטעטל בריטשעווע איז געווען גלייך מיט אַלע יידישע שטעטלעך.

איך בין פון מיין פריעסטער יוגנט געווען אַקטיוו געזעלשאַפטלעך, פאַרטייאיש לינק געשטימט. איך האָב געגלייבט מיט מיין גאַנצן האַרצן אַז סאָציאַליזם דאַרף זיין אויף דער גאַנצער וועלט, און אַז מיר יידן דאַרפן אַ יידישע סאָציאַליסטישע מדינה אין ארץ־ישראל. איך האָב שטענדיק געדענקט, אַז מיר יידן זענען אַ צוויי־שפּראַכיק פאָלק, יידיש און עברית. אַלע מיינע יאָרן ביזן היינטיקן טאָג בין איך אַ פאַרברענטער ליבהאָבער פון דער יידישער שפּראַך. איז טאַקע פאַרשטענדלעך, וואָס איך בין געווען איינער פון די גרינדער פון דער בריטשעוועער קולטור־ליגע. די העברעיסטן האָבן אין אונדז, חברים פון דער קולטור־ליגע, געזען שונאים פון עברית (געווען צווישן אונדז אויך אַזעלכע) און געפירט מיט אונדז אַ שטאַרקן קאַמף. נישט איינמאָל זענען מיר שיער נישט דערגאַנגען צו פּעטש. און ווייל די עברית־קעמפער זענען תמיד געווען אַ מערהייט, זענען מיר, יידישיסטן, טאַקע געווען אויף צרות. האָבן מיר זיך צונויפגענומען צו אונדזער פּאָרזיצער, ד״ר צוקער, צו האַלטן זיך אַן עצה ווי אַזוי צו געבן דעם אמתן קלאַפּ די העברעיסטן, און מיר האָבן באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען דעם באַרימטן דיכטער־פּאַבוליסט אליעזר שטיינבאַרג, וועלכער איז געווען באַרימט מיט זיין ליבשאַפט צו יידיש און איינער פון די גרינדער פון דער קולטור־ליגע. מיר זענען געווען זיכער, אַז אליעזר שטיינבאַרג וועט די העברעיסטן געבן דעם אמתן קלאַפּ, און מיר וועלן אַרויס די זיגער.

זיך אַדורכגעשריבן מיט שטיינבאַרגן, געשריבן וועגן די צרות מיט די העברעיסטן און געבעטן אונדז קומען ראַטעווען. ווי גרויס איז געווען אונדזער פרייד, באַקומענדיק אַן ענטפער, אַז ער קומט, און אַלץ וועט זיין אַזוי ווי מיר ווינטשן זיך.

שהנה עומד לבוא הסופר הגדול אליעזר שטיינבארג, והוא ירצה על הנושא „יידיש או עברית".

היום, בו הגיע אליעזר שטיינבארג, היה בשבילנו חג גדול: התכונה היתה לקראת נצחוננו הגדול על „העבריים". בביתו של הד"ר צוקר התכנסנו, אנו פעילי „הקולטור־ליגה", וקיימנו התייעצות עם הח' שטיינבארג; הרצינו לפניו על צרותינו עם ה„עבריים" וביקשנו ממנו לסייע בידנו בנידון זה. שטיינבארג הסתכל בנו כאילו זמן ממושך מדי, תוך כדי חיוך, שעשוי היה להיות בעל־משמעות רבה, ואמר שאין לנו לדאוג, יהיה טוב.

אם כי ההרצאה אמורה היתה להיפתח בשעה 8 בערב, הרי כבר בשעה 7 היה האולם מלא מפה לפה, בלי שתוכל להשליך שם סיכה; צעירים וקשישים באו מוכנים ללחום למען האידיאולוגיה. ואנו, פעילי „הקולטור־ליגה", לבושים הדר בבגדי חג, תפסנו את המקומות הראשונים, מרוצים מנצחוננו ובטוחים בו.

הגיעה השעה. הורם המסך, ועל הבמה יושבים הד"ר צוקר עם אליעזר שטיינבארג. למראהו של אליעזר שטיינבארג פרצו תשואות באולם, ובעיקר מצידנו, „הקולטור־ליגיסטים". הד"ר צוקר מברך את האורח ומוסר לו את רשות הדיבור. באולם שוררת דומיה. עד שניתן לשמוע זימזומו של זבוב. אליעזר שטיינבארג מדבר על יופיה של לשון יידיש, על גדולתה של ספרות יידיש, ואנו יושבים ונהנים; הלב גואה משמחה. אולם בלי שנבחין בכך, מתחיל אליעזר שטיינבארג לדבר על השפה העברית, והוא אומר: אנו, העם היהודי, עשירים אנו בשתי לשונות; לשוננו הראשונה היא עברית, בה דיברו ויצרו אבותינו ואבות־אבותינו מקדמונים. מה יפה היא שפת התנ"ך, מה רבים אוצרותיה של השפה העברית. ואליעזר שטיינבארג מדבר באהבה רבה על הלשון העברית, הוא מקסים את כל השומעים הנמצאים באולם, והוא מסיים במלים אלו: דברו יידיש, אבל למדו, למדו עברית!

תשואות סוערות של לוחמי־העברית. הכל מפנים מבטיהם לקבוצתנו הקטנה, שבתוכה היו: ד"ר צוקר, מרדכי בוטשאטשר, בונופארט, יאשה דלוגאטש, ברונשטיין וחברים אחרים, שאת שמותיהם איני זוכר, לצערי. יושבים אנו כולנו בראש מורד. הניצחון שלנו נסתיים בתבוסה רבה.

לאחר אותו ערב המשכנו עוד לנהל מלחמתנו למען שפת יידיש, אבל בלי אותה התלהבות עיוורת עצומה. פעולתנו היתה מסועפת: נשפים ספרותיים, משפטים ספרותיים, הרצאות על נושאים שונים, ותמיד היה האולם מלא מפה לפה, והקהל היה, לרוב, דווקא מבין לוחמי־העברית, שהרי בסופו של דבר היה הנוער בבריטשיבה נוער אידיאליסטי יקר!

ס׳איז באַשטימט געוואָרן דער טאָג פונעם רעפעראַט אויף דער טעמע: „ייִדיש אָדער עברית״. אַ זאַל האָבן מיר געהאַט כמעט אַן אייגענעם, וואָס האָט געקערט צום דראַם־קרייז. מיר האָבן געקלעבט מודעות אויף די בריטשעווער דריי גאַסן, אַז אליעזר שטיינבאַרג וועט רעדן אויף דער טעמע „ייִדיש אָדער העברעיִש״.

דער טאָג ווען אליעזר שטיינבאַרג איז געקומען איז באַ אונדז געווען אַ גרויסער יום־טוב. מיר האָבן זיך געגרייט אויף אַ גרויסן נצחון איבער די העברעיִסטן. באַם ד״ר צוקער האָבן מיר, די אַקטיוויסטן פון דער קולטור־ליגע, אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג מיט דעם חבר שטיינבאַרג, אים דערציילט אונדזערע צרות מיט די העברעיִסטן און געבעטן אונדז העלפן אין אונדזער קאַמף מיט זיי. שטיינבאַרג האָט עפּעס צו לאַנג געקוקט אויף אונדז מיט אַ שמייכל, וואָס האָט געקענט אַ סך באַטייטן, און געזאָגט:

— נישט געזאָרגט, עס וועט זיין גוט.

כאָטש דער רעפעראַט איז באַשטימט געווען אויף 8 אַ זייגער אָוונט, איז 7 אַ זייגער שוין דער זאַל געווען פול געפּאַקט. עס איז ממש נישט געווען ווו אַ שפּילקע צו וואַרפן. יונג און אַלט זענען געקומען, גרייט צו קעמפן פאַר זייער אידעאָלאָגיע. מיר, די פון דער קולטור־ליגע, אויסגעפּוצטע אין יומטובדיקע קליידער, האָבן פאַרנעמען די ערשטע פּלעצער, זיכערע אין אונדזער נצחון.

די מינוט איז געקומען. עס הייבט זיך אויף דער פאָרהאַנג. אויף דער בינע זיצט דער ד״ר צוקער און אליעזר שטיינבאַרג. עס ברעכן אויס שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן פאַרן חשובן גאַסט, באַזונדערס פון אונדז, קולטור־ליגיסטן. דער ד״ר צוקער באַגריסט דעם גאַסט און גיט א׳ם דאָס וואָרט. אין זאַל ווערט שטיל, אַז מען קאָן הערן דאָס זשומען פון אַ פליג. שטיינבאַרג רעדט וועגן דער שיינקייט פון דער ייִדישער שפּראַך, וועגן דער גרויסקייט פון דער ייִדישער ליטעראַטור. מיר זיצן און קוועלן. עס וואַקסן אין אונדז די הערצער פאַר פרייד. אָבער פּלוצים, כמעט אומבאַמערקט, הייבט ער אָן צו רעדן וועגן עברית. און ער זאָגט: מיר, ייִדיש פאָלק, זענען רייך מיט צוויי שפּראַכן. אונדזער ערשטע שפּראַך א׳ז עברית, אויף וועלכער אונדזערע אור־עלטערן האָבן גערעדט און געשאַפן. ווי שיין איז די שפּראַך פון תנ״ך! וואָס פאַר גרויסע אוצרות האָט די עברית־שפּראַך! און שטיינבאַרג רעדט מיט אַזאַ באַגייסטערונג וועגן דער העברעיִשער שפּראַך, אַז ער פאַרכישופט ממש די צוהערער. און שטיינבאַרג ענדיקט זיין רעפעראַט מיט די ווערטער: רעדט ייִדיש, נאָר לערנט, לערנט העברעיִש!

עס ברעכט אויס אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן פון די העברעיִסטן. זיי קוקן אויף אונדזער קליינער גרופּע, וואָס באַשטייט פון: ד״ר צוקער, פרוי ד״ר צוקער, מרדכי בוטשאַטשער, באָנאָפּאַרט, יאשע דלוגאַטש, יאשע ברונשטיין און נאָך עטלעכע חברים, וועמענס נעמען אין קאָן מיך איצט נישט דערמאָנען. מיר זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, פאַרשעמט פון דער גרויסער מפּלה.

מיר האָבן נאָך דעם דאָזיקן אָוונט פאַרגעזעצט צו קעמפן פאַר דער ייִדישער שפּראַך, כאָטש שוין נישט מיט אַזאַ ענטוזיאַזם ווי פריִער. אונדזער טעטיקייט איז

החוג הדראמאטי בבריטשיבה עמד על רמה ספרותית גבוהה. עם ייסודו של החוג עמד בראש הנהלתו מנדיק פרידמן. מחזות רבים הוצגו בבימויי וכמעט כולם ספרותיים טהורים, כמו „אל נקמות" של שלום אש, „הבחור הכפרי" של ליאון קוברין, „יעקל הנפח" של דוד פינסקי, „אלוהים, אדם והשטן" של יעקב גורדין, „הדיבוק" של אנסקי, „קשה להיות יהודי" של שלום עליכם, „הנבילה" של פרץ הירשביין, מערכונים של אברהם רייזין, י. ל. פרץ, א. טשיכוב ועוד סופרים גדולים. לקחו חבל בהצגות: אידה לווינטאל (גולירגאנט), לייב גולירגאנט, יאשה דלוגאטש, ליזה פרידמן, מויסיין ויינשטיין, ברתה ליכט (ברתיני), אידה ויינשטיין, אנה ויישטיין, פרידה גליקמן, רוזה שפיאֶר, פרידה צינמן, ד"ר צוקר, פיני גולירגאנט, אברהם זאק, חיים זיסמן וגם אני עצמי. ומה דואב הלב, שרבים מאלו שנמנו נספו על קידוש השם.

אגב, הפעולה התרבותית שניהלנו הקיפה גם לא יידישיסטים. בחוג הדראמאטי השתתפו גם לוחמי עברית, והוא הדין ביחס לחוג הספרותי־מוזיקלי על־שם שלום־עליכם, שבין מייסדיו היה גם המורה העברי דוד ברמן.

החוג הדראמאטי היתה לו להקת־נגנים משלו, שניהל אותה דודל קויפמן, יוצא ידיניץ. לצערי, לא זכורים לי שמות חברי הלהקה, אלא שאחד מהם נותר בזכרוני עד היום, ודווקא לא בשל נגינתו, אלא בשל מקרה שקרה עמו. כשהצגנו את „הבחור הכפרי" הייתי אני עצמי משחק בתפקיד הבחור, ובהתאם לכתוב במחזה צריך הייתי להיות חזק, מוצק, ויודע להעניק מהלומות יפות לפי הצורך — ודווקא צד זה הוא שחסר לי. במערכה השלישית נערך ריקוד. אלא שהבחור הכפרי, המאוהב באחת מבנות הכפר, יש לו מתחרה, חברו זלמן, ששיחק אותו מויסיי ויינשטיין. זה, הטבע בירכו במיבנה יפה ומוצק, וידוע ידע להעניק מכות בשעת הצורך. אני לא יכולתי להתמודד עמו. אבל בתיאטרון מוצאים תמיד איזו תחבולה.

ערכתי חזרות עם כל השחקנים, כדי שהעניין יעלה טבעי. והנה, שעה שמתרחשת במערכה השלישית תיגרת־הידיים בשל הנערה, בין הבחור הכפרי לבין חברו זלמן, כלומר ביני לבין מויסיי ויינשטיין, ואני, הבחור הכפרי, הולם בזלמן, והוא נופל ארצה מעצמת המכות שהוא מקבל ממני, אין שלמה גלמן, היושב עם להקת הנגנים על הבמה, יכול לתפוס את הדבר. הרי מכיר הוא יפה את פיני גולדנברג, שאין הוא רב־כוח כלל; לא, הוא יראה מה כוחו שלו. הוא מניח בשקט את הכינור שניגן בו, מתנפל עלי מאחור, מעיף בי מכות ומשליך אותי ארצה. כל השחקנים נשארים לרגע כמאובנים. הראשון שנתעורר מהתדהמה הוא מויסיי; הוא מתכופף מהר אל

געווען אַ פאַרצווייגטע: ליטעראַרישע אָוונטן, ליטעראַרישע משפּטים, רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס, אין שטענדיק פול געפּאַקטע זאַלן, און באַזוכט שטאַרק דווקא פון די העברעיסטן. ווייל סוף־כל־סוף איז די יוגנט אין בריטשעווע געווען אַן אידעאַליסטישע טייערע יוגנט.

ג

דער בריטשעווער דראַמקרייז איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ליטעראַרישן ניוואָ, אָנגעפירט באם גרינדן דורך מענדיק פרידמאַן ז״ל. אַ סך פּיעסן זענען געווען רעזשיסירט פון מיר. אויפגעפירט געוואָרן זענען כמעט לויטער ליטעראַרישע פּיעסן, ווי „גאָט פון נקמה״ פון שלום אַש, „דער דאָרפסיונג״ פון לעאָן קאָברין, „יענקל דער שמידט״ פון דוד פּינסקי, „שווער צו זיין אַ ייד״ פון שלום עליכם, „די נבלה״ פון פּרץ הירשביין, אייגאַקטערס פון אברהם רייזין, י.ל. פּרץ, טשעכאָוו און אַנדערע באַרימטע שרייבער. עס האָבן אָנטייל גענעמען אין די פאָרשטעלונגען: אידאַ לעוונטאַל (גאָלערגאַנט) לייב גאָלערגאַנט, יאַשע דלוגאַטש, ליזע פרידמאַן, מויסיי ווײנשטיין, אידע ווײנשטיין, אנע ווײנשטיין, פרידע גליקמאַן, בערטאַ ליכט (בערטיני), ראָזע שפּייער, פרידע צינמאַן, פרוי ד״ר צוקער, פּיניע גאָלער־גאַנט, אברהם זאַק, כאַנציע זאַק, חיים זיסמאַן און טאַקע איך אליין. און ווי ווייטיקט דאָס האַרץ, וואָס דער גרעסטער טייל איז דערנאָך אומגעקומען אויף קידוש השם.

אגב, די קולטורעלע אַרבעט, וואָס מיר האָבן אָנגעפירט, האָט אַרומגענומען ניט נאָר יידישיסטן. אין דראַמאַטישן קרייז האָבן זיך באַטייליקט אויך העברעיסטן, און דאָס זעלבע אין ליטעראַריש־מוזיקאַלישן קרייז אויפן נאָמען פון שלום עליכם. וואָס צווישן זיינע גרינדערס איז געווען דער העברעיִשער לערער דוד בערמאַן.

דער דראַמקרייז, וואָס אַ סך פון זיינע חברים זענען דווקאַ נישט געווען קיין יידישיסטן, אָבער זענען געווען פאַראינטערעסירט צו אַנטוויקלען אַ קולטורעלע אַרבעט, האָט געהאַט אַן אייגענעם אָרקעסטער, אָנגעפירט פון דודל קויפמאַן פון יעדינעץ. צום באַדויערן דערמאָן איך זיך נישט די נעמען פון אַלע אָנטיילנעמער אין אָרקעסטער, אָבער איינער פון זיי איז מיר פאַרבליבן אין זיכרון ביזן היינטיקן טאָג, נישט אַזוי צוליב זיין פידל־שפּילן, נאָר צוליב אַן עפּיזאָד, אַ זאַך וואָס האָט זיך געטראָפן מיט אים, ווען מיר האָבן אויפגעפירט „דעם דאָרפס־יונג״. איך האָב געשפּילט די ראָל פון דעם דאָרפס־יונג, און לויט דער פּיעסע האָב איך געדאַרפט זיין געזונט, פעסט געבויט און קענען גיבן גוטע קלעפּ דאָרט ווו מען האָט געדאַרפט. און גראָד דאָס האָט מיר געפעלט. אין דריטן אַקט קומט פאָר אַ טאַנץ. דער דאָרפס־יונג, פאַרליבט אין איינעם פון די דאָרפס־מיידלעך, האָט אָבער אַ קאָנקורענט, זיין חבר זלמן, געשפּילט פון מויסיי ווײנשטיין. מויסיי איז פון דער נאַטור געווען געבענטשט מיט שיינקייט, געזונט, פעסט געבויט און געקענט אויך גיבן קלעפּ.



החוג האמנותי על־שם שלום־עליכם / קינסטלערישער קרייז א.נ. פון שלום עליכם: פיני גולדנברג, שלום שיינבוים, מ. סאדיקוב, מרדכי בוטשאטשר, דוד ברמן, אלתר לרמן

שלמה גלמן האוחז בי בחזקה, לוחש לו על אזנו: מה אתה עושה, שלמה? וכי אינך יודע שלפי המחזה צריך פיני להכות אותי ולנצחני? רד מעליו והנח לו לעשות את אשר ירצה. שלמה הבין, ירד מהר מעלי ונשאר עומד מולי. ואני במלוא חמתי על ההתקפה הלא־מוצדקת עלי, התחלתי להעיף בו מכות אמיתיות והשלכתיו ארצה. והוא המסכן, שתק ככבשה. אני יצאתי המנצח וזכיתי בתשואות סוערות. אין אני יודע אם הקהל שבאולם תפס את משמעות המתרחש, אבל ההצגה עברה באופן נהדר.

ברצוני להתעכב במיוחד על השחקנית שלנו ליזה פרידמן. היה זה כשרון בחסד אלוה. כשבכתה בעת מישחקה, היה הקהל שבאולם מצטרף לבכייתה; וכשצחקה היה התיאטרון כולו צוחק. היא שיחקה בתפקיד של חסיה היתומה; היא, היתומה היתה לבדה על הבמה, ואנו, יתר השחקנים, מאחורי הקלעים. ליזה־חסיה היתומה מתנה את מר גורלה וחיה והיא בוכה; הצופים כולם בוכים, ואף אנו מאחורי הקלעים בוכים. וכשהיא מסיימת, והמסך יורד, נשארים כל הצופים ישובים באולם משך שתי דקות כמאובנים, אלא שמייד פורצות תשואות עזות, וכל האנשים צועקים: ליזה, ליזה פרידמן, אנו רוצים לראותך! ואילו היא, ליזה, עומדת מאחורי הקלעים ובוכה, בוכה בלי הפוגה; עדיין היא חווה את תפקיד היתומה. כך היתה ליזה משחקת כמעט בכל תפקידיה, עד שהשחקן האמן הגדול פאול בארטוב הזמין אותה שתתלוה להצגותיו הנפלאות. היא ודאי יכלה להיעשות אחת השחקניות המהוללות, אלא שמטעמים שונים לא הלכה בדרך זה — וצר מאד. אף היא נספתה בימי השואה כשם שנספו רבים מבריטשיבה.

איך האָב זיך נישט געקענט פאַרמעסטן מיט אים. אָבער אין טעאַטער גיט מען זיך אַן עצה.

אויסגערעפּעטירט מיט אַלע מיטשפּילער, ווען עס קומט פאָר אין 3־טן אַקט אַ געשלעג צוליב דעם מיידל צווישן דאָרפס־יונג מיט זיין חבר זלמן, דאָס הייסט פון מיר מיט מויסיי ווייַנשטיין, און איך, דער דאָרפס יונג, שלאָג דעם חבר זלמן, און ער פאַלט פון מיינע קלעפּ — קאָן דאָס בשום אופן נישט פאַרשטיין שלמה געלמאַן, וועלכער זיצט צוזאַמען מיטן אָרקעסטער אויף דער בינע: ער קאָן דאָך גוט פּיניע גאָלדנבערג, אַז ער איז גאָרנישט אַזאַ שטאַרקער. נו, וועט ער באַווייזן וואָס ער קען. ער לייגט שטיל אַוועק דעם פידל, פאַלט אָן אויף מיר הינטנאַרומערט און נעמט מיר גיבן קלעפּ און וואַרפט מיך צו דער ערד. אַלע מיטשפּילער בלייבן אַ רגע ווי פאַרשטיינערט. דער ערשטער קומט צו זיך מויסיי ווייַנשטיין. ער בייגט זיך גיך צו צו שלמה געלמאַנען, וועלכער האַלט מיך פעסט אַרומגענומען, און שעפּטשעט אים אַריין אין אויער: וואָס טוסטו, שלמה? דו ווייסט נישט אַז לויט דער פּיעסע דאַרף מיך פּיניע שלאָגן און באַזיגן? קריך אַראָפּ פון אים און לאָז פּיניען טאָן אַלץ וואָס ער וויל. שלמה האָט פאַרשטאַנען, ער איז גיך אַראָפּ פון מיר, געבליבן שטיין אַקעגן מיר, און איך, פול מיט כעס אויף דעם אומגערעכטן אָנפאַל אויף מיר, האָב גענומען אויף אַן אמת דערלאַנגען אים פּעטש, געוואָרפן צו דער ערד. און ער נעבעך האָט געשוויגן ווי אַ לעמעלע. איך בין אַרויס דער זיגער, באַקומען שטורמישע אָפּלאָדיסמענטן.

איך וויל מיך באַזונדערס אָפּשטעלן אויף אונדזער מיטשפּילערין ליזע פרידמאַן. דאָס איז געווען אַ גאָט־געבענטשטער טאַלאַנט. האָט זי באַם שפּילן געוויינט, האָט דער גאַנצער זאַל געוויינט מיט איר; האָט זי געלאַכט, האָבן אַלע מענטשן אין טעאַטער מיטגעלאַכט. איך דערמאָן זיך — דאַכט זיך זי האָט געשפּילט כאַסיע די יתומה. זי איז אַליין אויף דער בינע. מיר, אַלע מיטשפּילער, זענען הינטער די קוליסן. ליזע־כאַסיע די יתומה דערציילט וועגן איר ביטער לעבן און וויינט. אַלע מענטשן אין זאַל וויינען, און אויך מיר הינטער די קוליסן וויינען מיט. און ווען זי ענדיקט און דער פאָרהאַנג פאַלט, זיצן אַלע מענטשן אין זאַל אַ מינוט צוויי ווי פאַרשטיינערט. אָבער באַלד ברעכן אויס שטורמישע אפּלאָדיסמענטן מיט געשרייען: ליזע! ליזע! מיר ווילן דיך זען! ליזע אָבער שטייט הינטער די קוליסן און וויינט, וויינט אָן אויפהער. זי לעבט נאָך איבער די ראָל פון דער יתומה. אַזוי האָט ליזע געשפּילט אין כמעט אַלע ראָלן. ביז דער גרויסער קינסטלער־אַרטיסט ד״ר פּאול באַראטאָוו האָט זי פאַרבעטן שפּילן מיט אים אין זיינע וווּנדערלעכע אויפפירונגען, און זי וואָלט זיכער געוואָרן איינע פון די גאָר גרויסע קינסטלערינס, אָבער צוליב פאַרשידענע סיבות איז זי נישט געגאַנגען אויף דעם וועג, און ס'איז זייער צו באַדויערן. זי איז אויך אומגעקומען אין דער היטלער־צייט, ווי סע זענען אומגעקומען אַ סך בריטשעווער.

ל. גולירגאנט / תל־אביב

# משחק והעזה

א

יוסל הכתבן (מסטר) היה מלמד בבריטשיבה את הילדים, וגם מבוגרים, לכתוב ולקרוא יידיש; לכתוב מכתב, מי לאבא־אמא, מי לחתן, מי לכלה, וסתם מכתבי־סוחרים ועסקים. את השיעורים היה מקיים בביתו, ודבר זה לא היה תמיד נוח. היו אז אפילו בני־נוער, שהרגישו בחסרון ידיעתם את הכתיבה, אבל יוסל הכתבן היה עמוס עבודה, ולא יכול לקבלם ללימוד. אי לכך הובא מורה ליידיש מקאמניץ־פודולסק, ושמו לייב ואטילמן. הוא שכר בית של כמה חדרים ברחוב העליון בשכנות עם שמואל זלדיס ואברהם שפילברג. הוא סידר „שקולה" עם ריהוט של בית־ספר ועם לוח שחור על הקיר לכתיבה בגיר, וכך נפתח בית־ספר ללימוד ידיש.

אותו מורה, ואטילמן, עשה מאמצים לייסד תיאטרון ילדים, ששיחקו בו תלמידיו ותלמידותיו. הוא ערך אתם חזרות של מגילת־אסתר, ולקראת פורים של אותה שנה נערכה ההצגה במחסן של קרשים, שהשתייך לשלמה קסטלמן, לא רחוק מבית־הכנסת השטיפאנשטי. ההצגה נערכה פעמיים. השחקנים הקטנים היו מוצלחים מאד, והיו מרוצים להמשיך בהצגות נוספות, אבל קרה אסון: על המורה ואטילמן העלילו עלילה — ובאחד הבקרים נאלץ לברוח מבריטשיבה, ואיש לא ידע לאן. וכך חוסל התיאטרון הראשון בבריטשיבה.

עזריאל החייט, שגר בשכנות עם פסח ויינשטיין, היה בימים הרחוקים החייט היחידי לאוכלוסיה הבריטשיבאית ולכל הכפרים שמסביב. כיוון שכך, עבדו אצלו

ל. גאָלערגאַנט / תל־אביב

# שפּיל און געוואַגטקייט

## א

יאָסל שרייבער (מעסטער) האָט אין בריטשעווע געלערנט מיט קינדער, און אויך מיט דערוואַקסענע, שרייבן און לייענען יידיש, געלערנט שרייבן אַ בריוו׳ל, ווער צו עלטערן, און ווער צו אַ חתן און ווער צו אַ כלה, און סתם סוחרישע בריוו. די לעקציעס האָט ער געגיבן אין זיין הויז. יאָסל שרייבער איז געווען איבערגעלאָדן מיט אַרבעט און נישט געקענט אַזוי פיל תלמידים אויפנעמען. איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אַ לערער פאַר יידיש פון קאַמעניץ־פּאָדאָלסק. געהייסן האָט ער לייב וואַטל־מאַן. ער האָט געדונגען אַ הויז מיט עטלעכע צימער אין דער אויבערשטער גאַס, אין שכנות מיט שמואל זעלדעס און אברהם שפּילבערג. ער האָט איינגעאָרדנט אַן אמתע „שקאָלע״, מיט שול־בענק, מיט אַ שוואַרצן טאָוול אויף דער וואַנט אויף צו שרייבן מיט קרייד. און אַזוי איז געעפנט געוואָרן אַ שול פאַר יידיש.

דער דאָזיקער לערער, וואטלמאַן, האָט זיך באַמיט צו גרינדן אַ קינדער־טעאַטער ווו סע זאָלן שפּילן זיינע תלמידים או תלמידות. ער האָט מיט זיי רעפּעטירט אַ שטיק וועגן מגילת־אסתר. און פּורים איז פאָרגעקומען די פאָרשטעלונג אין אַ ברעטער־מאַגאַזאַן, וואָס האָט געהערט שלמה קעסטלמאַן, נישט ווייט פון דער שטעפאַנעשטער שול. די פאָרשטעלונג איז צוויי מאָל געגאַנגען. די קליינע אַרטיסטן האָבן זייער גוט געשפּילט, און ס׳וואָלט געקענט ווייטער שפּילן, אָבער דאָ איז געווען אַן אומגליק: אויפן לערער וואטלמאַן האָט מען געמאַכט אַ בלבול, און אין איינעם אַ פרימאָרגן איז ער פון בריטשעווע אַנטלאָפן, און קיינער האָט נישט געוווּסט וווּהין.

אַזוי איז ליקווידירט געוואָרן דאָס ערשטע טעאַטער אין בריטשעווע.

עזריאל שניידער, וואָס האָט געוווינט אין שכנות מיט פּסח ווײַנשטיין, איז אין

כשוליות כמה וכמה בחורים. אכן, לעזריאל החייט היו הזמנות רבות והרבה עבודה, אבל הוא היה עני, וכשהיו שואלים אותו, מה שלומו, היה עונה, שיש לו הרבה עבודה, עד כדי כך, שביום חמישי לא מספיק לו הזמן לרוץ ולחפש איזו גמילות־חסד לשבת.

עזריאל היה מביא לו עוזרים־חייטים מאודיסה, מבלץ, מקישינוב. הם היו מתגוררים בביתו וסועדים על שולחנו. בשנת 1907 הביא שני עוזרים־חייטים מאו־דיסה; הם היו בעלי־מלאכה מוכשרים ולא פחות מוזיקליים; השניים היתה להם נטייה גם למשחק תיאטרלי. הם עשו הכרה עם הצעירים והחליטו ביחד לייסד חוג חובבים לתיאטרון. השתתפו: אברהם גלמן (דוד למל׳ס), לייב טנדלר, ואֱלויל גלמן ולייזר גלמן (בניו של פיוול למל׳ס), מלכה דוד־למל׳ס, פסי רויזנבליט (בתו של שלום חיים־יואל׳ס) ואחרים, שקשה לי לזכרם. התחילו בחזרות על שני מחזות: „המכשפה" ו„שני הקוני־למל" לגולדפאדן.

שכרו מחסן למען אולם אצל אליה משה׳להס, לא רחוק מבית־המרחץ, העבירו ספסלים מבתי־הכנסת, הרכיבו במה, וכך שיחקו פעמיים כל אחד מהמחזות הנ"ל. האולם היה מלא מפה לפה, משום שהקומיקן היה שחקן נפלא, ובכלל היתה הצלחה רבה. אלא שאחד משני השחקנים העיקריים חלה פתאום במחלה קשה, וצורך היה להעבירו באופן דחוף לבית־החולים בבלץ. וכך נתפורר החוג הדראמאטי.

הנוער היה נוסע תכופות לריקשאן, משום ששם הציגו מחזות בין על־ידי להקות שבאו מאודיסה ומבלץ ובין בכוחות מקומיים. שם גם הוקם אולם לתיאטרון. והנה בשנת 14 / 1913 הייתי עובד בפנקסנות בטחנה הגדולה של בריטשיבה; שם היה עובד גם לוי ויטיס במחסן הקמח. כן היה עובד בטחנה טוחן ושמו דוד שווארץ, בחור מקישינוב, שהיה שר יפה. היה שווארץ זה מדבר על לבי ועל לבו של לוי ויטיס, על שום מה אין אנו מייסדים חוג דראמאטי, שבו יקח גם הוא חלק. דיבר ודיבר, עד שהחלטנו בחיוב.

עלי הוטלה העבודה ברובה. אלא שהייתי צעיר וחסר כל נסיון של בימוי ושל ניהול. כן לא הייתי בקי כלל בצד החוקי של העניין. לא פנינו אל השלטונות בעיר־המחוז סורוקה לשם קבלת רשיון. לעומת זה מיהרנו להרכיב את הלהקה: פיני גולדנברג, שווארץ, אני, וכן שכרנו בכסף את לייבלה גולדשלאק מרישקאן, שהיה קומיקן מוצלח, ואת הרשלה גוטמן, שהיה הטראגיקן; השתתפו גם אידה לווינטאל, רחל טנדלר, מלכה דוד־למל׳ס, חנ׳צה זיסמן ועוד 3 שאיני זוכר את שמותיהם. שכרנו בכסף את אביגדור אדסמן, שינהל „תזמורת" ואת יעקל ובנו חיים־לייב הכליזמרים עם להקה. כאולם שכרנו את ביתו של ישראל אֶרליך, שעמד בבנייתו;

די אַמאָליקע יאָרן געווען דער איינציקער שניידער פאַר דער בריטשעווער באַפעלקערונג און פאַר אַלע אַרומיקע דערפער. אַזוי אַז ס׳האָבן באַ אים געאַרבעט עטלעכע אַרבעטער. ער האָט געהאַט אַ סך באַשטעלונגען און אַ סך אַרבעט, ער איז אָבער געווען אָרעם. אַז מען פלעג אים פרעגן ווי סע גייט אים, פלעגט ער ענפערן, אַז ער האָט אַזוי פיל אַרבעט, אַז דאָנערשטיק האָט ער נישט קיין צייט צו לויפן זוכן אַ גמילת־חסד אויף שבת.

עזריאל עלעג זיך ברענגען שניידער־יונגען פון אָדעס, פון בעלץ, פון קעשענעוו. זיי האָבן געוווינט אין זיין הויז און געגעסן בא זיין טיש. אין יאָר 1907 האָט ער געבראַכט צוויי אַרבעטער פון אָדעס. זיי זענען געווען גוטע בעלי־מלאכות און נישט וויניקער מוזיקאַליש. זיי האָבן ביידע אויך געהאַט אַ נייגונג צו טעאַטער־שפיל. זיי האָבן זיך באַקענט מיט יוגנטלעכע און צוזאַמען באַשלאָסן צו גרינדן אַ דראַמאַטישן קרייז. ס׳האָבן דערצו געהערט: אברהם געלמאַן (דוד לעמלס), לייב טענדלער, וועלוול געלמאַן און לייזער געלמאַן (דער זון פון פייוול לעמלס), מלכה דוד לעמלס, פעסיע רויזנבליט (די טאָכטער פון שלום חיים־יואלס) און אַנדערע, וועמענס נעמען איך געדענק נישט מער. זיי האָבן אָנגעהויבן צו רעפּעטירן צוויי פּיעסן: „די כּישוף־מאַכערין" און „די צוויי קוני־לעמלס" פון גאָלדפאַדן.

מ׳האָט געדונגען אַ מאַגאַזין פאַר אַ זאַל באַ עליע משהלעס, נישט ווייט פון דער באָד, אַריינגעבראַכט בענק פון די שולן, אויפגעשטעלט אַ בינע און געשפּילט צו צוויי מאָל יעדע פּיעסע. דער זאַל איז געווען פול, ווייל דער קאָמיקער איז געווען אַ ווונדערלעכער אַקטיאָר, און בכלל איז אַלץ געווען געלונגען. נאָר איינער פון די צוויי הויפּט־אַקטיאָרן איז פּלוצים קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערער קרענק און מ׳האָט אים גלייך געמוזט איבערפירן אין שפּיטאָל אַריין קיין בעלץ. און אַזוי איז ליקווידירט געוואָרן דער דראַמקרייז.

די יוגנט פלעגט אָפט פאָרן קיין רישקאַן, ווייל דאָרט האָט מען געשטעלט פּיעסן, געשפּילט פון טרופּעס, וואָס זענען געקומען פון אָדעס און פון בעלץ, און אויך פון אָרטיקע כוחות. דאָרט איז אויך אויפגעבויט געוואָרן אַן אמתער טעאַטער־זאַל.

אין יאָר 1913/14 האָב איך געאַרבעט אין דער בוכהאַלטעריע פון דער גרויסער מיל אין בריטשעווע. דאָרט האָט אויך געאַרבעט לוי וויטיס אין מעל־מאַגאַזין. ס׳האָט אויך געאַרבעט אין מיל אַ מילנער מיטן נאָמען דוד שוואַרץ, אַ בחור פון קעשענעוו, וואָס האָט שיין געזונגען. פלעג אָט דער שוואַרץ מיך און לוי וויטיס צורעדן, אַז מיר זאָלן גרינדן אַ דראַמאַטישן קרייז, ווו ער וועט זיך אויך באַטייליקן. ער האָט אַזוי לאַנג גערעדט, ביז מיר האָבן באַשלאָסן עס צו טון.

אויף מיר איז אַרויפגעפאַלן די עיקרשדיקע אַרבעט; איך בין געווען יונג, אָן קענטעניש און דערפאַרונג אין רעזשי און לייטונג. כ׳בין אויך נישט געווען בקי אין די יורידישע ענינים. מיר האָבן זיך נישט געווענדט צו דער מאַכט אין דער קרייז־שטאָט סאָראָקע וועגן אַ דערלויבעניש. דערפאַר אָבער האָבן מיר זיך צוגע־

שם בנינו ספסלים ובמה עם מסך, התקנו עששיות ומעין סוכה למען הלחשן — וכך התחלנו בחזרות על שני מחזות, „הנקודה היהודית" ו„ליל הסדר".

הדפסנו כרטיסי־כניסה, מודעות, דאגנו לחמרי איפור — כל זה הושג בכספי שלי, שהיה מופקד אצל אמי. כשהייתי בא אליה לקחת מן המופקד, היתה אומרת לי: בני שלי, כלום תראה ביום מן הימים את הכסף בחזרה?

והנה נתקבלה גם תשובה על פנייתנו אל מושל המחוז בסורוקה: „הנקודה היהודית" ו„ליל הסדר" אסורים להצגה. מותר להציג הצגות קלאסיות ברוסית. אלא שכל השחקנים שלנו היו חלשים באשר לשפה הרוסית. ועל־כן החלטנו בכל זאת להציג את שני המחזות. מה עשינו? באנו לידי הסכם עם המושל בטירנובה (האוריאדניק), שירשה לנו להציג הצגות מספר, לכל הפחות. ואכן, פעמיים הצגנו את „הנקודה היהודית", ופעמיים את „ליל הסדר". להמשיך ולהציג לא יכולנו, משום הלשנה שהלשינו עלינו בפני המושל בסורוקה. בבוקר לא־עבות אחד בא מסורוקה איזה פקיד בכיר, קרא לי ושאל: הייתכן? מה מעשיכם פה? אתם מציגים מחזות מהפכניים, נגד משטר הצאר, שהרי אתם שואלים במחזה: „עד מתי?"

הוא נתכוון לעשות מזה עסק שלם על חשבוני. בעמל רב חלצו אותי מן העניין. השחקנים מרישקאן נסעו הביתה, וצריך היה לשלם להם את שכרם, וכן לאחרים. כל הרכוש ירד לטמיון. אשר לי, הרי ליצני הדור היו קוראים לעברי: הנה הולך מנהל התיאטרון שנשרף!

ב

מהפיכת פברואר 1917 הביאה אתה השתחררות מהשלטון הצארי; פירושו של דבר היה — חופש לכל אזרחי רוסיה. גם בבריטשיבה רבתה השמחה. תושבי הכפרים גיזדיטה, בוראבוי ואחרים באו כאורחים לבריטשיבה; הם זכו להכנסת־אורחים יפה, יצאו אתם בריקודים, נדמה היה כי האחווה משתררת — ולא תהיה עוד שנאה בין אלו לאלו.

אני עבדתי אז כמנהל־חשבונות בטחנת־הקמח הבריטשיבאית. יחד עם כל הפוע־לים הלכנו לפגוש את האורחים מן הכפרים השכנים. את הדגל האדום נשאתי אני, וכשעברתי ליד ביתו של סבי שלמה השוחט ז"ל, קרא לי ואמר: „זכרו היטב, עלולים אתם לשלם הרבה בעד שמחתכם זו".

עברו חדשים אחדים, ומהומות פרצו בארץ כולה. בכמה עיירות שבביסאראביה רבו מקרי שוד, שנגרמו על־ידי החיילים שנתפרעו בשובם מן החזית לאחר שיחרורם

איילט צונויפצושטעלן די טרופע: פיניע גאָלדנבערג, שוואַרץ, איך, און אויך האָבן מיר געדונגען פֿאַר געלד לייבעלע גאָלדשלאַק פון רישקאָן, וואָס איז געווען אַ געלונ־גענער קאָמיקער, און הערשעלע גוטמאַן, וואָס איז געווען אַ טראַגיקער. ס'האָבן זיך אויך באַטייליקט אידע לעווענטאַל, רחל טענדלער, מלכה דוד־לעמלס, כאַנצע זיסמאַן און נאָך דריי, וועמענס נעמען איך דערמאָן מיך נישט. מיר האָבן געדונגען פֿאַר געלט אביגדור אדעסמאַן, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן „אָרקעסטער" און יענקל און זיין זון חיים־לייב, די קלעזמער מיט אַ קעפעליע. אַ זאַל האָבן מיר געדונגען אין ישראל ערליכט הויז, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין בויען. דאָרט האָבן מיר געמאַכט בענק און אַ בינע מיט אַ פאָרהאַנג. מיר האָבן צורעכטגעמאַכט די לאָמפּן און אַ מין סוכהלע פאַרן סופליאָר — אָנגעהויבן רעפּעטירן צוויי פּיעסן: „דאָס פינטעלע ייד" און „די סדר־נאַכט".

מיר האָבן געדרוקט אַריינגאַנג־בילעטן, מודעות, באַזאָרגט גרים — אַלעס פאַר מיין געלט, וואָס איז געליגן באַ מיין מוטער. אַז איך פלעג צו איר קומען אַרויסנעמען געלט, פלעגט זי מיר זאָגן: מיין זון, וועסט אַ מאָל צוריקזען דאָס געלט וואָס דו גיסט אויס?

און אָט האָבן מיר באַקומען אַן ענטפער פון דער מאַכט פון סאָראָקע אויף אונדזער ווענדונג: „דאָס פינטעלע ייד" און „די סדר־נאַכט" זענען פאַרבאָטן; שפּילט קלאַסישע פּיעסן אויף רוסיש. אַלע אונדזערע אַקטיאָרן זענען געווען שוואַך אין דער רוסישער שפּראַך. כאָטש אַזוי האָבן מיר באַשלאָסן אויפצופירן די צוויי פּיעסן אין יידיש. וואָס האָבן מיר געטון? מיר זענען געקומען צו אַ הסכם מיטן „אוריאַדניק" אין טערנעווע, ער זאָל אונדז דערלויבן אויפצופירן אַ געוויסע צאָל פאָרשטעלונגען. האָבן מיר צוויי מאָל געשפּילט „דאָס פינטעלע ייד" און צוויי מאָל „די סדר־נאַכט". מער האָבן מיר נישט געקענט שפּילן, ווייל מ'האָט אונדז געמסרט קיין סאָראָקע. אין אַ שיינעם טאָג איז געקומען פון דאָרט אַ העכערער באַאַמטער און געפרעגט: הייתכן? וואָס טוט איר? איר שפּילט רעוואָלוציאָנערע פּיעסן קעגן דעם צאַר? אין דער פּיעסע פרעגט זיך דאָך: „עד מתי?" ער האָט דערפון געוואָלט מאַכן אַ גאַנצן פּראָצעס אויף מיין חשבון. מיט שוועריער מי האָב איך מיך אַרויסגעדרייט פון דער זאַך. די אַרטיסטן פון רישקאָן זענען אַהיימגעפאָרן, און מ'האָט זיי געדאַרפט באַצאָלן זייער געצאָלטס, און אַזוי אויך די אַנדערע. דער גאַנצער רימינענט איז אַ תל געוואָרן. און וואָס נוגע מיך, האָבן די שטאָט־לצים אויף מיר אָנגעוויזן: אָט גייט דער אָפּגעברענטער טעאַטער־דירעקטאָר!

ב

די פעברואַר־רעוואָלוציע פון 1917 האָט געבראַכט די באַפרייאונג פון רוסישן צאַר און די פרייהייט פאַר אַלע רוסישע בירגער. אויך אין בריטשעווע האָט מען זיך געפרייט. די איינוווינער פון די דערפער גיזדיטע, באַראַבוי און אַנדערע,

מהגיוס, וכן על־ידי האיכרים הגויים מן הכפרים הסמוכים. אף נתפשטו שמועות, שהאיכרים יחד עם החיילים המשוחררים מתעתדים לבוא בעגלותיהם כדי להעמיס עליהן ביזה מבתי בריטשיבה — סחורות ורכוש.

דודי הירש שיכמן ע״ה, ששימש אז סטארוסטה (ראש־המועצה) בבריטשיבה, היה אז בדרך מסורוקה הביתה. הופיעו שני חיילים, עצרו את המרכבה ודרשו ממנו כסף, שהוציא באותו בוקר מהבאנק בסורוקה, ועד שהספיק לענות ירו בו ורצחוהו נפש. הרצח הישרה אבל כבד על העיירה והפיל אימה. אז הוחלט להקים הגנה עצמית.

חשובי העיירה, יעק׳ל שיכמן, חיים בוקארשטר, יוסל גרינברג, יעק׳ל בלאנק ואחרים, שאיני זוכר כבר את שמותיהם, פנו אלינו הצעירים דהיינו אל: מוסיי ויינשטיין, יוסל בן יעק׳ל בלאנק, יוסל שפייאֶר, ואֶלוול פיוול־לאֶמל׳ס (גלמן), שלמה זלמן־באסיס (טנדלר), אלי ואל אחרים בגילי והציעו לנו להתעסק ברכישת נשק ותחמושת: רובים וכדורים, וכן לקנות סוסים, שנשתמש בהם לשם משמר לילי בעיירה ומסביבה.

והרי נחוץ היה כסף לשם כך. מינו ועדה אדמיניסטראטיבית ופינאנסית, שפעלה בעיקר באופן זה: מבריטשיבה היו אז מוכרים ומובילים למקומות המרוחקים: בריטשאן, ליפקאן, ידינץ, חוטין, — קמח, שמן וחיטים; הציבו מחסומים ביציאה מבריטשיבה וגבו מס מכל עגלת־יצוא. בנוסף לכך נתנו גם תושבים אחרים כספים, כפי שהטילו עליהם, כדי לקיים את ההגנה.

במשך זמן קצר עלה בידנו לרכוש כ־250 רובים, כחמישים אלף כדורים, כמה עשרות רימונים ועשרה סוסים. שכרנו דירה, ששימשה לנו מעון למטה הכללי וקבענו משמרות ליום וללילה, שסובבו ברחובות העיירה ובגבולותיה ללא הרף בדרכים העולות לטירנובה, לגיזדיטה, לבאראבוי, לסקאיאֶן וכו׳.

וכדי שהביטחון יהיה מלא, נסענו לסורוקה, שם עמד אז גדוד חיילים, שטרם שוחררו ואף לא הספיקו להתפזר. שכרנו 15 חיילים, שהיינו משלמים להם משכורת חדשית בנוסף למגורים ולאוכל, על־מנת שיעזרו לנו בשמירה, בעיקר בימי השוק בבריטשיבה, בימי ראשון ורביעי, כשהגויים מהסביבה היו בהמוניהם.

אכן, נעשו נסיונות מעטים להתנפל על העיירה ולערוך פרעות, אלא ש„ההגנה״ ידעה להשיב מלחמה שערה כגיבורים ממש — ועד לפרעות ולשוד לא הגיעו התוקפים מעולם. וכך נמשך המצב עד שהצבא הרומני חדר לביסאראביה והגיע גם לבריטשיבה. ואז נתעוררה הבעייה: מה לעשות בנשק? וכי היה ביטחון מלא, שהסדר ישתפר, שהשלטון יהיה יציב, שלא ישובו הפורעים?

דבורה גולד־גורביץ / פתח־תקוה

# זכרונות מבית אבי ומעיירתי

בבואי להיזכר אחרי כה הרבה שנים בעיירתי בריטשיבה, שבה נולדתי, צפים לנגד עיני שלושת הרחובות הקטנים, שבצידיהם עצים מוריקים, ושלוליות המים בסימטה שעל־ידינו, שכה אהבנו להשתכשך שם ולהתרטב עד לשד עצמותינו.

כמו סרט נע לפני בית הורי: אבי ז״ל, ידען יסודי בלשון הקודש, ש„המליץ״ „השילוח״ ו„הצפירה״ היו מגיעים אליו בקביעות. הייתי ילדה, אבל אני זוכרת איך היה אבא אוסף את העיתונים לאחר הקריאה ומחביא אותם לשמירה כדבר קדוש. שאיפת חייו של אבי היתה להגיע לא״י, על כן שקד לחנכנו ברוח זו, וביתנו היה בית ציוני לאומי

כל הילדים, החמשה שהיינו בבית, למדנו בבית־הספר „תרבות״ שבעיירתנו, ולא היה גבול לאשרו של אבא כשהתקדמנו ורכשנו את השפה העברית. אמי ז״ל (מבית סבי מאיר פרלמן ז״ל מחוטין) היתה אשה יפה, רפרזנטאטיבית ומשכילה, שכבר בשנים ההן סיימה גימנאסיה ושלטה יפה בשפה הרוסית. כשהורי נישאו, היה אבי מבית אמיד, בית ברוך טומאניבקר ז״ל. לאחר שנים בא שינוי במצב החמרי, ולאו דווקא לטובה. לא אחת אזכורה, שלמרות הקשיים שאפנו ללמוד, להתפתח ולרכוש ידע במידת האפשר.

אחי שלמה למד בגימנאסיה בבאראבוי (עם חברנו סוניה פילאט ז״ל); אחותי שרה למדה בנובוסליץ בגימנאסיה ,שבראשה עמד ד״ר רבינוביץ דודנו, שהיה ממייסדי בתי־ספר „תרבות״ בביסאראביה. לאחר מכן עברה ללמוד באוניברסיטה

דבורה גאָלד־גורביץ / פתח־תקוה

# זכרונות וועגן מיין עלטערנהויז און מיין שטעטל

ווענלדיק זיך דערמאָנען נאָך אַזוי פיל יאָרן אין מיין שטעטעלע בריטשעווע, ווי איך בין געבוירן געוואָרן, זע איך פאַר מיינע אויגן דריי קליינע געסלעך מיט גרינע ביימער פון ביידע זייטן, און די ריטשקעס באַ אונדז אין ליק, ווו מיר קינדער האָבן אַזוי ליב געהאַט זיך צו פּלעסקען און זיך איינטונקען ביז צו דיביינער.

ווי אויף אַ פילם זע איך פאַר מיר מיין עלטערנהויז: מיין פאָטער ז״ל, אַ משכיל, אַ גרינטלעכער קענער פון לשון קודש; דער „המליץ", דער „השילוח" און די „הצפירה" פלעגן מיר רעגלמעסיק באַקומען. איך בין געווען אַ קינד, אָבער איך געדענק ווי אַזוי דער טאַטע פלעג זאַמלען די צייטונגען. נאָכן איבערלייענען האָט ער זיי באַהאַלטן ווי אַ הייליקטום. דעם טאַטנס לעבנס־אידעאַל איז געווען צו קומען קיין ארץ־ישראל. ער האָט זיך דעריבער די גרעסטע מי געגיבן צו דערציִען אונדז, קינדער, אין דעם גייסט. אונדזער הויז איז געווען אַ ציוניסטיש־נאַציאָנאַל הויז. אַלע פינעף קינדער האָבן מיר געלערנט אין דער „תרבות"־שול וואָס איז געווען אין אונדזער שטעטל. און צום טאַטנס גליק איז גאָר קיין גרענעץ נישט געווען, ווען מיר האָבן געמאַכט פאָרשריט און באַהערשט די העברעיִשע שפּראַך. מיין מאַמע ז״ל (די טאָכטער פון מאיר פּערלמאַן ז״ל פון כאָטין) איז געווען אַ שיינע פרוי, אַ רעפּרעזענטאַטיווע און געבלידעטע. זי האָט שוין אין יענע יאָרן געענדיקט אַ גימנאַזיע און באַהערשט די רוסישע שפּראַך. אַז מיינע עלטערן האָבן חתונה געהאַט, איז מיין פאָטער געווען פון אַ פאַרמעגלעך הויז, דאָס הויז פון ברוך טומאַ־ניווקער ז״ל. נאָך יאָרן איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין דעם מאַטעריעלן מצב, און דווקא נישט צום גוטן. נישט געקוקט אָבער אויף די שוועריקייטן, האָבן מיר געשטרעבט צו לערנען, זיך אַנטוויקלען און זיך דערוואַרבן וויסן.

מיין ברודער שלמה האָט געלערנט אין גימנאַזיע אין באַראַבוי (מיט אונדזער חבר סוניע פּילאַט ז״ל); מיין שוועסטער שרה האָט געלערנט אין נאָוואָסעליץ אין

בצ׳רנוביץ; היתה זו בעלת־אישיות בלתי רגילה ותלמידה מצטיינת. ואני, אחרי יום עבודה ולימודים, עסקתי בערבים בשיעורי־עזר לילדים קטנים, כדי לסייע במקצת לבית. אחי יצחק היה בחור נבון מאד, עם זוג עיניים לוהטות, שחורית ופיקחות. הוא אהב לשיר מנגינות חסידיות, לכן קראנו לו בבית „החסיד״. בגימנאסיה לא כל כך התחשק לו ללמוד; אמי ז״ל היתה עמלה קשה כדי להשפיע עליו שילמד; מוכשר היה, אבל בלי חשק ללימודים. לעומת זה ידע מפעם לפעם „לסדר״ את מישהו: למשל, היה אורב ליענק׳ל שואב־המים, וכשהוא היה נכנס לבית, היה שולף בזריזות את הפקק מן החבית ומוציא את המים; או אוסף ילדים קטנים ומורח להם את העיניים בפלפלונים. הילדים היו צורחים, והאמהות רצ׳ת מבוהלות בעיירה לחפש תרופה כלשהי ושמות תהבושות על העיניים. לאחר פעולות כגון אלו היה מסתלק מהבית ומתחבא בעליית־הבית. זה היה המקום האסטרטגי שלו. אמא ז״ל היתה אז אומרת: הוא כבר עולל משהו, על־כן נעלם. אחי הצעיר ביותר היה בן 13 כשעליתי, ואני זוכרת שהמשיך בלימודיו בבית־הספר „תרבות״. הייתי מקבלת ממנו מכתבים יפים בעברית.

עז היה רצונה של אמי ז״ל להקנות לנו השכלה. היא עשתה כל מאמץ להוציאנו לדרך המלך; ממש הקריבה את עצמה. ביתנו היה מרכז חברותי לבני גילי; אמי, שידעה לשיר יפה ולנגן על גיטארה, השתלבה בתוכנו ולא פעם ידעה להפיג את שעמומנו ומצב־רוחה של החבריה כולה.

זכרונות נעורים וילדות הרבה אזכורה. אהבנו לקטוף תפוחי־עץ בגן של איציק לאַמל׳ס. כשהיה רואה אותנו, היה עורך לנו קבלת־פנים: ייכנס הרוח באבי־אבי אביכם! אבל עד שהוא זז, היו התפוחים כבר במקום בטוח, דחופים בשמלה או במקום אחר, שנקשר במיוחד בגומי כדי לא לאבד אותם, וכך הסתלקנו.

טיול לריאוט, שירה מלבבת ומשתפכת בדרכים העולים לבאראבוי ולגיזדיטה (שבילי הרומאנטיקה), ההליכה בצוותא לקולנוע של אהרון צינמן, שהיה אז רועש ומחריש אזניים; בתשעה־באב — ריצה תוך כדי זריקת קוצים זה על זה. שרה אייטשיס ז״ל היתה הקרבן, כי היה לה ראש שערות בלונדי, יפה ומתולתל. אהבתי את התכונה לשבת, הדלקת הנרות, הליכותיו של אבא לבית הכנסת (אבי ז״ל התפלל בבית הכנסת הסאדיגורי, שם היה לו „מקום״ במזרח עוד מימי סבי ז״ל), הציפיה לשובו והקידוש. עזים געגועי לכל החגים, שכה יפים היו ונתנו תוכן כה רב לחיינו. ערב ראש־השנה: ההליכה לבית־הכנסת, שכה אהבתי להסתנן פנימה ולספוג מקדושת האווירה. ניגונו של אידה־איצה לפני סליחות לפנות־בוקר מתוך השינה, במנגינה המוכרת לכולנו: קומו, קומו לעבודת הבורא. אידה־איצ׳ה שהיה קברן, היה בשעת

גימנאַזיע, וואָס אין איר שפּיץ איז געשטאַנען אונדזער פעטער ד״ר ראַבינאָוויטש, איינער פון די גרינדער פון די תרבות־שולן אין בעסאַראַביע. שפּעטער האָט זי פאַרגעזעצט איר לערנען אין טשערנאָוויצער אוניווערסיטעט. זי איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע פּערזענלעכקייט און אַן אויסגעצייכנטע שילערין. און איך, נאָך אַ טאָג אַרבעט און לערנען, האָב מיך באַשעפטיקט אין די אָוונטן מיט הילף־לעקציעס פאַר קליינע קינדער, כדי אַ ביסל אַרויסצוהעלפן דער שטוב. מיין ברודער יצחק איז געווען אַ זייער פאַרשטאַנדיקער בחור, מיט אַ פּאָר שוואַרצע קלוגע, ברענענדיקע אויגן. ער האָט ליב געהאַט צו זינגען חסידישע ניגונים, דערפאַר האָבן מיר אים גערופן „דער חסיד״. צו לערנען אין גימנאַזיע האָט ער קיין גרויס חשק נישט געהאַט. מיין מאַמע ז״ל האָט שווער מיט אים געאַרבעט, כדי אים צו ברענגען צום לערנען. פעיק איז ער געווען, נאָר ער האָט קיין חשק נישט געהאַט. דאַקעגן האָט ער פאַרשטאַנען אָפּצוטון יעדעס מאָל עמעצן אַנדערש אַ שפּיצל: אַזוי למשל, האָט ער אַמאָל געלויערט אויף יענקל דעם וואַסערפירער. און אַז ער איז אַריין אין אַ הויז, האָט ער אויף דער גיך אַרויסגעצויגן דעם צאַפּן פונעם פאַס און געלאָזט אויסרינען דאָס וואַסער. אַ צווייט מאָל האָט ער צונויפגעזאַמלט קליינע קינדער און האָט זיי איינגעשמירט די אויגן מיט פעפערלעך. די קינדער האָבן אָנגעהויבן שטאַרק צו קוויטשען, און די מאַמעס אין גרויס בהלה זענען אַרומגעלאָפן זוכן עפּעס אַ מיטל און געמאַכט באַנדאַזשן אויף די אויגן. נאָך אַזוינע שפּיצלעך פלעג ער פאַרשווינדן פון דער היים און זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם. דאָרט איז געווען זיין סטראַטעגישער פּונקט. די מאַמע ז״ל פלעג דעמלט זאָגן: ער האָט שוין זיכער עפּעס אָפּגעטון, אַ סימן ער איז נעלם געוואָרן. מיין ייִנגסטער ברודער איז געווען 13 יאָר אַלט ווען איך האָב עולה געווען. ער האָט ממשיך געווען זיינע לימודים אין דער תרבות־שול. איך פלעג פון אים באַקומען שיינע בריוו אין עברית.

דער מאַמעס שטערבן איז דעמלט געווען אונדז צו בילדן, אַרויספירן אונדז אויפן דרך־המלך. זי האָט זיך ממש מקריב געווען. אונדזער הויז איז געווען אַ צענטער פאַר מיינע חברטעס אין מיינע יאָרן. מיין מוטער, וואָס האָט שיין געזונגען, געשפּילט גיטאַרע, פלעג זיך צונויפמישן מיט אונדז, און נישט איינמאָל האָט זי פאַטריבן די לאַנגווייליקייט און אַריינגעבראַכט אַ פריילעכע שטימונג און אַלעמען באַלעבט.

קינדער־ און יוגנט־יאָרן געדענקען זיך לאַנג. איך האָב ליב געהאַט צו רייסן עפּל אין גאָרטן פון איציק לעמלס. אַז ער פלעג אונדז זען, פלעג ער אונדז מאַכן יענעם קבלת־פּנים, שרייען: אַ רוח אין אייער טאַטנס טאַטן אַריין! אָבער ביז ער האָט זיך אַ ריר געטון, זענען שוין זיי געליגן אין אַ זיכער אָרט, פאַרשטופּט אין קליידל אָדער אין אַן אַנדער אָרט, וואָס איז ספּעציעל פאַרבונדן געווען מיט גומי, כדי זיי זאָלן נישט אַרויספאַלן. און אַזוי זענען מיר פאַרשוווּנדן. אַמאָל פלעג מען מאַכן אַן אויספלוג צום רעוועט. האַרציקע געזאַנגען האָבן געקלונגען אויף די וועגן, וואָס האָבן געפירט קיין באַראַבוי און קיין גיזדיטע (די ראָמאַנטישע סטשעזש־קעס). דאָס גיין אינאיינעם אין קינאָ אַריין פון אהרן ציגמאַן, וואָס האָט דעמלט

הצורך סוחט באצבע ובבוהן הקטועה את המוגלה מהשקדים של ילדים חולי־גרון.
ערב יום הכיפורים: „כפרות". אמא ז"ל היתה מסובבת את התרנגולת מעל הראש; התרנגולת מקרקרת עד השמים ומכה בכנפיה על ראשינו, ואמא לוחשת: זאת כפרתי, זאת חליפתי, תלך למיתה... הסעודה המפסקת, ואחר־כך „כל נדרי". ועלי, הבכירה בבית, הוטל התפקיד לטפל בקטנים ולהאכיל אותם, וככל שרב מספר הצמים גבר תאבונם של הילדים, עקב הקורקבנים והכבדים הקטנים, שהשאירה אמא ז"ל בשבילם. וביום הכיפורים הם אהבו לאכול דווקא על הגזוזטרה, לעיני העוברים־ושבים על־יד ביתנו. שמחת־תורה: אהבנו להילוות אל אבינו ז"ל, שהיה מידידי שכננו הרב ר' ישעיה אפלבוים ז"ל ולחזות בחסידים הרוקדים עם ספר־התורה. חג־הפסח: יופי מיוחד היה בניהול סדר פסח ע"י אבי במנגינותיו המסתלסלות ונוגעות ללב. טעם מיוחד היה למטעמים של אמא (והרי חג הפסח היה חג של עבודת פרך לכלל האמהות), הקיזלאך, הכופתאות והחמיצה של אמי, טעם מיוחד היה להם; מאז לא באו אל חיכי מאכלים כה טעימים. וכולנו מסובים על־יד השולחן, ונמשכה השירה והשתפכה עד לשעה מאוחרת.

מאז ומתמיד פעלו בעיירתנו ציונים ותיקים, שפעילותם היתה מקיפה: התרמה לקק"ל ופעולות אחרות. מי מאתנו אינו זוכר את משפחת גבריאל ושרה פישמן ז"ל, יקירנו, מחנכנו הדגול, שהקים דור של חניכים ומחנכים, שעלו ארצה לבנות ולהיבנות, ובזאת הנציח את עצמו. בין תלמידיו היה ידידנו הנערץ והאהוב, פאר עיירתנו, ברתיני אהרון (לבית דוד גולירגאנט, ז"ל, הציוני הנלהב). כמה התגאה מחנכנו ומורנו גבריאל פישמן ז"ל בהישגי התלמיד המצטיין; כמה שמח להופעת כל יצירה חדשה שלו!

מורי ומחנכי היה פנחס גולירגאנט, שנספה באופן טראגי בטראנסניסטריה, וכן המורה זאב אגרת (אגרס) יבד"ל. נזכרת הנני בעלייתם של החלוצים הראשונים, איך ליוותה אותם כל העיירה בתזמורת, ואנו, הילדים הקטנים, מזדנבים אחריהם כל עוד ראינום באופק. הנוער בבריטשיבה חיפש פורקן למרץ ופעילות פוזיטיבית כדי למלא את החיים תוכן.

וכשנוסדה בעיירתנו „גורדוניה", ריכזנו את מיטב הנוער, חדרנו לכל הבתים ולכל שכבות העיירה. ה„קולטור־ליגה" פעלה כבר אז. וגיפה קרימר הטיף והבטיח נצורות מארץ המחר. לא אחת הופיע בביתנו עם חומר „ספרותי" שונה, ואמי ז"ל, שעמדה על המשמר, היתה מסלקת אותו. חברנו יהושע שוסטר (נפטר בארץ) ממייסדי ה„קן", השקיע את מיטב זמנו ומרצו. הורחבה המסגרת ונעזרנו ע"י

געדרינזשעט און באַטויבט. תשעה־באב — דאָס באַוואַרפן זיך מיט בערלעך. דער קרבן פלעג תמיד זיין שרה אייטשיס ז״ל, ווייל זי האָט געהאַט אַ קאָפּ שיינע בלאָנדע און געקרייזלטע האָר. איך האָב ליב געהאַט דאָס גרייטן זיך צום שבת. דאָס צינדן ליכט, דעם טאַטנס גיין אין שול אַריין (מיין טאַטע האָט געדאַוונט אין דער כאַדעגערער שול. דאָרט האָט ער געהאַט אַ „שטאָט״ אין מזרח, נאָך פונעם זיידנס צייטן), דאָס וואַרטן אויף זיין קומען און דער קידוש. שטאַרק איז דאָס בענקען נאָך די יום־טובים, וואָס זענען אַזוי שיין געווען, מיט אַזויפיל אינהאַלט אין אונדזער לעבן! ערב ראש־השנה: דאָס גיין אין שול אַריין, ווו כ׳האָב אַזוי ליב געהאַט מיך אַריינצוכאַפּן און איינזאַפּן די אַטמאָספער פון הייליקייט. צו הערן, נאָך אין האַלב־שלאָף, אידע־איצעס ניגון פאַר סליחות, קאַיאָר, דעם אונדז אַלעמען באַקאַנטן ניגון: שטייט אויף, שטייט אויף, צו עבודת־הבורא! אידע־איצע, וואָס איז געווען אַ קברות־ייד פלעג אויך, ווען מ׳האָט באַדאַרפט, אויסקוועטשן מיט זיין פינגער און דעם אָפּגעהאַקטן גראָבן פינגער דעם אייטער פון קראַנקע מאַנדלען בײַ קינדער. ערב יום־כיפור — כפרות. די מאַמע ז״ל פלעג אַרומדרייען די הון אַרום קאָפּ. די הון פלעג שרייען און קלאַפּן מיט די פליגל אויף אונדזערע קעפּ, און די מאַמע האָט געשעפּטשעט: „זאת כפרתי, זאת חליפתי, תלך למיתה״... דאָס פאַרפאַסטן און דערנאָך כל־נדרי. און מיר, דער עלטסטער, איז צוגעטיילט געוואָרן די ראָל אַכטונג צו גיבן אויף די קליינע קינדער, צו גיבן זיי עסן די פּופּיקלעך און די לעבערלעך. וואָס די מאַמע האָט פאַר זיי איבערגעלאָזט. יום־כיפור האָבן זיי דווקא ליב געהאַט צו עסן אויפן גאַנעק, פאַר די אויגן פון אַלע פאַרבייגערס לעבן אונדזער הויז. שמחת־תורה: מיר האָבן ליב געהאַט צו באַגלייטן דעם טאַטן, וואָס איז געווען אַ פריינד פון אונדזער שכנישן רב, ר׳ ישעיה עפּלבוים ז״ל, און צוקוקן ווי די הסידים טאַנצן מיטן ספר־תורה. פסח: באַזונדערס שיין איז געווען דעם טאַטנס אָפּריכטן דעם סדר. זיינע פאַרכאַפּנדיקע ניגונים. אַ באַזונדערן טעם האָבן געהאַט דער מאַמעס שמעקנדיקע מאכלים (דער פסח איז געווען אַ שווערער יום־טוב פאַר אַלע מאַמעס), די קעזלעך, די קניידלעך און דער מאַמעס פסחדיקער באָרשט, האָבן געהאַט אַלע טעמים. פון דעמלט אָן האָב איך נישט געגעסן אַזעלכע באַטעמטע מאכלים. און אַזוי זענען מיר אַלע געזעסן בײַם טיש, און דאָס זינגען און זאָגן האָבן זיך געצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

אין אונדזער שטעטל זענען תמיד געווען עלטערע ציוניסטן, וואָס זייער טעטיקייט איז באַשטאַנען אין שפּענדונגען פאַר קרן־קימת און אַנדערע זאַמלונגען. ווער פון אונדז געדענקט נישט די פאַמיליע גבריאל און שרה פישמאַן ז״ל? אונדזער ווונדערלעכער דערציער, וואָס האָט דערצויגן אַ דור פון שילער און פּעדאַגאָגן, וועלכע האָבן מיט זייער אויפבויערישער טעטיקייט אין ארץ־ישראל זיין נאָמען פאַראייביקט. צווישן זיינע תלמידים איז געווען אונדזער געליבטער און פאַרערטער פריינד, דער שטאָלץ פונעם שטעטל, אהרן ברתיני (דער זון פון דוד גאָלערגאַנט ז״ל, דער הייסער ציוניסט). ווי שטאָלץ איז געווען אונדזער לערער און דערציער גבריאל

שליחים ממרכז התנועה, שהיו באים להדריכנו ולחזק פעולותינו.

בגיל 14 נבחרתי להנהגת ה„סניף" (גם אז היו נבחרים) והייתי מדריכה של קבוצת נערות. נשארו הזכרונות, התמונות, כי רובן לא זכו לעלות; רק בודדות עלו. לאחר־מכן יצאתי להכשרה. המקום הראשון היה בבית־חרושת בבלץ, השני — בריפיצ'אָן. הייתי בתפקיד אחראי בניהול הבית, בית ענקי, ששימש בזמנו מחנה צבאי גדול. וכשעדה מימון יצאה לפולין ולביסאראביה לבחור בחורות למשק הפועלות „עיינות", נפל בחלקי להיות בין יחידות־סגולה אלו שנבחרו אז. לאחר זמן קצר בלבד הצלחתי לקבל סרטיפיקאט לעצמי לחוד (היה זה מזל מיוחד בזמנים ההם), כי הורי לא הרשו לי לנסוע כנשואה באופן פיקטיבי, כנהוג אז. עליתי עם חברי לקבוצת ביצור בנטעים בשנת 1935. תפקיד אחראי הוטל עלי; לא קל היה: הגעגועים על הבית היו חזקים. לאחר שהותי מספר חדשים בקבוצה, עזבתי אותה, כי תיכננתי תכניות ועז היה רצוני להביא את משפחתי ארצה. נתקבלתי לעבודה בשכר במשק הפועלות „עיינות", שם עבדתי 3 שנים כמדריכה. לאחר־מכן עברתי לתל־אביב ולמדתי כשנתיים כדי להשלים את השכלתי וידיעותי.

זה שלושים שנה הנני מלווה מוסד בתפקיד חיוני אחראי, ובגורלי נפל לעסוק בשיקום ובטיפול בניצולי השואה (בבית־העולות); ובטפלי בהם הייתי רואה לפני עיני את אחי, אחיותי וריעי, שלא זכו לממש שאיפתם ולעלות. כמה צר וכואב, שהורי לא זכו לראות אותי כאן, להכיר את חברי לחיים, את ילדי. מצלצלות באזני דבריה האחרונים של אמי ז"ל לפני העליה לארץ: סוציאליזם הוא אידיאה יפה, אבל עד שיתגשם עדיין רחוקה הדרך. ילדתי, את יוצאת לדרך קשה! ולא ידעה אמי ז"ל ומיאן לבה להאמין, שדרכם הם תהיה דרך של סבל, דיכוי ועינויים, דרך ללא דרך וקץ כה אומלל ומר. כה רבים הזכרונות, וכה רב הכאב להיזכר בכל המשפחה הבלתי נשכחת, בחברינו, ידידי נעורינו, שגדלנו אתם יחד, ובשגות ילדותנו היפות.

ממשפחתנו נשארנו רק שניים, אני בארץ ואחי שלמה, שסבל במלחמה, נלחם בחזית סטאלינגראד והוא חי עתה עם משפחתו זה עשרים שנה בקולומביה. הורי נספו יחד עם אחי עזריאל מרעב ומכינים בברשאד, ושם הובאו לקבר אחים עם עוד יוצאי בריטשיבה. אחי יצחק נפל בחזית סיבאסטפול. אחותי שרה עם בעלה, פרופיסור למאתימאתיקה מילי רויזמן (שעמדו לעלות) נורו ליד קאמיניץ־פודולסק בשנת 1941. לפני עיני מרחפת התמונה של חברינו, ששאפו, התכוננו לעליה כמונו — ולא זכו.

אזכיר רק כמה מהם: 1) קריימר מוניה — טבע במימי הפרוט, בהיותו בהכשרה

פישמאַן ז״ל מיט זיין אויסגעצייכנטן תלמיד, ווי ער האָט זיך געפרייט מיט זיין יעדער דערגרייכונג! מיין לערער און דערציער איז געווען פּנחס גאָלערגאַנט, וואָס איז טראַגיש אומגעקומען אין טראַנסניסטריע, ווי אויך דער לערער זאב אַגרעס, אים צו לאַנגע יאָר.

איך דערמאָן מיך דאָס עולה זיין פון די ערשטע חלוצים. ווי דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיי באַגלייט מיט געזאַנג, און מיר, קינדער, זענען נאָכגעגאַנגען אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן זיי נאָך געזען. די יוגנט אין בריטשעווע האָט געזוכט אַן אויסלאָדונג פון איר ענערגיע אין אַ פּאָזיטיווער טעטיקייט, צו געבן אַן אינהאַלט דעם לעבן. און אַז אין אונדזער שטעטל איז געגרינדעט געוואָרן די „גורדוניה״, האָבן מיר צוגעצויגן די בעסטע יוגנט. מיר זענען אַריינגעדרונגען אין אַלע יידישע הייזער און שיכטן פון שטעטל. די „קולטור־ליגע״ איז שוין דעמלט געווען טעטיק. און גיפּע קרעמער האָט געפּרעדיקט און צוגעזאָגט גאָלדענע בערג פון דער „וועלט פון מאָרגן״. נישט איינער האָט זיך באַוויזן אין אונדזער הויז מיט יענער „ליטע־ראַטור״, נאָר מיין מאַמע איז געשטאַנען אויף דער וואַך, און האָט דאָס דאָזיקע מאַטעריאַל תיכף באַזייטיקט פון דער שטוב. אונדזער חבר יהושע שוסטער ז״ל (געשטאָרבן אין ישראל), איינער פון די גרינדער פון „קן״, האָט געווידמעט צייט און ענערגיע אין זיין אַרבעט, ס׳איז געוואָרן אויסגעברייטערט דאָס אַרבעטספעלד, אונטערשטיצט דורך שליחים פונעם צענטער, וואָס פלעגן קומען אונדז מדריך זיין און פאַרשטאַרקן אונדזער טעטיקייט. אין עלטער פון 14 יאָר בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אין דער „הנהגה״ פונעם סניף (אויך דעמלט האָט מען געוויילט), און איך בין געוואָרן די אינסטרוקטאָרין פון אַ גרופּע מיידלעך. געבליבן זענען זכרונות. בילדער. ווייל דאָס רוב האָט נישט זוכה געווען עולה צו זיין. בלויז איינצעלנע זענען געקומען. דערנאָך בין איך געפאָרן אויף הכשרה. דאָס ערשטע פלאַץ איז געווען אין אַ פאַבריק אין בעלץ. דאָס צווייטע — אין ר׳פּיטשען. כ׳האָב אויסגעפילט די פאַראַנטוואָרטלעכע ראָלע פון אַן אויפקוקערין פונעם הויז. ס׳איז געווען אַ ריזיק הויז, וואָס איז אַמאָל געווען אַ גרויסער מיליטערישער לאַגער. און אַז עדה פישמאַן איז אַרויסגעפאָרן קיין פּוילן און בעסאַראַביע אויסצוקלויבן מיידלעך פאַר דער ווירטשאַפט „עיינות״, איז אויף מיר אויסגעפאַלן דער גורל צו זיין צווישן די יחידי־סגולה וואָס זענען דעמלט אויסגעוויילט געוואָרן. אין אַ קורצער צייט אַרום איז מיר געלונגען צו באַקומען אַ באַזונדערן סערטיפיקאַט, פאַר מיר אַליין. אין יענער צייט איז עס געווען אַ באַזונדער מזל. ווייל מיינע עלטערן האָבן מיר נישט דערלויבט עולה צו זיין מיט אַ בחור, מיט וועלכן איך זאָל אויף אַ פיקטיוון אופן חתונה האָבן, ווי מע פלעג זיך דעמלט נוהג זיין. איך האָב עולה געווען מיט מיינע חברים קיין נטעים אין יאָר 1935. מ׳האָט מיר פאַרטרויט אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. ס׳איז מיר נישט לייכט געווען: די בענקשאַפט אַהיים איז געווען גרויס. זייענדיק עטלעכע חדשים אין דער קבוצה, האָב איך זי פאַרלאָזט. איך האָב געמאַכט פּלענער אַרויסצונעמען מיין פאַמיליע קיין ארץ־ישראל. איך האָב באַקומען אַן



דבורה גולד עם קבוצת חניכות ב„גורדוניה"

בריפיצ'אַן. הדבר אירע 3 שבועות לפני שעמד לעלות ארצה, בשנת 1932. 2) חיים שיכמן, שנספה ברומניה לאחר שהצליח לחזור מטראנסניסטריה, וכפי שנמסר חרת במו אצבעותיו את שמות יקירינו הקבורים בקבר אחים בברשאד. 3) שרה אייטשיס — 4) סוניה פילאט — 5) גיטל טנדלר — ורבים אחרים — נוער כה נפלא. ארוכה הרשימה. נצבט הלב מכאב, לזכור ולדעת שלא יהיו עוד אתנו, לא כאן ולא במקום אחר.

אַרבעט מיט לוין אין משק „עיינות". דאָרט האָב איך געאַרבעט דריי יאָר ווי אַן אינסטרוקטאָרין. דערנאָך בין איך איבערגעפאָרן קיין תל־אביב און געלערנט צוויי יאָר כדי מיך צו פאַרפולשטענדיקן אין מיינע שטודיעס.

שוין דרייסיק יאָר פיר איך אָן מיט אַ פאַראַנטוואָרטלעכער און וויכטיקער אַרבעט אין אַן אַנשטאַלט; ס'איז אויף מיר אויסגעפאַלן דער גורל צו זיין באַשעפ־טיקט באם העלפן איינאָרדענען די ניצול־געוואָרענע פון דער קאַטאַסטראָפע (אין אַ בית־עולות), און באַשעפטיקנדיק זיך מיט זיי, זע איך פאַר מיר: מיין ברודער, מיינע שוועסטער און מיינע פריינד, וואָס האָבן נישט זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן זייער שטרעבונג צו עליה. און ווי ווייטיקלעך איז, וואָס מיינע עלטערן האָבן נישט זוכה געווען מיך צו זען דאָ, צו קענען מיין לעבנס־פריינד, מיינע קינדער. סע קלינגען מיר אין די אויערן דער מאַמעס לעצטע ווערטער פאַר מיין עולה זיין: סאָציאַליזם איז אַ שיינע אידיי, אָבער ביז זי וועט פאַרווירקלעכט ווערן, איז נאָך ווייט דער וועג. דו לאָזט זיך אויף אַ שווערן וועג, מיין קינד.

מיין מוטער ז"ל האָט נישט געוווּסט, נישט געקענט זיך פאָרשטעלן, אַז זייער וועג וועט זיין אַ וועג פון גרויל און פּיין, און אַז דער סוף וועט זיין אַזאַ אומגליקלע־כער. גרויס איז דער ווייטיק צו דערמאָנען די אומפאַרגעסלעכע משפחות און חברים, מיט וועלכע איך בין אויפגעוואַקסן אין די שיינע קינדער־יאָרן.

פון מיין פאַמיליע זענען בלויז צוויי געבליבן — איך אין־ישראל און מיין ברודער שלמה, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַלע ליידן פון דער מלחמה, געקעמפט אויפן סטאַלינגראַדער פראָנט, און לעבט איצט מיט זיין משפחה שוין צוואַנציק יאָר אין קאָלומביע. מיינע עלטערן זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט מיין ברודער עזריאל פון הונגער און פון לייז אין בערשאַד, און דאָרט זענען זיי באַגראָבן געוואָרן אין אַ ברודער־קבר, צוזאַמען מיט נאָך בריטשעווער. מיין ברודער יצחק איז געפאַלן אויפן סעוואַסטאָפּאָלער פראָנט. מיין שוועסטער שרה מיט איר מאַן, דער מאַטעמאַ־טיק־פּראָפעסאָר מילי רויזמאַן (וועלכע האָבן שוין געהאַלטן באַם עולה זיין) זענען דערשאָסן געוואָרן לעבן קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, אין יאָר 1941. פאַר מיינע אויגן שוועבט דאָס בילד פון מיינע חברים, וועלכע האָבן זיך געגרייט עולה צו זיין, פּונקט ווי איך, און האָבן נישט זוכה געווען. איך וויל דערמאָנען בלויז אייניקע פון זיי: 1) מוניע קריימער — איז דערטרונקען געוואָרן אין פּרוט, זייענדיק אויף הכשרה אין ריפּיטשען. דאָס איז געשען דריי וואָכן פאַר זיין עליה, אין יאָר 1932. 2) חיים שיכמאַן, וועלכער איז אומגעקומען אין רומעניע, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אימגעקערט פון טראַנסניסטריע. און ווי מען האָט דערציילט, האָט ער מיטן בלוט פון זיינע פינגער אויפגעשריבן די נעמען פון אונדזערע טייערע, וואָס זענען באַגראָבן געוואָרן אין בערשאַד אין מאַסן־קבר. 3) שרה אייטשיס. 4) סוניע פּילאַט. 5) גיטל טענדלער און אַ סך אַנדערע. אַזאַ וווּנדערלעכע יוגנט איז דאָס געווען! לאַנג איז די רשימה. סע פאַרקלעמט דאָס האַרץ פון ווייניק, צו וויסן אַז זיי וועלן שוין מיט אונדז נישט זיין, נישט דאָ און נישט ערגעץ אַנדערש.



1932 : האירוסים של / די תנאים פון גיטל טנדלר עם מוני קריימר

מיט געבויגענע קעפּ און צעבראָכענע הערצער שטייען מיר פאַר'ן
פרישן קבר פון אונזער באַליבטן און אונפאַרגעסלעכן חבר־חלוץ

**מוני קריימער**

וועלכער איז אין בליהענדער עלטער טראַגיש אומגעקומען געוואָרן
פון אונז, אומקומענדיג אין די וואַסערן פונם פּרוט בײַ דער פּער־
מע ריפּיטשען.

מיר דריקן אויס אונזער טיפסטן מיטגעפיהל זיין כלה, אונזער
חברטע גיטל טענדלער, איהרע עלטערן, זיין מוטער, שוועסטערל
פאַניאַלע, שוועסטער און שוואָגער פאַליא און גאַנצע משפּחה —
חדרה (א"י). אין א"י — אויפבוי זאָל איר געפינען איהער טרייסט.

שלום פילאַט, שלמה גאָלד, חיים שיכמאַן, לוי ווייצמאַן,
ישראל לעווענטאַל, דבורה גאָלד, ליובא לאַבער, עטי סאַ־
דעצקי, שרה הייטשיס, רבקה אַרינזאָן, ביילע טענענ־
גאָוז און משה עפּשטאַן. בריטשעווא.

מודעת־האבל ב„אונזער צייט" על אבדן מוני קריימער בהכשרה
די טרויער־מודעה אין „אונזער צייט" וועגן אומקום פון מוני קריימער אין הכשרה





לפני ההכשרה ובנקודת־ההכשרה / פאַר דער הכשרה און אין הכשרה־פונקט

הינדה בלאנק (ליטווין)/תל־אביב

# מימי ילדותי בבית אבא

## א

לזכר הורי הייתי רוצה להעלות זכרונות מביתנו בבריטשיבה, אבל זכרוני אינו עומד לי בכך, אם משום הגיל ואם משום השנים הקשות שעברו עלי: אינני זוכרת שמות ותאריכים. אבל משהו, שנחרת בי עמוק, זכור לי דווקא מימי ילדותי, והוא שאיפיין במידה רבה את ביתנו.

היה זה עוד בימי שלטון הצאר, והנה נפלה פתאום החלטה בביתנו, שהורי ז״ל יסעו לשטיפאנשט שברומניה, אל הרבי. לשם כך צריך היה להכין דרכון, ואף בכך היה חידוש רב. השמועה על הנסיעה העומדת לצאת אל הפועל נתפשטה במהירות הן בעיירה והן בסביבתה, ומייד התחילה תכונה רבה. אנשים שונים באו קודם כל להיוודע האם השמועה נכונה, אבל ככל שהתקרב יום הנסיעה תכפו הביקורים, ויום לפני כן, עם ערב, הכין אותנו אבא לכך, שלמחרת צריך להשכים. בביתנו התגורר אז סבי ז״ל, ר׳ יעקב, אבי אמי; הוא היה נוהג להשכים יום־יום לאמירת תהילים, אבל באותו בוקר אני הוא שהשכמתי לפניו, כי מרוב התרגשות לא ישנתי כל הלילה.

התלבשתי ויצאתי אל האכסדרה המזוגגת שהיתה בכניסה הראשית, והנה שמעתי דפיקות על הדלת: ניגשתי לפתוח, והנה לפני שתי נשים: סוסי הדס׳ס (קסטלמן) ופראדיל גוטמן (אמא של אברהם־יוסל ונתן). כעבור רגעים אחדים הגיע מנחם השו״ב (גרוזמן) וחיים־יואל הדיין; התיישבו ליד שני השולחנות, שעמדו לשני צידי האכסדרה והתחילו לכתוב „פתקאות" לרבי. התאספו עוד הרבה אנשים,

הינדע בלאַנק (ליטווין) / תל־אביב

# פון מיין קינדהייט באַם טאַטן אין הויז

## א

איך וואָלט געוואָלט, אין אָנדענק פון מיינע עלטערן, אַרויסברענגען זכרונות פון אונדזער הויז אין בריטשעווע, אָבער דער זיכרון סטייט מיר נישט, צי איבער דער עלטער, צי איבער די שווערע יאָרן, וואָס כ׳האָב איבערגעלעבט: איך געדענק נ׳ישט קיין דאַטן און קיין נעמען. אָבער עפּעס, וואָס האָט זיך מיר טיף איינגעקריצט, געדענק איך יאָ, און דווקא פון די קינדער־יאָרן, און דאָס האָט כאַראַקטעריזירט אונדזער הויז.

ס׳איז געווען נאָך אין די צאַרישע צייטן, האָט מען פּלוצים באַ אונדז אין שטוב באַשלאָסן, אַז מיינע עלטערן ע״ה זאָלן פאָרן קיין שטעפאַנעשט, רומעניע, צום רבין. וועגן דעם האָט מען געדאַרפט צוגרייטן אַ (גובערנאַטאָרסקע) פּאַס, און דאָס איז אויך געווען דעמלט אַ גרויסער חידוש. די ידיעה וועגן דער פּלאַנירטער נסיעה האָט זיך גיך פאַרשפּרייט אי אין שטעטל אי אין דער סביבה, און תיכף האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גרויסע צוגרייטן זיך. פאַרשידענע מענטשן זענען געקומען קודם כל געווי׳רע ווערן אויף וויפל די ידיעה איז אמת, אָבער מיטן דערנעענטערן זיך פון דער נסיעה זענען די באַזוכן געוואָרן אַלץ געדיכטער, און אַ טאָג פאַרן פאָרן, אויפדערנאַכט, האָט אונדז דער טאַטע צוגעגרייט צו דעם, אַז מאָרגן מוזן מיר אויפשטיין גאָר פרי. באַ אונדז האָט דעמלט געוווינט מיין זיידע, ר׳ יענקל, מיין מוטערס פאָטער; ער פלעג אויפשטיין דער ערשטער און זיך נעמען זאָגן תהילים, אָבער יענעם אינדערפרי בין איך אויפגעשטאַנען פאַר אים, ווייל פון גרויסע עמאָציעס האָב איך נישט געקענט שלאָפן אַ גאַנצע נאַכט.

כ׳האָב מיך אָנגעטון און כ׳בין אַרויסגעגאַנגען אין געגלעזטן קאָרידאָר פונעם הויפּט־אַריינגאַנג, און אָט האָב איך דערהערט מע קלאַפּט אין דער טיר; בין איך

שכתבו גם הם „פתקאות" לפי התור. בינתיים הועמדו בקבוקים עם משקאות על השולחן (לא מיצים, כמובן, אלא יינות ויי"ש); התחילה שתיית־לחיים, וזה היה דרך השתייה: כל אחד ניגב את כף־ידו בקאפוטה שלו והושיט אחר־כך קצות אצבעותיו לאבא שלי, ונדמה היה לו למושיט־היד, כאילו הוא לוחץ ידו של הרבי. כל אחד צירף ללחיצה את בקשתו הנמרצת, שאבא ימסור לרבי בדיוק מהו שחסר לו: לזה חסרה פרנסה, לזה — בריאות, ולזה — נדוניה כדי להשיא את הבת.

והנה הגיע יענקל בעל־העגלה, שעליו היה להסיע את הורי עד לגבול הרומני. צבר אבא את כל ה„פתקאות", סידר אותן בקופסה לפי סדר הגשתן. אז יצאו הורי אל המרכבה בליווי כל הקהל הרב שהיה בבית. כשנפרדו מקהל המלווים, פרצו רבים בבכי והוסיפו בקשתם ותחנוניהם, שאבא ימסור את „הפתקאות" ויואיל לקבל ברכתו של הרבי לכל אחד ואחד.

והתמונה היתה דומה כשחזרו הורי משטיפאנשט. אנשים רבים צבאו על דלת ביתנו; כל אחד קיבל בברכת שלום־עליכם את אבא והאמין באמונה שלימה, שהרבי שיגר לכל אחד את ברכתו ובהתאם לבקשה ול„פיתקה".

ב

היות ואבא היה חסיד שטיפאנשטי, היו מתאספים בביתנו במוצאי־שבת למלווה־מלכה כל חסידי־שטיפאנשט שבעיירה, יושבים ומספרים סיפורים חסידיים על הרבי. הייתי מקשיבה בלי להבין את הכל. אבל לא העזתי לשאול; מרוצה הייתי שנתנו לי לשבת בשקט ולהקשיב, והייתי שומעת בצימאון את הסיפורים על הרבי ועל מנהגיו, ואפילו על אשת הרבי והיחסים ביניהם...

באחד הימים התחילו לדבר בבית על כך שהרבי בכבודו ועצמו, רבי נחום'ני, עומד לבוא לבריטשיבה. התכונה היתה רבה, שהרי המדובר היה כי יתגורר בביתנו. ראיתי שמכינים שלשה חדרים, ולא הבינותי מה יעשה הרבי, שהוא אחד, בשלשה חדרים. עד כה הייתי רגילה לבואו של הגבאי משטיפאנשט, הוא ר' נפתלי ז"ל*, שהיה כבר זקן ובעל זקן־שיבה ארוך. פעם אחת בא גם גבאי אחר בשם משה קלארפלד.

הפשר לחידת שלושת החדרים נתגלה לי אחר־כך, כשהרבי עצמו הגיע: חדר אחד שימש לו לרבי חדר־שינה; חדר שני (שהיה הסאלון שלנו) שימש חדר־קבלה,

---

* אביהן של שלוש בנות שנישאו לבני־בריטשיבה: אֶטל — ליצחק־מאיר וייצמן; פרל — ליצחק גון (שהיו שכנים של בית הורי); ריבה — ליעקל דונינזון. הרביעית, שבע, נישאה לאהרן חכמוביץ מיידינץ. העורך.

צוגעגאַנגען עפּענען און דערזען פֿאַר מיר צוויי פּרויען: סאָסי הדס׳עס (קעסטעל־מאַן) און פֿראַדיל גוטמאַן (די מוטער פֿון אברהם־יאָסלען און נתנען). שפּעטער מיט עטלעכע מינוט איז אָנגעקומען מנחם שוחט (גרוזמאַן) און חיים־יואל דער דיין; האָט מען זיך אויסגעזעצט לעבן די צוויי טישן, וואָס זענען געשטאַנען פֿון ביידע זייטן און מ׳האָט אָנגעהויבן שרייבן „קוויטלעך״ צום רבין. סע זענען אָנגעקומען נאָך מענטשן, וואָס האָבן געשריבן „קוויטלעך״ נאָך דער ריי. דערווייל האָט מען אַרויפגעשטעלט עטלעכע פֿלעשלעך (נישט מיץ, געוויינטלעך, נאָר וויין און בראָנפֿן); ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ לחיים, און געטרונקען האָט מען אַזוי: יעדער איינער האָט זיך אָפּגעווישט זיין האַנט אין דער קאַפּאָטע און דערנאָך דערלאַנגט די שפּיץ פֿינגער מיין טאַטן, און יעדן האָט זיך געדאַכט אַז ער דרוקט די האַנט דעם רבין. יעדער האָט צוגעגיבן אַ בקשה, אַז דער טאַטע זאָל איבערגיבן דעם רבין פּינקטלעך וואָס סע פֿעלט אים: דעם פֿעלט פּרנסה, דעם פֿעלט געזונט, און יענעם פֿעלט גדן חתונה מאַכן די טאָכטער.

און אָט איז שוין געקומען יענקל בעל־עגלה, וואָס האָט געדאַרפֿט אָפּפֿירן מיינע עלטערן ביז צו דער רומענישער גרענעץ. האָט דער טאַטע צונויפֿגענומען אַלע „קוויטלעך״, אויסגעלעגט זיי אין אַ פּושקעלע לויטן סדר ווי מ׳האָט זיי צוגעגיבן. דערנאָך זענען די עלטערן אַרויסגעגאַנגען צום פֿאַעטאָן אינאיינעם מיטן גאַנצן עולם וואָס האָט זיי באַלייט. אַז זיי האָבן גערירט, האָבן אַ סך אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און האָבן נאָכגעשריגן, אַז דער טאַטע זאָל איבערגיבן די קוויטלעך דעם רבין און צוריקברענגען זיין ברכה פֿאַר יעדן.

דאָס זעלבע בילד איז געווען, ווען די עלטערן האָבן זיך אומגעקערט פֿון שטע־פּאַנעשט. אַ סך מענטשן האָבן זיך צונויפֿגענומען בײַ דער טיר פֿון אונדזער הויז; יעדער איז געקומען אָפּגיבן שלום־עליכם און האָט געגלייבט באמונה שלימה, אַז דער רבי האָט געשיקט יעדן זיין ברכה לויטן קוויטל און לויט דער בקשה.

ב

אַזוי ווי דער טאַטע איז געווען אַ שטעפּאַנעשטער חסיד, פֿלעגן זיך אַלע שטעפּאַ־נעשטער חסידים צונויפֿנעמען בײַ אונדז יעדן שבת־צו־נאַכטס צו מלווה־מלכה, מע פֿלעג זיצן און דערציילן חסידישע מעשיות וועגן רבין. איך פֿלעג זיך צוהערן, כאָטש כ׳האָב נישט אַלדינגס פֿאַרשטאַנען. אָבער כ׳האָב נישט געוואַגט צו פֿרעגן; כ׳בין געווען צופֿרידן וואָס מ׳האָט מיך געלאָזט זיצן שטיל און הערן, און כ׳פֿלעג הערן מיט דורשט די מעשיות וועגן רבין און זיינע מנהגים, און אַפֿילו וועגן דער רביצין און וועגן די באַציונגען צווישן זיי...

אין אַ טאָג האָט מען אָנגעהויבן שמועסן אין שטוב אַז דער רבי בכבודו ובעצמו, ר׳ נחום׳ניו, וועט אינגיכן קומען קיין ברישעווע. דאָס צוגרייטן זיך איז געווען גרויס, ווייל ס׳איז דאָך די רעדע אַז ער וועט וווינען בײַ אונדז. כ׳האָב געזען אַז מע

שבו היו מתקבלים הבאים לפי „פיתקאות", וחדר שלישי, והוא הגדול ביותר, היה מקום שהייתם של חסידי שטיפאנשט, שישבו בו כל היום ועד שעה מאוחרת בלילה; היו אוכלים ושותים שם, מגלגלים שיחה על הרבי ועל מופתיו. כן היו מספרים פרטים רבים הקשורים במאסרו של הריז'יני.

אני זוכרת יפה את יום בואו של הרבי. החסידים יצאו בעגלות ובמרכבות לקבל את פניו בתחנת־הרכבת בטירנובה, ובאותו זמן היו נעשות ההכנות בביתנו. הן היו לא חגיגיות סתם, אלא כאילו מתכוננים לחתונה גדולה, עם מבשלות מיוחדות. אותן המבשלות שהיו עובדות גם בעריכת חתונות; הללו זכורות לי היטב: אשתו של ברוך החייט, שכינויו „חצי־מת", אשר דר בסימטה שליד האכסניה במרכז הרחוב התיכון; השנייה היתה אשתו של אהרן הסנדלר, אשר דר מאחורי ביתה של שייטל. ועוד שלישית, שהיו קוראים לה על שם בעלה מאיר — המאירית, שהכרתיה היטב. משום שגרה מול חברתנו אֶטל (בת יידל) גון.

מתפללי בית־הכנסת השטיפאנשטי וכמובן, אנחנו, הילדים, עמדנו בחוץ ליד הבית וחיכינו לבוא האורח הדגול. כשהורידו את הרבי מעל מושב המרכבה, ראיתי לפני אדם יפה־תואר וחשתי איזה ריח מיוחד הנודף מבגדיו. דומה שמאז ועד היום לא ראיתי גבר יפה ומצוחצח כמותו. אתו יחד באו שני „גבאים", האחד בשם יוסלה, היה משמשו, והשני היה מקבל את „הפתקאות" ומוסרן לרבי.

כעבור זמן רב הוברר לי שהרבי, ר' נחום'ני, למד לא רק ב„ישיבות", אלא גם באוניברסיטה של וינה. ייתכן וידע גם חכמת־הרפואה, משום שידע גם לייעץ בענייני בריאות ומחלות. כבר אז שמעתי שהוא חכם יוצא מגדר הרגיל ואף נחשב לפילוסוף. מובן שבמשך שהותו בביתנו לא העזתי להיכנס לחדרו, אבל לאחר שעזב את הבית, ראיתי שהקירות בחדר־השינה שלו היו מכוסים ציורים, ואנשי בריטשיבה לא הבינו כיצד מסוגלות ידי אדם לצייר ציורים כאלה. ועוד זוכרת אני: בבית־הכנסת השטיפאנשטי, שהיה ליד ביתו של גבריאל ליכט, סידרו לו פינה מיוחדת, מעין סוכה סגורה, ושעה שהרבי היה מתפלל, היה שם משמשו יוסלה עומד כל הזמן כדי שלא לתת לאנשים להטרידו. בוקר וערב היו אנשים מלווים את הרבי לתפילה בבית־הכנסת וממנו חזרה לביתנו.

ועוד פרט זכור לי: החסידים התלוננו עלי בפני הרבי. העניין היה בזה, שהקהל היה להוט אחרי „השיריים" של הרבי, אבל אני החלטתי שכל „השיריים" מגיעים לי. וכשיוסלה היה יוצא עם המגש מחדרו של הרבי, הייתי אני עומדת על גבי כסא ליד הדלת, לבושה בסינור, וכך הייתי גוררת מעל המגש את כל „השיריים" אל תוך סינורי ובורחת. כיוון שהחסידים התלוננו, קרא לי הרבי לחדרו, בחיוך נעים

גרייט צו דריי צימערן, האָב איך נישט פֿאַרשטאַנען וואָס וועט דער רבי, וואָס ער איז איינער, טון אין דריי צימערן. ביז דעמלט בין איך געווען געוווינט, אַז סע פֿלעג קומען דער גבאי פֿון שטעפּאַנעשט, ר׳ נפתלי*, וואָס איז שוין געווען אַן אַלטער מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד. איין מאָל איז געקומען אויך אַן אַנדער גבאי, משה קלאַרפֿעלד.

דאָס רעטעניש פֿון די דריי צימערן האָב איך ערשט געלעזן ווען דער רבי אַליין איז אָנגעקומען: איינס איז געווען דעם רבינס שלאָף־צימער; דאָס צווייטע (אונדזער זאַל) האָט געדינט אַלץ אַן אויפֿנאַם־צימער, דאָרט פֿלעג מען אויפֿנעמען לויט די „קוויטלעך״. און אַ דריט צימער, דאָס גרעסטע, איז געווען פֿאַר די שטעפּאַנעשטער חסידים, וואָס זענען דאָרט געזעסן אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעט באַנאַכט; מע פֿלעג זיצן און עסן און טרינקען, דערציילן וועגן רבין און זיינע מופֿתים. מ׳האָט אויך דערציילט פּרטים וועגן ריזשינער רבין און זיין אַרעסט.

איך געדענק גאַנץ גוט דאָס אָנקומען פֿונעם רבין. די חסידים זענען אַרויסגע־פֿאָרן אים מקבל פּנים זיין אין דער באַן־סטאַנציע, אין טערנעווע, און אין דער זעלבער צייט האָט מען נאָך געהאַלטן אין איין צוגרייטן אונדזער הויז. ס׳איז געווען נישט סתם יום־טובדיק, נאָר ס׳איז געווען ממש ווי פֿאַר אַ גרויסער חתונה, מיט ספּעציעלע סאַרווערינס, די וואָס פֿלעגן אַרבעטן באַ חתונות; איך געדענק זיי גוט: דאָס ווייב פֿון ברוך שניידער, וואָס מ׳האָט גערופֿן ברוך „חצי־מת״; ער האָט געוווינט אין דער ליק לעבן איינפֿאָר אין דער מיטלסטער גאַס; די צווייטע איז געווען אהרן שוסטערס ווייב, ער האָט געוווינט הינטער שייטלס שטוב. און נאָך אַ דריטע, וואָס מע פֿלעג זי רופֿן נאָכן מאַן — די מאירקע; כ׳האָב זי גוט געקענט, ווייל זי האָט געוווינט אַקעגן אונדזער חברטע עטל גון (יידלס טאָכטער).

די וואָס האָבן געדאַווענט אין דער שטעפּאַנעשטער שול און, געוויינטלעך, מיר, קינדער, זענען געשטאַנען אין דרויסן פֿאַר דער שטוב און געוואַרט דער גרויסער גאַסט זאָל אָנקומען. אַז מ׳האָט אַראָפּגענומען דעם רבין פֿונעם פֿאַעטאָן־זיץ, האָב איך דערזען אַ וווּנדערבאַר־שיינעם מענטשן און כ׳האָב דערפֿילט אַ באַזונדערן ריח פֿון זיינע קליידער. דאַכט זיך אַז פֿון דעמלט ביז איצט האָב איך אַזאַ שיינעם ציכטיקן מאַנסביל נישט געזען. אינאיינעם מיט אים זענען געקומען צוויי „גבאים״, איינער האָט געהייסן יאָסעלע און ער איז געווען זיין לייב־מענטש, זיין באַדינער, דער צווייטער פֿלעג נעמען די „קוויטלעך״ און זיי איבערגיבן דעם רבין.

שפּעטער בין איך געוווירע געוואָרן, אַז דער רבי, ר׳ נחום׳ניו, האָט געלערנט נישט נאָר אין ישיבות, נאָר אויך אין ווינער אוניווערסיטעט. מעגלעך אַז ער האָט אויך געקענט מעדיצין, ווייל ער פֿלעג גיבן עצות פֿאַר קראַנקע. כ׳האָב שוין דעמלט געהערט, אַז ער איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער חכם און מ׳האָט אים געהאַלטן

* דער פֿאָטער פֿון דריי טעכטער, וואָס האָבן חתונה פֿאַר בריטשעווער: עטל — פֿאַר איציק־מאיר ווייצמאַן, פּערל — פֿאַר איציק גון, ריווע — פֿאַר יעקל דאַנינזאָן; די פּערטע, שבע, האָט חתונה געהאַט פֿאַר אהרן חכמאָוויטש פֿון יעדינעץ. דער רעדאַקטאָר.

הושיט לי מתנה — קופסת־עץ של סיגארות שהיה מעשן, הוסיף לכך גם בקבוקון של מי בושם והסביר לי בנחת, שאני מרגיזה את החסידים בזה שאני נוטלת את כל „השיריים". „השאירי גם להם קצת", ביקש ממני.

ואילו לחסידים הסביר, שאי־אפשר לעמוד בפני רגש של ילדה. לידי הסדר ביני לבין החסידים הביא ידידו של אבא, שלום שפיגל ז"ל. ומה עשיתי אני ב„שיריים"? הייתי מחלקת אותם לעובדות במטבח, ששמחו עליהם מאד והיו מביאות אותם הביתה לבני־משפחותיהן.

ברור שהאירוח עלה לאבא בהוצאות גדולות. אנשים היו מתפלאים איך הוא מרשה לעצמו הוצאות כאלה. והוא, כיוון שהיה מאמין גדול, היה עונה, שמעולם לא הפסיד בכך; הקדוש־ברוך־הוא מחזיר לו כפל־כפליים.



1926: הינדה בלאנק בביקור מארץ־ישראל / אין אַ באַזוך פון ארץ־ישראל. עומדות (שטייען): שבע אַפּלבוים, שרה באַראַד, הינדה בלאַנק, פּאַליע וויינשטיין, שבע שפילברג, ברכה באַראַנד, רוזה צימרמן. יושבות (זיצן): הניה גלמן, טויבה שפילברג, הנצי שפילברג, חווה גלמן

פּאַר אַ פילאָזאָף. קלאָר, אַז אין משך פון דער גאַנצער צייט האָב איך נישט געוואַגט אַריינצוגיין אין זיין צימער, אָבער נאָך דעם וואָס ער האָט פאַרלאָזט דאָס הויז, האָב איך געזען, אַז די ווענט אין זיין שלאָף־צימער זענען געווען באַדעקט מיט מאָלערייען, און בריטשעווער יידן האָבן נישט פאַרשטאַנען וויאַזוי זענען מענטשלעכע הענט פעאיק אַזוינס צו מאָלן. און נאָך אַ זאַך געדענק איך: אין דער שטעפּאַנעשטער שול, וואָס איז געשטאַנען לעבן גבריאל ליכט׳ס הויז, האָט מען איינגעאָרדנט פון זיינעטוועגן אַ באַזונדער ווינקל, אַ פּאַרמאַכטס, און ווען דער רבי פלעג דאָרט דאַווענען, איז זיין לייב־מענטש יאָסעלע געשטאַנען די גאַנצע צייט, מע זאָל נישט שטערן דעם רבין. אינדערפרי און אויפדערנאַכט פלעגן מענטשן באַלייטן דעם רבין אין שול אַריין און פון דער שול אַהיים.

און נאָך אַ זאַך געדענק איך: די חסידים האָבן מיך פאַרקלאָגט פאַרן רבין. די זאַך איז געווען אַזוי: דער עולם איז געווען להוט נאָכן רבינס שיריים, אָבער איך האָב באַשלאָסן אַז אַלע שיריים קומען מיר. און אַז יאָסעלע פלעג אַרויסגיין מיט דער טאַץ פונעם רבינס צימער, בין איך געשטאַנען אויף אַ בענקל לעבן דער טיר, אָנגעטון אין אַ פאַרטעך, און אַזוי פלעג איך אַראָפּשלעפּן פון דער טאַץ אַלע שיריים אין פאַרטעך אַריין און אַנטלויפן. אַז די חסידים האָבן מיך פאַרקלאָגט, האָט מיך דער רבי אַריינגערופן צו זיך אין צימער, מיט אַ ווייכן שמייכל מיר צוגעטראָגן אַ מתנה: אַ הילצערן שעכטל פון סיגאַרן, וואָס ער פלעג רייכערן, צוגעגיבן דערצו אַ פלאַקאָן פּאַרפום און מיר געגיבן צו פאַרשטיין געלאַסן, אַז איך דערגזע די חסידים מיט דעם וואָס איך נעם צו אַלע שיריים. „לאָז זיי אויך עפּעס איבער״, האָט ער מיך געבעטן.

און די חסידים האָט ער געגיבן צו פאַרשטיין, אַז מע קען זיך נישט אַקעגנשטעלן אַ געפיל פון אַ קליין מיידעלע. אַן אָפּמאַך צווישן מיר און די חסידים איז געמאַכט געוואָרן אַ דאַנק מיין טאַטנס גוטן־ברודער, שלום שפיגל ז״ל. און וואָס פלעג איך טון מיט די שיריים? איך פלעג זיי צעטיילן צווישן די אַרבעטאָרינס אין קיך, וואָס האָבן זיך שטאַרק געפריידט מיט זיי און האָבן זיי אַהיימגענעמען צו זייערע הויז־געזינטער.

קלאָר אַז דאָס זיין פונעם רבין באַ אונדז אין הויז האָט דעם טאַטן געקאָסט זייער אַ סך. מענטשן פלעג זיך וווּנדערן, וואָס ער דערלויבט זיך אַזעלכע גרויסע הוצאות. און ער, וואָס איז געווען אַ גרויסער מאמין, פלעג ענפערן, אַז ער האָט קיינמאָל נישט דערלעגט צום רבין; גאָט ברוך־הוא קערט אים אום כפל־כפליים.

הניה גלמן (פרסמן) / קריית־חיים

# רגעים אחדים

גם אני רוצה לומר משהו על עיירתי בריטשיבה. אף־על־פי שהביצות לפני פסח היו עמוקות, ואחר כך, כשהתחילו להתייבש, היו הגושים הנוקשים מעקמים את הרגליים — היתה לי העיירה יקרה וחביבה עלי. שנות הנעורים שביליתי שם היו נעימות כל כך, שאין אני מסוגלת לשכוח אותן.

אני זוכרת את הלימודים יחד עם חברות בבאַראַבוי, עם כל הקשיים בשבילנו. כל ימי שני, בתחילת שבוע הלימודים, היינו נאלצות לצאת ברגל עם תרמיל גדול על הגב, המצוייד באוכל למשך השבוע — כך נמשך הדבר עד שהרומנים באו לביסאראביה. הלימודים ברומנית עלו לנו בקושי, וכשעמדנו לפני בחינה, נאלצנו לשלם למורה מאותו בית־ספר, שיכין אותנו. הדבר העלה חרונו של מורה אחר, שלא נהנה מהכנסה כזאת, והוא עינה אותי פעם אחת בהצגת שאלות בגיאומטריה, בעיקר באשר לטראפציה, עד שהחלטתי לסיים בכך את חוק לימודי בבית־הספר של באַראַבוי.

התחלתי ללמוד מלאכת הצילום, אצל גיסי של אז פיני גולדנברג ז״ל. היו אלו שנים קשות של חיים פרימיטיביים בעיירה נידחת, ועם זאת זוכרת אני מה נעימים היו הערבים־הנשפים, שהיינו עורכים אצל גיניה מסטר, פעמים רבות כשהיה מבקר שם איציק מאנגר או אליעזר שטיינבארג. זכור לי כי שטיינבארג התעקש שאשאיר לו את „שלוש התופרות״ של פרץ, ואני נעניתי לו וגם נהניתי.

לאחר שעברתי לליפקאַן ואחר־כך לטשרנוביץ לשם עבודה בצלמניה, הייתי חוזרת שנה־שנה לימי הפסח אל הורי בבריטשיבה. הדרך מטירנובה היתה בוצית מאד, וכשהייתי מתקרבת לבריטשיבה, הייתי מדמה כי הבתים כולם שקועים

העניע געלמאַן (פּרעסמאַן) / קריית־חיים

# אייניקע מאָמענטן

איך וויל אויך עפּעס זאָגן וועגן מיין שטעטעלע בריטשעווע. כאָטש די בלאָטעס פאַר פּסח זענען געווען טיף, און דערנאָך, ווען ס׳האָט אונטערגעטרוקנט, פלעגן די הרודעס אויסדרייען די פּיס — איז מיר דאָס שטעטל געווען טייער און ליב. די יוגנט־יאָרן, וואָס כ׳האָב דאָרטן פאַרבראַכט, זענען געווען אַזוי איינגענעמען, אַז כ׳קען זיי נישט פאַרגעסן.

איך געדענק דאָס לערנען אינאיינעם מיט מיינע חברטעס אין באַראַבוי, מיט אַלע שוועריקייטן פאַר אונדז. יעדן מאָנטיק, אָנהייב לערן־וואָך, האָבן מיר באַדאַרפט אַוועקשפּאַנען צופיס מיט אַ גרויסער טאָרבע עסן אויף די פּלייצעס, סע זאָל סטייען אויף דער וואָך — אַזוי האָט געדויערט ביז די רומענער זענען אַריינגעקומען קיין בעסאַראַביע. דאָס לערנען אויף רומעניש איז אָנגעקומען אַ ביסל שווערלעך, און אַז מ׳האָט געדאַרפט אָפּגיבן אַן עקזאַמען, פלעגן מיר מוזן באַצאָלן אַ לערער פון דער שול, ער זאָל אונדז צוגרייטן. דאָס האָט אָבער פאַרדראָסן אַ צווייטן לערער, וואָס האָט נישט געהאַט אַזאַ הכנסה, האָט ער מיך איין מאָל אַזוי געמוטשעט מיט פּראָבלעמען פון געאָמעטריע, דערעיקערשט איבער טראַפּעציע, אַז כ׳האָב באַשלאָסן דערמיט צו פאַרענדיקן דאָס לערנען אין באַראַבויער שול.

כ׳האָב אָנגעהויבן לערנען פאָטאָגראַפיע טאַקע באַ מיין דעמלטיקן שוואָגער פּיניע גאָלדנבערג עליו השלום. סע זענען געווען שווערע יאָרן פון אַ פּרימיטיוו לעבן אין פאַרוואָרפענעם שטעטל, און דאָך געדענק איך ווי איינגענעמען זענען געווען די אויפדערנאַכטן־ווטשערינקעס, וואָס מיר פלעגן מאַכן באַ גיניע מעסטער, אַ סך מאָל ווען סע פלעג קומען אַהין איציק מאַנגער אָדער אליעזר שטיינבאַרג. איך געדענק אַז שטיינבאַרג האָט זיך איינגעשפּאַרט איך זאָל אים נאָר זינגען פּרצעס „די דריי נייטאָרינס״, און איך האָב אים צוליב געטון און הנאה געהאַט.

בבוץ — ולבי היה כבד עלי. אולם משנכנסתי אל בית הורי היקרים, אל הבית הנקי והחם, נתפשטה הזמימות בנשמתי. ואבי היה אף מוסיף: כשאַת, בתי, חוזרת הביתה, השמחה שרויה עלי.

ואני נזכרת שנים שקדמו לכך, כשאבא שלי היה פּרימאַר בזמנו של שלטון אַוואֶראֶסקו, ומוריץ שכטר ז״ל היה המזכיר. אבי לא היה מסוגל לקבל שוחד; ובכל זאת נמצא מי שהלשין עליו, והוא היה נאלץ לנסוע לסורוקה; התנהלו משפטים, ואם כי אבי יצא זכאי, הרי צרות לא חסרו, ואני זוכר אותן יפה.

ועוד דבר אני זוכרת: כשהיתה לי כבר ילדה, והיא הגיעה לגיל של גן־ילדים. אלא שלא היתה מסכימה להישאר עם שאר הילדים בגן. נאלצתי איפוא להישאר איתה כמה ימים בגן. הבחינה הגננת, הגברת נוטה, שאני מתמצאת יפה בהתעסקות עם הילדים, הציעה לי להישאר ולעבוד יחד עמה. הייתי מאושרת: הייתי יחד עם ילדתי ועוד הייתי מקבלת שכר. במחצית היום השנייה הייתי עובדת בספרייה הציבורית, שהיתה אז משוכנת אצל שמואל גלמן, מול ביתו של דודי גולירגאנט. העבודה בספרייה היתה מעניינת אותי מאד. בין הקוראים הקבועים היו הרבה־הרבה, שאין אני זוכרת שמותיהם, אבל הראשונים להזמנת ספרים חדשים היו תמיד הגולירגאנטים: צבי, בומה, סימה, רחל.

אחר כך באו שנים קשות, קשות בחיי הפרטיים וקשות מאד בשביל כל אנשי בריטשיבה, אבל זה כבר פרק אחר, שעליו כתבו בוודאי אחרים.



נאָך דעם וואָס איך בין איבערגעפאָרן קיין ליפּקאַן און דערנאָך קיין טשער־נאָוויץ אַרבעטן אין אַ פאָטאָגראַפיע, פלעג איך אַלע פסח אַהיימפאָרן צו די עלטערן קיין בריטשעווע. דער וועג פון טערנעווע איז געווען זייער בלאָטיק, און אַז כ׳האָב מיך דערנענטערט קיין בריטשעווע, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אַלע הייזער זינקען אין דער בלאָטע — איז מיר געוואָרן שווער אויפן האַרצן. אָבער אַז כ׳בין אַריינגעקומען צו מיינע טייערע עלטערן, אין דער וואַרעמער ריינער שטוב, איז מיר אויך וואַרעמער געוואָרן אויף דער נשמה. צו דערצו פלעג נאָך מיין טאַטע עליו השלום זאָגן: אַז דו, טאָכטער, קומסט אַהיים ווערט מיר פריילעך אין שטוב.

און איך דערמאָן מיך פריריקע יאָרן, ווען מיין טאַטע איז געווען פרימאַר אין דער צייט פון אַווערעסקו, און מאָריץ שעכטער עליו השלום איז געווען סעקרעטאַר. מיין פאָטער האָט זיך נישט אויסגעטויגט צו נעמען כאַבאַר; ס׳האָט זיך דאָך געפונען ווער סע זאָל מסרען, און ער פלעג דאַרפן פאָרן קיין סאָראָקע; ס׳האָבן זיך געפירט פּראָצעסן, און כאָטש מיין פאָטער איז אַרויס ריין, אָבער צרות האָט ער געהאַט גענוג, און איך געדענק עס גוט.

און נאָך דערמאָן איך מיך: ווען כ׳האָב שוין געהאַט אַ קינד, אַ מיידעלע וואָס איז שוין געווען אין עלטער פון גיין אין קינדער־גאָרטן. האָט עס אָבער נישט געוואָלט בלייבן אַליין אין קינדער־גאָרטן, און איך האָב געמוזט בלייבן מיטן קינד עטלעכע טעג. האָט די גננת, די פרוי נוטה, געזען אַז איך טויג מיך אויס צו די קינדער, האָט זי מיר פאָרגעלעגט בלייבן אַרבעטן מיט איר אינאיינעם. איך בין געווען גליקלעך פון דעם: כ׳פלעג זיין מיט מיין קינד און אויך באַקומען געהאַלט. דעם צווייטן האַלבן טאָג פלעג איך אַרבעטן אין דער געזעלשאַפטלעכער ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך דעמלט געפונען באַ שמואל געלמאַן, אַקעגן דודי גאָלערגאַנט. די אַרבעט אין ביבליאָטעק פלעג מיך זייער אינטערעסירן. צווישן די שטענדיקע לייענערס זענען געווען גאָר אַ סך, וואָס איך געדענק נישט זייער נעמען, אָבער די ערשטע צו בעטן נייע ביכער זענען געווען תמיד די גאָלערגאַנטס: הערשעלע, בומע, סימע, רחל.

דערנאָך זענען געקומען שווערע יאָרן, שווערע פאַר מיין פּערזענלעך לעבן און זייער שווערע פאַר אַלע בריטשעווער, נאָר דאָס איז שוין אַ באַזונדער קאַפּיטל, וועגן וועלכען אַנדערע האָבן אַוודאי געשריבן.

→ אין „תרבות״: עומדים / שטייען: רחל נוטה, הניה גלמן, זאבראנסקי;
יושבים / זיצן: פיני גולירגאנט, המנהל נוטה, זאב (וועווע) שטשיגליק

מרדכי (מוטיקה) קסטלמן / רמת־גן

# סיוע לזולת – כיצד?

בכל יום חמישי לפנות־ערב או ביום ששי, בבוקר השכם, היתה מופיעה אידס קסטלמן, אשתו של פישל החיגר (פישל הדס׳ס), וסל בידה, לקבל חלה או נתח בשר למען עניי העיר הנסתרים. אמי ברכה ז״ל היתה נותנת ואינה שואלת מעולם למי מיועד המַתן.

בלי שלט של משרד, בלי פומביות, היו כמה מנשי בריטשיבה מבשלות בקיץ ריבה לנצרכים בשעת מחלה, שאין ידם מַשגת להכין בכוח עצמם. נשים אלו היו עושות את המעשה בצינעה ובדביקות, אחר כך היו מאחסנות את הריבה לשעת הצורך בה לשם רפואה. במקרי מחלה של עניי העיירה היו הולכות לבקר את החולים ובידיהן הריבה.

זוכר אני: כשהיה החורף מתקרב עם הקור והשלג, היו יוצאות כמה נשים, ביניהם גם אמי, אסתר גרינברג ז״ל ואחרות, לאסוף תרומות לשם הלבשת עירומים. בכסף שנאסף היו קונות בדים ולבנים והיו מחלקות לנזקקים, ושוב: בלי שיוודע מי הוא הזקוק לעזרה זאת.

ועוד דבר: עיירתנו הצטיינה במידה זו הקרויה הכנסת־אורחים. שרידי הפליטה לא ישכחו, בין היתר, כיצד התנהגה העיירה בערב ראש־השנה של תרע״ח (1917), כשהחלו להגיע צעירים מרומניה, שחיפשו מקלט מהמלחמה. מספרם הלך ורב, והם נקלטו יפה ומהר; נתקשרו עם בני־גילם בצורה מכובדת והיוו חבורה אחת. פתחי הבתים נפתחו בשבילם לרווחה, והם מצאו אווירה נוחה למשך שהותם בעיירה, ממש בצל המלחמה. לא ייפלא איפוא שהמעטים

מרדכי (מאָטיקע) קעסטלמאַן / רמת־גן

# הילף אין פאַרשידענע פאָרמען

אַלע דאָנערשטיק פאַרנאַכט אָדער פרייטיק גאַנץ פרי פלעג אויסוואַקסן אידעס קעסטלמאַן, די פרוי פון פישל הדסעס, מיט אַ קויש, צו נעמען אַ חלה אָדער אַ שטיקל פלייש פאַר די פאַרבאָרגענע אָרעמע לייט. מיין מאַמע ברכה ז״ל פלעג גיבן און קיינמאָל נישט פרעגן פאַר וועמען ס׳איז.

אָן אַ שילד פון אַ ביוראָ, אָן עפנטלעכקייט, פלעגן איניקע ברישטשעווער פרויען צוגרייטן זומער איינגעמאַכטס פאַר נויטבאַדערפטיקע בשעת אַ שלאָפקייט. די פרויען פלעגן עס טון שטיל און פרום, דערנאָך פלעגן זיי עס האַלטן ביזן באַדאַרפן, פאַר אַ רפואה. אין אַזעלכע פאַלן פלעגן זיי גיין מבקר חולה זיין און ברענגען דאָס איינגעמאַכטס.

איך געדענק: אַז דער ווינטער מיט די קעלטן און די שנייען פלעג זיך דער־נעענטערן, פלעגן אַרויסגיין איניקע פרויען, מיין מוטער, אסתר גרינבערג ז״ל און אַנדערע, צונויפנעמען געלט וועגן קליידונג. מיטן געלט פלעגן זיי קויפן לייוונט און גרייט און פלעגן צעטיילן די אָרעמע, און אַלץ, אָן דעם סע זאָל עמעצער וויסן ווער איז דער וואָס ניצט זיך מיט דער הילף.

און נאָך אַ זאַך: אונדזער שטעטל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער מידה פון הכנסת־אורחים. די וואָס לעבן נאָך היינט און זענען אַמאָל געווען פליטים אין ברישטשעווע, וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן וואָס מ׳האָט געטון פאַר זיי אין אַ ערב־ראש־השנה (1917), ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן קומען „האָזן" פון רומעניע. זייער צאָל האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, און זיי זענען גיך איינגעוואָרצלט געוואָרן אין שטעטל; זיך פאַרבונדן מיט די יונגע אין אַ בכבודיקער פאָרם און געוואָרן איין געזעלשאַפט. די הייזער האָבן זיך ברייט געעפנט פאַר זיי, און זיי האָבן געפונען אַ מילדע אַטמאָספערע אין משך זייער זיין אין שטעטל, ביז נאָך דער מלחמה.

ביניהם, שעודם בחיים, אינם יכולים לשכוח את החסד הזה ואת החמימות הזאת.

כך הם בילו חורף שלם. והנה הגיע האביב. זוכר אני, שבאחד הערבים נפוצה השמועה, שהצבא הרומני נכנס לביסראביה; הנה כבר נמצאים הרומנים ביידינץ הסמוכה. כיוון שידעתי מה צפוי לפליטים היהודיים מרומניה, שמצאו מקלט בעיירה, נחפזתי והלכתי לחפש אותם כדי למסור את הידיעה. היתה אפילה גמורה, ואני מיהרתי אל הבתים והבאתי את הבשׂורה. משששמעו אותה, אספו בחיפזון את מיטלטליהם, ארזו מזוודות, ולמחרת עם בוקר יצאו בעגלתו של ואֶלוול בעל־העגלה בדרך לעיירה אטאקי שעל הדנייסטר. אחר־כך נודע לנו, שעברו את הדנייסטר למוהילב, ומשם יצאו לאודיסה. כעבור חדשים מספר עלה בידם לחזור לרומניה.

ואגב, באותו חורף וכן בהורף שקדם לו, כלומר בזה שלפני המהפיכה ברוסיה ובזה שלאחר המהפיכה, קיימת היתה ההגנה העצמית (הסאַמוֹאוֹבוֹרוֹנה) בבריטשיבה. הואיל ונודע שבני הכפרים שבסביבה מתכננים לערוך פרעות ביהודים, להתקיף את העיירה לשם שוד ורצח, נתעוררו הצעירים וייסדו „הגנה". ברור, הם היו מעטים, והנשק שבידם היה לכתחילה דל, אבל במרוצת הזמן גדלו הכוחות ונתרבו כלי הנשק והתחמושת. ועדיין זכורים לילות השמירה וכן הסיבובים בעיירה בימי השוק. והנה הפליטים, שמצאו מקלטם בבריטשיבה, נתנו גם הם יד להגנה, ואחד מהם, בונאַפארט, אף נתפרסם כנועז ביותר.

הייתי ילד: לפעמים הייתי מתעורר בלילה, בלילות אלול, ושומע את ניגונו העצוב של ראובן השמש המעורר לסליחות בניגונו: „קומו, יהודים קומו לעבודת הבורא, לסליחות". הרחוב היה רדום ושקט. ידעתי שמלבד ראובן השמש רק אנשי ההגנה מסתובבים ברחובות, או אולי סוניה המיילדת נקראה אל איזו יולדת, זו סוניה כפי שאני זוכרה: שמנמונת, מלובשת בקפידה, מזוודה קטנטונת בידיה ובה כלי עבודתה וחמרי חיטוי; תמיד מחייכת, תמיד מושיטה עזרתה לזקוקות לה ומסתפקת בתשלום כלשהו, הכל לפי המעמד והיכולת.

איז טאַקע נישט קיין חידוש, וואָס אייניקע קענען נישט פאַרגעסן דעם חסד און די וואַרעמקייט.

אַזוי האָבן זיי פאַרבראַכט אַ גאַנצן ווינטער. און אָט איז אָנגעקומען דער פרילינג. אין אַן אויפדערנאַכט, געדענק איך, האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז די רומענער זענען אַריין קיין בעסאַראַביע; אָט זענען זיי שוין אפילו אין יעדינעץ. ווייל כ׳האָב געוווּסט וואָס סע וואַרט אויף די האָזן פון רומעניע, האָב איך מיך געאײַלט זיי אָפּצוזוכן און זיי איבערגיבן די ידיעה. ס׳איז געווען שטאָק־פינצטער. און איך בין געלאָפן איבערגיבן די בשורה. אַז זיי האָבן עס דערהערט, האָבן זיי אויפגיך צענויפגענעמען זייערע זאַכן, איינגעפּאַקט אין רענצלעך, און אויף מאָרגן אינדערפרי זענען זיי אַרויסגעפאָרן מיט וועלווועלע בעל־עגלה קיין אָטעק. דערנאָך זענען מיר געוווירע געוואָרן, אַז זיי זענען אַריבערגעפאָרן דעם נעסטער קיין מאָלעוו, און פון דאָרטן קיין אַדעס. אין עטלעכע חדשים אַרום האָט זיך זיי געלונגען אומצוקערן קיין רומעניע.

אגב, אין יענעם ווינטער ווי אויך אין ווינטער פאַר דעם, דאָס הייסט אין יאָר פאַר דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און נאָך איר, איז געווען אין בריטשעווע אַ זעלבסט־שוץ (סאַמאָאָבאָראָנע). אַזויווי מ׳האָט זיך דערוווּסט, אַז די דאָרפישע גויים גרייטן זיך צו מאַכן פּאָגראָמען אין שטעטל, האָבן זיך די יונגע געכאַפּט און געגרינדעט די זעלבסט־שוץ. קלאָר, זיי זענען געווען ווייניק, און געווער האָבן זיי באַם אָנהייב געהאַט גאָר ווייניק, אָבער אין משך פון דער צייט זענען די כוחות געוואַקסן און מ׳האָט געקריגן געווער און אַמוניציע. סע געדענקען זיך נאָך די נעכט פון וואַך און דאָס אַרומפאָרן אין שטעטל אין די ירידים־טעג. איז אָט די האָזן וואָס האָבן געפונען אַן אַזיל אין בריטשעווע, זענען באַלד צוגעשטאַנען צו דער זעלבסט־שוץ, און איינער פון זיי, באַנאָפּאַרט, איז אפילו באַרימט געוואָרן אַלץ אַ געוואַגטער.

איך בין געווען אַ קינד; אַמאָל פלעג איך מיך אויפכאַפּן באַנאַכט, אין די אלול־נעכט, און פלעג הערן דעם טרויעריקן ניגון פון ראובן שמש, וואָס האָט געוועקט צו סליחות: „שטייט אויף, שטייט אויף, צו עבודת הבורא, צו סליחות“. די גאַס איז געווען שטיל און פאַרשלאָפן. איך האָב געוווּסט, אַז אַ חוץ ראובן שמש דרייען זיך אין די גאַסן נאָר די זעלבסט־שוץ־מענטשן, אָדער סאָניע די אַקושאָרקע, וואָס מ׳האָט זי גערופן צו אַ געווינערין, די סאָניע ווי איך געדענק זי: אַ פולבלעכע, אָנגעטאָן זויבער, מיט אַ קליין רענצעלע אין דער האַנט, אין וועלכן סע זענען געווען אינסטרומענטן און מאַטעריאַל; תמיד אַ שמייכלענדיקע, תמיד גרייט צו העלפן און תמיד צופרידן מיט דעם וואָס מע באַצאָלט איר, יעדער נאָך זיין שטאַנד און זיינע מיגלעכקייטן.



בחצרו של ישראל־אהרן קסטלמן : מסיבה עם פליטים מרומניה, 1917
אין הויף פון ישראל־אהרן קעסטלמאן : אַ זיץ מיט פליטים פון רומעניע, 1917



1917 : חגיגה אחרי המהפיכה / אַ פייערונג נאָך דער רעוואָלוציע

זאב איגרת / תל־אביב

# שנה בבריטשיבה

## א

לקראת שנת הלימודים 1923/24 נקראתי לנהל את בית־הספר „תרבות" בבריטשיבה. באתי קודם כל לעשות הכרה עם ועד בית־הספר. מועד הפגישה נקבע לשבת־„שובה". כך ביקשו המזמינים, כי ביום חול, אמרו, עסוקים האנשים בענייני פרנסתם ולא יבואו. הגעתי ביום ששי לפנות ערב וסרתי לביתו של יצחק שצ׳יגליק ז"ל, שהיה בעצם השושבין ביני לבין הוועד. בליל שבת תיכף לאחר סעודת הערב, התחילו באים יהודים: חברי ועד ההורים, ציונים וסתם הורים, ותוך כמה דקות נתמלא הבית אנשים. הועלו משקאות, פירות, עוגות ותה. לא חסרו גם זמירות ושירים. ניצח על השירה ר׳ משה אהרונזון ז"ל, יהודי בר־אוריין, עליז ויודע נגן. ישבתי כולי משתאה: קבלת פנים זו על שום מה ולמה? יותר מכל הפליאני, שדיברו על דא ועל הא, ואילו בעיקר בואי לא נגעו כלל.

אותו הדבר נשנה למחרת היום. מאחרי סעודת הצהריים ועד הערב המה הבית מאנשים. אך בערב, לאחר ההבדלה, התכנס ועד בית־הספר לישיבה מעשית. עליו נלוו גם ראשי הציונים במקום, והתחיל הדיון בעניין תנאי העבודה. לתמהוני הרב נתקבלו כל התנאים מצידי, ומצד הוועד הוצג תנאי אחד בלבד, והוא — שאחתום תיכף על החוזה. ביקשתי לדחות את החתימה לכמה ימים עד שאתייעץ עם בני־משפחתי, אבל הוועד דחק את הקץ, והנימוק: שלמחרת היום יפנה כל אחד לעסקיו, ומי יודע מתי יתאספו שוב ובינתיים מתבטלים הילדים, ושנת הלימודים הרי התחילה מזמן.

זאב איגרת / תל־אביב

# אַ יאָר אין בריטשעווע

## א

אַקעגן לערן־יאָר 1923/24 האָט מען מיך גערופן אָנצופירן די תרבות־שול אין בריטשעווע. פריער בין איך געקומען זיך באַקענען מיטן שול־קאָמיטעט. די באַגעגעניש איז באַשטימט געוואָרן אויף שבת־שובה. אַזוי האָבן געבעטן די פאַרבעטערס, ווייל אין אַ וואָכן־טאָג, האָבן זיי געזאָגט, זענען די מענטשן פאַרנעמען מיט פרנסה עניינים, וועלן זיי נישט קומען. איך בין אָנגעקומען פרייטיק פאַרנאַכט און בין צוגעפאָרן צו איציק שטשיגליק עליו השלום, וואָס איז אייגנטלעך געווען דער שדכן צווישן מיר און קאָמיטעט. פרייטיק־צו־נאַכטס, תיכף נאָכן עסן, האָבן אָנגעהויבן קומען יידן: קאָמיטעט־מיטגלידער, ציוניסטן און סתם עלטערן, און אין משך פון עטלעכע מינוט איז אָנגעפולט געוואָרן די שטוב מיט מענטשן. מ׳האָט אַרויפגעשטעלט משקה, פרוכטן, טאָרטן און טיי. ס׳האָבן אויך נישט געפעלט געזאַנגען און זמירות. דער אָנפירער פונעם זינגען איז געווען ר׳ משה אהרונזאָן עליו השלום, אַ ייד אַ בן־תורה, אַ פריילעכער און אַ יודע־נגן. כ׳בין געזעסן גאַנץ פאַרוווּנדערט: צוליב וואָס איז דידאָזיקע קבלת־פנים? מער פון אַלעמען האָט מיך געוווּנדערט, וואָס מ׳האָט גערעדט וועגן דעם און וועגן יענעם, און דעם עיקר פון מיין קומען האָט מען גאָרנישט באַרירט.

דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט אויפן אַנדערן טאָג. פון נאָכן עסן ביז אויפדערנאַכט האָט די שטוב גערוישט פון מענטשן. ערשט אויפדערנאַכט, נאָך דער הבדלה, האָט זיך צונויפגענעמען דער שול־קאָמיטעט אויף אַ פּראַקטישער זיצונג. סע זענען אויך בייגעווען די ציוניסטישע עסקנים, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די באַהאַנדלונג וועגן די אַרבעט־באַדינגונגען. צו מיין גרויסן וווּנדער האָט מען אָנגענומען אַלע מיינע תנאים, און דער קאָמיטעט האָט געשטעלט נאָר איין

כשנוכחו לראות שעודני מהסס, ניסו בתכסיס של פיתוי — תוספת של כמה אלפי ל״י על השכר שנקבתי, וליתר פיתוי הציעו מקדמה הגונה בו במקום. בפני פיתויים כאלה יכול לעמוד בימים ההם. מובן מאליו שהסכמתי. אחר כך נודע לי שלו הרביתי בדרישותי לא היו מסרבים.

למחרת היום, בשעות הבוקר, הלכתי יחד עם יצחק שצ׳יגליק לראות את מעון ביה״ס. יש להודות, כי לא התפעלתי כלל מ״היכל תרבות״ זה: דירה בת שלושה חדרים קטנים ומטבח, רהיטים משומשים, ולתוך המשכן הזה יש לדחוס כמאה ילד, שהם ארבע כיתות בשתי משמרות. מלווי ראה את הרושם שבניין זה עשה עלי ומיהר לטשטשו בהערה, כי שמור בוועד סכום הגון להקמת בניין חדש, ובלי ספק ייעשה הדבר לקראת שנת־הלימודים החדשה, שכן אם כסף יש — הכל יש. בתומי האמנתי לדבריו.

בדרך פגשתי אחדים מחברי הוועד. הם בירכוני לשלום, ואני לא הכרתים; לאחר שלוש פגישות אתם נראו לי הפעם כזרים, שכן בבגדי החול שלהם נשתנו תכלית שינוי.

סיירתי קצת במקום. עמדו אז ימים יפים. שילהי דקייטא, אוויר צח וטוב. שמש של סוף קיץ מלטף. נוף נהדר, שהרי העיירה יושבת בין הכרמים ומוקפת גנים. אמרתי: חן המקום על יושביו, ומפוייס מכך חזרתי לסיקוראן.

כל הדרך נתון הייתי להרהורים ולרגשות מעורבים, אך אמרתי: תקעתי כף, ואין לשנות.

כעבור שלושה ימים חזרתי לבריטשיבה ופתחתי את בית־הספר. התחלתי לעבוד. יש לציין, כי עם כל הפגמים שמצאתי בבניין ובציוד נעמה לי העבודה. קודם כל חבר המורים — המורה פינחס גולירגאנט וכן מורה אחר לכיתה א׳ ולרומנית ביתר הכיתות — הניחו את דעתי, חומר התלמידים היה משובח, רובם מבתים טובים, ועל הכל חברי ועד ההורים, ייזכרו לטוב: יצחק שצ׳יגליק — יו״ר, היים בלאנק — המזכיר, פסח יאמפולסקי — הגזבר, ועל־ידם ש״נ כהן, משה אהרונ־זון, י״א קסטלמן ואחרים, שבמרוצת הזמן היו לי לידידים אישיים.

עד מהרה נכנסתי בעול העבודה הציונית במקום. אירגנתי את הסניף של צעירי־ציון, הרחבתי את הפעולה למען הקרנות ולמען הספרייה. התחלתי לטפל בנוער. אורגנו נשפים ספרותיים למען הספרייה ולמטרות אחרות.

בכלל הייתי מרוצה הן מעבודתי בבית־הספר והן מפעולותי הציבוריות. אולם כאן קפץ רוגזו של השטן ונשתבשו תכניותי להמשיך ולפתח את פעולותי החינו־כיות והציבוריות בבריטשיבה. בעיירה היו אלמנטים עוינים את הציונות ואת החינוך

תנאי — כ׳זאָל תיכף חתמענען דעם אָפּמאַך. כ׳האָב געבעטן אָפּלעגן דאָס חתמענען אויף עטלעכע טעג, כ׳זאָל מיך עצהען מיט מיין פאַמיליע, אָבער דער קאָמיטעט האָט געדריקט כ׳זאָל נישט אָפּלעגן, און זיין מאָטיוו איז געווען: אויף מאָרגן וועט יעדער זיך פאַרנעמען מיט זיינע געשעפטן, און ווער ווייסט ווען מע וועט זיך נאָכאַמאָל צונויפנעמען, און דערווייל גייען אום די קינדער בטל, און דאָס לערן־יאָר האָט זיך דאָך שוין אָנגעהויבן.

אַז זיי האָבן געזען אַז איך קווענקל זיך, האָבן זיי געפּרוּווט אַן אַנדער פאָרטל פון צורעדן — אַן הוספה פון עטלעכע טויזנט ליי אויף דעם וואָס כ׳האָב געבעטן, און אפילו פאָרגעלעגט אַ שיינעם אַדראָף טאַקע אויפן פלאַץ. פאַר אַזעלכע צורעדע־נישן האָט קיין העברעישער לערער אין יענע צייטן נישט געקענט ביישטיין. פאַר־שטענדלעך, אַז כ׳האָב מסכים געווען. דערנאָך בין איך געוווירע געוואָרן, אַז ווען כ׳בעט נאָך מער, וואָלטן מיר נישט אָפּגעזאָגט.

אויף מאָרגן, גאַנץ פרי, בין איך געגאַנגען אינאיינעם מיט איציק שטשיגליק אָנצוקוקן די שול־געביידע. דעם אמת זאָגן, בין איך גאָרנישט נתפּעל געוואָרן פון דעם דאָזיקן „היכל התרבות”: אַ דירה פון דריי קליינע צימער מיט אַ קיך, אָפּגע־ריבן מעבל, און אין דאָזיקן רומל דאַרף מען אַריינשטופּן אַ הונדערט קינדער, וואָס זענען אין פיר קלאַסן אין צוויי „סמענעס”. מיין באַגלייטער האָט גוט געזען דעם רושם, וואָס דער בנין האָט אויף מיר געמאַכט, האָט ער זיך צוגעאיילט אים צו פאַרטוישן מיט דער באַמערקונג, אַז דער קאָמיטעט האָט אַ פיינע סומע געלט אויפצושטעלן אַ נייעם בנין, און מע וועט עס אָן ספק טון צום נייעם לערן־יאָר; אַז ס׳איז דאָ געלט — וועט אַלצדינג זיין. כ׳האָב אים געגלעבט.

אויפן וועג האָב איך באַגעגנט עטלעכע קאָמיטעט־מיטגלידער. זיי האָבן מיך באַגרוסט, און איך האָב זיי נישט דערקענט; נאָך דריי באַגעגענישן מיט זיי האָבן זיי מיר אויסגעזען פרעמד, ווייל אין די וואָכנדיקע קליידער האָבן זיי אויסגעזען לחלוטין אַנדערש.

כ׳האָב אַביסל אויסגעקוקט דאָס שטעטל. סע זענען דעמלט געווען שיינע טעג. סוף זומער, ריינע גוטע לופט, אַ סוף־זומערדיקע זון האָט געגלעט. אַ פּראַקטיקער פּייזאַזש, ווייל דאָס שטעטל איז געליגן צווישן וויינגערטנער און אַרומגענעמען מיט גערטנער. האָב איך געזאָגט: דער חן פונעם אָרט פאַלט אויף זיינע איינוווינערס, און אַ איבערגעבעטענער האָב איך מיך אומגעקערט קיין סעקוראַן.

דעם גאַנצן וועג בין איך געווען פאַרטאָן אין מחשבות און געמישטע געפילן, נאָר כ׳האָב מיר געזאָגט: כ׳האָב געגיבן אַ תקיעת־כף, קען מען נישט ענדערן. שפּעטער מיט דריי טעג האָב איך מיך אומגעקערט קיין בריטשעווע און האָב אויפגעעפנט די שול. כ׳האָב אָנגעהויבן אַרבעטן. מע דאַרף באַצייכענען, אַז כאָטש כ׳האָב געזען און געפילט די פעלערן אין דער געביידע און אין אינווענטאַר, איז מיר די אַרבעט געווען איינגענעמען. ערשטנס די לערערס — דער לערער פיינע גאָלערגאַנט און נאָך אַ לערער פאַר דער ערשטער גרופּע און פאַר רומעניש

העברי בבית־הספר „תרבות", ולא קשה היה למוטטו, שהרי גם השלטונות הרומ־ניים לא ראו בעין יפה התפתחותו של בית־הספר העברי, בצד ביה"ס הרומני־הממ־שלתי. המפקח מטעם מיניסטריון החינוך ביקר לא פעם גם בבית־הספר „תרבות". ולאחר שערך דין־וחשבון על הנעשה בו, נתקבלה הוראה מגבוה לסגור את בית־הספר בשל חוסר מיבנה מתאים ובגלל הציוד הדל. לא הואילו מאמציו של מרכז „תרבות" בקישינוב; ההורים לא רצו בשום פנים לוותר על חינוך עברי, ועל־כן נאלץ בית־הספר להתקיים באופן בלתי־ליגאלי, סמוי מהשלטונות, עד שהוקם כעבור זמן בניין מתאים.

ברור, שבתנאי מחתרת לא הייתי מוכן לעבוד, ולקראת שנת־הלימודים החדשה חזרתי למקום־עבודתי הקודם — לסיקוראן.

לסיכום: שנת שהותי בבריטשיבה לא איכזבה אותי. ידעתי, כי במקום שיש קנאה יש גם הערצה. ובמקום שיש שנאה יש גם אהבה. ואכן, הימים הבאים הוכיחו את הנחתי זו. שכן פעמים אחדות הוזמנתי לבריטשיבה לפגישות עם חברים ועם תלמידים־לשעבר. לעולם לא אשכח את קבלת הפנים, שערך לי הסניף של צעירי־ציון באחת הפגישות הללו.

על כל פנים, את זכר השנה ההיא ואת זכר הידידים, שרכשתי לי באותה שנה, אשמור תמיד בלבי.

ב

ואסיים בכמה קוריוזים שנשמרו בזכרוני.

בבריטשיבה, כברוב עיירות ביסאראביה, לא היה לוח מודעות, ואת תפקידו מילא כרוז. על כל דבר חשוב היה הכרוז עובר בחוצות העיר ומכריז: אם על הרצאה העומדת להתקיים ואם על בית־מרחץ מוסק; אם על בחירות גבאי ואם על להקה חדשה שהגיעה. לא פעם היה כרוז זה מערבב את פרשיות, כשניתנו לו שתי הכרזות בבת־אחת. פעם הזמין להרצאה, שתתקיים בבית־מרחץ מוסק. ופעם צירף מין בשאינו מינו. ודי ביזיון וצחוק.

בשנה ההיא שימש באותו תפקיד שמעיה — יהודי גוץ ובעל קול צרחני. משהתחיל בהכרזתו נפתחו מייד כל הדלתות, ובפתחים נראו אנשים, נשים וטף כדי להאזין לחדשותיו. פעם הייתי עד להכרזה משונה מעין זו, שכן הייתי נוגע בדבר. המהנדס קלימקר, שבא לקיים בעיירה את המגבית לקרן־היסוד, הואיל באחת השבתות להרצות על נושא מסויים. מובן שעל כך חייב היה שמעיה להודיע. אבל

אין אַלע גרופּעס, האָבן מיך באַפרידיקט. דער שילער־מאַטעריאַל איז געווען אַ אויסגעצייכנטער, מערסטנס פון גוטע הייזער, און דערעיקר — די מיטגלידער פונעם עלטערן־קאָמיטעט, זאָלן דערמאָנט ווערן צום גוטן: איציק שטשיגליק — פאָרזיצער, חיים בלאַנק — סעקרעטאַר, פּסח יאַמפּאָלסקי — קאַסיר, און לעבן זיי: שמואל־נחום כהן, משה אהרונזאָן, ישראל־אהרן קעסטלמאַן און אַנדערע, וואָס זענען אין משך פון דערצייט געוואָרן מיינע פּערזענלעכע פריינט.

גאָר גיך בין איך אַריין אין עול פון דער ציוניסטישער אַרבעט אין שטעטל. כ'האָב אָרגאַניזירט די צעירי־ציון, פאַרברייטערט די אַקטיוויטעט פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדן און פאַר דער אָרטיקער ביבליאָטעק, כ'האָב זיך פאַרנעמען מיט דער יוגנט. מ'האָט איינגעאָרדנט אָוונטן לטובת דער ביבליאָטעק און פאַר אַנדערע צוועקן.

איך בין בכלל געווען צופרידן סיי פון מיין אַרבעט אין שול און סיי פון מיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אָבער דאָ האָט דער שטן אָנגעהויבן צו שפּרינגען און פאַרדרייט מיינע פּלענער פאָרצוזעצן און אַנטוויקלען מיין דערציערישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין בריטשעווע. אין שטעטל זענען געווען פיינטלעכע עלעמענטן פאַרן ציוניזם און פאַר העברעישער דערציונג אין דער תרבות־שול, און ס'איז נישט געווען שווער זי אומצוּוואַרפן, מחמת די רומעניש מאַכט־אָרגאַנען זענען נישט געווען צופרידן פון דעם וואָס די העברעי'שע שול האָט זיך אַנטוויקלט לעבן דער רומענישער רעגירונג־שול. דער אינספּעקטאָר פונעם לער־מיניסטעריום האָט נישט איין מאָל באַזוכט די שול, און נאָך זיין פּראָטאָקאָל האָט זיך באַקומען אַ באַפעל פון אויוון צו פאַרמאַכן די שול, ווייל זי האָט נישט קיין פּאַסיקן לאָקאַל און איר אינוועטאַר איז אַ אָרעמער. ס'האָבן נישט געהאָלפן די באַמיונגען פונעם מרכז „תרבות" אין קעשענעוו, די עלטערן האָבן בשום אופן נישט געוואָלט פאַרציכטן אויף העברעישער דערציונג, דערפאַר האָט די שול געמוזט עקזיסטירן אומלעגאַל, באַהאַלטן פון דער מאַכט, ביז מ'האָט אויפגעשטעלט אַ פּאַסיקן בניין. קלאָר, אַז אין אומלעגאַלע באַדינגונגען בין איך נישט געווען גרייט צו אַרבעטן, און צום נייעם לערן־יאָר האָב איך מיך אומגעקערט צו מיין פריערדיקן אַרבעט־פּלאַץ — קיין סעקוראַן.

דער אונטערצי: מיין יאָר אין בריטשעווע האָט מיר נישט געבראַכט קיין אַנטוישונג. כ'האָב געוווסט, אַז ווו ס'איז קנאה איז דאָ אויך פאַרערונג, און ווו ס'איז שנאה איז דאָ אויך ליבע. און ווירקלעך, די שפּעטערדיקע צייטן האָבן מיר דערוויזן די ריכטיקייט פון דער מיינונג, ווייל עטלעכע מאָל האָט מען מיך איינגעלאַדן קיין בריטשעווע אויף באַגעגענישן מיט חברים און אַמאָליקע תלמידים. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די קבלת־פּנים וואָס דער סניף צעירי־ציון האָט מיר איינגעאָרדנט אין איינע פון די דאָזיקע באַגעגענישן.

על כל פּנים, דעם זכר פון יענעם יאָר און פון די גוטע־ברידער, וואָס כ'האָב מיר דערוואָרבן אין יענעם יאָר, וועל איך תמיד אָפּהיטן אין האַרצן.

שמעיה זה היה נוהג לסרס ולשבש מלים שלא היה רגיל בהן. הוא מצא, שהמלה „לאַקציה" יותר יפה מלאַקציה". גם המילה אינג'ינר נתחלפה אצלו ב„אונזר" — מלה יותר עלה, ו„קלימקר" נתקצרה ל„קלימק", ומצירוף כל המלים הללו יצא לו משפט כזה: „אונזער קלימעק וועט גיבן אַ לאַקציע אין דער ראשקעוער שיל". מכל המשפט המסורס הזה הגיעה לאזני הנשים המאזינות המלה לאַקציע, שנתחלפה אצלן במלה אַקציע, התחילו שאלות, ואשה שאלה את חברתה על אילו אַקציעס מדברים. ובסופו של דבר נתקבלה תסבוכת כזאת, שלבית־הכנסת הגיעה חבילת (קלימעק) אקציעס ומחלקים אותן. יש אומרים שמספר הבאים להרצאה בפעם ההיא היה רב מאשר בפעם אחרת, והכל בשל האקציות.

בשנת שהותי בבריטשיבה איחר החורף לבוא, ועוד בחודש דצמבר ירדו גשמים עזים. ואם גשמים, משמע בוץ, והבוץ הבריטשיבאי היה מן המפורסמים ברחבי ביסאראביה והצטיין בכמה תכונות: א) היה עמוק, שכן כביש, מאן דכר שמיה; ב) משנעשה סמיך עבר להיות גם דביק. וכשנתקעה רגל לתוך בוץ כזה לא היה כל ביטחון שתוצא משם עם כל מה שעליה, והיתה סכנה שבבוץ יישאר או הערדל או יחד עם הערדל תישאר גם הנעל.

היה מעשה ובימים ההם נזדמן לבריטשיבה בא־כח מרכז „תרבות". כשקמנו לצאת מן הבית ראיתי שהוא מוציא משיחה מכיסו ומתחיל לקשור את ערדליו לרגלו. שאלתיו: זה לשם מה? והוא השיב שאמצאתו זו באה לו מתוך ניסיון: כשיצא בפעם הראשונה מן המלון ועשה אך פסיעות מעטות, והנה נתקעו ערדליו בבוץ ולא יכול להוציאם. מאז אינו זז לשום מקום בלי משיחות.

ליצני הדור מספרים, כי פעם בא עובר־אורח וראה אשה יושבת בבוץ באמצע הרחוב. שאל אותה: גבירתי, למה את יושבת בבוץ? ענתה האשה: טועה אתה, אדוני, יושבת אני בעגלה...

אכן, בריטשיבה היתה משופעת בבוץ, אך כל זה כלפי חוץ. כלפי פנים היתה נקייה וטהורה. היו בה יהודים טובים וישרים, עמלים ותמימי־דרך, בהם גם בעלי־תורה ודרך־ארץ. לבם המה ככינור לתרבות העברית, ופיהם מלא שירת ישראל, והם היו תורמים בעין יפה לצורכי העם והארץ.

ב

און איך וועל פֿאַרענדיקן מיט עטלעכע קוריאָזן, וואָס זענען מיר פֿאַרבליבן אין זיכרון: אין בריטשעווע, ווי אין אַלע אַנדערע שטעטלעך פֿון בעסאַראַביע, איז קיין מודעות־טאָוולען נישט געווען; דערפֿאַר אָבער איז געווען אַ „שרייער", וואָס פֿלעג גיין אין די גאַסן און אויסרופֿן צי וועגן אַ רעפּעראַט, צי וועגן דער אויסגעהייצטער באָד, צי וועגן אויסקלויבן אַ גבאי, צי וועגן אַ נייער טרופּע וואָס איז געקומען אין שטעטל. נישט איינמאָל פֿלעג ער אויסמישן די יוצרות, ווען ער האָט געדאַרפֿט אויסשרייען עטלעכע מעלדונגען — און דער עולם פֿלעג לאַכן.

יענץ יאָר איז געווען שמעיה דער שרייער — אַ קליין יידל מיט אַ גרילצנדיק קול. ווען ער האָט אָנגעהויבן אויסשרייען, פֿלעגן אַרויס פֿון די הייזער קינד און קייט כדי צו הערן די נייעסן. איין מאָל, געדענק איך, איז געשאַפֿן געוואָרן אַזאַ משונהדיקע קאַשע. דער אינזשינער קלימקער איז געקומען פֿון קעשענעוו וועגן קרן־היסוד־קאַמפּאַניע און געדאַרפֿט שבת אַרויסטרעטן מיט אַ לעקציע. פֿאַרשטענדלעך, אַז שמעיה האָט געדאַרפֿט וועגן דעם מעלדן. האָט ער אָבער אויסגעפֿונען אַז לאַקציע איז שענער ווי לעקציע; אינזשינער איז בײַ אים געוואָרן „אונדזער", ווײַל אַזוי איז לייכטער, און קלימקער איז געוואָרן קלימעק. פֿון דעם אַלעמען איז אַרויס־געקומען אַזאַ מעלדונג: „אונדזער קלימעק וועט גיבן אַ לאַקציע אין דער ראַשקעווער שול". אָבער ווייבער האָבן געהערט אַקציע און נישט לאַקציע, האָבן זיי אָנגעהויבן פֿרעגן איינע די אַנדערע וועגן וועלכע אַקציעס רעדט מען, און צום סוף איז עס פֿאַרשטאַנען געוואָרן, אַז אין שול איז אָנגעקומען אַ קלימעק אַקציעס און מע צעטיילט זיי אין שול. ס'איז אַ סברה, אַז די וואָס זענען געקומען יענץ מאָל צו דער לעקציע זענען געווען מער ווי תמיד, אַלץ צוליב די אַקציעס.

אין יענעם יאָר האָט דער ווינטער זיך פֿאַרשפּעטיקט, און אין דעצעמבער זענען נאָך געגאַנגען שטאַרקע רעגנס. און אויב רעגנס, הייסט עס בלאָטעס, און בריטשעווער בלאָטעס זענען געווען באַרימט אין גאַנץ בעסאַראַביע; זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט עטלעכע אייגנשאַפֿטן: א) זיי זענען געווען טיפֿע, ווײַל וועגן אַ שאָסיי איז קיין רעדע נישט געווען; ב) זיי זענען געוואָרן געדיכט און קלעפּיק. אַז דו האָסט אַרײַנגעשטעקט אַ פֿוס ביסטו שוין נישט געווען זיכער, אַז דו וועסט אים אַרויסנעמען, און ס'איז געווען אַ סכנה אַז דער קאַלאָש וועט פֿאַרבלייבן, אָדער דער קאַלאָש אינאיינעם מיטן שוך.

האָט זיך געמאַכט, אַז קיין בריטשעווע איז געקומען דער פֿאָרשטייער פֿון מרכז „תרבות". ווען מיר האָבן זיך געגרייט אַרויסצוגיין פֿון דער שטוב, האָב איך געזען אַז ער נעמט אַרויס אַ שטריקל פֿון דער קעשענע און הייבט אָן צוצובינדן די קאַלאָשן צו די פֿיס. האָב איך געפֿרעגט: וואָס איז דאָס? האָט ער מיר געענטפֿערט אַז דאָס טוט ער פֿון פּראַקטיק: ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעגאַנגען פֿון דער אכסניה און געמאַכט עטלעכע טריט, זענען זײַנע קאַלאָשן פֿאַרשטעקט געוואָרן אין דער בלאָטע, און ער האָט זיי נישט געקענט אַרויסציִען. פֿון דעמלט אָן



גורדונאים בבריטשיבה לפני יציאתם לטיול / גאָרדאָניסטן פאַרן אַרויסגיין אויף אַ שפּאַציר.
באמצע / אין מיטן: ברוך פרנס, מאיר־הירש זלמן, יענקל רוזינבליט, משה שפּילברג

רירט ער זיך נישט פונעם אָרט אָן שטריקלעך.

די לצים דערציילן, אַז איינמאָל איז געקומען אַ דורכגייער קיין בריטשעווע אין אַזעלכע בלאָטיקע טעג. האָט ער געגיבן אַ קוק אין פענצטער און דערזען אַ פרוי זיצט אין דער בלאָטע אין מיטן גאַס. האָט ער זי געפרעגט: מאַדאַם, וואָס זיצט איר אין דער בלאָטע? האָט די פרוי געענטפערט: איר האָט אַ טעות, איך זיץ אין אַ וואָגן...

יאָ, בריטשעווע איז טאַקע געווען בלאָטיק, אָבער נאָר פון דרויסן. פון אינעווייניק איז זי געווען ריין און ציכטיק. סע זענען דאָרט געווען גוטע לייטישע יידן, האָרעפּאַשנע און אָרנטלעכע, צווישן זיי בעלי־תורה און וועלטלעכע. זייער האַרץ האָט געלעכצט ווי אַ פידל נאָך העברעישער קולטור, און זייער מויל איז געווען פול מיט יידיש געזאַנג, און זיי פלעגן שפּענדן מיט אַ ברייטער האַנט פאַר די נויטן פונעם פאָלק און פונעם לאַנד.



משה שפילברג ז"ל ותלמידיו / מיט זיינע תלמידים

משה מסטר/ריאו־דה־ז׳אניירו

# להקת־נגנים בעיירה

כשבא דודל קויפמן לבריטשיבה על־מנת להתפרנס ממתן שיעורים בעברית, מצא אותי ואת שלמה ופייוול גלמן, שאנו מנגנים בערבים ברחובות העיירה. במיוחד היינו מרבים בסירינאדות; עוצרים היינו במקומות שנערות היו מתגוררות שם. עתים תכופות היה קורה, שאיזה יהודי היה פורץ מביתו בתחתוניו בלבד וגוער בנו על שאנו מטרידים אותו משנתו.

כיוון שדודל היה קודם חייל ושימש נגן בתזמורת צבאית, חש מייד שניתן לו להרכיב להקת־נגנים קטנה. וכך הווה — ההרכב היה: דודל קויפמן — כינור ראשון; שלמה גלמן — כינור שני; אחר־כך נוסף לכינורות גם מוריץ שכטר, בעלה של ניוניה זיסמן; מויסיי ויינשטיין — חליל; פייוול גלמן וסוניה לווינטאל — גיטארות, ואילו אני — לכתחילה מאנדולינה, ואחר כך כינור.

פעם אחת נסענו לרישקאן לשם הופעה בקונצרט. וכיוון שזכינו להצלחה, עלה בדעתנו שצריכים ויכולים אנו לנגן בחתונות, ואת השכר נתרום לעניים.

החתונה הראשונה והאחרונה היתה של פסי בארג, אחותה של טויבה בארג (האחיות של דודי בארג ושרה זיסמן). את שכר הנגינה בחתונה (בצירוף להכנסה מהצגת תיאטרון, שבה השתתפה גם ברתה ליכט) תרמנו לרכישת בית קטן למשפחה ענייה.

יום אחד, כשערכנו חזרה לקראת השתתפות בחתונה אחרת, נכנס יעק׳ל כליזמר וניצב בשאלה, כלום מן היושר האנושי הוא להשאיר אותו ללא פרנסה. את הגורם הזה לא הבאנו כלל בחשבון, שהרי בסופו של דבר היה הצדק עמו. מאז לא הופענו עוד בחתונות.

עם הגירתו של דודל קויפמן לאמריקה נתפרדה הלהקה והפסיקה פעולתה.

משה מעסטער / ריאָ־דע־זשאַנייראָ

# אַן אָרקעסטער אין שטעטל

ווען דודל קויפמאַן איז אַראָפּגעקומען קיין בריטשעווע, גיבן לעקציעס אויף עברית, האָט ער געטראָפן מיך מיט שלמה און פּיזול געלמאַן שפּילן אין די זומער־אויפדערנאַכטן אין גאַס, באַזונדערס סערענאַדעס; פלעגן מיר זיך אָפּשטעלן דאָרט ווו ס׳האָבן געוווינט מיידלעך. אָפט פלעג זיך טרעפן, אַז אַ ייד פלעג אַרויס אין די הוילע גאַטיעס און שרייען פאַרוואָס מע לאָזט אים נישט שלאָפן.

אַזיווי דודל איז געווען פריער אַ סאָלדאַט און געשפּילט אין מיליטערישן אָרקעסטער, האָט ער גלייך דערפילט, אַז ער קען פאָרמירן אַ קליינעם אָרקעסטער. און אַזוי איז געווען — דער אָרקעסטער איז געווען אין פאָלגנדיקן באַשטאַנד: דודל קויפמאַן — ערשטער פידל; שלמה געלמאַן — צווייטער פידל; דערנאָך איז צוגע־קומען מאָריץ שעכטער, ניוניע זיסמאַנס מאַן, אויך פידל; מאָיסיי ווײַנשטיין — פלייט; פּיזול געלמאַן און סאָניע לעווינטאַל — גיטאַרעס, און איך — תחילת מאַנדאָלינע, און דערנאָך פידל.

איינמאָל זענען מיר געפאָרן אויף אַ קאָנצערט קיין רישקאַן, און אַזיווי מיר האָבן געהאַט דערפאָלג, האָבן מיר פאַרטראַכט, אַז מיר דאַרפן און קענען שפּילן אויך אויף חתונות, און די הכנסה זאָל גיין וועגן אָרעמע.

די ערשטע און לעצטע חתונה איז געווען בא פעסיע באַרג, טויבע באַרגס שוועסטער (די שוועסטער פון דודי באַרג און שרה זיסמאַן). דאָס געלט פאַר דער חתונה, צוגעלעגט צו דער הכנסה וואָס מיר האָבן געהאַט דערנאָך פון אַ ספּעקטאַקל (אין וועלכען ס׳האָט אָנטייל גענומען אויך בערטע ליכט), האָבן מיר געשפּענדעט וועגן קויפן אַ שטיבל פאַר אַן אָרעמער פאַמיליע.

אין אַ טאָג, ווען מיר האָבן רעפּעטירט און זיך צוגעגרייט צו אַ צווייטער חתונה, האָט זיך אַריינגעשטעלט יענקל קלעזמער און געפרעגט, צי איז מענטשלעך וואָס מיר לאָזן אים אָן פּרנסה. דעם פאַקטאָר האָבן מיר אײַנגעזען נישט גענעמען אין אַכט, ווייל נאָך אַלעמען איז ער דאָך געווען גערעכט. פון דעמלט אָן האָבן מיר אויף קיין חתונות נישט געשפּילט.

מיטן אַוועקפאָרן פון דודל קויפמאַן קיין אַמעריקע איז דער אָרקעסטער זיך צעפאַלן און איבערגעריסן זיין טעטיקייט.

אידה גולירגאנט (לווינטאל)/תל־אביב

# נסיון פרעות בעיירתנו

היה זה ב־1912 או ב־1913, באחד מימי רביעי בקיץ, ביום שהיריד היה מתקיים בבריטשיבה. בביתנו נעשו הכנות לארוחת הצהריים. הדלת של בית־המרקחת היתה פתוחה. והנה אך ישבנו לאכול, פרץ איזה בחור לתוך הבית ועבר אותו במרוצה, דרך בית־המרקחת, חדר האוכל, המטבח, ומן המסדרון ברח לחצר ונעלם שם. לא הספקנו להבחין כיצד התרחש הדבר.

מייד אחריו התחילו רצים גויים וצועקים אלינו שנוציא את החובלן אליהם. ושום שידול מצידנו לא עזר. אבא התחנן: היכנסו, שניים־שלושה, חפשו, ואם תמצאו אותו, קחוהו אתכם.

כיצד עלה בידנו לנעול את הדלת הקדמית של בית־המרקחת, איני זוכרת. על המרפסת עמד אותה שעה ואניה גוזון מבאראבוי, שנחשב לידיד־בית שלנו. ביקש ממנו אבא, ואף נתן לו כמה מטבעות כסף, שירגיע את המתפרצים. אבל הוא דווקא הסית אותם לפרעות.

יצאנו חיש דרך הדלת האחורית והתכוונו להגיף ולנעול את השער, ולא עלה בידנו. הם פרצו את השער, התחילו לגרור את אבא אחריהם. אנו, הילדים, מיהרנו אחריהם, וכשהבחנתי בדם נוזל מאבא, שכבתי עליו, על ראשו, בידי וברגלי כדי לגונן עליו מהמכות. אחרי עשו כך גם אחיותי הקטנות סוניה ופאניה; אחותי הבכירה היתה אז בדומברובן.

ממול ביתנו היו ליבה לאמלס ובניה צועקים אלינו, שנשתדל לעבור אליהם, הם יפתחו את הדלת. כך נאבקנו, עד שפרצנו לנו דרך אל הדלת, ובדלת האחורית ברחנו הלאה.

אידע גאָלערגאַנט (לעווינטאל) / תל־אביב

# אַ פּרווו פון אַ פּאָגראָם אין אונדזער שטעטל

ס׳איז געווען אין יאָר 1911 אָדער 1912, אין אַ זומערדיקן מיטוואָך־טאָג (זונטיק און מיטוואָך זענען געווען מאַרקטעג אין בריטשעווע). מיר האָבן זיך געקלויבן עסן מיטאָג. די טיר פון דער אפטייק איז געווען אָפן. ווי מיר האָבן זיך געזעצט עסן, איז פּלוצלונג ווי אַ בליץ אדורכגעלאָפן אַ יונגערמאַן, ער איז אַדורך די אפטייק, דאָס עס־צימער, די קיך, פון דעם קאָרידאָר אַרויס אין הויף און פאַרשווונדן. מיר האָבן נישט באַמערקט ווער ס׳איז געווען. באַלד נאָך אים האָבן אָנגעהויבן לויפן גויים און געשריגן, אַז מיר זאָלן דעם שלעגער אַרויסגעבן. דער פּאַפּאַ האָט געזאָגט: „קומט, עטלעכע פון אייך, און זוכט, און אויב איר געפינט עמעצן, נעמט אים אייך". ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן. וויאַזוי מיר האָבן די טיר פון דער אפטייק פאַרמאַכט, געדענק איך נישט. אויפן גאַניק איז פונקט געשטאַנען וואַניע גוזון, אַ גוטער־ברודער. האָט אים דער פּאַפּאַ געגיבן זילבערנע מטבעות, ער זאָל די מענטשן באַרויקן. אָבער אָנשטאָט צו באַרויקן דעם המון, האָט ער אים נאָך געהעצט צו פּאָגראָם.

מיר זענען אַרויס דורך דער הינטערטיר און געוואָלט דעם טויער פאַרריגלען, מיר האָבן מיט אַלע כוחות געהאַלטן דעם טויער, אָבער זיי האָבן אים געעפנט און גענומען דעם פּאַפּאַ שלאָגן, אים מיט זיך שלעפּן. מיר, קינדער, זענען נאָך. ווען איך האָב באַמערקט, אַז פונעם פּאַפּאַ גיסט זיך דאָס בלוט, האָב איך מיך אַרויפגעזעצט אויף אים, אויף זיין קאָפּ, מיט די פיס און הענט, און מיט אַלע כוחות געקעמפט נישט צוצולאָזן צו אים. צו הילף זענען מיר געקומען מיינע שוועסטערלעך, סאָניע און פאַניע. די עלטערע שוועסטער איז געווען אין דאָמבראָווען.

פון אַקעגן אונדזער הויז האָבן צו אונדז געשריגן ליבע לעמלס מיט די קינדער,

וכדאי לציין, שהיו הללו גויים, שאבא היה מספק להם תרופות והם הכירוהו יפה, ועם זאת התנהגו כחיות־יער פראיות.

בינתיים הספיקו לחדור אלינו שלום שפילברג ויעק׳ל פישלס ועוד כמה בחורים. על השולחן מצאו את הסכינים המוכנים לארוחה ואת מסור־הלחם. הם השתמשו בכלים אלו והתנפלו על הפורעים הגויים, שהתחילו כבר לבוז בז מכל מה שהיה בבית־המרקחת. וטוביה גרויסמן, שנודע לו דבר ההתפרעות, מיהר לטלפן לטירנובה ולהזעיק עזרה. וכשהגיעה משם המשטרה, כבר מצאה על הגדר המסומרת קרעי בגדים וכומתות מלוכלכים בדם.

ומה בעצם שימש עילה לפרעות? בבית־היין של חיה־רחל שיכמן ישבו גויים וסבאו. אחד מהם, שהשתכר כדיבעי, סירב לשלם בעד המשקה. לא היתה לו ברירה לבריש, בנה של חיה־רחל, אלא לדרוש בכוח את המגיע; לעזרתו בא גם הבחור, שברח אחר־כך דרך ביתנו. הגוי נפל כמת ארצה, כיוון שהיה הלום־יין, והגויים התחילו לרדוף אחרי הבחור — ואת זעמם כילו בביתנו.

אחותי הבכירה מילי, שהיתה אז, כאמור, בבית סבא שלנו בדומברובן, לבה אמר לה שמשהו לא טוב מתרחש אצלנו; החליטו איפוא, היא וסבא, לנסוע אלינו, הגיעו לפנות־ערב ומצאו אותנו שותתי דם.

ב־1944 היינו, אני ואחי סוניה, בעיר אומסק שבסיביר. והנה עברה רכבת עם קרון עמוס ביסאראבאים, מולדובאנים כולם; ביניהם הבחנו פתאום בוואניה גוזון. הוא הביט בנו בעיני כלב מתרפס — לשווא!

מיר זאָלן זען אַריבערצוקומען צו זיי. זיי וועלן עפענען די טיר. אַזוי האָבן מיר זיך פאַרצווייפלט געראַנגלט, ביז ס'האָט זיך אונדז איינגעגיבן צו דערלאַנגען די טיר, און דורך דער הינטערטיר זענען מיר ווייטער אַוועק.

מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז דאָס זענען געווען גויים, וואָס פלעגן אַריינקומען אין אפטייק און דעם פאַפאַ גוט געקענט. און איצט זענען זיי געווען ווילד ווי די חיות.

דערווייל איז געלונגען זיך אַריינצוגנבענען צו אונדז אין שטוב: שלום שפּילבערג, יענקל פישלס און נאָך עטלעכע יונגעלייט. זיי האָבן אויף דעם געגרייטן טיש געפונען מעסערס און אויך אַ גרויס זעג־מעסער אויף צו שניידן ברויט. האָבן זיי געכאַפּט די מעסערס און גענומען מיט זיי שלאָגן אויף רעכטס און לינקס. דערווייל האָט זיך דערוווּסט וועגן דער מהומה טוביה גרויסמאַן. איז ער געלאָפן רעדן טעלעפאָניש קיין טערנעווע, רופן די פּאָליציי. אַז די פּאָליציי איז געקומען, האָט זי אויף דעם פלויט, וואָס איז געווען באַקלאַפּט מיט צוועקעס, געפונען שטיקער קליידער, קוטשמעס, אויסגעשמירט מיט בלוט.

וואָס אייגנטלעך איז געווען דער פּרעטעקסט פאַרן פּאָגראָם? אין זויינשענק פון חיה־רחל שיכמאַן זענען געזעסן גויים און האָבן געטרונקען. און איינער, וואָס איז געווען שטאַרק שיכור, האָט נישט געוואָלט באַצאָלן. האָט חיה־רחלס זון, בעריש, געוואָלט מיט כוח פאַרלאַנגען פונעם שיכור דאָס געלט. אים צו הילף איז געקומען יענער יונגערמאַן, וואָס איז שפּעטער אַנטלאָפן דורך אונדזער הויז. דער געשלאָ־גענער שיכור איז ווי אַ טויטער געפאַלן צו דער ערד. האָבן די גויים נאָכגעיאָגט דעם אַנטלאָפענעם בחור און אויסגעלאָזט צו אונדז זייער כעס. מיין עלטערע שוועסטער איז, ווי געזאָגט, געווען באַם זיידן אין דאָמבראָווען. דאָס האַרץ האָט איר און דעם זיידן געזאָגט, אַז עפּעס נישט גוטס איז באַ אונדז פאָרגעקומען, זענען זיי פאַרנאַכט געקומען צו פאָרן און אונדז געטראָפן צעקלאַפּט און צעבלוטיקט.

אין יאָר 1944 בין איך מיט מיין ברודער סוניע געווען אין אָמסק (סיביר). פּלוצים האָבן מיר געזען דורכפירן אַ וואַגאָן מיט בעסאַראַבישע אַרעסטירטע פּויערן. צווישן זיי האָבן מיר באַמערקט אויך וואַניע גוזון. ער האָט געקוקט צו אונדז מיט אויגן פון אַ הכנעה'דיקן הונט — אומזיסט!

מנדיק פרידמן ז״ל

# מלקות

— פ—ו—פטים! פו—פטים!... (בבקשה, בבקשה).

במלים אלו היה ערב־ערב מסיים צלאל משה־חיה־ריווס את תרג׳ילי־הסדר שלו עם חברי ה״הגנה״ שבעיירה, קודם שהיו יוצאים למשמר הלילי, חמושים ברובים מכל התוצרות, ממוצא אוסטרי, רוסי או רומני.

הזמן היה מבוהל וספוג אימה. מעבר לדנייסטר כבר נישאו שמועות על רכבות שנעצרו, על דרכים לא בטוחות, על מעשי שוד וגזילות. הצבא הרוסי המשוחרר מגיוס, שלאחר ״הפקודה מספר אחד״ זנח כליל את המשמעת וערק מהחזית מחנות־מחנות, הציף את הערים ואת העיירות, כל הכפרים והדרכים. כמעט בכל מקום מֵעברם השאירו אחריהם הכנופיות המרופטות חורבן והרס.

עיירתנו עוד לא סבלה מהן כלל, על־פי נס — קצת הודות לכך ששרוי׳ה היתה מן הצד בריחוק מהרכבת, אבל בעיקר הודות ל״הגנה״, שהיתה מורכבת ממאה ומעלה חברה׳מנים נבחרים, בחורים חזקים ונועזים.

בעלי־הבתים של העיירה לא חסכו כסף וקנו עשרות רובים ואלפי כדורים — ושם הפלוגה שלנו נפוץ הרחק בכל הסביבה, כך שהחיילים והקוזאקים הנסוגים היו אומרים: ״מוטב שלא להיטפל לעיירה זו!״

פעם אחת ניסתה אמנם מחלקה שלהם לחדור בלילה אל העיירה. בדרכים כבר עמדו איכרים מהכפרים הסמוכים עם עגלות, מוכנים להעמיס רכוש יהודי. אלא שה״הגנה״ פגשה אותם ביריי כזה מכל הצדדים, שלא ידעו מאין הוא בא. בחיפזון נאלצו להירתע, בחרפה ובבושה, ובקושי יכלו להציל ולהוליך אתם שלושה פצועים מחבריהם.

מענדיק פרידמאַן ז״ל

# אויסגעשמיסן

— פּאָ־אָפּטים! פּאָ־פּטים!... (ביטע, ביטע!).

מיט די דאָזיקע ווערטער פלעג יעדן פאַרנאַכט פאַרענדיקן צלאל משה־חיה־ריוועס זיין אויסמושטרירן די חברה פון דער שטעטלדיקער „סאַמאָאָבאָראָנע", אײדער זיי פלעגן אַרויסגיין אויפן באַנאַכטיקן „דאָזאָר", באַוואָפנטע מיט ביקסן פון אַלערליי קאַליברען, פון עסטרייכישער, רוסישער אָדער רומענישער אָפּשטאַמונג.

די צייט איז געווען אַ אומרואיקע און אַ מרה־שחורה׳דיקע. פון יענער זייט דניעסטר האָבן זיך שוין דערטראָגן קלאַנגען וועגן אָפּגעשטעלטע באַנען, נישט זיכערע וועגן, רויבערייען און גזילות. די דערמאַראַליזירטע רוסישע אַרמי, וועלכע האָט נאָכן „פּריקאַז נומער איינס" אינגאַנצן פאַרלוירן די דיסציפּלין און איז געלאָפן פון די פראָנטן מחנות־ווייז, האָט פאַרפליצט אַלע שטעט און שטעטלעך, אַלע דערפלעך און שליאַכן. כמעט אומעטום ווו זייערע אָפּגעריסענע קאָמפּאַניעס זיינען דורכגעגאַנגען, האָבן זיי געראויבט און איבערגעלאָזט אַ חורבן.

אונדזער שטעטל האָט על־פּי נס נאָך גאָרנישט געליטן פון זיי, אַביסל, אַ דאַנק דעם, וואָס ס׳איז געליגן אין אַ זייט פון דער באַן, אָבער בעיקר צוליב דער „סאַמאָאָבאָראָנע", וועלכע איז באַשטאַנען פון אַריבער הונדערט געקליבענע חברה־לייט, געזונטע און דרייסטע בחורים.

די בעלי־בתים פון דעם שטעטל האָבן נישט געקאַרגט קיין געלט און איינגעקויפט צענדליקער ביקסן מיט טויזנטער „פּאַטראָנען" — און דער שם פון אונזער „דרוזשינע" האָט זיך פאַרשפּרייט ווייט אין דער אומגעגנט, אַזוי אַז די אָפּטרעטנדיקע סאָלדאַטן און קאָזאַקן פלעגן זאָגן: „בעסער מיט דעם שטעטל נישט צו זאַטשעפּען!"

למן אותו לילה שוב לא נראו מעולם בעיירה, אלא שהפחד והאימה שלטו בכל.

ביום היה המצב איכשהו. יהודים מודאגי־פנים, מרופשים ומכוסי שֵׂער־פֶּרא, נתקהלו מעגלים־מעגלים. הוועד היה מקיים ישיבות; היו חוקרים ומהרהרים ושוחקים את המצחים.

נשים עטופות ראש הציצו נפחדות מתוך הבתים, ועתים קפצה בחפיזה דרך המרפסת איזו שכנה אל חברתה כדי להחליף שיחה ולחטוף מלה בדבר הצרות והמאורעות האיומים.

בבית־הכנסת של „המרתף״, בין מנחה למעריב, כשבין־השמשות המיסתורי עוטף את הכל במעטה אימה וחרדה, היו יהודים סחים רק בפלוגות, חיילים, רובים, כדורים. בעגמה גוסס על ה„תיבה״ נר של „יאָרצייט״; יהודה־איצי השמש מטפל תוך אנחה ליד דלתית התנור; אי־שם בפינה מאחורי ארון־הספרים יושב ומתנועע על גבי „משניות״ סגור השוחט „המאליינֵי״ בן־השמונים — יהודי קטנטן כחוש עם עיניים כבויות ועם מצח מחורץ עמוקות. ובאמצע בית־הכנסת, ליד עמודו של ר׳ יוסל מנחם׳ס, היושב בשורת „הראי״, כלומר מול ארון־הקודש, מצטופפים כשני מניינים של יהודים, קודרים ומודאגים. כל אחד מהם מביט ישר אל פיו של ר׳ יוסל ורוצה לשמוע מה יאמר הוא בדבר המאורעות. הכל יודעים שיוסל מנחם׳ס אינו שוטה; הוא מדבר מעט, אבל כשהוא אומר מלה — הריהי שקולה ומדודה, והוא יודע מה שהוא אומר.

— ובכן, מה אתה אומר, ר׳ יוסל, מה עלינו עתה לעשות? הגדוד הרוסי המוכן לפרוע בנו, העומד במרחק 8 ק״מ מאתנו, ציווה שנמסור להם את הנשק ושנצטרף אליהם... ואילו הרומנים עדיין רחוקים הם ממנו, ומתי יגיעו לכאן, יודע אלוהים לבדו... ומה יש לעשות לעת־עתה?

ור׳ יוסל סופר מלים כפנינים:

— עלינו לשקול ולהרוויח זמן — זוהי דעתי שלי! את הגדוד הרוסי יש לדחות בהבטחות „היום־מחר״, ותוך כדי כך לשגר שני פרשים אל הדיוויזיה הרומנית, שישלחו הנה פלוגת חיילים... זוהי דעתי שלי, הוסיף ר׳ יוסל בעניוות לאחר הפסקה קלה. הכלל, אמרו „ברכו״, כי השעה מאוחרת כבר...

החבורה מתפזרת בעצלות. יהודה־איצי השמש מדליק עששית־ברק מפוייחת, והקהל בולע בחיפזון תפילת מעריב.



ברחוב נסגרים ומוגפים על בריחים דלתים ושערים. מן החלונות כמעט

איינמאָל האָט אַ גרויסער „אַטריאַד״ זיך אפילו געפּרוּווט באַנאַכט אַריינצוכאַפּן אין שטעטל. אויף די וועגן זיינען שוין געשטאַנען אָנגעגרייט פויערים פון די אַרומיקע דערפער מיט וועגן, פאַרטיק צו פאַרנעמען יידיש האָב־און גוטס. האָט זיי אָבער די זעלבסט־שוץ באַגעגנט מיט אַזאַ שיסעריי פון אַלע זייטן, אַז זיי האָבן אפילו נישט געוווּסט פון וואַנעט ס׳איז זיי געקומען. בחפזון האָבן זיי געמוזט אַוועק, מיט חרפּה און בושה, קוים האָבנדיק צייט מיטצונעמען זייערע דריי פאַר־ווונדעטע חברים.

פון יענעם־באַנאַכט־אָן האָט מען שוין זייער זכר אין שטעטל קיינמאָל נישט געזען, נאָר דאָך איז מען געווען פול מיט מורא און שרעק.

באַטאָג — איז נאָך געווען ווי ס׳נישט איז. יידן מיט פאַרזאָרגטע פּנים׳ער, פאַרבלאָטיקטע און פאַרוואַקסענע, האָבן זיך געקהל׳ט און „גערעדלט״. דער קאָמי־טעט האָט אָפּגעהאַלטן זיצונגען, מ׳האָט גע׳חקירה׳ט און געקלערט און געריבן די שטערנס.

פרויען מיט פאַרוויקלטע קעפּ האָבן דערשראָקן אַרויסגעקוקט פון די שטיבער, און אַמאָל האָט זיך אַ שכנה אַריינגעכאַפּט דורכן גאַניק צו דער אַנדערער איבער־צושמועסן און כאַפּן אַ וואָרט אין מויל אַריין מכוח די צרות און מורא׳דיקע געשעענישן.

אין באַשקע־שולעכל, צווישן מנחה־מעריב, ווען די מיסטישע בין־השמשות וויקלט אַלעס איין אין אַ טוך פון שרעק און פלאַטערניש, פלעגן יידן רעדן נאָר פון „אַטריאַדן״, סאָלדאַטן, ביקסן און „פּאַטראָנען״. אומעטיק צאַנקט אויפן עמוד אַ אויס־גייענדיק יאָרצייט־ליכט, יהודה־איצע שמש פּאָרעט זיך קרעכצנדיק באַם טירל פון דער הרובע, ערגעץ אין אַ ווינקעלע אונטערן שראַנק מיט ספרים זיצט און שאָקלט זיך איבער אַ פאַרמאַכטן משניות דער אַלטער אַכציק־יעריקער מאַליענער שוחט — אַ קליין דאַר יידל מיט אויסגעלאָשענע אויגן און אַ טיף צערינצלטן שטערן. און אינמיטן שולעכל, אַרום דעם שטענדער פון ר׳ יאָסל מנחם׳ס, וועלכער זיצט סאַמע אין „שפּיגל״ אַקעגן אָרון קודש, שטופּן זיך צונויף אַ פּאָר מנינים יידן, פאַרחושכטע און פאַרדאגהטע. יעדער פון זיי קוקט ר׳ יאָסלען גלייך אין מויל אריין און וויל הערן, וואָס וועט ער זאָגן מכוח די געשעענישן. אַלע ווייסן אַז יאָסל מנחם׳ס איז נישט קיין נאַר; ער רעדט ווייניק, נאָר אַז ער זאָגט אַ וואָרט — איז עס געוויגן און געמאָסטן, און ער ווייסט וואָס ער רעדט.

— ווו־זשע זאָגט איר, ר׳ יאָסל, וואָס זאָלן מיר איצט טון? דער רוסישער „אָטריאַד״ וואָס גרייט זיך אונדז פאָגראָמירן און וואָס שטייט 8 ווערסט פון אונז, האָט באַפוילן מיר זאָלן זיי אָפּגעבן דאָס געווער און צושטיין צו זיי... די רומענער ווידער זיינען נאָך ווייט פון אונז, און ווען זיי וועלן אַמאָל אָנקומען — ווייסט נאָר איין גאָט... וואָס־זשע טוט מען דערווייל?

און ר׳ יאָסל ציילט ווערטער ווי פּערל:

— מיר מוזן שטיין אויף אַ וואָגשאָל — אַזוי מיין איך! דעם רוסישן אָטריאַד

שאין אור מבהיק. ילדים נרדמים בבגדיהם על זרועות אמותיהם, ומדי רגע הם מרטטים מתוך שינה בעווית.

רק בצריף־הוועד, שם מצוי כל מחסן הנשק, כדורים ורובים, שוררת עדיין המולה.

החבריה הצעירה נוטלת את הרובים למשמר הלילה, ממלאים את הכיסים בכדורים, מתלוצצים ומתבדחים, מלאי עוז, החלטיות, עליצות ועלומים.

וכשראש ה„הגנה", צלאל משה־חיה־ריווס, מסיים את הוצאת הנשק, הריהו מוכרח ערב־ערב לשאת אותו נאום, כיצד עליהם להתנהג במשך הלילה:

— שמעו־נא, ילדים! כשרק תבחינו במחנה מתקרב — אומר הוא להם בקול חרישי רזי — עליכם לשאול קודם „קטו?" אם יאמרו לכם „נאשי", אל לכם, חבריה, לעשות שהיות רבות, אלא לירות! אולם אם יענו לכם „נוי", הניחו את הנשק ואמרו: „פו־ו־פטים! פו־ופטים!"... כיוון שהללו הם הרומנים, ואותם עלינו לקבל בזרועות פתוחות, אולי הם יצילונו.

ותוך כדי כך מראה צלאל בתנועה מגוחכת־למחצה, בהרחיבו זרועותיו — כיצד על החבריה למתוח את ה„פופטים".

— אי, ר' צלאל, אילו ידע הגיניראל איזה פאטריוט רומני אתה, היה עונד לך „מידאליה" של זהב על החזה — מתלוצץ יענק'ל שכנא'ס...

— והיה ממנה אותך לשליש, מוסיף הרצל הלץ.

והחברה נפלטת אחד־אחד לתוך הרחוב.

אדם שקט, צנוע וטוב־לב היה הוא, צלאל משה־חיה־ריווס. כל ימיו היה משמש סרסור בתחנת הרכבת או אצל הפריצים שבסביבה, ובכך היה מוצא פרנסתו.

למן התחלת המלחמה היה צלאל „מסתובב" ליד האפסנאות, היה מספק שחת ושיבולת־שועל בשביל גדודי הצבא. אלא שלאחר זמן קצר ראה את עצמו „מעבר לדלת" והיה מסתובב ללא פרנסה משך זמן רב.

כשאורגנה ה„הגנה", מצא הוועד שלא יהיה זה מעוות אם צלאל משה־חיה־ריווס יועסק כמשגיח על מחסן הנשק, שינהל את פינקסי הוועד ושישמש רוכש־הנשק. „שתהיה לו פרנסה ליהודי, ובפרט ליהודי כצלאל, שמעולם לא היו לו דין־ודברים עם איש כהוא־זה". אכן, הכל היו מחבבים אותו.

✶

השלטון החדש הגיע לעיירה דווקא בעצם היום, ולא בלילה, כפי שציפה צלאל.

דאַרפֿן מיר אָפּציִען מיט הבטחות „היינט־מאָרגן", און תּוך כּדי דיבור אַוועקשיקן צוויי רייטערס צו דער רומענישער דיוויזיע, זי זאָל אַראָפּשיקן אַ ראָטע סאָלדאַטן... דאָס איז מיין מיינונג. האָט ר' יאָסל צוגעגעבן באַשיידן נאָך אַ קליינער פּויזע. הכּלל, זאָגט אַ „ברכו" — ס'איז שוין שפּעט...

פּויל צעגייט זיך דאָס בינטל. יהודה־איצע שמש צינדט אָן אַ פֿאַרויכערטן בליך־לאָמפּ, און דער עולם שלינגט אָפּ אויף גיך אַ מעריב.

*

אין גאַס ווערן טיר און טויער פֿאַרהאַקט און פֿאַרריגלט. פֿון די פֿענסטער שיינט כּמעט נישט אַרויס קיין איין שיין. קינדער ווערן איינשלאָפֿן אין אָנטועכץ באַ די מוטערס אויף די הענט, און טוען יעדע ווײַלע אַ קאָנוווּלסיוון ציטער פֿונעם שלאָף.

נאָר אין קאָמיטעט־שטיבל, וווּ עס ליגט דער גאַנצער „ארסענאל" מיט קוילן און ביקסן, איז נאָך רעשיק.

חבֿרה יונגוואַרג נעמען די ביקסן אויף דער באַנאַכטיקער שמירה, פּילן אָן די קעשענעס מיט פּאַטראָנען, וויצלען און ווערטלען זיך, פֿולע מיט דרייסטקייט, אַנטשלאָסנקייט, לוסט און יוגנטלעכקייט.

און ווען דער ראש פֿון דער זעלבסט־שוץ, בצלאל משה־חייה־ריוועס פֿאַרענ־דיקט דאָס אַרויסגעבן דאָס געווער, מוז ער יעדן אויפֿדערנאַכט האַלטן פֿאַר זיי די זעלבע דרשה, ווי אַזוי זיי זאָלן זיך נוהג זיין איבער דער נאַכט:

— הערט־טשע, קינדערלעך! ווי נאָר איר וועט דערזען אָנקומען אַ מחנה — מאַכט ער צו זיי מיט אַ שטיל סודות'דיק קול — זאָלט איר ס'ערשטע אַ פֿרעג טון „קטאָ"! וועט מען אייך זאָגן „נאַשי" — זאָלט איר, חבֿרה, נישט מאַכן קיין לאַנגע געשעפֿטן און שיסן! „אֶלאָ וועט מען אייך ענפֿערן נאַי" — זאָלט איר אַוועקלעגן דאָס געווער, און מאַכן: „פּאָ־אָ־אָפּטים! פּאָ־אָפּטים!"... ווייל דאָס זיינען די רומענער, און זיי דאַרפֿן מיר אויפֿנעמען מיט אָפֿענע אָרעמס. דערביי באַווייזט בצלאל מיט אַ ברייטן האַלב־קאָמישן זשעסט, צענעמענדיג די הענט — ווי אַזוי חבֿרה זאָל מאַכן און אויסציִען דעם „פּאָפּטים".

— איי, ר' בצלאל, ווען דער גענעראַל זאָל וויסן וואָס פֿאַראַ רומענישער פּאַט־ריאָט איר זענט, וואָלט ער אייך אָנגעטשעפּעט אַ גילדענעם „מענדאַל" אויפֿן האַרץ, חכמהט זיך יאַנקעלע שכנא'ס...

— און וואָלט אייך געמאַכט פֿאַר זיין פֿליגל־אַדיוטאַנט, גיט צו הערצל לץ.

און דער עולם שיט זיך פֿריילעך אַרויס אויף דער גאַס.

אַ שטילער, באַשיידענער, גוטמוטיקער מענטש איז ער, בצלאל משה־חייה־ריוועס, געווען. אַלע זיינע יאָרן האָט ער געמעקלערט באַ דער באַן אָדער באַ די אַרומיקע פּריצים און דערפֿון געצויגן זיין חיונה.

הקצין עם כתפיות־הזהב היפות על־גבי סוס לבן מתוח, עם כומתה גבוהה, לבנה כשלג, שמוטה עמוק עד לעיניים השחורות החיננויות, חצה בגבורה את העיירה וחייך חיוך מלכותי לכל עבר.

אנשים, נשים וטף פרצו אל הרחוב כדי להתבונן בפרצופים החדשים, עם הכובעים הצבאיים והמדים המשונים. רבים כבר קינאו בבני־ביתו של אברהם זוסיא׳ס, שהיו הראשונים לעשות הכרה עם הקצין, הואיל והוועד היה משוכן בביתו של אברהם זוסיא׳ס, והקצין סר ישר לשם.

משלחת, בראשותו של פסח הסטארוֹסטה ור׳ יוסל מנחם׳ס, הגישה לו לחם ומלח.

האוכלוסיה כולה כאילו נתנשמה ביתר קלות. כביכול אבן כבדה נגולה מעל הכתפיים, כביכול עגמה נתפוגגה מן הלב. נפטרו מהפורעים, נעלמה האימה המתמדת מפני מעשי שוד ורצח, וניתן יהיה לחיות שוב בשקט תחת ידו השלטת החזקה של חיל סדיר.

לאחר שלושה שבועות הועבר המפקד למקום מרוחק יותר, והוחלף באדם קשיש שהטיל מרתו, שלא רצה לדעת איש והתחיל מדבר קשות. יום־יום היה מוציא פקודות חדשות, כל אחת קשה ומשפילה מהברתה.

באחת השבתות בבוקר, כשיהודים התחילו נוהרים לבית־הכנסת, מתחשק לו פתאום ל„זקן" להכניס מודרניזאציה לעיירה, באמצעות „תעלות" ומדרכות.

על־פני הבתים נפוצו חיילים והוציאו לרחובות כל גבר, שיתחיל מייד בחפי־רות...

יהודים השלימו עם כל זה וסבלו הכל באהבה, בגין ההצלה מידי הפורעים, עריקי הצבא הרוסיים. אלא שאיש לא העלה על הדעת, שדווקא צלאל משה־חיה־ריווס הוא שנועד להיות השׂעיר לעזאזל בעד הקהל כולו.

*

כבר היה אחרי פסח.

האפרים נתנו ריח־דשא רענן והוריקו. אדמה, שאך זה נחרשה מסביב לכרמים, הדיפה בעוז רזי הפרייה ולידה. טלאים רכים, שחורים ולבנים, על גבי כרעיים כחושות ודקיקות, התרפקו בילדותיות על הכבשים־האימהות, ובעיני תום רחבות הסתכלו בעולמו של הקדוש־ברוך־הוא... אי־שם, לא רחוק, על גבי אבן של באֵר, היה הרועה קולע זוג סנדלים לעצמו, וכלבו הגדול, מגודל־הפרא, התחמם בעיניים מכווצות בשמש האביב, זרבוּביתו מונחת על רגליו הקדוֹמניות המתוחות.

פון אָנהויב מלחמה האָט זיך צלאל געדרייט בײַ דער „אינטענדאַנטסטוועׅ",
צוגעשטעלט היי און האָבער פאַר די „פאָלקן". נאָר גיך האָט ער זיך געזען „פון יענער זייט טיר" און זיך אומגעדרייט אָן פּרנסה אַ שטיק צייט.

ווען מ׳האָט אָרגאַניזירט די „אָבאָראָנע" האָט דער קאָמיטעט געפונען, אַז ס׳איז נישט קיין קרומע זאַך מע זאָל צלאלן משה־חיה־ריוועס צונעמען פאַר אַן אויפזעער איבערן „ארסענאַל", צו פירן די ביכער פונעם קאָמיטעט, און זיין דער איינקויפער פון געווער. „זאָל אַ ייד האָבן פּרנסה, בפרט אַזאַ ייד ווי צלאל, וואָס האָט קיינמאָל מיט קיינעם נישט געהאַט כהוא־זה"; האָט איטלעכער טאַקע געהאַלטן פון אים.

✶

די נייע מאַכט איז אָנגעקומען אין שטעטל אַריין דווקא אינמיטן העלן טאָג, און נישט באַנאַכט, ווי צלאל האָט זיך געריכט.

דער אָפיציר מיט גאָלדענע שיינע „עפּאָלעטן" אויף אַ ווייס געשטרעקט פערד, מיט אַ הויכער, ווייסער ווי שניי „פּאַפּאַכע" אָנגערוקט טיף ביז אין די שוואַרצע חנעוודיקע אויגן, האָט דורכגעריטן העלדיש דאָס שטעטל, און מלכותדיק געשמייכלט אויף רעכטס און אויף לינקס.

קינד און קייט איז אַרויס אויף דער גאַס באַטראַכטן די נייע פּנימער, מיט די נייע מאָדנע מיליטערישע היטלען און אוניפאָרמען. אַ סך האָבן שוין מקנא געווען אברהם זיסע׳ס קינדער, וועלכע האָבן די ערשטע געמאַכט קאָנטשאַפט מיטן אָפיציר, מחמת דער קאָמיטעט איז געווען ביי אברהם זיסע׳ס אין שטוב, און דער קאָמענדאַנט איז צוגעפאָרן גלייך אַהינצו.

אַ דעלעגאַציע אונטער דער אָנפירונג פון פסח סטאַראָסטע און ר׳ יאָסל מנחם׳ס האָט אים צוגעטראָגן ברויט מיט זאַלץ.

די גאַנצע באַפעלקערונג האָט ווי לייכטער אָפּגעאָטעמט. עפּעס ווי אַ שווערער שטיין זאָל זיך האָבן אַראָפּגעקאַטשעט פון די פּלייצעס, ווי אַ טע איז פונעם האַרצן אַראָפּ. געפּטרט די פּאָגראָמטשיקעס, אַראָפּ די אייביקע שרעק פאַר רויבע־רייען, און מע קען שוין ווידער רואיק זיין אונטער דער שטאַרקער האַנט פון דעם רעגולערן חיל.

נאָך דריי וואָכן איז דער קאָמענדאַנט אַריבערגעפירט געוואָרן ווייטער, און אים האָט פאַרביטן אַ גאַליגער עלטערער מאַן, וועלכער האָט קיינעם נישט געוואָלט קענען און האָט אָנגעהויבן ריידן קשות. יעדן טאָג האָט ער אַרויסגעלאָזט נייע באַפעלן, איינער שווערער און דערנידערדיקער פאַרן אַנדערן.

אין אַ שבת אינדערפרי, ווען יידן האָבן זיך געלאָזט אין שול אַריין, פאַרגלוסט זיך פלוצים דעם „אַלטן" צו מאָדערניזירן דאָס שטעטל מיט „קאַנאוועס" און טראָ־טואַרן

פתאום הרים הכלב ראשו וחידד את אזניו. מן העיירה בא במרוצת בהלה קהל רב של גברים, כשחיילים מריצים אותם ברובים שבידיהם. יהודים, קשישים וצעירים, מזוקנים ומגולחים, חיוורי־פנים ועיניהם מלאות אימת־מוות, הוצבו על־ידי החיילים במעגל גדול ;חיכו... למה? זאת לא ידע איש...

מי יודע, שמא זומן כאן לכולם המוות? קבר־אחים לעיירה כולה? מי יודע? יהודים קשישים כבר קראו „וידוי" בשפתיים חיוורות ומעוותות מדווי...

והנה הופיע „הזקן". בקדרות זעם נכנס על סוסו לאמצעיתו של המעגל והתחיל „נושא דברו":

יודע אני, כך אמר, שאתם עומדים לצד הרוסים, ומגיע לכם שאכלה אתכם ביריות מקטון ועד גדול, שלא יישאר שריד ופליט וזכר מכם...

כאן התעכב לרגע והתבונן בקהל מסביב, כדי לראות מהו הרושם שדבריו עשו על המכונסים־בכוח כבהמות, שהעיזו אותן.

צמרמורת חלפה בגבות האנשים, שיניים נקשו זו לזו, וזיעה קרה פרצה על המצחים, והשמש השתקפה זהובה בנחל הקרוב, וציפרים פיזזו חפשיות בעליצות ובצהלה על עמודי הטלגרף...

אבל אני אוכיח לכם את רוחב לבי, המשיך המפקד ואמר, ואני לא אעשה זאת...

ברק חד של תקוות שיחרור חלף בקהל, והלבבות נתרפו מכאב.

...אולם...אולם עליכם למלא בצייתנות את פקודותי כולן, והעובר עליהן כמלוא נימה, יקבל עשרים וחמש מלקות.

הקהל סבור היה, שזהו הסוף. אבל המפקד עדיין לא סיים: כדי שתדעו מה זה עשרים וחמש מלקות, יקבל אותן אחד מכם בו במקום... מי שרוצה — לי היינו הך...

כמאובנת נשארה כל עדת היהודים על עמדה במעגל. „בעל־השררה" החליק שפמו במשובה נעורים, ובסבלנות אדישה וצמאת־דם ציפה דקות מספר, אבל איש לא נע ממקומו, כמסומרים אל הדשא הירוק הריחני. זיעה חמה וקרה כיסתה חליפות את הקהל מכף רגל ועד ראש, אבל איש לא נתמלא עוז להיענות לעונש חינם...

אף לא איש? הפליט המפקד באירוניה, אם כן קחו את „הראבין"...

דממת מוות נקרשה באוויר.

מן המעגל נפרדה דמותו הגבוהה, הכפופה, עם הזקן המחודד, של צלאל משה־חיה־ריווס, שבצעדים לא בטוחים ניגש עד לסוסו של המפקד ואמר בקול־הכנעתו המתוק בלחש, תוך כדי הרחבת ידיו:

איבער די שטיבער האָבן זיך צעלאָזט סאָלדאַטן און אַרויסגעטריבן ווו אַ מאַנס־ביל, מע זאָל זיך שוין נעמען גראָבן די גאַסן...

יידן האָבן אַלעס אָנגענומען פאַר ליב און עס באהבה איבערגעטראָגן צוליב דער גרויסער רעטונג פון די צעווילדעוועטע רוסישע פּאָגראָמטשיקעס, אַנטלויפנדיקע חיילות. נאָר קיינעם איז אַפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען, אַז צלאל׳ן משה חיה ריוועס איז באַשערט צו זיין אַ שעיר לעזאזל פאר גאַנץ קהל.

✶

ס׳איז שוין געווען נאָך פסח.

די שעסן האָבן פריש־גראָזיק געשמעקט און זיך געגרינט. נאָרוואָס צעאַקערטע ערד אַרום די וויינגערטנער פונעם שטעטל האָט דופטיק געזעצט אין דער נאָז אריין מיט סודות פוןָ באַפרוכפערן און געבוירן. יונגעטשקע שוואַרצע און ווייסע לעמעלעך אויף הויכע דארינקע פיסלעך האָבן זיך קינדיש געטוליעט צו די מאַמעס־שאָף און מיט נאַיווע אומשולדיקע אייגעלעך אויף גאָטס גוטער וועלט געקוקט... ערגעץ נישט ווייט, אויפן שטיין פון אַ קערנעצע, האָט דער פּאַסטוך זיך געפלאָכטן אַ פּאָר שיך, און זיין גרויסער פאַרוואַקסענער הונט האָט מיט פאַרזשמורעטע אויגן זיך געוואַרעמט אויף דער פרילינגס זון, אַנידערלייגנדיק זיין מאָרדע אויף די פעדערשטע צוויי אויסגעצויגענע לאַפּעס.

פּלוצים האָט דער הונט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אָנגעשפּיצט די אויערן. פונעם שטעטל איז געלאָפן אַ צעשראָקענע כמאַרע מענער, געטריבענע פון סאָל־דאַטן מיט די ביקסן אין די הענט.יידן, עלטערע און יונגערע, מיט בערד און געגאָלטע, מיט בלאַסע פּנימער און אויגן פול מיט טויטשרעק, זיינען פון די סאָל־דאַטן אויסגעשטעלט געוואָרן אין אַ גרויסן ראָד, און געוואַרט... אויף וואָס? דאָס האָט קיינער נישט געוווּסט...

ווער ווייסט, אפשר איז פאַר זיי אַלעמען דער טויט דאָ צוגעטראַכט? אַ ברודער־קבר פאַרן גאַנצן שטעטל? ווער ווייסט? עלטערע יידן האָבן שוין שטיל „וידוי“ געזאָגט מיט בלייכע און קרענקלעך פאַרקרומטע ליפּן...

באַלד האָט זיך באַוויזן דער „אלטער“. ער איז כמורנע אַריינגעפאָרן מיטן פערד אין דער מיט ראָד און גענעמען האַלטן אַ דרשה:

איך ווייס, האָט ער געזאָגט, אַז איר אַלע האַלט מיט די רוסן, און ס׳וואָלט אייך געקומען איך זאָל איין אַלע אויסשיסן פון קליין ביז גרויס, אַז סע זאָל פון אייך קיין זכר, קיין שריד ופליט נישט בלייבן...

דאָ האָט ער זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און אַרומגעקוקט דעם עולם, כדי צו זען וואָס פאַר אַ געוואַלדיקן איינדרוק זיינע ווערטער האָבן געמאַכט אויף די צונויפגעטריבענע ווי שטומע בהמות מענטשן.

אַ שוידער איז אַדורך אַלעמענס פלייצעס, און ציין האָבן אויף ציין געקלאַפּט,

— לא, אדוני המפקד, במקום הרב־רבנו, מוטב כבר שתלקה אותי. פופ־טים.
וצלאל התחיל מתיר את בגדיו...

(הסיפור, שהוא מעשה שהיה, ראה אור ב„אונזער צייט" בשני המשכים: ב־1 ביוני וב־3 ביוני 1931)



בית הלווינטאלים: מימין — השלט של רופאת־השיניים מ. לווינטאל; משמאל — חלון הראווה של הצלמניה; באמצע עומדים מנדיק פרידמן, מויסיי ויינשטיין ושתי „ארנבות" מרומניה / לעווינטאַלס הויז: רעכטס — דער שילד פון ציין־דאָקטאָר מ. לעווינטאַל; לינקס — שויפענצטער פון דער פאָטאָגראַפיע; אין מיטן שטייען מענדיק פרידמאַן, מויסיי וויינשטיין און צוויי „האָזן" פון רומעניע

און קאַלטער שוויס האָט אויף שטערנס אַרויסגעזעצט, און זון האָט זיך גאַלדיק געשפּיגלט אין נאָענטן טייכל. און פייגעלעך האָבן פרייע, לעבעדיק און פריילעך אויף די טעלעגראַפן־דראָטן געטאַנצט...

אָבער איך וועל אייך ווייזן ווי גרויס האַרציק איך בין, האָט דער קאָמענדאַנט ווייטער גערעדט, און איך וועל דאָס נישט טון...

באַם עולם איז דורכגעלאָפן אַ שאַרפער בליץ פון האָפענונג און באַפרייאונג, און די הערצער האָבן זיך ווייטיקלעך אָפּגעגאַנגען.

...אָבער... אָבער איר מוזט געהאָרכזאַם אויספאָלגן אַלע מיינע באַפעלן. ווער עס וועט עובר זיין אויף אַ האָר, וועט באַקומען פינעף און צוואַנציק שמיץ.

דער עולם האָט געמיינט, אַז ס'איז שוין אַ סוף. נאָר דער קאָמענדאַנט האָט נאָך נישט געענדיקט: בכדי איר זאָלט וויסן, וואָס דאָס איז אַזוינס פינעף און צוואַנציק שמיץ, וועט איינער פון אייך ד'י באַקומען טאַקע דאָ אויף דעם פּלאַץ... ווער עס וויל — מיר איז אַלץ איינס...

ווי פאַרשטיינערט איז געבליבן שטיין די גאַנצע עדה יידן אין ראָד. דער שררה האָט זיך וואויל־ייִנגעריש געגלעט די וואָנצעס און געדולדיק קאַלט־בלוטיק געוואַרט אַ פּאָר מינוט, נאָר קיין מענטש האָט זיך נישט גערירט פונעם אָרט, ווי צוגעטשוועקעוועט צום גרינעם שמעקנדיקן גראָז. הייסער און קאַלטער שוויס האָט באַגאָסן דעם עולם פון קאָפּ ביז די פיס, נאָר קיינער האָט נישט געהאַט קיין מוט זיך אָפּצורופן אויף דעם אומזיסטיקן עונש...

קיינער נישט? האָט איראָניש אַ זאָג געטאָן דער קאָמענדאַנט, טאָ נעמט זשע דעט „ראַבין"...

אַ טויטע שטילקייט איז פאַרגליווערט געוואָרן אי'ן דער לופטן.

האָט זיך פון דעם ראָד אָפּגעטיילט די הויכע, איינגעהויקערטע פיגור מיטן שפּיציכדיקן בערדל פון צלאל משה־חיה־ריוועס, וועלכע איז מיט נישט זיכערע טריט צוגעגאַנגען ביז צום פערד פונעם קאָמענדאַנט, און אַ זאָג געטאָן קוים־קוים מיט זיין זיסער הכנעהדיקער שטימע, צענעמענדיק דערביי די הענט:

— ניין, הער קאָמענדאַנט, איידער אונדזער רב, טאָ שמייסט־זשע בעסער מיך. פּאָפּ־טים.

און צלאל האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן צו צעשפּיליען...

(די דערציילונג, וואָס איז אַ מעשה־שהיה, איז געווען געדרוקט אין „אונזער צייט" אין צוויי המשכים: דעם 1־טן און דעם 3־טן יוני 1931)

אשר וולדמן/ריו־דה־ז׳אניירו

# „קולטור־ליגה" בעיירה

קבוצת יוזמת בהרכב: יאשה דלוגאטש, בונופארט, ד"ר צוקר, מרדכי בוטשא־טשר, איסאק זוננשיין, אלתר לרמן, פיניה גולדנברג ואחרים, שאת שמותיהם איני זוכר עוד, ייסדה את „הקולטור־ליגה" הבריטשיבאית.

עד היום אין אני יכול להבין ואיני מסוגל להסביר לעצמי על שום מה נטלתי אני, בתור צעיר, חבל בקבוצה יוזמת זו מייד לאחר הקמתה, ומאוחר יותר, למן 1924 ועד לזמן שבו נפסקה פעולתה של "הקולטור־ליגה", שימשתי כמזכיר כללי שלה, ובמשך השנים ההן גם היה לי הכבוד לשמש פעמים מספר יושב־ראש זמני בה.

הצעדים הראשונים של פעולתנו התבטאו בכך, שמרצים שונים היו קוראים הרצאות לנוער על הנושאים הבאים: יאשה דלוגאטש — המהלך הכללי של ההיס־טוריה העולמית; ד"ר צוקר — היגיינה בשירות הציוויליזאציה; בונופארט — כלכלה מדינית: מוטל גלייזר — היסטוריה של העם היהודי וספרות.

עלי להוסיף כי חרף ההרצאות, שהיו לא־מפלגתיות, היתה כוונת המייסדים המפורשת להקים ארגון שמאלי, שיכין קאדרים של עסקנים סוציאליסטיים.

לאחר זמן החל הנוער הבריטשיבאי להתעניין בפעולתנו, והחלו להצטרף הרבה חברים. בין היתר: משה ויינשטיין, הירש־לייב דאַנמן, שבע אֶפלבוים, שרה באראד, ביילה וולדמן, פייגה בונדר, רוזה צימרמן, דוד בונדר, יוסל וולדמן, זוסיא שפילברג, מירל וולדמן, מרדכי זיסמן, ברכה באראד ואחרים. אם לא רשמתי כמה שמות של חברים, הריני מבקש סליחה, כי ארבעת התקפי־הלב, שעברו עלי כאן בבראזיל, גרמו לכך, שזכרוני נחלש.

אשר וואָלדמאַן / ריאָ־דע־זשאַניירא

# „קולטור־ליגע“ אין שטעטל

אין יאָר 1920 האָט אַן איניציאַטיוו־גרופּע, צוזאַמענגעשטעלט פון: יאַשע דלוגאַטש, באָנאָפּאַרט, ד״ר צוקער, מרדכי בוטשאַטשער, איסאַק זאָנענשיין, אלתר לערמאַן, פּיניע גאָלדענבערג און אַנדערע, וואָס זייערע נעמען געדענק איך שוין נישט, געגרינדעט די ברישעווער קולטור־ליגע.

ביז היינט צו טאָג קען איך נישט פאַרשטיין און קען מיר אַליין נישט דערקלערן פאַרוואָס איך, אַלס יוגנטלעכער, האָב תיכּף אָנטייל גענעמען אין דער גרופּע, און שפּעטער, פונעם יאָר 1924 ביז דער צייט וואָס די טעטיקייט פון דער קולטור־ליגע האָט זיך איבערגעריסן, בין איך געווען דער גענעראַל־סעקרעטאַר, און אין דער צייט האָב איך געהאַט דעם כבוד צו זיין אייניקע מאָל פּראָוויזאָרישער פאָרזיצער.

די ערשטע טריט פון אונדזער טעטיקייט האָבן זיך אויסגעדרוקט אין דעם, וואָס פאַרשידענע רעדנער האָבן געהאַלטן רעפעראַטן פאַר דער יוגנט אויף פאָלגנדיקע טעמעס: יאַשע דלוגאַטש — אַלגעמיינער גאַנג פון אַלוועלטלעכער געשיכטע; דאָקטאָר צוקער — היגיעניע אין דינסט פון דער ציוויליזאַציע; באָנאָפּאַרט — פּאָליטישע עקאָנאָמיע; מאָטל גלייזער — יידישע געשיכטע און ליטעראַטור.

איך מוז צוגיבן, אַז כאָטש אָפיציעל זענען די רעפעראַטן געווען אומפּאַרטייאיש, אָבער די כוונה פון די גרינדער איז בפירוש געווען צו שאַפן אַ לינקע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל צוגרייטן קאַדרען פון סאָציאַליסטישע טוער.

שפּעטער האָט די ברישעווער יוגנט זיך אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן אין אונדזער טעטיקייט, און ס׳האָבן אָנגעהויבן צוקומען זייער פיל חברים. צווישן אַנדערע: משה וויינשטיין, הערש־לייב דענמאַן, שבע עפּלבוים, שרה באַראַד, ביילע וואָלדמאַן, פייגע באָנדער, ראָזע צימערמאַן, דוד באָנדער, יאָסל וואָלדמאַן, זיסע שפּילבערג, מירל וואָלדמאַן, מרדכי זיסמאַן, ברכה באַראַד און נאָך אַנדערע. אויב

אנסה למנות כאן את התוצאות החיוביות שבאו לאחר פעולתנו (ברור שכולן בשטח התרבותי), מה שבכוחות עצמנו ובמאבק עקשני הצלחנו ליצור:

1) בית ספר עממי יידי;

2) גן־ילדים (בו היו נותנים לילדים ארוחת בוקר);

3) שיעורי־ערב למבוגרים;

4) בית ספר מקצועי לבנות (את מכונות התפירה שלחה חברת „ארט", הסניף הקישינובי);

5) ספרייה;

6) תיאטרון יידי.

בנוסף לכך התקיימו כל שבת אחרי הצהריים אסיפות וויכוחים.

בידינו עלה להביא לבריטשיבה לעיתים קרובות סופרים ושחקנים, ביניהם: אלעזר שטיינבארג, איציק מאנגר, הרץ גרוסבארד, מוריס שווארץ וגם את „הלהקה הווילנאית". כאן אני מוצא חובה לספר, שאת „הלהקה הווילנאית" הצלחנו להביא הודות לכך, שידידנו משה מסטר מימן את הפעולה. הוא בא באותו זמן לבריטשיבה מבראזיל לשם ביקור.

המורים שעבדו במוסדותינו היו: יאשה דלוגאטש, מוטל גלייזר, גולדה גאנדלמן וקאלוז'נאיה.



איך האָב נישט פאַרצייכנט נאָך אייניקע נעמען פון חברים, בעט איך אַנטשולדיקן, ווייל 4 מאָל האַרץ־אַטאַקעס, וואָס איך האָב געהאַט דאָ אין בראַזיל, האָבן געבראַכט דערצו אַז מיין זכרון זאָל שוואַך ווערן.

איך וועל פּרוּוון ד'אָ אויסרעכענען די פּאָזיטיווע רעזולטאַטן, וואָס אונדזער טעטיקייט האָט געגעבן, געוויינטלעך אַלע אויפן קולטורעלן געביט; וואָס מיר האָבן מיט אייגענע כוחות און עקשנותדיקן קאַמף דערגרייכט צו שאַפן:

1) אַ ידישע פאָלק־שול;

2) אַ קינדער־גאָרטן (ווו מע פלעג די קינדער גיבן פרישטיק);

3) אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע;

4) אַ פּראָפעסיאָנעלע מיידל־שול (די ניי־מאַשינען האָט געשיקט די געזעלשאַפט „אָרט", קעשענעווער אָפּטיילונג);

5) אַ ביבליאָטעק;

6) אַ יידיש טעאַטער.

אַ חוץ דעם זענען אַלע שבת באַטאָג פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס.

אונדז איז געלונגען צו ברענגען קיין בריטשעווע אָפטמאָל פאַרשידענע שרייבערס און אַרטיסטן, צווישן וועלכע: אליעזר שטיינבאַרג, איציק מאַנגער, הערץ גראָסבאַרד, מאָריס שוואַרץ און אויך די ווילנער טרופּע. דאָ געפין איך פאַר נויטיק צו דערציילן, אַז די ווילנער טרופּע איז אונדז געלונגען צו ברענגען אַ דאַנק דעם וואָס אונדזער פריינט משה מעסטער האָט פינאַנסירט די אונטערנעמונג. ער איז צו יענער צייט געקומען אויף אַ באַזוך צו גאַסט אין בריטשעווע, פון בראַזיל.

לערער האָבן מיר געהאַט: יאַשע דלוגאַטש, מאָטל גלייזער, גאָלדע גאַנדעלמאַן און די קאַלווישנאַיאַ.

→ יאשה דלוגאטש עם קבוצת תלמידים
יאַשע דלוגאַטש מיט אַ גרופּע שילערס

שמעון פרנס / רחובות

# בנים ואבותיהם

א

בריטשיבה עיירתי, כשהתיישבתי כעת, אחרי 37 שנה שלא ראיתיך, ואני מנסה להעלות זכרונות על ימי־נעורים ברחובותיך הקטנים והחביבים, הרי אני יודע שהזכרון הולך כבר ומטעה מפעם לפעם. ובכל זאת אני רואה לפני העיניים את הבתים הקטנים, ואני חש את הלבבות החמים של העיירה היהודית בימים ההם, את הנוער שחיפש פתרונות לבעיות העם היהודי, את ההורים שעשו מאמצים על־אנושיים להקמת בית־הספר „תרבות" מתוך רצון־ברזל, שילדיהם ילמדו בבית־ספר עברי דווקא. האם אפשר לשכוח את תרומתם לתחייה העברית בימים ההם של המורים: פישמן, ברמן, גולירגאנט ועוד?

זכורני, ואני עודני ילד, וכמו כל ילד להוט הייתי אחרי שינויים, אחרי החדש, ועל־כן הייתי מסתכל ברטט ובהערצה בקבוצת החלוצים הראשונים, שהגיעו מאוקריינה אחרי מלחמת־העולם הראשונה לבריטשיבה וקבעו את ביתם לא רחוק מבית אבי ב„רזרוואר" (בתקופה יותר מאוחרת היה זה ביתו של השאף דה־פוסט). אני זוכר את השירה שבקעה מבית זה כל ערב, את ה„מגן־דוד" ששתלו מכל מיני פרחים ליד ביתם — כל זה משך אותנו, ילדי בית־הספר; כל יום אחרי הלימודים הלכנו ישר לביתם. כל מלה שיצאה מפיהם היתה בשבילנו עולם מלא: הם הרי יזכו בקרוב לעלות לארץ־אבותינו, ומי יודע מתי יגיע התור שלנו.

קבוצת החלוצים הביאה, לדעתי, לעיירתנו את בשורת הציונות המתגשמת; הם יחד עם בית־הספר העברי, שניהם הדליקו את האהבה לעברית ולארץ־ישראל.

שמעון פרנס / רחובות

# קינדער און זייערע עלטערן

## א

מיין שטעטעלע בריטשעווע! אַז איך קלער וועגן דיר היינט, נאָך 37 יאָר, און איך פּרוּווּ מיך דערמאָנען מיין יוגנט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין דײַנע קליינע און ליבע געסלעך, פּיל איך אַז דער זכרון הייבט ביסלעכווייז אָן פאַרטוישן זאַכן. און כאָטש אַזוי, שטייען מיר פאַר די אויגן דיינע קליינע הייזלעך, און איך פּיל דעם ווּאַרעמען אָטעם פונעם שטעטל פון יענע יאָרן; איך זע די יוגנט, וואָס האָט געזוכט לעזונגען צו די אַלע יידישע פּראָבלעמען; כ׳זע די עלטערן, וועלכע האָבן מיט אַן אייזערנעם ווילן און איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען געגרינדעט אַ „תרבות“־שול, כדי זייערע קינדער זאָלן לערנען אין אַ העברעישער שול. צי קאָן מען פאַרגעסן דעם צושטייער, וואָס ס׳האָבן געגיבן פאַר דער אויפלעבונג פון דער העברעישער שפּראַך די לערערס: פישמאַן, בערמאַן, פּיני גאָלערגאַנט און אַנדערע.

איך געדענק, כ׳בין נאָך געווען אַ קינד, און ווי יעדעס קינד האָט מיך פאַראינטריגירט אַלעס נייע, יעדע ענדערונג. דעריבער האָב איך געקוקט מיט פאַרערונג און אָפּשיי אויף דער ערשטער גרופּע חלוצים, וואָס זענען געקומען פון דער אוקריינע נאָכן ערשטן וועלטקריג קיין בריטשעווע, און זיי האָבן געוווינט נישט ווייט פון מיין פאָטערס הויז אין „רעזערוואַר“. אין דער שפּעטערדיקער תקופה איז דאָס הויז געווען דער זיץ פונעם „שעף דע פּאָסט“. איך דערמאָן מיך אין די לידער, וואָס האָבן אַרויסגעקלונגען פון אָט דעם הויז יעדן אָוונט; אין דעם מגן־דוד, געמאַכט פון כל מיני בלומען מיט וועלכן זיי האָבן באַפּוצט דאָס פּלאַץ לעבן זייער הויז — דאָס אַלץ האָט אונדז, שולקינדער, פאַרכאַפּט. יעדן טאָג, נאָך די לימודים, זענען מיר גלייך אַוועק צו זייער הויז; יעדעס וואָרט וואָס זיי האָבן אַרויסגערעדט, איז פאַר אונדז געווען אַ גאַנצע וועלט: זיי וועלן דאָך בקרוב זוכה

תנועת הנוער הראשונה, שהוקמה היתה „מכבי", שפיתחה את תרבות הגוף. חבריה היו גם חוטבי־עצים, כדי להתכונן לעבודה גופנית בארץ. זכורני איך היו מתאספים בחולצות תכלת־לבן בחצרו של אברהם־יוסף גוטמן, לשם פעולות ספורט שונים; המועדון שלהם היה מקושט בשרשראות של נייר תכלת־לבן ובתמונות גדולות של הרצל וביאליק.

אחר כך היתה „התחי׳ה", עם נוער יותר מבוגר — כל אלה השפיעו עלינו, ילדי „תרבות" דאז, השפעה רבה לקראת עתידנו.

זכורני, ואני עודי ילד בבית־הספר „תרבות", נשלחתי על־ידי אבי ז"ל, ישעיה, בשבת בבוקר אל שמעון בוקארשטר, סוחר עצים, למסור לו, כנראה, איזו הודעה. בדרך פגשתי את קבוצת „מכבי" מבריטשאן, שהגיעה באותה שבת לתחרות־הכדורגל הראשונה בעיירה. כל העיירה חיכתה בקוצר רוח לתחרות זו, היות ושמעיה הכרוז הודיע ביום ששי בקול רם ברחובות (על מודעות לא ידעו אז), כי למחרת תהיה מלחמה אכזרית בין המכבים, והקהל מתבקש לבוא ולראות.

הלכתי בשקט אחרי הקבוצה מתוך סקרנות לשמוע מה הם מדברים — והם דיברו עברית. בהגיעם עד לביתו של חיים־אהרון אייזנשטיין, רבץ שם כלב, ועל־ידו חתולה. אמר האחד אל רעהו: אתה רואה? בעיירה קטנה זו התקיים חזון הנביא „וגר זאב עם כבש"... בצהריים היתה כל העיירה מאחורי גן־העיר במגרש הריק, בדרך־ליידיניץ, לחזות במלחמה...

הנוער שלנו ידע להתארגן בכל תנועות שהן, ברובן המכריע ציוניות, אבל גם שמאליות. מי אינו זוכר את ה„קולטור־ליגה" ופעולותיה, את „השומר הצעיר"? נוער שחיפש דרך בחיים, נוער שלמד ונוער שעבד, אם בתור עוזרים בחנויות ואם בבית־מלאכה כדי ללמוד מקצוע.

התנועה הגדולה ביותר בעיירה, שהצליחה לרכז בשורותיה מאות חברים וחברות, היתה תנועת הנוער הציונית־חלוצית „גורדוניה".

היא נוסדה כסניף הרביעי בביסאראביה, ז.א. שרק שלושה סניפים קדמו לו. אחר־כך קמו עשרות סניפים ביתר הישובים. הסניף שלנו הצליח לרכז בשורותיו את רוב הנוער; מדריכיה היו מהפעילים ביותר, אם בפעולות חינוך ערב־ערב, אם בטיולים ביער ליד הנחל הקטן בדרך לטירנובה, אם ליד הריאוט בדרך ליידינץ ואם בכינוסים אזוריים.

כל זה השפיע על בני־הנוער, והוא הצטרף לשורותינו. ידעה תנועה זו לא רק לחנך לחיי קיבוץ, אלא גם לקרב אל צורות שונות בחיי הארץ.

זכורני, שאחת הפעולות שאני העברתי, היתה על הנושא „חיי המושב בארץ".

זיין עולה צו זיין אין דעם לאַנד פון אונדזערע אָבות, און ווער ווייסט ווען מיר וועלן דערצו קומען! די־אָ גרופּע חלוצים האָט, נאָך מיין מיינונג, געבראַכט אין אונדזער שטעטל די בשורה פון דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג, זיי, צוזאַמען מיט דער העברעישער שול, האָבן אָנגעצונדן די ליבשאַפט צו העברעיש און צו ארץ־ישראל.

די ערשטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע וואָס איז געגרינדעט געוואָרן, איז געווען „מכבי", וואָס האָט אַנטוויקלט די פיזישע קולטור. אירע מיטגלידער זענען אויך געוואָרן האַלצהעקער, כדי זיך אַזוי אַרום צוגרייטן צו פיזישער אַרבעט אין ארץ. איך געדענק ווי זיי פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין די בלאָ־ווייסע בלוזעס אין הויף פון אברהם־יאָסל גוטמאַן, כדי דורכצופירן פאַרשידענע ספּאָרט־איבונגען. זייער קלוב איז געווען באַפּוצט מיט בלאָ־ווייסע פאַפּירענע לענטעס און מיט גרויסע בילדער פון הערצל און ביאַליק. שפּעטער איז אַנטשטאַנען די „התחיה" פאַר עלטערע יוגנט־לעכע. די אַלע האָבן אויף אונדז, שולקינדער פון „תרבות", געהאַט אַ קאָלאָסאַלע השפּעה, געוואָרן וועגווייזערס צו אונדזער צוקונפט.

איך געדענק, זייענדיק נאָך אַ תלמיד פון דער „תרבות"־שול, בין איך פון מיין פאָטער ז"ל געשיקט געוואָרן אין אַ שבת אינדערפרי צו שמעון בוקאַרעשטער דעם האַלץ־סוחר, אין עפּעס אַ שליחות. אויפן וועג האָב איך באַגעגנט אַ גרופּע „מכבי" פון בריטשאַן, וועלכע איז אין דעם שבת אָנגעקומען צו דעם ערשטן פוטבאַל־מאַטש אין אונדזער שטעטל. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד אויף דער שפּיל, נאָכדעם ווי שמעיה דער שרייער האָט פרייטיק הויך אויסגערופן אין די גאַסן (פון קיין פלאַקאַטן האָט מען נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט) אַז מאָרגן וועט פאָרקומען אַ מוראדיקע מלחמה צווישן די מכבים, און דער עולם ווערט געבעטן צו קומען און זען.

איך בין שטילערהייט נאָכגעגאַנגען פון הינטן נאָך דער גרופּע, פון נייגעריקייט צו הערן וואָס זיי רעדן, זיי האָבן גערעדט עברית. אָנקומענדיק ביזן הויז פון חיים־אהרון אייזנשטיין, איז דאָרט געליגן אַ הונט. און לעבן אים אַ קאַץ. האָט איינער געזאָגט צום צווייטן: דו זעסט? אין דעם קליינעם שטעטל איז מקוים געוואָרן די נבואה: „וגר זאב עם כבש"... צו מיטאָג איז דאָס גאַנצע שטעטל געווען היינטערן סטאַטישן גאָרטן, אויפן ליידיקן פּלאַץ, אויפן וועג קיין יעדינעץ — זען די מלחמה...

אונדזער יוגנט האָט זיך געקענט אַריינפּאַסן אין אַלערליי אָרגאַניזאַציעס, מיינס־טייל אין ציוניסטישע, אָבער אויך אין לינקע. ווער געדענקט נישט די „קולטור־ליגע" און איר טעטיקייט, דעם „השומר־הצעיר"? אַ יוגנט וואָס האָט געאַרבעט, סיי ווי משרתים אין געשעפטן און סיי אין וואַרשטאַטן, כדי צו לערנען אַ פאַך.

די גרעסטע באַוועגונג אין שטעטל, וואָס האָט באַוויזן צוצוציען אין אירע רייען הונדערטער חברים און חברות, איז געווען די ציוניסטיש־חלוצישע יוגנט־באַוועגונג „גורדוניה". זי איז געגרינדעט געוואָרן ווי אַ פּערטער סניף אין בעסאַראַביע, ד. ה. אַז נאָר דריי סניפים זענען געגרינדעט געוואָרן פאַרן בריטשעווער, שפּעטער זענען צענדליקע סניפים אַנטשטאַנען אין פאַרשידענע ישובים. אונדזער סניף האָט



גורדונאיות עם מדריכן משה גולדנצווייג ז״ל / גאָרדאָניסטקעס מיט זייער אָנפירער משה גאָלדנצווייג ז״ל

פגישת־מנהלים גלילית של „גורדוניה" בבריטשיבה





**פעילי „גורדוניה" עם נציגי המרכז / מיט די פאַרשטייערס פון צענטער**

**גורדונאים עם שליח מהארץ / גאָרדאָניסטן מיטן שליח פון ארץ (ח׳ עובד, קיבוץ יפעת)**



ינקתי את הידיעות מתוך המאמרים, שהופיעו באותו זמן ב„צוקונפט" האמריקאי בחתימתו של א. ליאָסין. באיזו הקשבה הקשיבו הנערים על חיי השיתוף במושב, על צורותיו השונות.

תנועתנו ידעה גם להקים את תנועת „העובד", ומדריכינו הדריכו גם את חבריה. תנועת „העובד" התבטאה בארגון ילדי עובדים ובעלי־מקצוע שונים לעלייה לארץ.

עדות לעמל הרב, שהושקע בנוער שלנו, הם חבריה הנמצאים כיום בקבוצות: מסדה, חולדה, ניר־עם, חניתה וכו', ממשיכי דרך הקבוצה, כפי שחונכו, ומאות חבריה הנמצאים מחוץ לקבוצות ולקיבוצים והפזורים בכל ישובי הארץ. ויש לציין בסיפוק, שאף אחד מחבריה לא ירד עד היום מהארץ. כולם הכו שרשים בכל פינות החיים במדינה.

חברי תנועתנו בבריטשיבה ידעו גם להתגייס לכל הפעולות הלאומיות: הקרן־הקיימת וקרן־היסוד, הפצת הספר העברי, ואפילו הראו את כוחם בהצלחה על הבמה בהצגות שונות של שלום־עליכם, פרץ, שלום אש ואחרים. בכל הצגה הוסיפו קטעים שונים מחיי הארץ ובעיותיה. באחת ההצגות הצליחו להביא תמונה גדולה של ירושלים, והח' יוסף פרנס שר את השיר המפורסם „מעל פסגת הר הצופים", והקהל היה כל כך נלהב, שהיו נאלצים לחזור על השיר פעמיים.

הנה מונחת לפני תכנית משנת 1931 על הצגה (ביידיש) בשם „עם הזרם" של שלום אש, אבל לא הסתפקו במחזה. בנוסף לשתי המערכות מופיעים גם: השיר „אנו עולים ושרים", תמונה מחיי העדה התימנית בארץ, החלוץ, ותמונה אחרת — „נודד אני".

ב

ידענו גם לרכז את תשומת־לב המבוגרים לפעולתנו ולהראות להם איך הם צריכים לחנך את ילדיהם לקראת העתיד. ואכן, ברצוני להדגים זאת בשתי דמויות:

בספרו של גורקי „האם" מסופר על אשה, שהיתה עוזרת בדרכים שונות למהפכנים באותה תקופה. אני זוכר אם כזאת גם בעיירתנו, היא מינדל גולדנצווייג ז"ל. בצעירותה מת עליה בעלה, והיא נשארה עם שלושה ילדים. בנה המבוגר משה החל לשאת בעול הפרנסה עוד לפני היותו בר־מצווה. יחד עם זה הצטרף, כמו רבים, לתנועת־הנוער „גורדוניה" וקיים בעצמו אותה מזיגה של אהבה לאם

באַוויזן אַריינצונעמען אין זיינע רייען דאָס רוב פון דער יוגנט. אירע מדריכים זענען געווען די טעטיקסטע, די פעיקסטע, הן מיט זייערע דערציערישע לייסטונגען, הן מיטן אָרגאַניזירן אויספלוגן אין וואַלד, צום טייך אויפן וועג קיין טערנעווע, אָדער לעבן טייך רעוועט אויפן וועג קיין יעדינעץ, אָדער מיט רעגיאָנאַלע קאָנפערענצן. דאָס אַלץ האָט משפיע געווען אויף דער יוגנט, זיי צוגעצויגן אין אונדזערע רייען. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט נישט נאָר פאַרשטאַנען צו דערציען די יוגנט צו אַ קיבוץ לעבן, נאָר זי אויך דערנענטערט צו די פאַרשידענע פאָרמען אין לעבן פון ארץ.

איך געדענק, אַז איינע פון די אַרבעטן, וואָס איך האָב דורכגעפירט, איז געווען אויף דער טעמע: „דאָס לעבן פון מושב אין ארץ״. איך האָב מיך אין דער דאָזיקער אַרבעט סומך געווען אויף אַ סעריע אַרטיקלען, וועלכע זענען אין יענער צייט דערשינען אין ניו־יאָרקער „צוקונפט״, געשריבן פון א. ליעסין.

מיט וואָס פאַר אַ אויפמערקזאַמקייט האָבן זיך די יוגנטלעכע צוגעהערט צו די רעפעראַטן וועגן קאָלעקטיוון לעבן אין מושב, וועגן זיינע פאַרשידענע פאָרמען.

אונדזער באַוועגונג האָט אויך פאַרשטאַנען צו גרינדן די אָרגאַניזאַציע „העובד״, און אונדזערע מדריכים האָבן אויך אירע מיטגלידער מדריך געווען. די אָרגאַניזאַציע „העובד״ האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן אַרבעטער־קינדער און פאַך־מענטשן און זיי צוגרייטן עולה צו זיין קיין א״י. עדות פון די דערציערישע אַרבעטן, וואָס אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט אַריינגעלעגט אין אונדזער יוגנט, זענען אירע געוועזענע מיטגלידער, וואָס געפינען זיך היינט אין די קבוצות: מסדה, חולדה, ניר־עם, חניתה און אַנדערע, וואָס זענען ממשיך זייער קבוצה־טעטיקייט, לויט ווי זיי זענען דערצויגן געוואָרן. אַזוי אויך די הונדערטער געוועזענע מיטגלידער, וואָס געפינען זיך מחוץ די קבוצות און קיבוצים און זענען פאַרשפּרייט אין אַלע ישובים פונעם לאַנד. און ס׳איז מיט אַ באַזונדערע באַפרידיקונג צו פאַרצייכענען, אַז קיין איינציקער פון אירע מיטגלידער איז ביזן היינטיקן טאָג נישט קיין „יורד״ פונעם לאַנד; אַלע האָבן זיך איינגעוואָרצלט אין אַלע ווינקעלעך פונעם לאַנד.

די מיטגלידער פון דער באַוועגונג אין בריטשעווע האָבן זיך מאָביליזירט צו אַלע נאַציאָנאַלע אַרבעטן: קרן־קימת, קרן־היסוד, צו העלפן פאַרשפּרייטן דאָס העברעישע בוך, און זיי זענען אפילו מיט דערפאָלג אויפגעטרעטן אויף דער בינע אין פאַרשידענע פאָרשטעלונגען פון שלום־עליכם, פּרץ, שלום אַש און אַנדערע. באַ אַלע פאָרשטעלונגען זענען צוגעגיבן געוואָרן פראַגמענטן וועגן ארץ־ישראל און אירע פּראָבלעמען. אין איינער אַ פאָרשטעלונג איז געלונגען צו ברענגען אַ גרויס בילד: ירושלים, און דער ח׳ יוסף פרנס האָט געזונגען דאָס באַקאַנטע ליד „מעל פסגת הר הצופים״. דאָס פובליקום איז אַזוי באַגייסטערט געוואָרן, אַז מ׳האָט דאָס ליד געמוזט צוויי מאָל איבערחזרן. אָט ליגט פאַר מיר אַ פּראָגראַם פונעם יאָר 1931, וועגן דער פאָרשטעלונג „מיטן שטראָם״ פון שלום אַש. אָבער מ׳האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט דער פּיעסע. צו די צוויי אַקטן ווערט אויך צוגעגיבן דאָס ליד „אנו

הסתדרות נוער עממית חלוצית „גורדוניה"

# פראגראם



**פונם אונט, אויפגעפירט דורך דער ארטיגער „גורדוניה" אונטער דער רעזשי פון שמעון טונקל**

1) העברעאישער המנון (אנו עולים ושרים) א ארץ־ישראל־ליד (דין דן)

2) א לעבנס בילד פון תימן

3) דעקלאמאציעס

4) „מיטן שטראם" אין 2 אקטען פון שלום אש.

בנעמן אנטייל פאלגענדע פערזאנען:

א) ר' זרח - א רב - (ה. צעפעמן)

ב) הינדל - זיין פרוי - (ס. אדיסמן)

ג) רחל - זעהר טאכטער - (ר. כהן)

ד) דוד - אהיר מאן - (י. שוסטער)

ה) יחזקאל - זעהר קינד - (פ. נעלטן)

5) א בילד - נודד אני - (י. סאדעצקי)

6) „ החלוץ (צעפעמן א. א.)

7) א מארש אין כאהר

**פערוואלטונגען:**

גורדוניה

תלמוד תורה 31/I 1931

דרוק שווארצמאן בריטשעהא

ועול פרנסה וגעגועים למולדת.

ביתה של מינדל נעשה בית פתוח לכל חברי התנועה, ביום ובלילה, אם בהתייעצויות ואם בהכנות שונות בסניף; היא היתה מקבלת את פני שליחי ארץ־ישראל העובדת, וביתה שימש להם אכסניה ללא תשלום כל זמן היותם בעיירה.

עולים ושרים", אַ בילד פונעם לעבן פון דער תימענער עדה אין ארץ־ישראל, החלוץ, און אַן אַנדער בילד — "איך בין אַ וואַנדערער".

ב

מיר האָבן אויך פאַרשטאַנען צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון דערוואַקסענע פאַר אונדזער באַוועגונג, זיי געוויזן וויאַזוי זיי דאַרפן דערציען זייערע קינדער, זיי צוגרייטן פאַר דער צוקונפט. איך וויל דאָ ברענגען אַלס ביישפּיל צוויי געשטאַלטן: אין גאָרקיס בוך "די מוטער" ווערט דערציילט וועגן אַ פרוי, וועלכע פלעגט אויף פאַרשידענע אופנים העלפן די רעוואָלוציאָנערן פון יענער תקופה. איך האָב געקענט אַזאַ מאַמע אויך אין אונדזער שטעטל. דאָס איז געווען מינדל גאָלדנצווייג ז"ל. איר מאַן איז יונגערהייט געשטאָרבן. זי איז געבליבן מיט דריי קינדער. איר עלטסטער זון משה, האָט אָנגעהויבן טראָגן דעם עול פון פרנסה נאָך פאַר זיין בר־מצווה. גלייכצייטיק איז ער אַריין, ווי אַ סך יינגלעך אין זיינע יאָרן, אין "גורדוניה", און עס האָט זיך אין אים פאַראייניקט די ליבשאַפט צו דער מוטער, דער עול פון פרנסה און די בענקשאַפט צו ציון.

מינדלס הויז איז געוואָרן אַן אָפענע טיר פאַר אַלע חברים פון דער באַוועגונג, באַטאָג און באַנאַכט. סיי באַ די באַראַטונגען און סיי באַ די פאַרשידענע צוגריי־טונגען אין סניף. זי פלעגט אויפנעמען שליחים פונעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. איר הויז איז פאַר זיי געווען אַן אומזיסטיקע אַכסניה, וויפל זיי האָבן געוויילט אין שטעטל. אונטער איר השפעה האָבן זיך אירעביידע טעכטער, חוה און עטי, אָנגע־שלאָסן אין דער "גורדוניה", זייענדיק ערשט אין עלטער פון 12—11 יאָר. אין עלטער פון 17 יאָר איז איר זון משה אַוועק מאַכן הכשרה, ווי ס'האָט זיך דעמלט געפירט, און מינדל איז געצוווּנגען געווען איבערצוגיבן איר קלייט, דער מקור פון איר פרנסה, אַן אַנדערן, ווייל אַליין האָט זי עס נישט געקענט פירן. זי האָט איר זון פאַרשטאַנען און אים נישט אָפּגעהאַלטן פון זיין וועג. מיט איר הסכמה איז ער אַוועק אויף הכשרה, און נישט ווי אַ סך אַנדערע אין יענער צייט, וואָס האָבן געמוזט בגניבה פאַרלאָזן דאָס עלטערן־הויז. נאָך עטלעכע יאָר איז די מוטער מיט די קינדער עולה געווען. די גאַנצע משפחה האָט זיך באַזעצט אין ראשון־לציון, און אויך דאָ איז איר הויז געשטאַנען אָפן פאַר אַלע פון אונדזער שטעטל. און ווי ווייטיקלעך, וואָס איר זון משה איז אין זיין פריער יוגנט געשטאָרבן, נאָך דעם ווי ס'איז אים נאָך לאַנגע באַמיונגען געלונגען צו אָרגאַניזירן אַ ישוב־פונקט מיט דער הילף פון די התיישבות־אינסטאַנצן אין דער באַנייטער שרונה.

און אָט איז אַ צווייט געשטאַלט: שמואל־נחום כהן ז"ל. ער איז פון אונדז אַוועק מיט אַ קורצער צייט צוריק אין אַ הויכער עלטער אין דער קבוצה מסדה — אַ מענטש פון אונדזער קליין שטעטל, וועלכער האָט זוכה געווען דאָס, וואָס אַ סך ווי ער האָבן נישט זוכה געווען: צו לעבן צוזאַמען מיט זיין זון אליהו אין דער

בהשפעתה נצטרפו גם שתי ילדותיה חווה ואֶטי לתנועת „גורדוניה״, והן רק בגיל 11־12. בגיל 17 יצא בנה משה להכשרה, כמנהג הימים ההם, ומינדל נאלצה למסור את חנותה (מקור פרנסתה) לאחר, כי לבדה לא יכולה להמשיך. היא הב־נה לנפש בנה ולא הפריעה אותו בדרכו. הוא יצא להכשרה ברשותה, ולא כמו אחרים באותה תקופה, שנאלצו לצאת בגניבה מבית ההורים. כעבור שנים עלתה גם האם עם משפחתה; המשפחה כולה התיישבה בראשון־לציון, וגם פה המשיך ביתה להיות בית פתוח לכל יוצאי עיירתנו. ומה צר שמשה הבן מת באבו, לאחר התלב־טויות ממושכות, כשעלה בידו לארגן נקודת ישוב, בעזרת מוסדות ההתיישבות, בשרונה המחודשת.

והנה דמות אחרת: שמואל־נחום כהן ז״ל. הוא הלך מאתנו לפני זמן קצר בשיבה טובה בקבוצת מסדה — איש העיירה הקטנה שלנו, שזכה לאשר לא זכו רבים כמותו: לחיות יחד עם בנו אליהו בקבוצה עד יומו האחרון. הוא היה אחד האנשים, שסימל עמל ויושר גם יחד. כל יום שני בבוקר היה יוצא לכפרים שבסביבת בריטשיבה והוזר לביתו ביום חמישי בערב. כל השבוע היה מסתובב בכפרים ומוציא לחמו מצביעת בדים וצמר לנשים. אחרי עבודה מפרכת זו היה חוזר לביתו, וכבר באותו ערב וביום ששי ובשבת וביום ראשון היה מתמסר רק לעבודה ציבורית: קרן־קיימת, קרן־היסוד, תלמוד־תורה, הוועדה לאפיית מצות לפסח, איסוף תרומות לנזקקים, חלוקת עצים לעניים להסקה בימי החורף. לא פעם הביא בעצמו את העצים בעגלתו לבתי העניים בלילה, כדי שלא לביישם.

בכל הופעה ציבורית, עם שליחים מהארץ או מהמרכז, היה הוא הדמות המרכזית והמסורה לעניין, ומעל הבמה היה קורא לבני הנוער, שעליהם להתארגן ולעלות לארץ. ואכן, בנו הבכור בנימין היה מראשוני העיירה שעלו ארצה. בנו השני, אליהו, עלה אף הוא שנים מספר לאחר מכן, ב־1932, והצטרף לקב׳ „מסדה״. אבל שמואל־נחום ידע, שאין להסתפק בכך שמטיפים לאחרים ואף לא בכך, שבניו עלו, אלא הוא עצמו לקח את אשתו ועלה אתה ארצה.

בימים הראשונים גר בגן־יבנה בדרום, ומייד נעשה לאחד החרוצים בעבודה בפרדסי „יכין״; לא פעם שמעתי מפי מנהלי־העבודה בחברה: שמואל־נחום, הבא לנו עוד פועלים כמוך, אז יהיו הפרדסים מעובדים כראוי. וזה היה בשנות הששים לחייו.

ובתקופה מאוחרת, כשעבר לגור יחד עם בנו אליהו במסדה, עבד כל הזמן במחסן הכלים שבקבוצה, וידעו חברי הקבוצה לספר, שמזמן היכנסו לתפקיד היה המחסן מסודר להפליא. לא לחינם קיבל את התואר „אבא של הקבוצה״.

קבוצה ביז זיין לעצטן טאָג. ער איז געווען איינער פון די מענטשן, וואָס האָט סימ־באַליזירט אַרבעט צוזאַמען מיט יושר. יעדן מאָנטיק אין דער פרי פלעג ער פון בריטשעווע אַרויספאָרן אין די שכנישע דערפער און זיך אומקערן אַהיים דאָנערשטיק אויפדערנאַכט. אַ גאַנצע וואָך האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין די דערפער און געצויגן זיין פרנסה פון פאַרבן לייוונט און וואָל פאַר פויערטעס. נאָך אָט דער שווערער אַרבעט פלעג ער זיך אומקערן אַהיים, און שוין אין דעם זעלבן אָוונט און פרייטיק און שבת און זונטיק האָט ער זיך אָפּגעגיבן מיט געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן: קרן־קימת, קרן־היסוד, תלמוד־תורה, קאָמיטעט צו באַקן מצות אויף פסח, זאַמלען נדבות פאַר נויטבאַדערפטיקטע, טיילן האָלץ פאַר אָרעמע אויף ווינטער. נישט איינמאָל פלעגט ער דאָס האָלץ אַליין ברענגען מיט זיין וועגעלע צו די הייזער פון די אָרעמעלייט באַנאַכט, כדי זיי נישט צו פאַרשעמען. בא יעדער עפּענטלעכער אַרויסטרעטונג פון שליחים פון ארץ־ישראל אָדער פון מרכז, איז ער געווען די צענטראַלע פיגור און איבערגעגיבן דער זאַך, און פון דער טריבונע אויסרופן די יוגנט עולה צו זיין. איז טאַקע זיין בכור בנימין געווען פון די ערשטע אין שטעטל, וואָס האָבן עולה געווען קיין א״י. זיין צווייטער זון, אליהו, איז אויך עולה געווען מ״ט אַ צייט שפּעטער, אין יאָר 1932, און זיך באַזעצט אין דער קבוצה מסדה. אָבער שמואל־נחום האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט פרעדיקן פאַר אַנדערע, און אויך נישט דערמיט, וואָס זיינע זין זענען עולה געווען, נאָר ער אַליין איז מיט זיין ווייב עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

אין די ערשטע טעג האָט ער געוווינט אין גן־יבנה אין דרום, און איז באַלד געוואָרן איינער פון די פלייסיקסטע אַרבעטער אין די פּרדסים „יכ״ין". נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערן פון די אַרבעטער־לייטער זאָגן: שמואל־נחום, ברענג אונדז נאָך אַזוינע אַרבעטער ווי דו, וועלן די פּרדסים זיין באַאַרבעט ווי ס׳קער צו זיין. און דאָס איז געווען אין זיינע זעכציקער יאָרן. די ליבשאַפט צו אַרבעט און די ליבשאַפט צום לאַנד האָבן אים געגיבן כוח און ענערגיע צו ווערן אַ מוסטער־האַפטער ערד־אַרבעטער. און שפּעטער, אַז ער איז צוזאַמען מיט זיין זון אַוועק וווינען אין „מסדה", האָט ער די גאַנצע צייט געאַרבעט אינעם מחסן פון די אינס־טרומענטן אין דער קבוצה. און די קבוצה־חברים האָבן דערציילט, אַז זינט ער איז אַריין אַרבעטן, איז דער מחסן געווען ווי זעלטן ווען אין אָרדענונג. נישט אומזיסט האָט ער באַקומען דעם נאָמען: „דער פאָטער פון דער קבוצה".

שיינדלי קסטלמן (יפה בוטניק)/חולדה

# הנוער ההוא

בהוקרת זכרון — לחייקה כהן ולמשהלי זאק, ז״ל אשר לא זכו להגיע אתנו עד הלום

כמתוך הלום רחוק ויקר אני מנסה להעלות ולחצוב זכרונות מחיי־עיירתנו הקטנה, חיי הנוער וסניף תנועת „גורדוניה״, בשנים הטובות והנעימות של חיי הנעורים שלנו.

רבות נכתב וסופר על מקומה של העיירה היהודית בגולה, על הווי־חיה, על האורות והצללים, על חיי החולין: מאבק לקיום יומי־יומי, פשוטו כמשמעו, יחד עם שמירת הגחלת של חיים יהודיים מלאים, עם חינוך יהודי ועברי, עם חיים ציבוריים, הנתונים, כמובן, בדפוסים שהזמן והמקום קבעו את ממדיהם.

אולם מעל הכל שימשה העיירה היהודית בית־יוצר לכל הכמיהות והחלומות לשינוי פני החברה היהודית, מבחינה אנושית ולאומית כאחת; ותנועות הנוער שבעיירה — החממה המרכזית לכל חלומות הנעורים, למרד נגד ההווי הגלותי, נגד ההורים והחברה הבוגרת הקפואה; לחיפוש פתרונות לבעיות העם היהודי, לנקיטת עמדה ביחס לכל תופעות החיים.

כשאני מעלה את זכרונות נעורי וחיי בתנועה, שממנה ינקתי את חוויותי העמוקות ביותר, בשנות הזוהר הנעימות והטובות ביותר, הרי מעבר לרגשות והשתתפות נעורים, הריני מציינת בהוקרה את הנוער הבריטשיבאי כנוער טוב, ברובו המכריע מאורגן בתנועות־הנוער: „גורדוניה״, „השומר הצעיר״, בית״ר או במסגרת „הקולטורה־ליגה״, כקומוניסטים, ואחר־כך במחתרת ובחוגים

שיינדעלע קעסטלמאַן (יפה בוטניק) / חולדה

# יענע יוגנט

דעם אָנדענק פון חייקעלע כהן און משהלע זאק ז״ל, וועלכע האָבן נישט זוכה געווען צו קומען מיט אונדז אַהער

ווי דורך אַ ווייטן און טייערן חלום פּרווו איך אויפצופרישן זכרונות וועגן לעבן פון דער יוגנט און דער באַוועגונג „גורדוניה״ פון יענע גוטע און טייערע יאָרן אין לעבן פון אונדזער יוגנט.

אַ סך איז שוין געשריבן און דערציילט געוואָרן וועגן דעם יידישן שטעטל אין גלות, וועגן זיין לעבן שטייגער, זיין ליכט און שאָטן, וועגן זיין טאָג־טעגלעכן גראָען לעבן: דער קאַמף פאַר דער טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ, אין פּשוטן זין פון וואָרט, און גלייכצייטיק דאָס אָפּהיטן סע זאָל נישט פאַרלאָשן ווערן דער זשאַר פון אַ פול יידיש לעבן, מיט דערציען צו יידישקייט און צו געזעלשאַפטלעך לעבן, וואָס זענען געקומען צום אויסדרוק דורך די פאָרמען וואָס די צייט און דאָס אָרט האָבן באַשטימט זייער היקף.

אָבער מער פון אַלץ איז דאָס יידישע שטעטל געווען אַ וואַרשטאַט פון אַלע יידישע בענקשאַפטן און חלומות, צו ענדערן דאָס לעבן אויף מענטשלעכע, אויף נאַציאָנאַלע, געזונטערע יסודות. און די יוגנט־באַוועגונג איז געווען דער מיטל־פּונקט פון אַלע יוגנטלעכע חלומות, אַן אָפּוועמיטל קעגן דעם גלות־שטייגער, קעגן די עלטערן און דער פאַרגליווערטער געזעלשאַפט; צו זוכן אַ לייזונג פאַר די אַלע פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק.

אַז איך פּריש אויף זכרונות פון מיין יוגנט און דעם לעבן אין דער באַוועגונג, פון וועלכן איך האָב געשעפּט מיינע טיפסטע איבערלעבונגען אין די שענסטע יאָרן, מוז איך באַצייכענען די ברייטשעווער יוגנט ווי אַ גוטע און אין איר גרעסטן טייל אָרגאַניזירטע יוגנט אין די באַוועגונגען: „גורדוניה״, „השומר־הצעיר״,

סגורים וסמויים. מעט מאד נוער־„זהב" היה אצלנו. הרוב הגדול היה מאורגן, השתדל ללמוד, גם בתנאים המיוחדים של בתי־הספר במקום, או בעיירות רחוקות. ולרבים, רבים, שהתנאים הכלכליים לא איפשרו להם להמשיך בלימו־דים סדירים, הרי סניף התנועה, הקבוצה והשכבה בסניף, היו המקום היחידי לרכישת דעת, להמשך הלימודים, לקריאה משותפת בספר, בחוברת ובעתון, לחיי חברה משותפים.

אני זוכרת באיזו חרדת קודש, באיזה תום, באיזו דביקות הייתי ניגשת לכל פעולה בסניף, באותו אולם קטן של שניים־שלושה חדרים דחוסים, על אביזריו הפשוטים, עם הקישוטים של הוצאות הקק"ל ומפת הארץ; אולם קטן וצר להכיל את כולם, אבל שופע חום וצהלת נעורים, שירה וריקודים.

קשה בימינו אלה לתאר ולשחזר את התלהבות הנעורים, שהקיפה את הנוער בעיירתנו, את חלומות השיבה לציון, העלייה לארץ ולקבוצה, לחיי עבודה ויצירה, בחיק הטבע, בעבודות השדה והגן, לחיי חברה ותרבות חדשים, ההולכים ינוצרים מחדש בארץ.

מי לא זוכר את הנשפים ואת המקהלה, ששוסטר ז"ל אירגן והפעיל בסניף, את הטיולים מחוץ לעיר וליערות הסביבה, לנהר הריאוט המפורסם, את הנסיעות לפגישות הגליליות ואת מחנות הקיץ של התנועה, ביערות בוקובינה והריגאט.

דאגתנו העיקרית היתה, שרוב הנוער בעיירה, העובד והלומד כאחד, יצטרף לשורותינו, לשבצם במסגרות החינוכיות: צופים, מתעוררים ומגשימים, כי הבר־כה היומית „הגשם" לא היתה לנו סיסמה ריקה, אלא תוכן וציווי חיים. עודני זוכרת באילו רגשי קנאה והערצה הסתכלנו בראשוני חברינו, שיצאו להכשרה ב„מסדה" שליד בלץ או בריפיצ'אַן שליד שטיפאנשט.

עודני חיה ברטט את היום הקודר, עת הגיעה הידיעה על טביעתו של חברנו מוניה קרמר ז"ל, בעת הכשרתו בריפיצ'אַן. עודני חיה את התכונה בה לווינו את ראשוני חברינו העולים לארץ ולחיי הקבוצה, ואת האכזבה העמוקה מכך שלא כל חברינו החזיקו מעמד ונקלטו בקבוצה.

רק בכוח הדביקות אפשר להסביר ולהבין איך נערים ונערות, מכל שכבות הציבור, נוער בעל־ביתי, נוער עובד בחנויות ובמתפרות, בבתי־ספר ובחד־רים, — יכלו להתרכז רובם ככולם וליצור הווי מיוחד של תנועה עם כל הנובע מכך.

ואין זה היום מן הדברים המובנים והקלים: לבלות כל יום במועדון הסניף 5—4 שעות בשעות הערב, ובחג ובשבתות — כמעט כל היום. ההכנות

„בית״ר״, אָדער אין ראַמען פון דער „קולטור־ליגע״, ווי די קאָמוניסטן, און שפּעטער אין אונטערגרונט און אין געשלאָסענע קרייזן.

קליין איז בײַ אונדז געווען די צאָל פון דער אַזוי גערופענער „גאָלדענער יוגנט״. דער גרעסטער רוב איז געווען אָרגאַניזירט, זיך באַמיט צו לערנען, אפילו אין די באַזונדערע שול־באַדינגונגען בײַ אונדז, אָדער אין די ווייטע שטעטלעך אַ חוץ דעם האָבן פאַר זייער אַ סך נישט דערמעגלעכט די מאַטעריעלע באַדינגונגען פאָרצוזעצן די רעגולערע לימודים. איז די באַוועגונג — די קבוצה און דער סניף — געווען דאָס איינציקע פּלאַץ צו באַקומען וויסן, פאָרצוזעצן די לימודים, צו לייענען געמיינזאַם אַ בוך, אַ צייטונג אָדער אַ זשורנאַל, צו לעבן אַ געזעלשאַפטלעך געמיינזאַם לעבן.

איך געדענק מיט וואָס פאַר אַ הייליקן ציטער, מיט וואָס פאַר אַ נאַיווקייט און איבערגעגיבנקייט איך פלעג קומען אין סני״ף צו יעדער אונטערנעמונג, אין אָט דעם קליינעם לאָקאַל פון 3—2 ענגע צימערן, מיט די פּשוטע שטיקלעך מעבל, באַצירט מיט קק״ל־אויסגאַבן און ארץ־ישראל־קאַרטעס. יאָ, אַ קליינער זאַל און אַ ענגער וועגן אויפצונעמען אַלע, אָבער פול מיט שפּרודלדיקער וואַרעמקייט, יוגנט־פרייד, געזאַנג און טאַנץ.

שווער אין אונדזערע טעג צו שילדערן און אויסמאָלן די יוגנטלעכע באַגייס־טערונג, וואָס האָט אַרומגענומען די יוגנט אין אונדזער שטעטל, די חלומות וועגן שיבת־ציון, וועגן עליה, וועגן אַ לעבן פון אַרבעט און שאַפונג אין שויס פון דער נאַטור, וועגן אַרבעט אין פעלד און גאָרטן, וועגן אַ לעבן אין קאָלעקטיוו אין דער בייער קולטור, מיט נייע בויער און שעפער!

ווער געדענקט נישט די אָוונטן און דעם כאָר, וואָס שוסטער ז״ל האָט אָרגאַ־ניזירט און אָנגעפירט אין סניף; די אויספלוגן מחוץ דער שטאָט און צו די אַרומיקע וועלדער; צו דעם באַוווסטן רעוועט, די נסיעות צו די „באַגעגענישן״ און צו די זומער־קאָלאָניעס פון דער באַוועגונג אין די וועלדער פון בוקאָווינע און רעגאַט.

אונדזער הויפּט־זאָרג איז תמיד געווען, אַז דאָס רוב יוגנט אין שטעטעל, וואָס אַרבעט און לערנט צוגלייך, זאָלן זיך אָנשליסן אין אונדזערע רייען, כדי זיי איינצוגלידערן אין דערציערישע ראַמען — אַלס „צופים״, דערוואַקסענע און פאַר־ווירקלעכער. ווייל די טעגלעכע ברכה „הגשם״ (פאַרווירקלעך) איז פאַר אונדז נישט געווען קיין ליידיקער לאָזונג, נאָר אינהאַלט און געבאָט פון לעבן. איך געדענק נאָך מיט וואָס פאַר אַ געפיל פון קנאה און פאַרערונג מיר האָבן אַרויפגעקוקט צו די ערשטע חברים, וואָס זענען אַרויס אויף הכשרה אין „מסדה״ לעבן בעלץ, אָדער אין ריפּיטשען לעבן שטעפאנעשט.

איך דערמאָן מיך אויך מיט אַ ציטער יענעם פינצטערן טאָג, ווען ס׳איז צו אונדז דערגאַנגען די שרעקלעכע ידיעה אַז אונדזער חבר מוניע קרעמער ז״ל איז בעת זיין ווײלן אויף דער הכשרה אין ריפּיטשען, דערטרונקען געוואָרן.

סע שטייט נאָך פאַר מיר לעבעדיק דאָס בילד, ווען מיר האָבן באַגלייט די ערשטע

לחגי ישראל, לחגי התנועה, לנשף המסורתי לזכרו של גורדון בכ״ט בשבט, כ׳ בתמוז להרצל וכו׳. המשפטים הספרותיים והדיונים והוויכוחים עם חוגים שונים — כל אלה מילאו את רוב שטחי ההתעניינות של הנוער כולו.

כל פגישה עם שליח ישראלי שבא לעיירה, אם במסגרת התנועה ואם של הקק״ל, או שליחי תנועת א״י העובדת, לקראת הבחירות לקונגרסים הציוניים — היתה חווייה בלתי נשכחת. ימים ולילות היינו מקדישים להכנות לבחירות לקונגרס, להפצת השקל הציוני ולהבטחת הניצחון לרשימתנו בבחירות.

ואם אנחנו פוגשים היום רבים מבני בריטשיבה מושרשים בארץ, בעיר ובכפר, בקיבוצים ובמושבים, הרי זה בזכות אותה אווירה מיוחדת, בה השתזרו חיינו, ובה רקמנו את מיטב חלומותינו.

העיירה בה ראינו לראשונה את אור העולם, ושהיתה ערש־ביתנו והורינו היק־רים, חרבה ואיננה עוד — ורק חלומות וזכרונות נעורים קושרים אותנו למקום, שמשם יצאו הורינו, אחינו, אחיותינו וקרובינו לדרכם האחרונה.



חברים, וועלכע האָבן עולה געווען, און אונדזער טיפע אַנטוישונג שפּעטער אַז נישט אַלע חברים האָבן באַוויזן זיך איינצוואָרצלען אין ארץ.

נאָך מיטן כוח פון מסירת־נפש איז מיגלעך זיך צו דערקלערן און פאַרשטיין ווי אַזוי יינגלעך און מיידלעך פון פאַרשידענע סאָציאַלע שיכטן, אַ באַלעבאַטישע יוגנט, אַ יוגנט וואָס איז באַשעפטיקט אין די ניי־וואַרשטאַטן, אין די שולן, אין די חדרים — זאָל זיין אין שטאַנד צו שאַפן אַן אייגענעם שטייגער פון אַ באַוועגונג מיט אַלץ וואָס איז פאַרבונדן דערמיט. מע קאָן דאָס היינט פּשוט נישט תופס זיין: צו פאַרברענגען יעדן טאָג אין קלוב פונעם סניף 5—4 שעה אויף דער נאַכט, און אין די שבתים און ימים־טובים — כמעט דעם גאַנצן טאָג. די צוגרייטונגען צו די פאַרשידענע פייערונגען און אָוונטן: אַן אזכרה־אָוונט פאַר א.ד. גאָרדאָן כ״ט בשבט, כ׳ בתמוז פאַר הרצל, אאַ״וו, די ליטעראַרישע משפטים, די דיסקוסיעס מיט פאַרשידענע קרייזן — דאָס אַלץ האָט אײַנגאַנצן אָנגעפילט דעם אינטערעס פון דער יוגנט.

יעדע באַגעגעניש מיט אַ ארץ־ישראל־שליח, וואָס איז געקומען אין אונדזער שטעטל, אין ראַמען פון דער באַוועגונג אָדער פאַרן קרן־קימת, מיט שליחים פון אַרבעטנדן ארץ־ישראל, פאַר די וואַלן צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן — איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכע איבערלעבונג. טעג און נעכט פלעגן מיר ווידמען דער צוגרייטונג צו די קאָנגרעס־וואַלן, צו פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן שקל און צו אַרבעטן פאַרן נצחון פון אונדזער רשימה באַ די וואַלן.

און אויב מיר באַגעגענען זיך היינט מיט אַ סך בריטשעווער, וואָס זענען פאַרוואָרצלט אין לאַנד, אין שטאָט און אין דאָרף, אין קיבוצים און אין מושבות, איז עס אַ זכות פון יענער באַזונדערער אַטמאָספער, אין וועלכער מיר זענען געווען פאַרפלאָכטן און אַריינגעוועבט אין אַ־ר אונדזערע חלומות.

דאָס שטעטל, אין וועלכן מיר האָבן צום ערשטן מאָל דערזען די ליכטיקע וועלט, דאָס שטעטל, וואָס איז געווען די וויג פון אונדזער הויז און פון אונדזערע טייערע עלטערן, איז חרוב געוואָרן און איז מער נישטאָ. און נאָר חלומות און יוגנט־זכרונות בינדן אונדז צום אָרט, פון וואַנען סע זענען אַרויסגעגאַנגען אונדזערע עלטערן, ברידער, שוועסטער און קרובים, אין זייער לעצטן וועג.

→ לפני היציאה להכשרה / פאַרן אַרויספאָרן אין הכשרה: חנצי רויזנבליט, סימה אַדעסמן, בתיה רויזנבליט, שיינדלי קסטלמן, איטה פרנס, אלתר פישביין, רוזה אַלברוך, בתיה דווינארסקי



1936 : פעילי „גורדוניה" / גאָרדאָניסטישע אַקטיוויסטן : בומה גוֹלירגאַנט, פייגה שטשיגליק,
פריידה וייסברג, שרה שפילברג, בתיה רויזנבליט, רבקה בליומין, מוֹטל זאק

המדריכות בתיה דווינארסקי ז"ל ובתיה רויזנבליט עם החניכות





פעילי גורדוניה עם שליח / אַקטיוויסטן פון גורדוניה מיטן שליח ↑

גורדונאים לפני היציאה לטיול בשבת / גאָרדאָניסטן פאַרן אַרויסגיין אויף אַ שבתדיקן שפּאַציר.
↓ באמצע / אינמיטן: ברוך פרנס, מאיר־הירש זלמן, יענקל רויזנבליט, משה שפילברג



שפרינצה בלאנק (באלאבאן) / חולדה

# עיירתי

מי יתן ויכולתי להעלות על הנייר את כל התמונות והחזיונות הרוחפים לנגד עיני, הקשורים בעיירתנו החריבה והקדושה, על בית הורי איטה ואברהם בלאנק, אחותי דוניה ושרה׳לי ואחי הקטן פינקה׳לה, אשר חייהם נגדעו באכז־ריות, וקבריהם פזורים בין שדות, ואין אף למצוא ציון למקום נפילתם.

אחי פינק׳לה בן ה־6 היה מדקלם את השיר „העורב והפרפר״, מה רע הוא העורב הזה, עורב הטורף פרפר זה בפה. כבכוח נבואי שר את מותו הצעיר; בן ארבע־עשרה היה כשנורה למוות אי־שם בשדות טראנסניסטריה.

כמו תמונות בסרט נע עוברת לנגד עיני העי־רה על תושביה, על בתיה, שאמנם לא הצטיינו בחיצוניותם, אולם בפנים הבתים רחשו חיים יהודיים תו־ססים, והאם היהודייה, בחום ליבה ובהתמסרות ללא גבול ושיעור, ידעה להפכו לקן חם ונעים לכל החוסים בו, לחיים של טעם, ברוח ובמסורת היהודית. נמצאו בעיירה לא מעט עקרות־בית חסודות, שידן ולבן היו פתוחים לסבלות אחרים, ולעולם לא שכחו להפריש כמה חלות ומצרכים אחרים למשפחות נצרכות.

זכורתני איך אמא שלי ז״ל היתה מתעטפת בצעיף גדול, ומתחתיו היתה מס־תירה סל עם מצרכים ונעלמת בחשאי, כי הכלל היה: מתן בסתר, בכדי לא לבייש, חס־וחלילה, את הזקוקים לסעד.

במקרה של ריב או סכסוך לא נהגו יהודי בריטשיבה להתדיין בפני בית־משפט ממשלתי, אלא היו מביאים את ריבם בפני הרב, או בפני יהודי המקובל על שני הצדדים, שהם יוציאו את צדקתם לאור. זכורים לי הרבה מקרים אצלנו בבית, כשאבי היה משמש כבורר יחיד ומפשר בין היהודים הניצים ורבים.

שפרינצע בלאנק (באלאבאן) / חולדה

# מיין שטעטל

אָ, ווי כ׳וואָלט געוואָלט אַרויסברענגען אויפן פּאַפּיר אַלע בילדער און דערשיינונגען, וואָס שוועבן פאַר מיינע אויגן און זענען פאַרבונדן מיט מיין חרובן הייליקן שטעטל! וועגן מיין עלטערן־הויז, איטע און אברהם בלאַנק, מיינע שוועסטער דאָניע און שרהלע, און מיין קליין ברידערל פינקעלע, וואָס זענען אויף אַן אכזריותדיקן אופן אומגעבראַכט געוואָרן, און זייערע קברים זענע צעשפּרייט צווישן פעלדער, און ס׳איז אפילו נישט צו געפינען דאָס פּלאַץ וווּ זיי זענען אומגעקומען.

מיין ברודער פינקעלע האָט אין עלטער פון 6 יאָר שוין דעקלאַמירט דאָס ליד „די קראָ און דער שמעטערלינג“. ווי שלעכט ס׳איז די דאָזיקע קראָ, וואָס פאַרציקט דאָס אָרעמע זומערפייגעלע. ווי נביאיש ער האָט זיין יונגן טויט באַוויינט! 14 יאָר איז ער אַלט געווען ווען ער איז דערשאָסן געוואָרן אויף די פעלדער פון טראַנסניסטריע.

ווי אַ פילם־לענטע שוועבט פאַר מיינע אויגן מיין שטעטל מיט אירע איינוווינער, אירע הייזער, וואָס האָבן זיך אויסערלעך נישט אויסגעצייכנט מיט זייער אויסזען, אָבער אינעווייניק, אין די הייזער, האָט געשפּרודלט אַ זאַפטיק יידיש לעבן, און זי יידישע מאַמע מיט איר וואַרעם האַרץ און איבערמענטשלעכע איבערגעגעבנקייט האָט געשאַפן אַ וואַרעמע היים פאַר אירע אייגענע, אַ לעבן פון שיינקייט און אינהאַלט אין יידישן טראַדיציאָנעלן גייסט.

עס זענען אין שטעטל געווען נישט ווייניק יידישע מאַמעס, וואָס זייערע הענט און הערצער זענען געווען אָפן פאַר די ליידן פון אַנדערע, און וואָס האָבן קיינמאָל נישט פאַרגעסן אָפּצוטיילן עטלעכע חלות און אַנדערע פּראָדוקטן פאַר נויטבאַדערפטיקטע משפּחות.

וכמעט תמיד זה היה מסתיים בהתפייסות ושתיית לחיים — לשמחת לבם של כל הצדדים, וזאת, כמובן, שלא על־מנת־לקבל־פרס.

לא ארחיב כאן את הדיבור על תנועת הנוער הציוני והחלוצי, מתנועת „גורדוניה" ואחרות, שהיו יוצאים להכשרה חלוצית, ואשר מאות מהם זכו לעלות ארצה ולהגשים את משאת נפשם.

והנה נותקה השרשרת. באה השואה, האסון הגדול על יהדות אירופה, ובמחי יד אחד נמחקה העיירה על תושביה היהודים, ואלפי יהודיה מתו על קידוש השם. מי בטראנסניסטריה ומי בדרך לשם, ומי שסתם אבד או נפל בידי קלגסי היטלר. רק בודדים ניצלו, ובלבם הפצוע והדואב נהרתו עמוק עמוק כל התלאות, העינויים, הרעב והצמא. הם הם שנשארו היחידים כעדים לאסון הגדול ולחורבן העיירה שלנו, בין כל יתר אלפי הערים והעיירות ברחבי אירופה, אשר נחרבו ויהודיהם ניספו בידי טמאי אדם.

עלינו, הנשארים בחיים, מוטלת החובה הקדושה — לזכור ולא לשכוח את כל הטוב והנעלה מהחיים ההם, את תכונותיהם ואת מסירות נפשם של אבותינו, לטפחן ולהורישן לבנינו ולבני־בנינו, למען ידעו ויזכרו אף הם. ובזה אולי נפרע מעט את החוב הגדול, שאנו חבים לכל אלה שהיו ואינם עוד.



איך געדענק ווי מיין מאַמע ז״ל פלעג זיך איינהילן אין אַ גרויסן שאַל, אונטער וועלכן זי האָט באַהאַלטן אַ קויבער מיט שפּייז־פּראָדוקטן, און איז אומבאַמערקט פאַרשוווּנדן. וואָרעם ס׳איז אַ כלל: אויב גיבן — איז מתן בסתר, גיבן אַז קיינער זאָל נישט וויסן, כדי חס־וחלילה נישט צו פאַרשעמען די וואָס נויטיקן זיך אין הילף.

אין פאַל פון קריגערייַ אָדער אַ סכסוך, האָבן די בריטשעוווער יידן נישט נוהג געווען זיך צו לאָדן איז מלוכהשן געריכט. נאָר פלעגן ברענגען זייערע טענות פאַרן ר׳ב, אָדער מ׳האָט זיך פאַרלאָזט אויף אַ בורר מיט וועלכןביידע צדדים זענען איינפאַרשטאַנען געווען. סע זענען מיר באַקאַנט אַ סך פאַלן באַ אונדז אין הויז, ווו דער טאַטע איז געווען אַ בורר און געמאַכט אַ פשרה צווישן די קריגערישע צדדים. כמעט תמיד פלעג זיך אַזאַ משפט ענדיקן מיט מאַכן אַ פריילעכן לחיים. און אַלץ, פאַרשטייט זיך, אומזיסט.

כ׳וועל מיךּ דאָ נישט אָפּשטעלן אויף די ציוניסטישע און חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ווי „גורדוניה״ און אַנדערע, וואָס זייערע מיטגלידער האָבן געמאַכט הכשרה, און הונדערטער פון זיי האָבן זוכה געווען עולה צו זיין און צו פאַרווירקלעכן זייערע אידעאַלן.

און אָט איז איבערגעריסן געוואָרן די קייט. ס׳איז געקומען די קאַטאַסטראָפע, דאָס גרויסע אומגליק פון אייראָפּעישן יידנטום, און ס׳איז אָפּגעמעקט געוואָרן דאָס יידישע שטעטל, און טויזנטער יידן זענען געשטאָרבן על קידוש־השם, ווער אין טראַנסניסטריע און ווער אויפן וועג אַהין, און ווער ס׳איז אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע באַנדיטן. נאָר זייער ווייניק זענען על־פּי־נס ניצול געוואָרן, און אין זייערע ווייטיקדיקע פאַרוווּנדעטע הערצער זענען געבליבן טיף איינגעקריצט אַלע פּייניקונגען און קאָשמאַרן, פון הונגער און דאָרשט. אָט די געבליבענע זענען די איינציקע עדות פון דעם גרויסן אומגליק, פון דעם חורבן פון אונדזער שטעטל און פון די אַנדערע טויזנטער יידישע שטעט און שטעטלעך אין אייראָפּע, וואָס זענען חרוב געוואָרן, און זייערע יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די טמאים.

אויף אונדז, לעבנגעבליבענע, ליגט דער הייליקער חוב צו געדענקען און נישט פאַרגעסן דאָס גרויסע און דערהויבענע פון יענעם לעבן. דאָס מסירת־נפש פון אונדזערע פאָטערס אונדז צו דערציען. זאָלן אויך מיר דערציען אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער, אַז זיי זאָלן וויסן און געדענקען. און דערמיט וועלן מיר אפשר אָפּצאָלן דעם גרויסן חוב, וואָס מיר זענען שולדיק די וואָס זענען געווען און זענען מער נישטאָ.

→ שליח ההנהגה הראשית ,שמואל קושניר, עם בוגרי „גורדוניה״ : חוה גולדנצווייג, חייקה כהן, בתיה רויזנבליט, יהושע שוסטר, שיינדלי קסטלמן, שפרינצה בלאַנק, צבי בוטניק, ברײנה גלמן, שמואל קושניר, בתיה דווינאַרסקי, אלתר פישביין, אטי צימרמן, שרה יויזנבליט

ריבה פורר (ינאי) / נתניה

# דור ההורים שלנו

*לזכר אבי ואמי, שלמה ודוניה פורר ולזכר אחי ואחותי, משה והינדה, אשר נספו במחנות בטראנסניסטריה*

לשוב ולהעלות הרהורים וזכרונות בקשר לדמויות או למקרים בעיירתנו, זוהי משימה מיוחדת במינה. אף כי הדברים הם חלק מעצמי, הנני ניגשת למשימה זו מתוך חרדה ויחס של קדושה. והסיבות מובנות. יש לי הרגשה, שכל מה שקדם לאותו ליל דצמבר, סגרירי ומושלג, בתחנה הקטנה של טירנובה, בו השארתי על הרציף את כל היקר לי — כל זה שייך לתקופה קדומה, שלפני „המבול".

ונשאלת השאלה: באיזו מידה תיתכן העלאת זכרונות כהווייתן בלי לחטוא ל„אמת ?" זכור לי, שיום אחד, בהיותי עם אמי ז"ל בעיר סורוקה, עמדנו בקרבת הגבול. אמי הצביעה אל העבר השני של הדנייסטר ואמרה: כמה מוזר; באלה המקומות נולדתי, חייתי את ילדותי, ועכשיו ירד מסך עליהם !... ריחמתי עליה ולא ידעתי שהמסך, אשר יפריד ביני ובין ילדותי, יהיה פי כמה אימתני...

כשהנני חוזרת ופונה אל העיירה, מייד היא מצטיירת לנגד עיני על ממדיה הקטנים, על בתיה הנמוכים, על מעטה־השלג החרפי, עם הבוץ הטובעני בין פורים לפסח, עם האבק המתרומם אחרי כל עגלה עוברת בימי קיץ שרביים, עם הסתיו הסגרירי... היא לא זכתה ליהנות מפירות הטכניקה והציוויליזאציה.

אבל לא זאת רציתי לזכור הפעם. לבי ליהודי העיירה. הם חיו, פעלו — ופתאום נעלמו... וצר לי עד למאד, שמתוך קוצר ראייה של אדם צעיר לא ידעתי אותם במידה מספקת, ולא אצרתי את יקר־זכרם ביתר פירוט. אף את דמות אבי

ריווע פורער (ינאי) / נתניה

# דער דור פון אונדזערע עלטערן

צום אָנדענק פון מיין פאָטער און מוטער, שלמה און דאָניא פורער, און פון מיין ברודער און שוועסטער, משה און הינדע, וועלכע זענען אומגעקומען אין די לאַגערן פון טראַנסניסטריע

אַרויסצוברענגען געדאַנקען און אויפפרישן זכרונות וועגן געשטאַלטן אָדער געשעענישן פון אונדזער שטעטל, איז אַן אויפגאַבע פון אַ באַזונדערן מין. כאָטש די זאַכן זענען אַ טייל פון מיר אַליין, טרעט איך צו צו דער דאָזיקער אויפגאַבע מיט אַ געפיל פון ציטערניש און קדושה. און די סיבות זענען פאַרשטענדלעך. איך האָב אַ געפיל, אַז אַלץ וואָס איז געווען פאַר דער דאָזיקער רעגנדיקער און שנייעדיקער דעצעמבער־נאַכט טערנעווע, ווו איך האָב איבערגעלאָזט דאָס טייערסטע פאַר מיר — אַז דאָס אַלץ געהערט צו אַ פאַרצייטיקער תקופה פון פאַרן מבול.

און סע פרעגט זיך: אין וואָס פאַר אַ מאָס איז מיגלעך אויפצופרישן זכרוגות אין זייער רעאַלקייט, אָן צו זינדיקן קעגן אמת? איך געדענק, ווי אין איינעם אַ טאָג, זייענדיק מיט מיין מאַמען ז״ל אין סאָראָקע, זענען מיר געשטאַנען לעבן דער גרענעץ. מיין מאַמע האָט געוויזן אויף יענער זייט נעסטער: מאָדנע, אין יענע מקומות בין איך געבוירן געוואָרן, פאַרבראַכט מיין קינדהייט, און איצט איז איבער אַלעמען אַ פאָרהאַנג געפאַלן... איך האָב זי מיטגעפילט און נישט געוווסט, אַז דער פאָרהאַנג וואָס וועט אָפּטיילן מיך פון מיין קינדהייט, וועט זיין אַ פיל שרעקלעכער.

אַז איך ווענד מיין גייסטיק אויג צום שטעטל, זע איך עס ווי קליין ס'איז געווען, מיט די נידריקע הייזלעך, די ווינטערדיקע שנייען, די טיפע בלאָטעס צווישן פורים און פסח, די שטויבן וואָס האָבן זיך אין די זומערטעג געהויבן נאָך יעדן פאַרבייפאָרנדיקן וואָגן, און די האַרבסטיקע רעגנס. ס'האָט נישט זוכה געווען צו געניסן פון דער פרוכט פון טעכניק און ציוויליזאַציע. אָבער נישט דאָס האָב איך איצט געוואָלט דערמאַנען. מיין האַרץ ציט זיך צו די יידן פון שטעטל. זיי האָבן געלעבט, געווען טעטיק, און פלוצלונג פאַרשוווּנדן... און ס'איז מיר אַ גרויסער ווייטיק, וואָס

הנני מנסה „לשחזר" או לבנות כפי שהיא היתה, נדמה לי. ודרכו, דרך אבי, להציץ בחוג חבריו הקרובים.

מלווים אותי כל חיי דברי הפרידה של אבא: „מעולם לא התביישנו זה בזה, ונקווה שכך גם בעתיד".

אבא היה אדם גאה, ובעיקר יהודי גאה. וגאווה יהודית זאת מייחדת את יהודי העיירה הקטנה. כילדה קטנה חשבתי, שאנו, היהודים, הננו אדוני הארץ, והגויים הם חוטבי־העצים ושואבי־המים בדמות ואסילי או קרח, שהרי גויים אחרים לא ראיתי מסביבי. מובן שלא ארך הזמן ועיני נפקחו, אבל הרגשה של גאווה יהודית ושל ייחוד ליוותה אותי תמיד.

אבי הקפיד לקרוא לילדים בשמות עבריים, לעומת אחיו העירוניים, אשר רצו להידמות לעם הארץ וקראו לילדיהם בשמות לועזיים. הנני זוכרת, שהשבת והחגים הורגשו מאד בעיירה. זקני העיירה היו אנשים דתיים, ורבים מן הצעירים היו שומרי מסורת. אבי לא היה אדם דתי, וכמוהו כל ידידיו־חבריו: אברהם זאק, בני זיסמן, שמעון גולירגאנט, לייב דווידוביץ, ואֶלוול גלמן, משה רבינוביץ, חיים זיסמן, מאיר ישן, לייב טנדלר ועוד.

הנני זוכרת את היהודים האלה, גברים בשנות הארבעים שלהם, שעסקו במסחר, בהנהלת־חשבונות, במקצועות שנותרו עדיין בידי היהודים. הם לא היו יהודים דתיים, כאמור, אך הם היו יהודים טובים. ולכן גם לא ניתקו את הקשר עם המסורת. אבא ביקר שלוש פעמים בשנה בבית־הכנסת: בראש־השנה, ב־יום־הכיפורים ובליל פסח.

את ליל הסדר הקפיד לחוֹג כדי לקיים את המצווה: והגדת לבנך, אבל הוא לֹא היה מוכן לערוך את הסדר השני, כי הרי בארץ אין חוגגים אותו...

כילדה קטנה קינאתי מאד בחברתי איטה צימרמן, שאביה, נחום, היה שומר מצוות. היא סיפרה לי שהם מסיבים עלֹ גבי כרים בליל הסדר. לא פעם נשארתי בביתם במוצאי־שבת לראות איך אביה מבדיל בין קודש לחול.

כל החוג הזה של ידידי אבא אשר כונו בשם „סוחרים", היוו חברה מיוחדת במינה. אלה היו יהודים משׂכילים, אשר הושפעו בשעתם מרעיונות המהפיכה הרוסית, אך ספגו לתוכם את רעיונות הציונות המודרנית. כל החבורה הזאת היתה כמו אחוזת טירוף כאשר הופיע שליח מארץ־ישראל. הנני זוכרת, שאמי היתה מזכירה לאבא בשמץ קינטור, איך באחד הנשפים הוא הוריד מעליה את כל עדייה ותרמם לקרן־היסוד. מזל הוא, אמרה, שהוא הותיר לה את טבעת־הנישואים!

צוליב דער קורצזיכטיקייט פון אַ יונגן מענטשן האָב איך זיי נישט גענוג געקענט און זייער אָנדענק נישט גענוג דייטלעך פאַרקריצט אין מיין זכרון. אפילו דאָס געשטאַלט פון מיין פאָטער באַמי איך מיך צו רעקאָנסטרואירן, און דורך אים, דורך מיין פאָטערס געשטאַלט, אַריינצוקוקן אין קרייז פון זיינע נאָענטע חברים.

עס באַגלייטן מיך דאָס גאַנצע לעבן דעם טאַטנס אָפּשייד־ווערטער: „מיר האָבן זיך קיינמאָל נישט געשעמט איינער מיטן אַנדערן, איז לאָמיר האָפן אַז אויך אויף ווייטער וועט אַזוי זיין״. מיין פאָטער איז געווען אַ שטאָלצער מענטש, און דער עיקר אַ שטאָלצער ייד. און אָט דער יידישער שטאָלץ פאַראייניקט די יידן פונעם קליינעם שטעטל. ווי אַ קליין מיידעלע האָב איך געמיינט, אַז מיר יידן זענען די האַרן פון דער וועלט, און די גויים זענען האָלצהעקער און וואַסערטרעגער, אַזוי ווי וואַסילע אָדער קעראַך, ווייל קיין אַנדערע גויים האָב איך דאָך אין מיין סביבה נישט געזען. פאַרשטייט זיך, אַז גאָר גיך האָבן זיך מיינע אויגן געעפנט, אָבער דאָס געפיל פון יידישן שטאָלץ און אויסדערוויילטקייט האָט מיך תמיד באַגלייט.

מיין פאָטער האָט באַזונדערס אַכט געלייגט צו רופן די קינדער מיט זייערע יידישע נעמען. זיין שטאָטישער ברודער דאַקעגן האָט זיינע קינדער געגיבן נישט־יידישע נעמען. איך געדענק אַז די שבתים און יום־טובים האָבן זיך באַזונדערס אויסגעטיילט אין שטעטל. די אַלטע פונעם שטעטל זענען געווען פרומע מענטשן, און אויך אַ סך פון די יונגע האָבן אָפּגעהיט די טראַדיציע. מיין פאָטער איז נישט געווען פרום, און אַזויווי ער זענען אויך געווען זיינע פריינד און חברים: אברהם זאַק, בעני זיסמאַן, שמעון גאָלערגאַנט, לייב דאַווידאָוויטש, וועלוול געלמאַן, משה ראַבינאָוויטש, חיים זיסמאַן, מאיר יאַשאַן, לייב טענדלער און אַנדערע.

איך געדענק די דאָזיקע יידן, מענער אין די פערציקער יאָרן; זיי זענען געווען סוחרים און בוכהאַלטערס, פאַכן וואָס זענען נאָך געליגן אין יידישע הענט. זיי זענען, ווי געזאָגט, נישט געווען פרום. אָבער זיי זענען געווען גוטע יידן, און דעריבער האָבן זיי נישט איבערגעריסן מיט דער יידישער טראַדיציע. מיין פאָטער איז דריי מאָל אין יאָר געגאַנגען אין שול אַריין: ראש־השנה, יום־כיפור און די נאַכט פון פסח. אין דער פסח־נאַכט האָט ער פונקטלעך אָפּגעריכט דעם סדר, כדי מקיים צו זיין די מצווה: „והגדת לבנך״, אָבער דעם צווייטן סדר האָט ער שוין נישט אָפּגעריכט, זאָגנדיק אַז אויך אין ארץ־ישראל רעכט מען נאָר אָפּ איין סדר... ווי אַ קליין מיידעלע האָב איך זייער מקנא געווען מיין חברטע איטע צימערמאַן, וועמענס פאָטער, נחום, האָט אָפּגעהיט מצוות. זי האָט מיר דערציילט, אַז באַם סדר זיצן זיי אָנגעלענטערהייט אויף קישנס. נישט איין מאָל בין איך געבליבן אין זייער הויז מוצאי־שבת כדי צו זען ווי איר פאָטער מאַכט הבדלה.

דער גאַנצער קרייז, די פריינד פון מיין פאָטער, וועלכע האָבן געהייסן „סוחרים״, האָבן געבילדעט אַ גאַנץ באַזונדערע געזעלשאַפט. דאָס זענען געווען יידן משכילים, וועלכע זענען דעמלט געשטאַנען אונטער דער השפעה פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אָבער האָבן גלייכצייטיק אין זיך איינגעזאַפּט די אידייען פונעם מאָדערנעם ציוניזם.

בדאגה מיוחדת התייחסו יהודים אלה לחינוך הבנים. כיוון שלמדתי בבית־ספר ממשלתי, דאג אבי לשכור לי „רבי״, שילמדני מעט יהדות, וכן גננת פרטית, זאת היתה סימה גולירגאנט, שהיתה מבלה אתי שעה או שעתיים ביום, בשירה ובסיפורים ובמשחקים בעברית.

לאחר שסיימנו את בית־הספר היסודי בעיירה, נאלצנו לבקר בגימנסיה בבאראבוי. שנה אחת למדנו שם, ואז הרגשנו לראשונה את חיצי השנאה של הגויים. אך כאשר החלו ה„שקצים״ ליידות בנו אבנים, התאספו ההורים והחליטו לא לשלוח את הילדים לכפר. אז הקימו בבריטשיבה את הגימנסיה „תרבות״. רבים אף סיימו את בית־הספר התיכון כאֶקסטרנים.

אך קרנם של הלימודים החלה לרדת. בעיירה התהוותה עילית של צעירים, סטודנטים ואף בוגרי אוניברסיטאות, אשר מלבד הכבוד לא ראו ברכה בעמלם, כי כל המוסדות היו סגורים בפניהם.

לעומת זאת נתגברה המשיכה לתנועות הנוער: „גורדוניה״, „השומר־הצעיר״; גם סניף של בית״ר לא חסר, והיו גם שהשתייכו לתנועה הקומוניסטית. אני זוכרת את הסניף שלנו, של „גורדוניה״, בביתו של שמואל קסטלמן, ואחרי כן הוא הועבר לבית בודד, אינני זוכרת של מי, ואחר כך אל בית דודתי, חייקה בלנק.

הפעילות התנועתית הצטיינה בהתלהבות הגדולה, שפיעמה את חברינו. התנהלו שיחות בחוגים ובקבוצות לשם בירור ולימוד מושגים ורעיונות. והנושאים מה רבו! החל בביסוס הציונות והסוציאליזם והשאלה הערבית וכלה בחיי הקבוצה והחינוך המיני ועוד. מובן שהיה צריך להתווכח עם השמאל ועם הימין, ולשם כך נחוץ היה ללמוד ולהתכונן. החברים למדו להתבטא, ורבים גילו כושר מיוחד להרצות ואף לנאום, כגון שיינדלה קסטלמן ומוטלה זאק.

תנועת הנוער ליכדה נוער משכבות סוציאליות שונות: בני עניים ובני יהודים אמידים היו לחברה אחת, אשר חינכה לשוויון, לחברות ולעזרה הדדית. אבא קרא לתנועות הנוער: האוניברסיטאות שלנו.

מובן שהפעילות התנועתית פגעה בלימודינו בבית־הספר ובהכנת השיעורים. פעם אחת פגש מורי ללאטינית, יעקב וייסבוך ז״ל, את אבא ואמר לו מתוך תרעומת: איך יהודי כמוך מסכים שבתו תבקר ב„גורדוניה„ ותזניח את לימודיה; האם אתה רוצה שהיא תהיה רועת־חזירים בפאלסטינה?! על כך ענה לו אבא: שמע, וייסבוך, יש לנו די והותר סטודנטים, שמעיפים אותם דרך חלונות האוני־ברסיטאות; מוטב שנגדל גם כמה רועי־צאן לארץ־ישראל... אחר כך נודע לי, שיעקב וייסבוך נספה בקרונות הסגורים בין יאסי וטראנסניסטריה.

דער דאָזיקער קרייז איז ווי פון אַ פיבער באַפאַלן געוואָרן, ווען עס איז געקומען אין שטעטל אַ שליח פון ארץ־ישראל. איך געדענק אַז מיין מאַמע פלעג דעם טאַטן דערמאַנען ווי אין איינעם אַן אָוונט, האָט ער פון איר אַראָפּגענומען דאָס גאַנצע צירונג און געשפּענדט פאַרן קרן־היסוד. ס׳איז נאָך געווען אַ גליק — האָט זי געזאָגט — וואָס ער האָט איר געלאָזט דאָס חופּה־וקידושין־פינגערל.

מיט אַ באַזונדערער זאָרג האָבן זיך די דאָזיקע יידן באַצויגן צו דער דערציונג פון זייערע קינדער. אַזוי ווי איך האָב געלערנט אין דער מלוכהשער שול, האָט מיין פאָטער פאַר מיר געדונגען אַ מלמד, וואָס זאָל מיך לערנען אַ ביסל יידיש, און אויך אַ פּריוואַטע קינדער־גערטנערין. דאָס איז געווען סימע גאָלערגאַנט, וועלכע פלעג מיט מיר פאַרברענגען אַ צוויי שעה אין טאָג מיט געזאַנג, מיט מעשהלעך און שפּילן אויף עברית.

נאָך דעם וואָס מיר האָבן געענדיקט די פאָלקסשול אין שטעטל, האָבן מיר געמוזט באַזוכן די גימנאַזיע אין באַראַבוי. איין יאָר האָבן מיר דאָרט געלערנט. און דעמלט האָבן מיר צום ערשטן מאָל דערפילט די פיילן פון שנאה פון די גויים. און אַז די שקצים האָבן אָנגעהויבן אויף אונדז צו וואַרפן שטיינער, האָבן זיך די עלטערן צונויפגענומען און באַשלאָסן מער נישט צו שיקן זייערע קינדער אין דאָרף אַריין. דעמלט איז אין בריטשעווע געגרינדעט געוואָרן די גימנאַזיע „תרבות״. אַ סך האָבן אויך געענדיקט די גימנאַזיע ווי עקסטערניסטן.

די ווערט פון שטודירן האָט אָבער אָנגעהויבן צו פאַלן. אין שטעטל האָט זיך געשאַפן אַן עליט פון יוגנטלעכע, סטודענטן און אויך אַבסאָלווענטן פון אוניווער־סיטעטן, וואָס אַ חוץ כבוד, האָבן זיי נישט געפונען קיין ברכה אין זייער מי, ווייל אַלע אינסטיטוציעס זענען פאַר זיי געווען פאַרשלאָסן. דאַקעגן איז געוואַקסן דער אינטערעס פון דער יוגנט פאַר די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „גורדוניה״, „השומר הצעיר״, און אויך אַ סניף פון בית״ר האָט נישט געפעלט. סע זענען אויך געווען אַ סך וועלכע האָבן געהערט צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. איך געדענק די „גורדוניה״ אין הויז פון שמואל קעסטלמאַן, און שפּעטער איז זי אַריבער אין אַן אַנדער הויז, איך געדענק נישט פון וועמען, און דערנאָך אין הויז פון מיין מומע חייקע בלאַנק.

מיט אַן אויסערגעוויינלעכער באַגייסטערונג האָבן זיך אויסגעצייכנט די חברים פון אונדזער באַוועגונג אין דער דורכפירונג פון די פאַרשידענע אויפגאַבן. עס זענען פאָרגעקומען „שיחות״ אין קרייזן און גרופּן וועגן פאַרשידענע אַקטועלע פראַגן. און ווי צאָלרייך זענען געווען די באַהאַנדלטע טעמעס, אָנהייבנדיק מיט דער גרונט־אידיי פון ציוניזם און סאָציאַליזם און דער אַראַבישער פראַגע, און ענדיקנדיק מיטן לעבן אין דער קבוצה, מיט דער געשלעכטלעכער אויפקלערונג א.א.וו. פאַר־שטייט זיך אַז די אַלע טעמעס זענען אָפט באַהאַנדלט געוואָרן אין דער פאָרם פון דיסקוסיעס צווישן רעכט און לינק. און דערצו האָט מען געדאַרפט זיך צוגרייטן, לערנען. האָט מען טאַקע אַ סך האָבן געלערנט. און אַ סך האָבן אויך אַרויסגעוויזן

האסון הגדול שפקד את יהודי אירופה לא בא לפתע פתאום; כמו בכל מקרה של סערה מתקרבת, הורגשו פעמיה באוויר, כבר בשנות השלושים. הנני זוכרת את הדאגה והחרדה שפקדוני, בשמעי את דברי אבא שניתח את המצב הפוליטי: הוא טען שיהודי אירופה סיימו את תפקידם בכלכלה של היבשת הזאת, ולפיכך היא עומדת להקיא את יהודיה. מובן שרק מטורף יכול היה לחזות את ממדי ההשמדה! ולפיכך הוא טען, שכל יהודי היכול להציל את עצמו ולעלות לארץ־ישראל, חייב לעשות זאת. והיה מוסיף תמיד בעצב: „לדאבוני, אינני די צעיר להיות חלוץ, ומאידך גיסא, אני עני מדי ואין ב־ידי דבר למכור, שאוכל לעלות כתייר. אבל, היה מוסיף, אסור לו לאדם מישראל להחמיץ כל הזדמנות לעלייה".

הודות לכך הנני היום בארץ. דיברתי הרבה על אבא, אף כי לא נגעתי בנקודות ביוגרפיות, כי התכוונתי רק להאיר דרך דמותו את הדור הזה של יהודי העיירה, דור ההורים שלנו, כפי שהנני זוכרת אותו. זאת היתה יהדות שורשית, מַשׂכלת, מכירה היטב את המציאות ושואפת להיגאל, אך רגליה היו אסורות בכבלי המציאות: שערי הארץ היו סגורים ומסוגרים לפניה. וכך אבדה לנו לעד — — —

נוער בסוף שנות השלושים
יוגנט סוף דרייסיקער יאָרן



אַ באַזונדערע פעיקייט צו רעדן, און אפילו רעדן עפנטלעך, ווי, למשל, שיינדעלע קעסטלמאַן און מאָטעלע זאַק. די יוגנט־באַוועגונג האָט אַריינגענומען יוגנטלעכע פון פאַרשידענע סאָציאַלע שיכטן. קינדער פון אָרעמע און פאַרמעגלעכע האָבן געבילדעט איין געזעלשאַפט, וואָס איז דערצויגן געוואָרן צו חברשאַפט און געגנזייטיקער הילף. מיין פאָטער האָט אָנגערופן די יוגנט־באַוועגונגען: אונדזערע אוניווערסיטעטן.

פאַרשטייט זיך, אַז די אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט איז געווען אַ שטער פאַר די לימודים פון די שולן, פאַר די צוגרייטונגען פון די שול־אויפגאַבן. איינמאָל האָט מיין לערער פון לאַטיין, יעקב ווייסבוך ז״ל, באַגעגנט מיין פאָטער און מיט תרעומת צו אים געזאָגט: ווי אַזוי קאָן אַ ייד ווי איר באַשטיין, אַז אייער טאָכטער זאָל באַזוכן די „גורדוניה" און פאַרנאַכלעסיקן די לימודים? איר ווילט אַז אייער טאָכטער זאָל ווערן אַ פאַסטושקע פון חזירים אין פאַלעסטינע? דערויף האָט מיין פאָטער געענטפערט: הערט, ווייסבוך, מיר האָבן איבעריגענוג סטודענטן, וואָס מע וואַרפט זיי אַרויס דורך די פענצטער פון אַלע אוניווערסיטעטן. איז גוט אַז מיר זאָלן אויך דערציען עטלעכע פאַסטוכער פאַר ארץ־ישראל... שפּעטער האָב איך מיך דערוווּסט, אַז יעקב ווייסבוך איז אומגעקומען אין די געשלאָסענע וואַגאָנעס צווישן יאַס און טראַנסניסטריע.

דאָס גרויסע אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דאָס אייראָפּעישע יידנטום איז גישט פלוצעם געקומען. שוין אין די דרייסיקער יאָרן האָט זיך געהערט דאָס רוישן פון דעם אָנקומענדיקן שטורעם. איך געדענק די זאָרג און די שרעק, וואָס האָט אונדז אַרומגענומען. הערנדיק דעם טאַטנס רייד וועגן דער פּאָליטישער לאַגע: ער האָט אויסגעפירט, אַז דאָס אייראָפּעישע יידנטום האָט פאַרענדיקט די עקאָנאָמישע ראָל, וועלכע ס׳האָט געשפּילט אין אייראָפּע, און איצט ברעכט זי אויס דאָס יידנטום. פאַרשטייט זיך, אַז נאָר אַ משוגענער האָט געקענט פאָרויסזען אַזאַ דימענסיע פון אויסראָטונג! דעריבער, האָט ער געטענהעט, איז יעדער ייד וואָס קאָן זיך ראַטעווען און עולה זיין קיין ארץ־ישראל, איז מחויב דאָס צו טון. און ער פלעג צוגיבן: צום באַדויערן, בין איך נישט גענוג יונג אויף צו ווערן אַ חלוץ, און חוץ דעם בין איך צו אָרעם, און האָב גאָרנישט וואָס צו פאַרקויפן, אַז איך זאָל קאָנען עולה זיין ווי אַ טוריסט, אָבער אַ ייד טאָר נישט דורכלאָזן קיין געלעגנהייט עולה צו זיין.

אַ דאַנק דעם בין איך היינט אין ישראל. איך האָב אַ סך גערעדט וועגן טאַטן, גישט באַרירנדיק אפילו קיין ביאָגראַפישע פונקטן. ווייל איך האָב נאָר געוואָלט אָנווייזן אויף זיין לעבנס־וועג, אויף אָט דעם דור פון די יידן, דער דור פון אונדזערע עלטערן, ווי איך געדענק אים. דאָס איז געווען אַן איינגעוואָרצלט אינטעליגענט יידנטום, וואָס האָט גוט געקענט די רעאַליטעט און געלעכצט נאָך גאולה. אָבער זייערע פיס זענען געווען געבונדן פון דער רעאַליטעט. די טויערן פון ארץ־ישראל זענען געווען פאַרשלאָסן און פאַרריגלט פאַר איר. און אַזוי איז זי פאַר אונדז אויף אייביק פאַרלוירן געגאַנגען — — —



1934 : נוער עומד לפני העתיד — לאן ? יוגנטלעכע שטייען פאַר זייער צוקונפט — וווהין ?



1935 : כנ"ל / ווי אויבן

אפרים קסטלמן / קריית־טבעון

# מה שקדם לשואה

כשלושים שנה עברו מאז עזבתי את עיירת־מולדתי. זהו פרק־זמן ניכר, העלול לטשטש זכרונות ורשמים מתקופת הילדות. החרדה שגם המעט השמור בזכרוני יכול, חלילה, להישמט ממני, מדריכה את מנוחתי ומצווה עלי להשתתף במפעל להנצחת עיירתנו, במידת יכולתי.

מה שאפיין את העיירה שלנו הוא — היותה מאוכלסת יהודים בלבד. חיי עיירה יהודית התנהלו לאיטם, כמו על מי־מנוחות. מסביב לה השתרעו כפרים של גויים, אשר התפרנסו מחקלאות, וביום אחד בשבוע היו נוהרים לתחומי העיירה, מי ברגל ומי בעגלה, עם תוצרתם ובעלי־החיים שנועדו למכירה. יום־השוק היה מקור־הכנסה רציני ומשענת לקיומם של תושבי העיירה. הם התפרנסו כסוחרים, כבעלי־חנויות, ואחדים עסקו בחקלאות או בעבודת־כפיים.

גם אבי המנוח היה חקלאי. היו לו הרבה שדות, שהיה נוהג להחכירם לאיכרים בסביבה לעיבוד, וחלק מהיבולים היה מעניק להם תמורת עבודתם. יום־עבודתו של אבי היה ארוך ומייגע, משקיעת־השמש עד חצות לעתים, היה מיטלטל ונוסע בדרכים בעגלה עמוסת תבואה. לפעמים התעוררתי מאוחר בלילה לקול שקשוק הגלגלים של העגלה, התלבשתי חיש והפתעתי את אבי. ראיתיו מעמיס על גבו ומעביר שקי תבואה גדולים וכבדים, מהעגלה לתוך המחסנים. נסיתי לעזור לו, אבל הייתי אז כבן 14 או 15 וטרם אזרתי כוח להטות שכם ולסייע בידו. מצפוני היה מציק לי, והרהורים נוגים חולפים במוחי.

היינו משפחה של 8 נפשות; היו לי חמש אחיות, וראיתי במו־עיני כמה קשה

אפרים קעסטלמאַן / קריית־טבעון

# פאַר דער קאַטאַסטראָפע

סע זענען אַריבער דרייסיק יאָר זינט איך האָב פאַרלאָזט מיין געבוירן־שטעטל. דאָס איז אַ גענוגענדער צייטאָפּשניט, וואָס קען פאַרווישן זכרונות און איינדרוקן פון די קינדער־יאָרן. די מורא, אַז אויך דאָס ביסל וואָס איך האָב נאָך פאַרהיט אין זכרון, קאָן חלילה אינגאַנצן אָפּגעמעקט ווערן, באַוועגט מיך זיך צו באַטייליקן לויט מיינע מיגלעכקייטן אין דעם ווערק צו פאַראייביקן אונדזער שטעטל.

וואָס ס׳האָט כאַראַקטעריזירט אונדזער שטעטל פון אַנדערע, איז דער פאַקט, אַז ס׳איז געווען באַוווינט פון ליטער יידן. דאָס לעבן פון יידישן שטעטל איז געפלאָסן רויק און שטיל. אַרום זענען געליגן די דערפער פון די פויערים, וואָס האָבן געלעבט פון לאַנדווירטשאַפט. און איין טאָג אין דער וואָך (מיטוואָך) פלעגן פון אַלע דערפער שטראָמען פויערים אין שטעטל אַריין, ווער צופוס און ווער מיט פערד־און־וואָגן, מיט זייערע פּראָדוקטן, עופות און בהמות, אויף צו פאַרקויפן. דער מאַרקטאָג איז געווען אַ מקור פרנסה פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. יידן זענען געווען סוחרים, קרעמער און אויך באַשעפטיקט מיט לאַנדווירטשאַפט אָדער מלאכה.

אויך מיין פאָטער ז״ל איז געווען אַ לאַנדווירט. ער האָט געהאַט אַ סך פעלדער, וועלכע ער פלעגט פאַרדינגען די פויערים פון דער סביבה אויף צו באַאַרבעטן; אַ טייל פון גערעטעניש האָבן זיי באַקומען פאַר דער אַרבעט. דער אַרבעטסטאָג פון מיין פאָטער איז געווען אַ לאַנגער און מיפולער. פון פאַרטאָג ביז חצות צומאָל פלעג ער זיך אַרומוואַלגערן אויף וועגן, פאָרן מיט פערד־און־וואָגן באַלאָדן מיט תבואה. נישט איין מאָל פלעג איך מיך אויפכאַפּן שפּעט באַנאַכט פון אַ געקלאַפּ פון רעדער. כ׳האָב מיך שנעל אָנגעטון און איבעררעשט דעם פאָטער ווי ער טראָגט אויף די פלייצעס גרויסע און שווערע זעק תבואה פונעם וואָגן אין די מאַגאַזינען

הן עמלות. גם אמי, זכרונה לברכה, היתה עומדת על רגליה שעות לאין־ספור ומוכרת מצרכי־עור לסנדלרים או לגויים, שבאו במיוחד לקנות נעליים ומגפיים. החנות היתה בדירה שלנו, ואמי נאלצת היתה לדאוג גם להחזקת הבית, כלומר לעשות מה שעקרת־בית רגילה עושה, ונוסף לזה להיות גם חנונית.

אבי היה נוסע לעתים ברכבת לעיר הגדולה ועורך קניות מתאימות למלא את המדפים הריקים. כל זה בעונה המתה בחקלאות, כשהתפנה מכל העבודות הקשורות בשדה. אז הוקל במידת־מה לאמי.

ברצוני לציין את בית־הספר „תרבות", שחינך את הילדים על ברכי המסורת, והשפה העברית היתה בעלת־השפעה מכרעת בעיצוב דרכו של הנוער היהודי. יש לחזור ולציין את חלקן של תנועות הנוער הציוניות, ובמיוחד של „גורדוניה", אשר הצליחו לרכז ולמשוך לשורותיהן מספר ניכר של בחורים ובחורות, אשר ידעו להצית בלבבות את הזיק לארץ־ישראל המתחדשת, אשר הכניסו עניין ומטרה ללב עשרות בני־נוער ולקשור את גורלם עם הארץ המובטחת. יש להלל ולשבח את התנועה, אשר הצליחה מבעוד־מועד להזהיר את הדור השאנן על הפורענות המתרגשת ובאה. הנערים והנערות, ללא־הבדל מעמד ומצב, היו מתכנסים לערבי־הווי, שיחה וריקוד, יושבים בצוותא ושותים בצמא את דבר התנועה, שקראה לפעולות, להגשמה־עצמית, להכשרה לקראת המשימה — עלייה לארץ. התנועה ידעה להחדיר לדור הצעיר את השאיפה לצורת חיים מתוקנת, מבוססת על שוויון ערך־האדם וזכויותיו של הפרט, בצד חובותיו לכלל ולחברה. והזרעים שנזרעו, נקלטו יפה.

אני נזכר, שביום קיץ לוהט קיבלתי מכתב ממישרדי התנועה הציונית בבוקארשט, ובו מודיעים לנו שקיימת אפשרות לעלות במסגרת עליית־הנוער. כהרף־עין ובמהירות פניתי לכיוון השדה, בו נמצאו הורי לרגל הדייש.

זוכרני את ענני־האבק המיתמרים, את הפנים המכוסים אבק ואת סימני־העמל שבלטו לעין. לא אשכח את הרעש וההמולה וקצב העבודה; כן מסתמנת לעיני דמותו של אבי, איש־העמל החרוץ, שהעמיס על כתפיו את העול לקיום־המשפחה, אי"ש שלא נרתע מעבודה קשה, שהוכיח במעשיו שיהודי מסוגל להקים משק ולעבדו. הוא הבחין מייד שיש בידי ידיעה חשובה. לאחר שגיליתי לו מהו העניין, הבנתי לפי מראה־עיניו, שיש לי שותף נאמן לרעון עלייתי לארץ.

עם חשיכה, כאשר חזר אבי הביתה, היה הנושא המרכזי לשיחתנו: האפשרות שאני אזכה לראות את אחותי ומשפחתה, שזה שלוש שנים מאז הצטרפו לקבוצה בארץ־ישראל. הבחנתי בעיני הורי מה שמתחולל בקרבם: מצד אחד, רצונם

אַריין. כ׳פלעג אים אין אַזוינע פֿאַלן פּרוון העלפן, כ׳בין אָבער דעמלט ערשט אַלט געווען 14—15 יאָר, ס׳האָט מיר נאָך נישט געסטייעט קיין כוחות.

מיר זענען געווען אַ פאַמיליע פון 8 נפשות. כ׳האָב געהאַט 5 שוועסטער; זיי האָבן זייער שווער געהאָרעוועט. אויך מיין מאַמע ז״ל איז געשטאַנען אויף די פיס אין איר לעדער־קראָם אומענדלעכע שעהען און פאַרקויפן לעדער־סחורות פאַר שוסטערס אָדער פאַר גויים, וועלכע זענען ספּעציעל געקומען קויפן שיך אָדער שטיוול. די קלייט איז געווען אין אונדזער הויז, און מיין מאַמע האָט אויך געדאַרפט זאָרגן פאַר דער הויז־באַלעבאַטישקייט, ד.ה. טון אַלץ וואָס אַ הויזפרוי דאַרף טון און דערצו נאָך זיין אַ קלייטניטשקע. מיין פאָטער פלעג צייטנווייז פאָרן מיט דער באַן אין דער גרויסער שטאָט און איינקויפן די נייטיקע סחורות אויף אויסצופילן די ליידיקע פּאָליצעס. דאָס פלעג ער טון אין טויטן סעזאָן פון דער פעלד־אַרבעט, ווען ער איז געווען פריי. דעמלט האָט ער אַביסל פאַרלייכטערט דער מאַמען.

איך וויל מיך דאָ אַ ביסל אָפּשטעלן אויף דער „תרבות״־שול, וועלכע האָט דערצויגן די יידישע קינדער אין טראַדיציאָנעלן גייסט. די העברעישע שפּראַך איז געווען די הויפּט־באַגלייטערין אויפן טרויעריקן וועג פון דער יידישער יוגנט. מ׳דאַרף אונטערשטרייכן די פאַרדינסטן פון די ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונגען, און באַזונדערס פון דער „גורדוניה״, וועלכע האָט באַוויזן צו קאָנצענטרירן און צוציען אין אירע רייען אַ גרויסן טייל יוגנטלעכע און אָנצינדן אין זייערע הערצער דעם פונק פאַר ארץ־ישראל. געוועקט אין זיי ליבשאַפט און אינטערעס צו פאַרבינדן זייער גורל מיטן לאַנד פון די אָבות. מ׳דאַרף אָפּגעבן אַ שבח דער באַוועגונג, וועלכע האָט נאָך רעכטצייטיק באַוויזן צו וואָרענען דעם זאָרגלאָזן דור, פאָרויסזען די אָנקומענדיקע אויפטרייסלונגען און אומגליקן. יינגלעך און מיידלעך, אָן חילוק פון שטאַנד און קלאַס, פלעגן זיך יעדן אָוונט צונויפקומען אויף „שיחות״, אָדער צו טענץ, אָדער זיך צוהערן צו אַ רעפעראַט, וואָס האָט גערופן צו מעשים, צו פאַרפולשטענדיקייט, צו דער צוגרייטונג פאַר ארץ־ישראל. די באַוועגונג האָט פאַרשטאַנען אויפצוּוועקן אין דעם יונגן דור די שטרעבונג צו אַ בעסערן לעבן, געבויט אויף מענטשן־ווירדע, אויפן רעכט פונעם יחיד און זיין חוב דעם כלל און דער געזעלשאַפט. און די זוימען וואָס זענען פאַרזייעט געוואָרן, זענען שיין אויפגעגאַנגען.

איך דערמאָן מיך אַז אין אַ שיינעם זומער־טאָג האָב איך באַקומען אַ בריוו פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין בוקאַרעשט, אין וועלכן מ׳האָט אונדז געמאָלדן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ מיגלעכקייט עולה צו זיין אין די ראַמען פון אַ יוגנט־עליה. איך האָב מיך תיכף געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פונעם פעלד, ווו מיינע עלטערן האָבן זיך געפונען באַם דרעשן.

איך דערמאָן מיך די געדיכטע שטויב־וואָלקנס, די מיט שטויב באַדעקטע פּנימער פון די אַרבעטנדיקע. איך וועל נישט פאַרגעסן דעם רעש און געטומל און דעם טעמפּאָ פון דער אַרבעט. פאַר מיינע אויגן שוועבט די געשטאַלט פון מיין פאָטער, דער אומדערמידלעכער אַרבעט־מענטש, וואָס האָט געטראָגן אויף זיינע

בעלייתי ארצה, ומצד שני, כאב הפרידה (לנצח?). אמנם, הורי חשבו והתלבטו בשאלה, איך יוכלו גם הם להצטרף ולעלות לארץ, אבל אזיקי הגלות כבלו את ידיהם.

אני נזכר שבשנת 1938, סמוך לעלייתי לארץ, הייתי מטה אוזן לשיחותיהם של תושבי־העיירה. בחלל־האוויר כבר הורגשו סימנים מדאיגים, כל אחד השמיע בסגנונו הוא את נבואתו, את דעתו הפוליטית על מה שעומד להתרחש, לאן פניה של גרמניה מועדות. היתה תחושה, שמתבשל משהו במרקחת הבינלאומית, ולפי נסיון־הדורות הרי היהודי הוא שעיר לעזאזל במקרים כאלה. על־כן היו הפנים מכוסים קדרות ואי־וודאות. אבל היו גם שהישלו את עצמם ואת זולתם בתקוות־שווא.

לא אשכח את הימים, כאשר ברומניה שלטה המפלגה הקוזיסטית, וגלי־השנאה התנפצו גם בתחומי בריטשיבה. באחד הכינוסים של המפלגה האנטישמית הוקיעו את היהודים האשמים בכל הצרות המתרגשות בעולם. בני־בליעל אלו ניסו לפרוע פרעות בעיירתנו, אבל לא הונח להם לעשות כחפצם, וביד תקיפה הוחזר להם כגמולם. וכשאחד הגויים מת מפצעיו, נסערו הרוחות, והשלטונות ביטלו את יום־היריד.

אבל שפורענות ושואה עומדות בשערי עיירתם, ושעלולות היו למחות אותם מעל־פני־האדמה כזרם אדיר, כאסון מחריד, — זה לא עלה כלל על דעתם של יהודי עיירתנו.



פּלייצעס דעם עול מפרנס צו זיין זיין משפּחה, אַ מענטש, וואָס האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון דער שווערסטער אַרבעט, וואָס האָט מיט זיינע אויפטוען באַוויזן, אַז אַ ייד איז מסוגל אויפצושטעלן אַ לאַנדווירטשאַפט און זי באַאַרבעטן. מיין פאָטער האָט אויף מיר באַלד דערקענט, אַז איך קום מיט אַ וויכטיק נייעס. נאָכדעם ווי איך האָב אים איבערגעגעבן וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך, האָב איך אויף זיין מינע פאַרשטאַנען, אַז איך האָב אין אים אַ געטרייען שותף. אַז ער איז מסכים מיט מיין באַשלוס עולה צו זיין.

אויפדערנאַכט, אַז מיין פאָטער איז אַהיימגעקומען, איז די הויפּט־טעמע פון אונדזער שמועס געווען: די מיגלעכקייט אַז איך וועל זוכה זיין צו זען מיין שוועס־טער און איר פאַמיליע, וואָס געפינט זיך שוין דריי יאָר אין אַ קבוצה אין ארץ־ישראל. איך האָב דערקענט אין די אויגן פון מיינע עלטערן וואָס סע גייט פאָר אין זיי. פון איין זייט ווילן זיי אַז איך זאָל עולה זיין, און פון דער צווייטער זייט איז זיי שווער דער אָפּשייד. אין דער אמתן האָבן מיינע עלטערן זיך באַשעפטיקט מיטן געדאַנק וויאַזוי וואָלטן זיי אויך געקענט עולה זיין, אָבער די קייטן פון גלות האָבן זייערע הענט געבונדן. איך דערמאָן מיך, אַז אין 1938 איז מיין עולה־זיין געווען אין שטעטל די הויפּט־טעמע פון די שמועסן.

אין דער לופט האָט מען שוין געפילט גרויזאַמע סימנים. יעדער האָט אַרויס־געזאָגט זיין מיינונג, נביאות געזאָגט וועגן דעם נייעם דייטשלאַנד. ס'איז געווען אַ געפיל, אַז עפּעס וואָס קאָכט זיך אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטישער לאַבאָראַטאָריע. און לויט דער דערפאַרונג פון דורות איז דאָך דער ייד תמיד געווען פאַרפינצטערט און פאַרדאגהט. אָבער סע זענען אויך געווען אַזוינע, וועלכע האָבן זיך און אַנדערע פאַרוויגט אין פאַלשע האָפענונגען.

איך וועל נישט פאַרגעסן די טעג, ווען אין רומעניע זענען געווען באַ דער מאַכט די קוזיסטן, און כוואַליעס פון שנאה האָבן אויך פאַרפלייצט בריטשעווע. אין איינעם פון די אַנטיסעמיטישע צוזאַמענטרעפן זענען יידן באַשולדיקט געוואָרן אין אַלע צרות וואָס זענען דאָ אויף דער וועלט. די דאָזיקע רשעים האָבן געהעצט צו אַ פּאַגראָם אין אונדזער שטעטל. אָבער דאָס איז זיי נישט געלונגען. מיט אַ שטאַרקער האַנט האָט זיך די יוגנט אַקעגנגעשטעלט. און אַז איינער פון די כוליגאַנעס איז געשטאָרבן פון זיינע ווונדן, איז געוואָרן אַ גרויס געוואַלד, און די מאַכט האָט מבטל געמאַכט דעם יריד.

אָבער אַז אומגליקן און קאַטאַסטראָפעס שטייען פאַר די טויערן פונעם שטעטל, וואָס זענען עלול איינגאַנצן חרוב מאַכן און אָפּווישן זיי ווי אַ שטורעמדיקער שטראָם — דאָס איז די יידן פון מיין שטעטל איבערהויפּט נישט איינגעפאַלן.

→ חניכים ב„גורדוניה" עם המדריכים בתיה דווינאַרסקי וחיים שפּייאַר

רחל כהן / חולון

# זכרונות נעורים

באותה עיירה קטנטונת רחוקה, בלי כבישים, בלי חשמל, כשבימות החורף היו מבוססים בבוץ עד הברכיים — גדל נוער עם שאיפות נעלות, נוער לוחם למען אידיאלים, נוער ששאף להתרומם מן החיים האפורים ולחיות חיים יפים יותר, בעלי־תוכן.

ובאמת, ניתן לומר, שבני־הנוער ההם השיגו גדולות: המציאות מוכיחה, שהרבה חברים מתנועות־הנוער, בעיקר מ„גורדוניה", מפוזרים בהרבה קבוצות וקיבוצים בארץ. הנוער הטוב ביותר של העיירה היה אז ב„גורדוניה" או ב„קול־טור־ליגה". בית"ר היתה תנועה חלשה מאד. אני נזכרת, שמשה שפילברג ז"ל, שהיה בית"רי, היה בא אל הסניף של „גורדוניה" לשם ויכוחים אידיאולוגיים: והויכוחים היו לפעמים סוערים מאד.

בדרך כלל יכולה אני לספר על הרגשתי, שהחיים בימים ההם היו הכי יפים בשבילי. היינו צעירים, מלאי־חיים, צמאים לידע. אני זוכרת יפה איך היינו מתכנסים קביצות־קבוצות לשם לימוד, לשם קריאה — והיתה ממש התחרות בין החברים.

תפקיד חשוב בחיינו מילא בקיץ הגן של העיירה. אחרי הפעולות בסניף היינו הולכים אל הגן לשיר. הלילות, לילות הירח, היו יפים כל כך; היינו יושבים, שרים וחולמים על עתיד טוב יותר, מעניין יותר.

בריטשיבה ועיירות אחרות כמותה נעלמו מאתנו, ואתן יחד נעלמו דורות — הכל בשל הטבח בימי הנאציזם. אסור לנו לשכוח מה עוללו לנו; אסור לחשוב על „גרמניה אחרת". רבים מאתנו הספיקו לעזוב את העיירה לפני בוא השואה, אחרים ניצלו ממנה — אבל בכל אחד מאתנו נשארה דמותה של העיירה כפי שעזבנו אותה אז, בימים הרחוקים.

רחל כהן / הולון

# יוגנט־זכרונות

אין יענעם קליינינקן ווייטן שטעטעלע, אָן וועגן, אָן עלעקטריע, ווו מ׳האָט אין די ווינטערדיקע טעג געטאָפּטשעט אין בלאָטעס ביז די קניעס, — איז געוואַקסן אַ יוגנט מיט העכערע שטרעבונגען, אַ יוגנט וואָס האָט געקעמפט פאַר אידעאַלן, אַ יוגנט וואָס האָט געשטרעבט זיך צו דערהייבן איבער דער גראָער ווירקלעכקייט און צו לעבן אַ שענער לעבן, אַן אײַנהאַלטפול לעבן.

און אין דער אמתן געזאָגט האָט יענע יוגנט אַ סך דערגרייכט. די ווירקלעכ־קייט באַווייזט, אַז אַ סך חברים פון דער יוגנט־באַוועגונג, דער עיקר פון „גורדוניה״, זענען היינט צעשפּרייט איבער אַ סך קבוצות און קיבוצים אין לאַנד.

די בעסטע יוגנט פון שטעטל איז דעמאָלט געווען אין „גורדוניה״ אָדער אין דער „קולטור־ליגע״. דער בית״ר איז געווען אַ זייער קליינע אָרגאַניזאַציע. איך געדענק, אַז משה שפּילבערג ז״ל, וואָס איז געווען אַ בית״ריסט, פלעג קומען צום סניף פון „גורדוניה״ כדי צו פירן אידעאָלאָגישע וויכוחים; און די דיסקוסיעס זענען אָפט געווען זייער שטורמישע.

בדרך־כלל קאָן איך לויט מיינע איינדרוקן זאָגן, אַז דאָס לעבן אין יענע טעג איז פאַר מיר געווען זייער שיין. מיר זענען געווען יונג, פול מיט לעבן, דאָרשטיק נאָך וויסן. איך געדענק גוט ווי מיר פלעגן זיך גרופּנווייז צונויפקומען, צו לערנען, צו לייענען, — ס׳איז ממש אָנגעגאַנגען אַ פאַרמעסט צווישן די חברים.

אַ וויכטיקע איבערלעבונג פון יענער צייט איז געווען דער שטאָטישער גאָרטן. נאָך דער טעטיקייט אין סניף, פלעגן מיר גיין אין גאָרטן אַריין זינגען. די לבנהדיקע נעכט זענען געווען אַזוי שיין, מיר פלעגן זיצן, זינגען און חלומען וועגן אַ בעסערער, אינטערעסאַנטער צוקונפט.

בריטשעווע און אַנדערע אַזוינע שטעטלעך זענען פון אונדז פאַרשוווּנדן. און צוזאַמען מיט זיי זענען אַוועק דורות — אַלץ צוליב דעם נאַצישן תליין. מיר טאָרן



קבוצת חניכות / אַ גרופּע יוגנטלעכע:
צפורה מוגילובסקי, הינה בלאַנק (מדריכה), ?, סוניה מוגילובסקי



„השומר הצעיר", קבוצת מנהלים / אַ גרופּע אָנפירערס

נישט פאַרגעסן דאָס וואָס ס׳איז געשען: מיר טאָרן נישט טראַכטן וועגן אַן „אַנדער דייטשלאַנד״.

אַ סך פון אונדז האָבן באַוויזן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל פאַרן חורבן. אַ סך זענען ניצול געוואָרן. אָבער אין יעדן איינעם פון אונדז בלייבט איינגעקריצט דאָס בילד פונעם שטעטל, אַזוי ווי מיר האָבן עס פאַרלאָזט אין יענע ווייטע טעג.



1938 : פרידה מבומה וצבי גולירגאַנט לפני עלייתם
אָפשייד פון בומע און הירש גאָלערגאַנט פאַר זייער עולה זיין

אשר וֹלדמן / ריו־דה־ז׳נירו

# הוּמור בריטשיבאי

בעל־הטאקסה, אברהם זוסיה׳ס (שפילברג) לא היה „כתבא רבא״. בימים ההם לא היה צריך, כנראה, להזדקק לכתיבה.

והנה באחת האסיפות, אסיפת בחירות של סטארוֹסטה, התרגז ופרץ, כמוהו כאחרים, בצעקות עד לב השמים. קם נתן לייבוש׳ס (בלומין) ואומר לו: אברהם־אברהם, הרי אתה חולה־לב. אם כך, במקום שתצעק, מוטב שתעלה אותן מלים מועטות על הנייר.

בבריטשיבה היו התושבים נחלקים לשני סוגים: קולוניסטים (ממייסדי העיירה) ונספחים, שמקרוב באו. ברגיל היו הקולוניסטים נחשבים לאנשים מעולים, בעלי זכויות וזכויות־יתר. על־כן נוצר אנטאגוניזם מסויים.

מקרה מעניין מאד אירע בגלל דבר זה. ביום שבת אחד בבוקר יוצא מבּיתו לייב הצאריגראדי (ברונשטיין); הוא היה חותנו של פסח ויינשטיין. פוגש הוא בחיים שוסטר (מן הנספחים), שגר בשכנות עמו. חיים שוסטר הקדים אותו מייד ב„שבת־שלום״ רחב. על כך שואל אותו לייב: אמור־נא לי, על שום מה אתה שוטם אותי? אמר לו חיים ברטט: להיפך, הריני דווקא אוהב אותך מאד. ענה לו הלה: לא ייתכן. וכי כיצד אתה יכול לאהוב אותי, אם אני שוטם אותך?

יידל קריטשון (גבאי׳ס) כוּנה במאוחר יותר, הוא וכל משפחתו, בשם קריטשון, על שום מעשה שהיה, שפעם אחת נשאל מתי חל היאָרצייט של אבא שלו, ענה:

אשר וואַלדמאַן / ריאָ־דע־זשאַנייראָ

# בריטשעווער הומאָר

דער פירער פון דער טאַקסע, אברהם זוסיעס (שפּילבערג), איז געווען זייער אַ קליינער „פּיסאר״; אין יענע צייטן האָט ער, ווייזט אויס, נישט געדאַרפט קענען שרייבן.

טרעפט זיך אַז אויף אַ פאַרזאַמלונג אויסצוקלייבן אַ סטאַראָסטע, האָט ער זיך זייער אויפגערעגט, און ווי אַ סך אַנדערע, געשריגן. שטעלט אים אָפּ נתן לייבושעס (בליומען) און זאָגט אים: אברהם, אברהם, דו ביסט קראַנק אויפן האַרץ; איז אויפן אָרט פון שרייען, שרייב בעסער אָן די עטלעכע ווערטער אויף פּאַפּיר.

באַ אונדז זענען די איינוווינער געווען צעטיילט אויף צוויי קאַטעגאָריעס: קאָלאָניסטן און צוגעקומענע. געוויינלעך האָבן די קאָלאָניסטן זיך פאַררעכנט פאַר בעסערע מענטשן און מיט ספּעציעלע רעכט און פּריווילעגיעס. האָט זיך אויך געשאַפן אַ געוויסער אַנטאַגאָניזם צווישן זיי.

זייער אַן אינטערעסאַנטער פאַל האָט זיך אַמאָל געטראָפן וועגן דעם עניין. אין אַ שבת אין דער פרי גייט אַרויס פון זיין שטוב לייב (צאַריגראַדער) בראָנשטיין; ער איז געווען פּסח וויינשטיינס שווער. באַגעגנט ער חיים שוסטער (אַ צוגעקומענער), וואָס האָט געוווינט אין שכנות מיט אים. חיים שוסטער האָט אים באַלד אָפּגעגיבן אַ גרויסן גוט־שבת. אויף דעם פרעגט אים לייב: זאָג מיר נאָר, פאַרוואָס האָסטו מיך פיינט? חיים האָט אים ציטערנדיק געזאָגט: פאַרקערט, איך האָב אייך אפילו זייער ליב. ענטפערט ער אים: סע קאָן אַזוינס נישט זיין; ווי אַזוי קענסטו מיך ליב האָבן, אַז איך האָב דיך פיינט.

יידל קריטשאָן (גאַבעס) האָט מען אין די שפּעטערע צייטן זיין גאַנצע פאַמיליע גערופן קריטשונעס, ווייל ווען מ׳האָט אים אַמאָל געפרעגט ווען ער האָט יאָרצייט, האָט ער געענטפערט „קריטשון״. ער איז אויך געווען גבאי אין שניי־

ב„קריטשון" (בחג המולד) — הוא אף היה גבאי בבית־הכנסת „החייטי".

פעם אחת, בחודש אלול, כשמתחילים בתקיעת שופר, לא היה השופר בסדר; הלך ושאל שופר בבית־הכנסת השטיפאנשטי.

כשחזר מבית־הכנסת, ראה כלב רובץ, בעט בו ואחר כך התפאר, שהכלב נבח ואמר: מותר לתקוע בשופר ככל שאדם רוצה, משום שהשופר הוא חזק.

ומספרים, שבשעת מכירת „עליות" היה חובט על השולחן ומכריז, שמי שיתן כסף יקבל תורה, ומי שלא יתן, יקבל דבר אחר.

דוד־הרץ היה יהודי גדול, גבוה וחסון. גם בן היה לו, גבוה וגדול כמוהו, אלא שלא היה בקי ביותר במנהגים וב„אותיות הקטנות".

פעם אחת, ביום־כיפור, רואה הוא שיהודים מכים „על חטא" בשעת התפילה. שואל הוא את אביו: מתי מכים באגרוף על הלב? עונה הוא לו: לך ישר לפי חוט ההשחלה; נקודה — מכה, נקודה — מכה.

כדי לקבל הלוואה בקופת־מלווה־וחיסכון צריך היה לחתום בשם ובשם־המשפחה, ולא לצאת ידי חובה בהצמדת אצבע. נאלץ היה גם בעל־העגלה בעיירתנו לשׂרט בקושי את שמו, בעזרת יד מוליכה של מישהו. לאחר שסיים את „תפקידו" הקשה, אמר: קל יותר לנסוע במרכבה אל תחנת־הרכבת בטירנובה בביצות של ערב־פסה מאשר לחתום.

יום אחד, כשנסענו מסורוקה עם יענק'ל קריטשון, נפגשנו עם חותנו, יענק'ל שואב־המים, אף הוא בעל־עגלה. דרך מקרה נהפכה המזחלת, וכל הנוסעים נפלו מתוכה ארצה. אומר אז חתנו: חותני עשה „טאבלין" עם „ואלֶט" (חיקוי למשחק בקלפים).

כשקורמאנסקי היה פרימאר, לייב טנדלר — סגן־פרימאר, ואני — המזכיר, נסענו שלושתנו לבלץ, ושם התקיימו אז במקרה ההצגות של „הלהקה הווילנאית". קשה היה מאד להשיג כרטיסים. אלא שאני יכולתי לקבל את הכרטיסים באמצעותו של שלום שיינבוים, ששיחק אז עם „הווילנאים", וכן באמצעותו של השחקן וייסליץ, שהכרתיו אישית.

לייב טנדלר הציג תנאי לקורמאנסקי: יכול הוא ללכת אתנו, אבל הוא מוכרח קודם לרחוץ את רגליו (קורמאנסקי היה איש בעל השכלה גבוהה, אלא

דערישן שולכל. איין מאָל אין חודש אלול, ווען מ׳הייבט אָן בלאָזן שופר, איז באַ אים דער שופר נישט געווען אין אָרדענונג; איז ער געגאַנגען לייען אַ שופר אין דער שטעפּאַנעשטער שול.

אומקערנדיק זיך פון קלויז, האָט ער געזען אַ הונט ליגן; האָט ער אים געגעבן אַ קניאַק, און דערנאָך זיך באַרימט אַז דער הונט האָט געבילט און געזאָגט: מען מעג בלאָזן וויפל מען וויל, ווייל דער שופר איז זייער אַ שטאַרקער.

מען דערציילט אַז באַם פאַרקויפן עליות, פלעגט ער גיבן אַ קניאַק אין שול און אויסשרייען: ווער עס וועט גיבן געלט, דער וועט האָבן תורה, און ווער נישט, וועט האָבן עפּעס אַנדערש.

דוד הערץ איז געווען אַ גרויסער, הויכער און געזונטער ייד, ער האָט געהאַט אַ זון אויך אַזוי גרויס ווי ער, אָבער אויך נישט אַזוי קלאָר אין די „קליינע אותיות־לעך״ און אין מנהגים.

איין מאָל, יום־כיפור, זעט ער ווי די יידן באַם דאַווענען קלאַפּן זיך אין האַרצן אַריין „על חטא״. פרעגט ער זיין פאָטער: וואָס און ווען באָכעט מען זיך אַזוי אין האַרצן אַריין? ענטפערט אים דער פאָטער: גיי גלייך מיט דער סולעווקע; אַ פינ־מעלע — אַ באָך, אַ פינטעלע — אַ באָך.

כדי צו באַקומען אַן הלוואה אין דער ליי־און־שפּאָר־קאַסע, האָט מען געמוזט זיך אונטערשרייבן דעם נאָמען און פאַמיליע־נאָמען, און נישט לעגן דעם פינגער, האָט אונדזער בעל־עגלה אויך געמוזט נאָכקריצן מיט שוועריקייטן זיין נאָמען מיט דער הילף פון אַ צוויייטנס האַנט. נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיקט די זייער שווערע „מיסיע״, האָט ער געזאָגט: עס איז גרינגער צו פאָרן צו דער באַן קיין טערנעווע מיטן פאַעטאָן אין די פאַר־פּסחדיקע בלאָטעס איידער צו חתמענען זיך.

איינמאָל פאָרנדיק פון סאָראָקע מיט יאַקל קריטשון, האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט זיין שווער, יאַנקל וואַסערפירער, אויך אַ בעל־עגלה. צופעליק האָט דער שליטן זיך איומגעקערט, און אַלץ פּאַסאַזשירן זענען אַרויסגעפאַלן. רופט זיך אָן זיין איידעם: מיין שווער האָט געמאַכט אַ טאַבלין מיט אַ וואַליעט.

ווען קאָרמאַנסקי איז געווען פרימאַר, לייב טענדלער — וויצער־פרימאַר און איך — סעקרעטאַר, זענען מיר אַלע געפאָרן קיין בעלץ, און צופעליק האָט דעמלט גאַסטראָלירט דאָרטן די ווילנער טרופּע. ס׳איז זייער שווער געווען צו קריגן בילעטן, האָב איך געקענט באַקומען די בילעטן דורך שלום שיינבוים, וואָס האָט אויך געשפּילט אין דער טרופּע, ווי אויך מיט דער הילף פון ווייסליצן, וואָס כ׳האָב אים געקענט פּערזענלעך.

לייב טענדלער האָט געשטעלט אַ באַדינג קאָרמאַנסקין: ער קען גיין מיט אונדז, נאָר ער זאָל זיך פריער אָפּוואַשן די פיס (כאָטש ער איז געווען אַ מענטש

שסבל, כנראה, מאיזו מחלת־עור). הוא הבטיח. כשכבר ישבנו באולם המלא מפה לפה, הורגש פתאום איזה ריח רע. אומר אז לייב טנדלר לקורמאנסקי: הרי ביקשנו אותך שתרחץ רגליך! עונה לו קורמאנסקי: ידעתי מראש שלא תאמינו לי, נטלתי עדות עמי — והוא הוציא מכיסו את זוג הגרביים המלוכלכים.

יעקב־אהרון סאנדלמן היה יהודי גבוה, כשני מטרים; מרדכי בנו היה בגובה של כמה סנטימטרים מעל לשני המטרים. כשמרדכי היה כבר בשנות הארבעים שלו, וכבר היו לו בנים שהגיעו לפרקם, הולך יעקוב־אהרון לחפש את בנו, את מרדכי; הוא נכנס לדואר ושואל את המנהל: „זדיאָס ניאָ ביל מוֹי מאלטשיק?״ (לא היה בכאן נערי?).

הדוור, שאת שמו איני זוכר, עבד משך שנים רבות בעיירה, ונעשה חלק מהתושבים. כשהיה מחלק את הדואר, היה תמיד מתעכב ליד פסח הסטארוסטה, בין שהיה דואר בשבילו, בין שלא היה. פעם אחת היה לו הרבה דואר לחלוקה, וכשהגיע עד ביתו של פסח ויינשטיק, כבר היה מאוחר, שעה 11 בלילה, ופסח כבר ישן. העיר אותו הדוור ואמר: „דליא ואס ניטשיבו ניאֶט״ (בשבילך אין כלום).

יהודה־איצי השמש מת ביום ו׳ לפנות ערב, כך שהמת הונח עד יום ראשון. מרוב צרות השתכרו השמשים עד שיצאו במעגל־ריקודים מסביב לבית, וכורח היה לקרוא לרב שיעצור בעדם.

ביום ראשון בבוקר, לפני הלוויה, נכנס ראובן בחתף אל חיה־רחל (שיכמן) במסבאה ומבקש קצת יי״ש. אך הגיש את הכוסית אל פיו, אומר הוא אל חיה־רחל: אכן, יהודה־איצי נפטר, אבל, לעת־עתה מלאי את הכוסית כראוי.

בשיחה שבין גיניה דלוגאטש לבין חיים זיסמן, שהתנהלה דווקא ברוסית, העירה לו גיניה, שהמשפט בו השתמש חיים אינו נכון מבחינת הלשון. על כך ענה לה: מה אַת רוצה? אין אני יודע את כל הרוסית בעל־פה.

אבי ז״ל, דודי וולדמן, היה איש־עמל פשוט וישר. ועם שלא היה תלמיד־חכם גדול, היה עושה כל שביכולתו כדי לקנות עלייה לעצמו ב„ימים נוראים״. הוא היה מתפלל בבית־הכנסת הראשקובי, שהגבאי שם היה חיים־ישראל גלמז. וקרה פעם, שהגבאי נטל מאבי את „עלייתו״, שכבר הספיק לשלם בעדה,

מיט הויכע בילדונג, אָבער ער האָט, ווייזט אויס, געליטן פון הויט־קראַנקהייט). ער האָט צוגעזאָגט. ווען מיר זענען שוין געזעסן אין איבערגעפולטן טעאַטער, האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק פילן. זאָגט לייב טענדלער צו קאָרמאַנסקין: מיר האָבן דאָך דיך געבעטן, זאָלסט זיך אָפּוואַשן די פיס! ענטפערט אים קאָראַמאַנסקי: כ׳האָב פריער געוווּסט, אַז איר וועט מיר נישט גלויבן, האָב איך מיטגענומען מיט מיר אַ עדות. און אַרויסגענומען פון קעשענע די קוויטיקע שקאַרפּעטקעס.

יעקבֿ־אהרן סאַנדעלמאַן איז געווען אַ ייִד פון צוויי מעטער די הויך; זיין זון, מרדכי, האָט געהאַט נאָך אַ פּאָר סענטימעטער חוץ די 2 מעטער. ווען מרדכי איז שוין געווען אין די 40־ער יאָרן און שוין געהאַט קינדער וחתונה צו מאַכן, גייט יעקבֿ־אהרן זוכן זיין זון און קומט אַריין אין דער פּאָטשט און פרעגט דעם נאַטשאַלניק: „זדיעס ניע ביל מאָי מאַלטשיק?”

דער פּאָסט־טרעגער, וואָס זיין נאָמען געדענק איך נישט, האָט אַזוי פיל צייט געאַרבעט אין שטעטל אַז ער איז געוואָרן אַ טייל פון די איינוווינער. ער פלעג שטענדיק, ווען ער האָט די פּאָסט צעטראָגן, זיך אָפּשטעלן לעבן פסח סטאַראָסטעס, סיי ווען ס׳איז געווען אָדער נישט געווען קיין פּאָסט צו אים. איינמאָל האָט ער געהאַט זייער אַ סך צו צעטיילן, און ווען ער איז צוגעקומען צו פסח ווינשטיינס שטוב, איז שוין געווען נאָך 11 אַ זייגער אויפדערנאַכט, און ער איז שוין געשלאָפן; האָט ער אים אויפגעוועקט און געזאָגט: „דליאַ וואָס ניטשעוואָ ניעט”.

אידיצע שמש איז געשטאָרבן פרייטיק פאַרנאַכט, אַזוי אַז דער מת האָט געמוזט ליגן ביז זונטיק. האָבן שבת די שמשים, פאַר צרות, זיך אַזוי אָנגעשיכורט, אַז זיי זענען געגאַנגען אַ קאַלעכיקס אַרום דעם הויז. מ׳האָט געמוזט רופן דעם רבֿ, ער זאָל זיי אָפּשטעלן.

זונטיק גאַנץ פרי, פאַר דער לוויה, כאַפּט זיך אַריין ראובן שמש צו חיה־רחלען (שיכמאַן) אין שענק אַריין און בעט אַ ביסל בראָנפן. ווי נאָר ער האָט גענומען צום מויל דאָס גלעזל, רופט ער זיך אָן צו חיה רחלען: אידיצע איז טאַקע געשטאָרבן, אָבער דערוויל דערגיס דאָס גלעזעלע.

אין אַ געשפּרעך צווישן גיניע דלוגאַטש און חיים זוסמאַן, וועלכע האָבן דוקא גערעדט אויף רוסיש, באַמערקט אים גיניע אַז די פראַזע האָט ער נישט ריכטיק אויסגעדריקט. אויף דעם האָט חיים זוסמאַן איר געענטפערט: וואָס ווילט איר, איך קען נישט גאַנץ רוסיש אויף אויסנווייניק.

מיין פאָטער דוד וואָלדמאַן, עליו השלום, איז געווען אַ פּשוטער ערליכער און האָרעפּאַשנער ייִד, און אפילו נישט זייענדיק קיין גרויסער תלמיד־חכם, אָבער אַן עליה ימים נוראים האָט ער אַלץ געטאָן ער זאָל זיך איינקויפן. ער האָט געדאַוונט אין דער ראַשקעווער שול.

ומסרה לאדם אחר, איזה קרוב שלו מליפקאן, שבא להתארח אצלו. אבי לא נתן עצמו לקיפוח, אבל הלה התנפל עליו בגידופים. בתשובה על כך נטל אותו אבי באחוריו והשליך אותו החוצה דרך חלון בית־הכנסת. רק זאת עשה, אבל לא הכה אותו, אם כי אבי היה יהודי חסון וצעיר ממנו, משום שאבא שלי לא התכתש עם איש, בגלל מעשה שהיה:

מייד לאחר חתונתו עם אמי ז״ל היה סוחר בטאבאק, שהיה אז מסחר אסור, כי היה נתון למונופולין. ויהי היום ומולדאוואן אחד נכנס וקנה רבע טאבאק, אבל במקום לשלם את התמורה תבע מייד רובל כסף, שאם לא כן ילך וילשין בפני המפקח. אמי ר׳חל קראה לאבי וסיפרה לו על המתרחש. הכניס אבי ידו לתוך הכיס, כאילו להוציא כסף, וכשהוציא אותה העיף מכה למולדאוואן, והלה נפל מתעלף. הכרח היה לקרוא לרופא ד״ר גרמאנט, שגר אז מול ביתנו, אצל חיים־אהרון אייזנשטיין, והוא הציל את חייו לאחר עמל רב.

אחרי מאורע זה קרא אותו זקני משה הפולני ז״ל, חותנו של אבא, אל הרב ואילצו לתקוע כף בנדר, שלעולם לא ירביץ לו לאדם כלשהו.

לפיכך היה פעמים רבות חוזר הביתה באצבעות מנושכות על־ידי עצמו, משום שלא יכול להשתמש בידיו למכות.

אברהם זוסיא׳ס (שפילברג) היה בעל־הטאקסה. הוא אף רצה „לתחוב רגל״ לפרימאריה. לשם כך השׂכיר אפילו חלק מביתו למעון הפרימאריה, ובחי׳נם כמעט, ובלבד שתהיה לו אפשרות להתערב בעניינים.

הוא היה חולה־לב, לכן היה נוסע תכופות לקישינוב לשם ריפוי, כי שם, בק׳ישינוב, התגורר בנו שלום שפילברג (וכאן יש להוסיף שהיו לו חמישה בנים ובנות: שלום, טשארנה, ליאליה, יוסקה וזיסל — וכולם היו ממיטב האנשים שבעיירה, וכולם מוכשרים). אבל מפעם לפעם היו מפיצים ידיעה כוזבת כי אברהם זוסיא׳ס מת.

פעם אחת שוב נפוצה השמועה כי מת. נכנס אל הפרימאריה חתנו יוסל זאָקצר ופונה אל הפרימאר, אל לייב טנדלר בלשון זו: שוב אומרים כי חותני מת; אם שקר הוא הדבר, על מי יש להלשין?

בנה של הבלנית בבית־המרחץ חוזר בשמחת־תורה מבית־הכנסת. שואלת אותו אשתו: נו, הלכת בהקפות? עונה הוא: ודאי, אלא שאין מזל לאדם עני. בגורלי עלה דווקא „עוזר דלים הושיעה־נא, עוזר דלים הצליחה־נא״, ובנוסף

דער גבאי האָט געהאַט די העזה צוזונעמען באַ מיין פאָטער די עליה, וואָס ער האָט שוין געהאַט פאַר איר באַצאָלט, און זי אָוועקגעבן זיינעם אַ קרוב, וואָס איז געקומען צו אים צו גאַסט פון ליפקאַן. ווען מיין פאָטער האָט זיך נישט געלאָזט, האָט ער אים נאָך באַליידיקט. אַלס ענטפער האָט מיין פאָטער אים אָנגענומען באַם אונטן און אים אַרויסגעוואָרפן דורכן פענסטער פון דער שול. ער האָט זיך מיט אים נישט געשלאָגן, כאָטש מיין פאָטער איז געווען זייער אַ פעסטער ייד, אָבער ער האָט זיך מיט קיינעם נישט געשלאָגן, צוליב אַ מעשה שהיה:

תיכף נאָך זיין חתונה מיט מיין מאַמען, האָט ער געהאַנדלט מיט טיטין, וואָס איז שוין געווען מאָנאָפּאָליזירט. איין מאָל איז אריינגעקומען צו אים אַ מאָלדאוואַן און געקויפט אַ פערטל טיטין, אָבער אנשטאָט צו באַצאָלן פאַרן טיטין, האָט ער נאָך געמאָנט אַז מען זאָל אים גיבן אַ קערבל, אויב נישט וועט ער פאַרמאַסרן פאַרן קאָנטראָליאָר. מיין מאַמע רחל האָט אַריינגערופן דעם טאַטן און אים דערציילט וואָס דאָ קומט פאָר. מיין פאָטער האָט אַריינגעריקט די האַנט אין קעשענע, כלומרשט אַרויסצונעמען געלט, און אַרויסנעמענדיק, האָט ער דערלאַנגט אַ פאַטש דעם מאלדוואַן, און דער איז גלייך געפאַלן פאַרחלשט. מ׳האָט געמוזט רופן דעם דאָקטער גערמאַנט, וואָס האָט געוווינט אַקעגן אונדז, באַ חיים־אהרן אייזענשטיין, און ער האָט מיט שוועריקייט אים אָפּגעראַטעוועט.

נאָך דעם אינצידענט האָט מיין זיידע ע״ה, משה דער פּוילישער, דאָס הייסט זיין שווער, אים גענעמען צום רב און אים געצוווּנגען ער זאָל גיבן אַ תקיעת־כף, אַז ער וועט מער אין זיין לעבן קיינעם נישט שלאָגן.

דערפאַר פלעגט ער אַ סך מאָל אַהיים קומען מיט צעביסענע פון־זיך־אַליין פינגער, נישט קענענדיק נוצן זיינע הענט.

אברהם זיסעס (שפּילבערג) איז געווען בעל־טאַקסע. ער האָט אויך געוואָלט האָבן אַ „פוס אין טשאָלנט״ אין דער פרימאַריע. ער האָט בידאי פאַרדונגען אַ טייל פון זיין שטוב, כמעט אומזיסט, כדי ער זאָל קענען זיך מישן אויך אין דער פרימאַריע.

ער האָט געליטן אויפן האַרץ. ער פלעג זייער אָפט פאַרן קיין קעשענעוו, וווּ ס׳האָט געוווינט זיין זון שלום שפּילבערג (איך געדענק פאַר נויטיק צו זאָגן אַז ער האָט געהאַט 5 קינדער: שלום, טשאַרנע, יאַסקע, ליאָלע און זיסל; די קינדער זענען געווען די פיינסטע, בעסטע און געראָטענע). אַלע מאָל פלעג מען אַרויסברענגען אַ פאַלשע ידיעה, אַז אברהם זיסעס איז געשטאָרבן.

איינמאָל איז אַרויס אַ קלאַנג אַז ער איז געשטאָרבן, קומט אַריין אין דער פרימאַריע זיין איידעם, יוסל זעקצער, און רופט זיך אָן צום פרימאַר לייב טענדלער: מען זאָגט נאָך אַמאָל אַז מיין שווער איז געשטאָרבן; אויב ס׳איז אַ ליגן, וועמען דאַרף מען מסרן?

דער טיקערנס (פון דער באָד) זון קומט אַהיים שמחת־תורה פון דער שול;

לכך, נתנו לי איזה ספר־תורה קטנטן שחוק, וה„עץ" שלו שבור היה.

משה־לייב וולדמן, אחי אבי, היה סובל משבר (על־כן קראו לו משה־לייב עם השבר). הולך הוא ביום ששי לבית־המרחץ ולוקח אתו עביט קטן, עשוי עץ עם חישוקים. כשהכניס את השבר לתוך העביטון כדי לרחצו, נתנפח לו כל אותו מקום, והכרח היה לקרוא לחבתן, שיוריד את החישוקים וישחרר את השבר.

אני, יידל פיינזילבר, פייוול פיינזילבר, יאשה ברונשטיין, משה שטשיגליק ואחרים, למדנו אצל המורה דוד ברמן. פעם אחת נעצר שעונו של המורה, שולח הוא את פייוול פיינזילבר אל שכן לשאול מה השעה, והוא אומר לו: לך וראה מה השעה עכשיו. חוזר הוא ואומר: אדוני המורה, השעון אֶץ.

אהרן צינמן, משה רבינוביץ', בני זיסמן, יוסל־יהודה גורודצקי ואני ישבנו אצל שמעון גולירגאנט על המרפסת ושיחקנו כל הלילה בקלפים. בשכנותו גר ניסן פרנס הזקן. היה זה בחודש אלול, והזקן קם לפנות בוקר ללכת לסליחות. ומשראה אותנו במצבנו, הוא אומר: פוחחים שכמותכם, בעלנים לקום לפנות בוקר ולשחק בקלפים!

שלום זאק, שהוא לכבוד לכל יוצאי בריטשיבה ותופס עתה משרת פרופיסור בסורבונה של פאריז, קרתה אתו פליטת־פה כזאת:

קבוצת חברים: אני, רוזה צימרמן, אלתר שיכמן, פייגלה שפילברג, מוסיה בלאנק ואחרים, ישבנו אצל דוד ופייגה בונדר והיינו מבלים. פתאום קרתה תאונה עם אהרון שפילברג: הוא נפל מעל הנדנדה והתעלף. אצנו־רצנו לקרוא לרופא. בדרך נתקלנו בשבע שפילברג, אחותו של אהרון, ששאלה אותנו: לאן אתם רצים? עונה שלום זאק: זה לא כלום, זה לא כלום: אהרון שפילברג נהרג.

פרעגט אים זיין ווייב: נו! ביסט געגאַנגען מיט די הקפות? ענטפערט ער: אוודאי, אָבער אַן אָרעמאַן האָט נישט קיין מזל. ס'איז מיר פונקט אויסגעפאַלן „עוזר דלים הושיעה־נא, עוזר דלים הצליחה־נא", און חוץ דעם האָט מען מיר געגיבן אַ „צעריבן" תורהלע און דער „עץ" איז געווען צעבראָכן.

משה־לייב וואָלדמאַן, מיין זיידנס אַ ברודער, איז געווען געבערעכט (מ'האָט אים דערפאַר גערופן משה־לייב מיט דער קילע). גייט ער פרייטיק אין באָד אריין און נעמט מיט זיך אַ שעפל, געמאַכט פון האָלץ מיט רייפלעך. ווען ער האָט אריינ־געלעגט די קילע אין שעפל זיך אָפּצוּוואַשן, איז זי אַנגעשוואָלן געוואָרן, אַז מען האָט געמוזט רופן אַ באָדנער ער זאָל אַראָפּנעמען די רייפלעך און זי באַפרייען.

איך, יידל פיינזילבער, פייוול פיינזילבער, יאָשע בראָנשטיין, משה שטשיגליק און אַנדערע, האָבן געלערנט באַם לערער דוד בערמאַן. ווען זיין זייגער האָט זיך אַמאָל געשטעלט, שיקט ער פייוול פיינזילבער צו אַ שכן פרעגן וויפל ס'איז דער זייגער, און זאָגט אים: לך וראה מה השעה עכשיו; קערט ער זיך אום און זאָגט: אדוני המורה, השעון רץ (דער זייגער לויפט).

אהרן צינמאַן, משה ראַבינאָוויטש, בעני זוסמאַן, יאָסל־אידע גאָראָדעצקי און איך, זענען געזעסן באַ שמעון גאָלערגאַנט אויף דער וועראַנדע און אַ גאַנצע נאַכט געשפילט אין קאָרטן. אין שכנות האָט געוווינט דער אַלטער ניסן פּרנס. ס'איז געווען אין חודש אלול. ער איז אויפגעשטאַנען פאַרטאָג צו גיין זאָגן סליחות, און דערזעענדיק דאָס בילד, רופט ער זיך אָן: שאָלטעקעס, בעלנים אויפצושטיין פאַרטאָג און זיך זעצן שפּילן אין קאָרטן.

שלום זאַק, וועלכער איז לכבוד בריטשעווע, איז היינט אַ פּראָפעסאָר אין סאָרבאָנע (פּאַריז); באַ אים האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אַזאַ וואָרט:

אַ גרופּע חברים, איך, ראָזע צימערמאַן, אלתר שיכמאַן, פייגעלע שפּילבערג, מוסיע בלאַנק און אַנדערע, זענען געווען באַ פייגע און דוד באַנדער און זיך פאַר־ווײַלט. האָט געטראָפן אַ אינצידענט מיט אהרן שפּילבערג: ער איז אַראָפּגעפאַלן פון דער הוידעלקע און געחלשט. האָבן מיר גענעמען לויפן צו רופן דעם דאָקטער. אין מיטן וועג, ווען שייועלע שפּילבערג, אהרנס שוועסטער, פרעגט: וואָס לויפט איר אַזוי? רופט זיך אָן שלום זאַק: ס'איז גאָרנישט, ס'איז גאָרנישט, אהרן שפּיל־בערג איז דערהרגעט געוואָרן.



פגישת ריעים / אַ פריינטלעכע באַגעגעניש



בימים ההם / אין יענער צייט: פוֹליה וויינשטיין, שלום זאַק, ברתה גולירגאַנט, דוד בוֹנדר, רוזה צימרמן, פאַניה בוֹנדר, זוסיא שפילברג, שבע שפילברג, זיסלה פליישר, אנה פליישר (וויינשטיין)



ביילה וולדמן, פאניה בונדר, שבע שפילברג, זוסיא שפילברג, רוזה צימרמן, אשר וולדמן



סוסיה זאק, מוסיה בלאַנק, רוזה צימרמן, דוד בונדר, שבע שפילברג,
שמשון טונקל (?), אשר וולדמן

מאיר טנדלר / גבעת־שמואל

# טיול לאורך רחובותיה של בריטשיבה

בריטשיבה — עיירה יהודית בביסאראביה, שהיו בה בסך־הכל ארבעה רחובות וכמה סימטאות.

רשימת התושבים נעשתה כדי להזכיר לאלה שעדיין זוכרים את העיירה. מי שיקרא את השמות ייזכר בוודאי בהרבה מכרים; הוא יציץ לכל בית, והתרחשויות שונות מן העבר יעלו במוחו. ואם יהיה כך, וייזכרו באנשיה של בריטשיבה, שרובם הגדול אינם עוד — יהיה זה שכרם של מחברי הרשימה הזאת.

היא נערכה בעזרתם של בלומה (בת ברוך טילנר) ויוסל לאנצמן ז"ל וכן של אמא שלי, חנה טנדלר ז"ל. למרות זכרונם היוצא מגדר הרגיל, בטוחים אנו, שחסרים שמות רבים, שמות־משפחה ופרטים אחרים, אבל כשהמדובר הוא בעריכת רשימה כגון זו, יש לסמוך על הזיכרון בלבד, שכן אין לך אמצעי אחר.

הרשימה נערכה לפי סדר הבתים שברחובות. ראשית בא שם־המשפחה, אחר־כך שם הבעל ואשתו עם נקודתיים; כלומר, שלאחר מכן באים שמות הילדים.

הערת המערכת: שמות אחדים חוזרים ברשימה של „יזכור" שבסוף הספר; שתי הרשימות ביחד משקפות בוודאי במידה מסוימת את האוכלוסיה הבריטשיבאית.

המערכת עמלה הרבה כדי להשלים את הרשימה והחליטה אחרי לבטים שמוטב לתת את הרשימה כפי שהיא, ועם הקוראים שיעמדו על החסר — הסליחה.

מאיר טענדלער / גבעת־שמואל

# אַ שפּאַציר איבער בריטשעווער גאַסן

בריטשעווע — אַ יידיש שטעטל אין בעסאַראַביע, וואָס האָט געהאַט אינגאַנצן פיר גאַסן און עטלעכע ליקן.

די רשימה פון די איינוווינערס איז געמאַכט געוואָרן צו דערמאַנען די וואָס געדענקען נאָך דאָס שטעטל. ווער סע וועט לייענען די נעמען, וועט זיך זיכער דערמאָנען אין פיל באַקאַנטע; ער וועט אַריינקוקן אין יעדער שטוב, און פיל עפּיזאָדן פון דער פאַרגאַנגנהייט וועלן אים קומען אויפן געדאַנק. און אויב סע וועט אַזוי זיין, און מע וועט זיך דערמאַנען אין די מענטשן פון בריטשעווע, וואָס די גרעסטע טייל פון זיי איז שוין נישטאָ — וועט דאָס זיין דער שכר פאַר די וועלכע האָבן צונויפגעשטעלט די רשימה.

זי איז געמאַכט געוואָרן מיט דער הילף פון בליומע (ברוך טילנערס טאָכטער) און יאָסל לאַנצמאַן ז״ל און אויך פון מיין מאַמען, חנה טענדלער, עליה השלום. נישט געקוקט אויף זייער פענאָמענאַלן זכרון, זענען מיר זיכער, אַז סע פעלן אַ סך אַ סך נעמען, פאַמיליע־נעמען און אַנדערע פּרטים. אָבער ווען סע רעדט זיך פון צונויפשטעלן אַזאַ רשימה, דאַרף מען זיך פאַרלאָזן נאָר אויפן זכרון, ווייל קיין אַנדער מיטל איז נישטאָ.

די רשימה איז צונויפגעשטעלט לויטן סדר פון די הייזער אין די גאַסן. צום ערשטן קומט דער פאַמיליע־נאָמען, דערנאָך דער נאָמען פונעם מאַן און פון דער פרוי און אַ צווייפּונקט: דאָס הייסט, אַז נאָך דעם קומען די נעמען פון די קינדער.

באַמערקונג פון דער רעדאַקציע: אייניקע נעמען חזרען זיך איבער אין דער רשימה פון די יזכור־נעמען באַם סוף פונעם בוך; ביידע רשימות אינאיינעם גיבן מן הסתם אַ געוויסע אָפּשפּיגלונג פון דער בריטשעווער באַפעלקערונג.

די רעדאַקציע האָט אַ סך געטון כדי צו פאַרגאַנצן די רשימה און באַשלאָסן אַז ס׳איז גלייכער צו פאַרעפנטלעכן די רשימה ווי זי איז, און די לייענערס וואָס וועלן געפינען די פעלערן בעטן מיר אונדז מוחל זיין.

## הרחוב האמצעי (די מיטלסטע גאַס), טור א׳

**זאק** אברהם, חנצי: מוטל, סימה, טייבל, יחיאל, יענקלה.
**דלוגאטש** יאשה, גיני: אטי, סאבינה.
**אַלטשטאַט** שמואל־אברהם, אסתר: רוזה, פאניה, מלכה, יאשה.
**גורודצקי** יוסף־יהודה, רייזה: מישה, חווה, בוזי (ברוך), חיים, פוליה.
**גלמאן** אליה (זיסלס), לאה: מנדל, יענקל, רבקה (ונצואלה).
**טונקל** משה, מוטל: ויטיה.
**קרצמאן** מיכל ומשפחתו.
**גלמאן** יצחק, אידיס: מאניה, מוסיה, צ׳אקה.
**טנדלר** לייב (פרימאר), צ׳ארנה: משה, גיטל, בתיה, פאניה, ראצה.
**פרנס** ישראל (דניאל׳ס), רחל: לייב, רבקה, בריינה, חנה.
**רויזנבליט** מוינה ואשתו: ישראל, חייקה, יצחק.
**וייסברג** איציק, גולדה: נחמן, יונה, שמעון.
**גלמאן** נפתלי, בטי.
**גוטמאן** נתן, יהודית.
**גולירגאנט** דוד, אלקה: אהרון (ברתיני), סימה, רחל, בומה.
**גלמאן** אליהו, שרה: חיים, פיאה, בוזי (ונצואלה).
**וייסברג** פייבל,ביילה: פריידה, אהרון, לייב, ניוסיה, חיים, מוניה (כולם בוונצואלה).
**שרמאן** לייזר הירש.
**גלמאן** יענקל, רחל: חייקה, גיננדל, ליבה.
**שיכמן** מאיר (צאליקס), אשתו: שלמה, ישראל, חנה, גיטל, ברוך.
**בריימאן** אברהם־הירש, בובה: בני (קליפורניה).
**גליקמאן** הירש, ריבה: פיני (גולדנברג), חנה, שמאי, פרידה, סוסיה, מייקה.
**שפירא** נחום (הרוקח), מינה: רעיה, מירה, איזי, בומה.
**כהן** אברהם־הירש, ליבה: רחל, חייקה, בנימין.
**גוטמאן** אברהם־יוסף, חנה: מלכה, בוניה, משה, דבורה, בלה.
**אייזנשטיין** חיים־אהרון, מלכה: יחיאל, יאשה, ישראל (טיוטיה), ביילה (כולם בבראזיל).
**רבקה** האלמנה, מרדכי ברנשטיין, יוסל רויזן.
**בארג** דוד, קריינה: ברוך־מרדכי (בוזי), רחל, ברכה.
**קליינמאַן** משה ומשפחתו.
**לרנרמאן** משה, מרים: ישראל, שרה, יעקב, לייזר.
**זיבנברג** דוד, מרים: חנה, שרה, ביילה, בונצה.
**לרנרמן** יוסף, חייקה: שרה, דבורה (יונה׳ס).
**צימרמאן** דוד ואשתו: איציק, אטל, ברוך.
**טארנירידר** איציק, רחל: אהרון, אלטה.

**טראכטנברויט** אברהם, ברכה : בוזי, מנדל, ראצה.
**בּוֹבר** ברל, בריינה : סוניה.
**בליקשטיין** חיים, חייקה : לאה, לייבוש, פרויקה, פסיה.
**צאוואליר** זאנוול,ביילה : איציק (דיזנגוף), זלמן, בנימין.
**אלטמאן** (גלמאן), שרה (פייוול למלס).
**טנדלר** משה, בומה.
**גלמאן** בן־ציון (מאזיס), אייגה : מנדל, בנימין, מאלי־שרה.
**רימר** משה, פסיה : ילדים.
**איידלמאן** משה (חוטינר), סימה : לאה עזריאל'ס.
**גלמאן** יענקל, אסתר : מנשה, אברהם, נחמן, אליה, גיטל.
**טילנר** ברוך, ביילה : ישראל, פרויקה, שמואל.
**רויזנטאל** פראדיה (וואָלפ'ס) : מאניה, זיידה, משה, ביילה, רחל, רוזה, בטי (גלמאן, בראזיל).
**רויזנטאל** שבע : קרוינה, פייבל, חיים־יואל.
**רויזנטאל** גרשון (שמעון־משה'ס), אסיה : לייב, קלמן, פייבל, בוזיה.
**ניסמאן** איטה, אסתר, חיוסיה.
**קלוצמאן** מלכה : ניוסיה.
**ליבמאן** הערש (חיה־רחל'ס), חוה : יצחק, שלמה, חיים, מניה.
**פרנס** יהושע (זיידה ישעיה'ס), רחל : צביה, ביילה, פאיה, יונה, יואל.
**פרנס** פנחס, בריינה : יוסף, מירל, לאה.
**קלוצמאן** וולוול, רוזה : לייב.
**בליקשטיין** מחלה.
**גרצנשטיין** שלמה, באַבה : אטל, פייבל.
**רוזנטאל** ישעיה (נעסיס) : זלאטה, ריווה, יענקל, דודל.
**זאוואדיווקר** איציק, שרה.
**לרנר** יענקל (נטעס), בעל האכסניה (איינפאַר), הניה : מאניה, אלתר
**מאקלר** ישראל, חנה : אסתר, קריינה, יואל.
**וייסברג** אלתר, מלכה : אָדל, איציק, מוסיה.
**פורמאן** זיידה, רבקה (צ'ארנס) : זלדה, ליושה. האם : צ'ארנה זלדה'ס.
**מונימיס** משה, מרים : ריווה, רוזה, חייקה, רחל, בתיה, דניאל.
**לייזרובסקי** מרדכי, אלקה : משה (בראזיל).
**זלברמאן** אברהם, חיה־שרה : נתן (כספי), אסתר.
**גלמאן** מרדכי (דבורה'ס), לייקה : נטע, ראובן, אסתר, מוֹניה.
**גלמאן** פיניה.
**גלמאן** משה (יחיאל'ס) ואשתו : פייבל.
**דראליוק** אליהו, אלקה : נחמן, איטה, דבורה, חייקה.
**גלמאן** משה (דוד לעמל'ס), אטל : חנה, ראובן, פסיה, מנדל.
**זאבראנסקי** (המורה) וביתו.

מילכה (פיניה'ס). שיינדלה (יחיאל'ס).
**רויזנבליט** ברל, לאה'קה: בתיה, אסיה.
**גלמאן** ליבה (לעמעלס): פייבל, שלמה (בראזיל), רבקה.

## בית־הכנסת החדש (די נייע שול)

יוסף צאליק'ס, פייגה: טויבה.
**שיכמאן** יענקל (חיה רחל'ס), הניה: יינטה, משה, חיים, ציליה.

## בית־הכנסת „המרתף" („די באשקע")

פרויקה („המלמד"), די פרויצ'עכע: הילדים.
**ויינבוים** יענקל, מירל: פייגה, פרל, איציק, מאניה.
**גרוזמן** מנחם (השוחט), מירל: פריווה, אסתר, בנציון, שלמה, אהרן.
**גארבר** זלמן, בתיה: גליקל, פישל, חנקה, ריסה, איטה.
**יוריס** מאָטל וביתו.
**שפיגל** שלום, איטה: ברצי.
**טונקל** שמעון, ברכה: לייב, אסתר.
**שיכמן** שייטל, בעלה ברוך.
**צימרמאן** נחום, אסתר: רוזה, יאשה, ברכה, איטה, לייב.
**צינמאן** אפרים, רייזה: הירשלי, לאה.
**מאלצ'וק** דודל, טויבה: לייביש, בלומה, אפרים.
**קופרשלאק** אידס די סארווערן: איציק, אשר, רייזל, קולומי, טויבה.
**קרושינסקי** ברל, שרה: אלתר.
**שפילברג** אהרון, גיטל (חיים־שלום'ס): מאניה.
רבקה (חיים־שלום'ס): פריידה, יואל, דוד.
**קאמניצקי** נפתלי, גיטל:
**צימרמאן** שלום, רבקה: דוד, ברוך.
**דווינארסקי** בן־ציון (לייב ליטוואקס), הינדה: לייב, ריבה, בתיה, שני בנים.
אברהם, זלדה: דוד, יוסף, מלכה.
**בלאנק** חיים, ביילה: חיים, שלמה.
**בוכמאן** אברהם, טויבה: סויבל, חוה.
**קופרשלאק** יצחק־אשר, ליבה: בריינה, אהרון, אסתר.
**גראלניק** ליבה: חנה, אברהם, שרה, יהושע.
**קרושינסקי** לייב, איטה: דובה.
**קירלאן** יוסל, שרה: בנות.
**שולמאן** דודל, חייקה: דינה, אהרון.
**שטראכמאן** יענקל, חייקה: רחל, יינטה, וולוול, סוסיה, אברהם.
ד"ר **גרוסמאן**.
**טראכטנברויט** אייזיק, מאניה: פראדיה ובעלה איסאַק זוננשיין.
רבקה (די שטומע)



סוסיה, אשתו של ברל השו"ב
דעם מינדיקער שוחטס פרוי

ד

המצב בעיירה עמד בסימן של שינויים מובהקים, הן מבחינה כלכלית והן מבחינה חברתית, במשך השנה, שנת הסובייטים, כלומר מיוני 1940 עד סוף יוני 1941, כאשר פרצה המלחמה העולמית השניה גם לתוך גבולותיה של ברית־המועצות. ביום בהיר אחד נתפשטה השמועה, שהסובייטים עומדים לעזוב את מה שכבשו. ואכן, מייד נשמעו קולות תותחים והפצצות מכיוון הגבול שעל נהר הפרוט. שוב נוצר מצב קשה מאד בשביל אנשי העיירה: מצד אחד סבלו, אמנם היהודים במשך השנה הסובייטית בשל אותן רדיפות, שהוזכרו למעלה. אבל מצד שני ידוע ידענו מי הם אלה שעומדים שוב לכבוש את ביסאראביה, אם אמנם יעלה הדבר בידם. ידענו שהרומנים הולכים יחד עם הגרמנים, ואם כי לא יכולנו לשער מראש את ממדי השואה, הרי ברור היה לנו, שמצבם של היהודים יהיה קשה מאד.

באותו זמן קצר, זמן המעבר מהסובייטים לכיבוש הרומני־נאצי, כבר נתפשטו מהר שמועות על כך שאנשי הכפרים הסמוכים, הגויים השכנים, צוהלים ורומזים ומצביעים על „יום שחור" המיועד לנו. כעבור ימים ספורים בלבד ניתן היה לראות את בני העיירה רישקאן הסמוכה באים בהמוניהם עם נשיהם וילדיהם

ד

די לאַגע אין שטעטל איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון גרויסע ענדערונגען, הן פון עקאָנאָמישן און הן פון געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפונקט, אין משך פון דעם יאָר, ד.ה. פון יוני 1940 ביז סוף יוני 1941, נאָך דעם ווי ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה אויך אין די גרענעצן פון ראַטנפאַרבאַנד. אין איין שיינעם טאָג האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די סאָוועטן האַלטן באַם פאַרלאָזן דאָס געביט וואָס זיי האָבן באַזעצט. און באַלד האָבן זיך אויך אָנגעהויבן הערן באָמבאַרדירונגען און אויפרייסן באַ דער גרענעץ פונעם פּרוט. און ווידער האָט זיך פאַרן שטעטל געשאַפן אַ שווערער מצב: פון איין זייט, האָבן טאַקע יידן געליטן אַ גאַנץ יאָר פון די סאָוועטישע רדיפות, אָבער, פון דער אַנדערער זייט, האָט מען גאַנץ גוט געוווּסט, ווער סע זענען די, וועלכע ווילן ווידער אַריין קיין בעסאַראַביע. מיר האָבן געוווּסט אַז די רומענער זענען פאַרבונדן מיט די דייטשן. און אויב מיר האָבן זיך אפילו נישט געקענט פאָרשטעלן די פולע מאָסן פון דער קאַטאַסטראָפע, איז אונדז אָבער קלאָר געווען, אַז דער מצב פאַר יידן וועט זיין אַ זייער שווערער.

דערווייל האָבן זיך פאַרשפּרייט ידיעות, אַז די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער פרייען זיך שוין און וואַרטן קוים אויפן „שוואַרצן טאָג", אַז זיי זאָלן זיך קענען צעפּירן די הענט מיט די יידן. אַז עס זענען פאַרגאַנגען עטלעכע טעג, זענען די יידן פון שכנישן שטעטל רישקאַן געקומען מאַסנוויז מיט זייערע פרויען און קינדער צו אונדז, נאָך דעם ווי זייער שטעטל איז אויפגעגאַנגען אין פלאַמען פון די דייטש־רומענישע באָמבאַרדירונגען. אונדזערע מענטשן זענען זיי אַקעגנגעגאַנגען. און יעדער הויז איז באַלד געווען פול געפּאַקט פון די פליטים.

נאָך צוויי טעג האָט מען אויך איבער אונדזער הימל געזען פליען עראָפּלאַנען. און אין י"ב תמוז, 8 אַ זייגער אין דער פרי, האָט זיך באַקומען די פינצטערע בשורה, אַז די דייטשן שטייען שוין באַ דער מיל, גרייט אַריינצוקומען אין שטעטל. און די רוסן, וויסנדיק אַז זייער סוף איז נאָענט, און אַז זיי וועלן מוזן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, האָבן זיי דאָס אָבער געפּרוּווט האַלטן בסוד. אָבער אַ סך, דער עיקר יוגנט, האָבן אָנגעהויבן זיך צו פּאַקן כדי צו אַנטלויפן. די רוסן האָבן דערווייל אָנגעהויבן צו פאַרניכטן, צו פאַרברענען אַלע תבואה־מאַגאַזינען אין טערנעווע. זיי האָבן פאַרברענט פּאַפּירן, דאָקומענטן פון די אַמטן, און אָנגעהויבן אַנטלויפן אין דער ריכטונג פונעם נעסטער, נישט פאַרבינדנדיק זיך מיט די שטאָטישע איינוווינער, נישט געבנדיק זיי קיין שום מעגלעכקייט, זיי זאָלן אויך אַנטלויפן איבערן נעסטער, כדי זיך צו ראַטעווען פון די דייטשן און רומענער. אין אָט דעם שווערן מצב האָט זיך געשטעלט די פראַגע, וויאַזוי אויפצונעמען די נייע הערשער, וואָס שטייען שוין לעבן שטעטל, נישט וויסנדיק נאָך צי דאָס זענען דייטשן צי רומענער.

איך וויל פּרוּוון שילדערן די שווערע שטימונגען אין דעם דאָזיקן טאָג. איך בין צופעליק פאַרבייגעגאַנגען די גרויסע ראַשקעווער שול און געזען אָפענע טירן. בין איך אַריינגעגאַנגען און דאָרט געטראָפן זיצן: אברהם זאַק, וועלוול געלמאַן, שמעון גאָלערגאַנט, יאָסל קראָטשאַק און עזריאל פּאָלאַק, דער איידעם פון נתנאל

לאחר שעיירתם עלתה בלהבות־אש מהפצצות הגרמנים והרומנים. בני עיירתנו יצאו לקראתם כדי להכניסם לבתיהם, וכל בית נתמלא עד אפס מקום. אבל עברו יומיים בלבד, וכבר נראו גם בשמי עיירתנו אווירונים טסים, ובי״ב בתמוז בשעה 8 בבוקר כבר נתקבלה ידיעה שגרמנים עומדים ליד הטחנה, טחנת השפייארים, מוכנים להיכנס לעיירה. ובינתיים מה עם הסובייטים הבורחים? אלה שידעו כי הנה קרוב הקץ לבוא, ועליהם לעזוב את העיירה, השתדלו להעלים את הדבר. אבל רבים, בעיקר מבני־הנעורים, התחילו אורזים את חפציהם בחשאי, כדי לברוח. ויתירה מזו, הרוסים התחילו להשמיד, לשרוף, את כל מחסני התבואה בטירנובה הסמיכה; העלו באש את הניירות במשרדים והחלו בורחים בכיוון הדניסטר, בלי שידריכו את אנשי העיירה ובלי לתת להם את האפשרות לעבור גם הם את הדניסטר, כדי להימלט מחמת הגרמנים והרומנים.

במצב חמור זה עמדה הבעייה כיצד לקבל את השלטון החדש, שעדיין לא ידענו אם יהיה רומני, אם יהיה גרמני, אבל הוא עומד כבר בקצה העיירה ומחכה לכניסתו.

כאן עלי לנסות ולתאר את מצב הרוחות החמור באותו יום. עברתי במקרה ליד בית־הכנסת הראשקובי הגדול וראיתי דלתותיו פתוחות. נכנסתי ומצאתי שם את אברהם זאק, את ואֶלוול גלמן הסוחר, את שמעון גולירגאנט, את יוסל קרוצ׳אק ואת עזריאל פולאק, חתנו של נתנאל השוחט, יושבים ומנסים לנחש מהו הגורל הצפוי לעיירה ולתושביה. אולם איש מהם לא יכול היה להעלות על הדעת, שהאחרית תהיה מרה ונמהרה כל־כך.

כאמור, נודע כי הצבא הגרמני עומד להיכנס לעיירה, והרי מאז ומעולם נהוג, שאם באה מלכות חדשה, יש להרכיב איזו משלחת שתקבל את פניה. וכאן היתה הבעייה כה חריפה, הרי הבינונו שייערך איזה חשבון מר עם תושבי בריטשיבה. בכל זאת הוחלט ללכת לפי מנהג העולם, דהיינו לצאת נגדם, נגד הכובשים, בלחם ובמלח, אולי לרכך בזה את גישתם, על־כל־פנים בזמן הראשון, כדי להתגונן מאכזריות צפויה. אבל את מי לשלוח? הגורל נפל על רבי ניסן וולדמן, יהודי בעל כתפיים רחבות, זקן ארוך יורד על מידותיו, הדור בלבושו. כן נבחר גם שני לו, רבי ברוך האופה, שבכל הזדמנות היה הוא משתדל לעשות למען אנשי העיירה והיה ידוע בזיקתו המיוחדת לרביים. ועל כן גם חשבו שברכות הרביים יעמדו לו בשעת סכנה זו. לוקחים פת נקיה ומלחיה מליאת מלח על טס כסף מפואר, מכוסה במפה צחורה, ובלוויית אלפי ברכות מאנשים, נשים וטף העונים „אמן״, שיצליחו וישאו חן בעיני הצבא הפולש, וכך עומדים ומצפים שעה ארוכה. קשה לתאר את אריכותה של השעה החמורה הזאת, עד שזכינו לראותם

שוחט. זיי האָבן געפּרוּווט טרעפן דעם גורל וואָס סע דערוואַרט דאָס שטעטל. אָבער קיינעם האָט נישט געקענט איינפאַלן, אַז דער סוף וועט זיין אַזאַ מוראדיקער.

ווי געזאָגט, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די דייטשע אַרמיי האַלט באַם אַריינ־מאַרשירן אין שטעטל. און סע פּירט זיך, אַז ווען ס׳קומט אַ נײַע מלכות, מוז מען שיקן פאָרשטייערס עס מקבל־פּנים־זיין. און כאָטש מיר האָבן זיך אַזוי ווייט נישט געקענט פאָרשטעלן דאָס רוצחישע באַנעמען פון די אָקופּאַנטן, האָבן מיר אָבער פאָרט פאַרשטאַנען, אַז זיי וועלן זיך מיט די יידן פונעם שטעטל ביטער אָפּרעכענען. נישט געקוקט דערויף האָט מען באַשלאָסן צו האַנדלען לויטן מנהג־העולם, ד.ה. זיי אָקעגנגיין מיט ברויט און זאַלץ. אפשר וועלן מיר דערמיט מילדערן זייער באַציונג צו אונדז, לכל־הפּחות אין דער ערשטער צייט. אָבער וועמען שיקן? דער גורל איז אויסגעפאַלן אויף ר׳ ניסן וואָלדמאַן, אַ ייד מיט ברייטע פּלייצעס, אַ לאַנגער באָרד, שיין געקליידעט. דער צווייטער שליח איז געווען ר׳ ברוך בעקער. מ׳האָט אויך געהאָפט, אַז די ברכות פון די „גוטע יידן" וועלן אים ביישטיין אין דער שווערער שעה. האָט מען גענומען אַ ברויט, אַ זעלצערל אָנגעפילט מיט זאַלץ, אויף אַ שיינער זילבערנער טאַץ, איבערגעדעקט מיט אַ ווייס טישטעכל. און באַגלייט מיט טויזנט ברכות, אַז זיי זאָלן באַגליקן און באַקומען חן אין די אויגן פון די אָקופּאַנטן, זענען די שליחים אַוועק. מ׳האָט זיך גענומען וואַרטן. שווער צו באַשרייבן ווי לאַנג ס׳האָט זיך פאַר אונדז געצויגן די שעה, ביז מיר האָבן זוכה געווען צו זען צוריק די צוויי יידן. די צוויי אַלטע מלמדים, ר׳ זיידע און ר׳ נפתלי, האָבן דערווייל געזאָגט תהילים, און טרערן זענען געראונען פון זייערע אויגן. ר׳ בערל אליקים האָט אין דער צייט פון וואַרטן דערציילט אַ חסידישע מעשה, וואָס איז געווען צוגעפּאַסט צו אונדזער מצב, און איר סוף איז געווען אַ גוטער. דעריבער — האָט ער פאַרענדיקט די מעשה — וועט אויך אונדז השי״ת העלפן. ענדלעך האָבן מיר געזען פון ווייטנס קומען אונדזערע שליחים. איז די שמחה געוואָרן אין־לשער. יעדן פון אונדז האָבן באַשעפּ־טיקט די זעלבע שאלות: „וויאַזוי האָבן די דייטשן זיי אויפגענומען? וואָס האָבן זיי געזאָגט? מיר האָבן געוווּסט, אונדזערע שליחים קאָנען נישט קיין דייטש, אָבער זיי וועלן פאַרשטיין אויפן ווינק וואָס די דייטשן וועלן זאָגן.

אַז די צוויי יידן האָבן זיך דערנענטערט, האָבן מיר גלייך דערקענט אַז ברוך בעקער איז פריילעך. און ענדלעך האָבן די שליחים אָנגעהויבן דערציילן: אַז מען האָט באַ זיי צוגענומען דאָס ברויט מיט זאַלץ. און אַז די דייטשן מאַכן דעם איינדרוק פון גאַנץ אָנשטענדיקע מענטשן. נאָר ניסן וואָלדמאַן איז געווען פּעסי־מיסטישער. ער האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז די רומענער גרייטן־צו אַ נקמה־אַקט פאַר די יידן. קלאָר, אַז בערל אליקים האָט געטיילט די איינדרוקן פון ברוך בעקער, וועלכער האָט נביאות געזאָגט גוטס פאַר אונדז. ער איז געווען אין כעס אויף ניסן וואָלדמאַן, וואָס זעט אַזוי שוואַרץ. ער האָט געזאָגט: עבדו את ה׳ בשמחה, זאָגט דוד המלך. און מיט די רומענער, קומט מען אויס מיט אַ מטבע.

דערווייל האָט אָנגעהויבן שטראָמען דאָס דייטשע מיליטער אין שטעטל אַריין. ס׳איז געקומען אַ וואָרענונג, אַז אין דער צייט ווען דאָס מיליטער גייט פאַרביי די

זוזרים בשלום למחיצתנו. המלמדים הישישים רבי זיידה ורבי נפתלי, שניים אלו התחילו קוראים פרקי תהלים, ודמעות זולגות מעיניהם; רבי ברל אלייקים מצא בינתיים סיפור חסידי לדוגמה, התואם את המקרה שלנו, ותוצאותיו היו חיוביות; על כן החליט שהשם יתברך יעזור. ובינתיים ראינו מרחוק ששליחינו חוזרים, והשמחה גברה. ברור שבמוחנו ניקרו השאלות: איך קיבלו אותם הגר־מנים? מה אמרו? והרי ידענו ששני השליחים שלנו אינם יודעים גרמנית, אלא מדברים איזו לשון רצוצה. על־כך שהיהודים השליחים שלנו יבינו אפילו ברמז מה שיאמרו להם הגרמנים. כאשר התקרבו אלינו ניתן היה להכיר על פני ברוך האופה, שהוא אמנם שמח. ואכן, נאמר לנו שהם קיבלו את המלח והלחם ועשו רושם של אנשים הגונים. אבל רבי ניסן וולדמן, הוא ה"ה קצת נבוך ופסימי הרבה יותר. לפי דבריו שמע מפי הגרמנים, כי הרומנים מכינים לנו מיבצע נקמה. ברור שרבי ברל אליקים הסכים עם התרשמותו של רב' ברוך האופה, אשר ניבא לנו עתיד טוב. הוא פרץ בטרוניה על ניסן וולדמן, שהיה פסימי כל־כך. הוא אף אמר: עבדו את ה' בשמחה, אומר דוד המלך, ועלינו להכיר את הרומנים, שבמשך שלושים שנה היינו יודעים להסתדר אתם בעד אגורות־כסף.

ובינתיים התחיל זרם הצבא הגרמני לתוך העיירה, והושמעה אזהרה, כי אותה שעה שהצבא עובר, לא יימצא אף אדם ברחוב; אחרת יירה, ושומר נפשו יקפיד על הפקודה.

הגרמנים המשיכו דרכם בכיוון העיר סורוקה — הרוסים בורחים, הגרמנים עוברים, והרומנים תופסים את מקומם אחריהם. שוב נעשו הרומנים בעלים על ביסראביה, ועל־כן חשבנו, שאמנם הכל יהיה כמו שהיה ולפי התרשמותו של רבי ברוך האופה. אלא שהמצב היה שונה לחלוטין.

ר' ישראל־אהרון קסטלמן, שהזכרתיו קודם, יצא במקרה באותו זמן שהצבא חצה את הרחוב ורצה לעבור אל שכנו שממול לביתו. הצבא הבחין בו וירה בו למוות בו במקום. לאחר מכן נודע לנו על האסון הזה וראינו, כי השואה החלה. הדבר היחידי שיכולים אנו להתנחם בו כיום הוא, כי ר' ישראל אהרון קסטלמן זכה להיקבר בבית־הקברות של אבותיו בבריטשיבה, דבר שרבים מאחינו ואחיותינו לא זכו לו, כידוע.

שמועות חדשות התחילו מרחפות בחלל עולמנו, שהגויים מתכוננים לערוך פוגרומים בהשראתם של הרומנים. יהודים התחילו לרכז מיטלטליהם במרתפים, וכיוון שלא בכל בית היה מרתף, הרי כעשר משפחות היו משתתפות במרתף אחד, שנסגר תחת בריח ומנעול. בינתיים המשיך הצבא הרומני בדרכו לסורוקה,

שטאָט, טאָר זיך קיין מענטש נישט געפינען אויף דער גאַס. און ווען מען ס'איז טייער זיין לעבן, זאָל פאָלגן דעם געבאָט. די דייטשן האָבן פאַרגעזעצט זייער מאַרש אין דער ריכטונג פון סאָראָקע. די רוסן ציען זיך צוריק, די דייטשן גייען פאָרויס, און די רומענער פאַרנעמען נאָך זיי די ערטער. ווידער ווערן די רומענער באַלעבאַטים אין בעסאַראַביע. און דעריבער האָבן מיר געקלערט, וועט אַלץ ווידער ווערן ווי געווען, לויט די איינדרוקן פון ברוך בעקער. אָבער אַלץ איז אַזוי אַנדערש געקומען! ר' ישראל־אהרן קעסטלמאַן, וועלכן כ'האָב פריער דערמאָנט, האָט צופעליק אין דער צייט, ווען דאָס מיליטער האָט מאַרשירט, געוואָלט אַריבערגיין צו זיין שכן אַקעגן זיין הויז. דאָס מיליטער האָט אים דערזען און אויפן אָרט אים דערשאָסן. ערשט נאָך אַלעמען האָבן מיר זיך וועגן דעם אומגליק דערוווּסט. און ס'איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז די קאַטאַסטראָפע האָט זיך אָנגעהויבן. דאָס איינציקע מיט וועלכן מיר קענען זיך היינט טרייסטן איז, וואָס ר' ישראל־אהרן קעסטלמאַן האָט זוכה געווען צו קומען צו קבר־ישראל אויפן בריטשעווער בית־עולם, דאָס וואָס אַזוי פיל פון אונדזערע ברידער און שוועסטער האָבן נישט זוכה געווען.

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז די גויים גרייטן זיך צו מאַכן אַ פּאָגראָם מיט דער הילף פון די רומענער. האָבן יידן אָנגעהויבן באַהאַלטן זייער האָב־און־גוט אין די קעלערס. און אַזוי ווי נישט יעדער הויז האָט געהאַט אַ קעלער, זענען צען משפחות געוואָרן שותפים צו איין קעלער, וואָס איז פעסט פאַרשלאָסן געוואָרן. דערווייל האָט די רומענישע אַרמיי ממשיך געווען איר מאַרש קיין סאָראָקע, און אַ טייל איז געבליבן אין אונדזער שטעטל צוויי טעג. אין אָט דער קורצער צייט האָבן זיי געווילדעוועט אין שטעטל, געראַבעוועט, געגזלט, פאַרגוואַלטיקט. אין די נעכט האָט מען געהערט מוראדיקע געשרייען פון מיידלעך, וועלכע מ'האָט פאַרגע־וואַלטיקט אָדער געוואָלט פאַרגוואַלטיקן. די קעלערס זענען פון די גויים, מיט דער הילף פון מיליטער, אויפגעריסן און צעראַבעוועט געוואָרן.

איך געפין פאַר נייטיק צו פאַרצייכענען אַ זייער וויכטיקע זאַך, וואָס איז תמיד געווען אַ לעבעדיקער עדות פאַר פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן אין אַלע דורות אָפּגעהיט און פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד. באַ אונדז האָט וועגן דעם געבראַכט אַ ביישפּיל אונדזער רב ר' דב יחיאל, וואָס וווינט היינט אין צפת. דער רומענישער קאָמענדאַנט האָט געשיקט רופן דעם רב און אים קאַטעגאָריש באַפוילן אויסצורופן אין די גאַסן פון בריטשעווע, אַז אַלע מענער זאָלן מיט ריסקלען אַרויסגיין אַרויס דער שטאָט און גראָבן גרויסע און טיפע גריבער. יעדער גרוב — עטלעכע מעטער די ברייט און די לענג. דער רב איז שטיינגעבליבן אַ געפּלעפּטער: ער האָט תיכף פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ מערדערישע כוונה סע ליגט אין דעם דאָזיקן באַפעל. אָבער ער האָט זיך נישט פאַרלוירן און קאַלטבלוטיק געענטפערט דעם קאָמענדאַנט, אַז בשום אופן קאָן ער נישט אויספירן זיין באַפעל, אפילו עס זאָל אים דערוואַרטן די שווערסטע שטראָף, וואָס מע קאָן נאָר דערוואַרטן אין צייט פון מלחמה־באַלאַגערונג, יאָ, אפילו ער זאָל אויפן אָרט ווערן דערשאָסן. אויב איך בין זיך נישט טועה, איז דער רב אָפּגעקומען מיט אַ רעלאַטיוו לייכטן שטראָף: בלויז מיט

וחלק ממנו נשאר בעיירה למשך יומיים. בשעות ספורות בלבד עלה בידם לעשות כישר בעיניהם, עשקו, גזלו, אנסו. בלילות היו נשמעות צעקות־אימים של בחורות שנאנסו או שהתכוונו לאנסן. המרתפים נפרצו ורוקנו על־ידי הגויים השכנים תחת חסותם של אנשי־הצבא.

כאן מוצא אני לנחוץ לציין עניין חשוב במאד, שהיה תמיד מעין תעודה חיה על אישים שפעלו מתוך כבוד לאומי בכל דור ודור. אצלנו הומחש הדבר על־ידי הרב שלנו רבי דב יחיאל שיח׳, הגר כעת בצפת. ראש המיפקדה הצבאית הרומנית הזמין אליו את הרב וציווה עליו במפגיע להכריז ברחובות העיירה, שכל הגברים ייצאו בכלי־חפירה אל מחוץ לעיר, כדי לחפור בורות גדולים, כל בור באורך וברוחב של כמה מטרים. הרב נדהם, כי הבין מהי הכוונה הזדונית המוסתרת מתחת לפקודה זו. אולם לא איבד עשתונותיו, וברוח קרה ואיתנה ענה לו לראש המיפקדה, שבשום פנים אינו מוכן לקיים פקודותיו, ואפילו צפוי לו עונש חמור ביותר, כפי שנהוג בשעת־חירום, ואפילו יירה במקום, כשם שנהוג לגבי יהודים. אם אינני טועה, יצא מראש המיפקדה בעונש קל יחסית, בסטירת־לחי בלבד. על כל פנים, ידוע שהרב נמלט לאחר שהליט את פניו שלא יכירוהו והתחבא במקום־סתר, עד שראש המיפקדה עבר עם פלוגתו למקום אחר, ועד שהגיע למקום שלטון רומני מקומי עם ז׳אנדארמים. דומני שיש להחשיב בדרגה גבוהה ביותר התעלות זו של הרב, כיהודי גאה וזקוף־קומה, שלא איבד את ערכו האנושי, ובעיקר לא נתן יד להשמדה במו ידיו. ואכן, כל יהודי העיירה ידעו, שבראשם עומד רועה נאמן, שדאג לשלומם ולטובתם.

היהודים מרישקאן, שהתאכסנו בעיירתנו במשך שבועיים כמעט, רצו לחזור לביתם. אבל מחשש הסכנות בדרכים, שארבו להם מצד החיילים הגרמניים והרו־מניים כאחד, הוכרחו להתאזר בסבלנות ולחכות עד שהעננים יתבהרו, והחיים ישובו לתיקנם. אולם החישובים שלהם לא נתאמתו, מכיוון שהשלטון הרומני, באמצעות המשטר המקומי, נתן הוראות, שכל המוני היהודים שאינם תושבי בריטשיבה חייבים להתייצב במשטרה ולעזוב את העיר מיד. בו ביום שהוצאה הפקודה הזאת, נעשתה סריקה, ובני רישקאן הופרדו מעל בני עירנו, והם היו במספר של אלף איש, בערך. הם נשלחו ברגל, בליווי זקיפים חמושים, חזרה לרישקאן. הם נפרדו מבני בריטשיבה, המארחים שלהם, בדמעות רותחות, וגם המלווים פרצו בבכיה — ושני הצדדים לא ידעו בעצם על מה הם בוכים: רגש של פחד מפני הלא־ידוע הוא שהביא אותם לידי התרגשות זאת. ואמנם, הפחדים התאמתו מהר.

אַ פּאַטש. על כל פנים, דער רב האָט פאַרדעקט דאָס פּנים, כדי מ׳זאָל נישט דערקענען דעם צייכן און זיך באַהאַלטן אין אַ פאַרבאָרגן אָרט, ביז דער קאָמענדאַנט איז מיט זיין קאָמפּאַניע אַוועק ווייטער, און ביז ס׳איז געקומען אין שטעטל אַריין אַ רומענישער גאַרניזאָן מיט זשאַנדאַרן. דאַכט זיך, אַז אונדזער רב האָט זיך דאָ דערהויבן צו דער העכסטער מדריגה פון מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער ווערדע, ווי אַ שטאָלצער ייד, וואָס האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם רוצחישן באַפעל צו פאַרניכטן יידן.

די יידן פון רישקאַן, וואָס האָבן געוווינט אין אונדזער שטעטל כמעט צוויי וואָכן, האָבן געוואָלט זיך אומקערן אין זייערע היימען, אָבער מחמת מורא פאַר דער סכנה, וואָס האָט אויף זיי געלויערט אויף די וועגן מצד די רומענישע און דייטשע סאָלדאַטן, זענען זיי געצוווּנגען געווען געדולדיק אָפּצוּוואַרטן ביז ס׳וועט רויקער ווערן און דאָס לעבן וועט זיך אַביסל נאָרמאַליזירן. אָבער זייערע אויסרעכענונגען האָבן נישט געהאָלפן, וואָרעם די רומענישע מאַכט האָט אַרויסגעלאָזט אַ באַפעל, אַז אַלע יידן וואָס זענען נישט קיין בריטשעווער, מוזן תיכף פאַרלאָזן די שטאָט. און אין דעם טאָג, ווען דער דאָזיקער באַפעל איז געקומען, איז פאַרגעקומען אַן אַבלאַווע, און די רישקאַנער זענען אָפּגעטיילט געוואָרן פון די בריטשעווער. זייער צאָל האָט באַטראָפן בערך טויזנט נפשות. און אונטער אַ באַוואָפנטער באַגלייטונג האָט מען זיי אומגעקערט קיין רישקאַן. מיט הייסע טרערן אין די אויגן האָבן זיי זיך אָפּגעזעגנט מיט זייערע בריטשעווער גאַסטגיבערס. און אויך די בריטשעווער יידן האָבן געוויינט. ביידע צדדים האָבן נישט געוווּסט אויף וואָס פריער צו וויינען. ס׳איז געווען דאָס געפיל פון פחד פאַר דעם, וואָס זיי דערוואַרט נאָך. דער דאָזיקער פחד האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן אַ באַרעכטיקטער.

ה

די רומענישע מאַכט האָט מקפּיד געווען, אַז אין יעדער בעסאַראַבישער שטאָט און דאָרף דאַרפן זיך אומקערן די זעלבע מלוכה־באַאַמטע און פאָרשטייער, וועלכע האָבן פאַרלאָזט זייערע אַמטן באַם אַריינקומען פון די סאָוועטן. די כוונה איז געווען אַ קלאָרע: די זעלבע מענטשן קענען דאָס אָרט און די מענטשן, און וועלן וויסן אין וועמען זיך נוקם צו זיין, לויט דער באַנעמונג אין יאָר 1940. מ׳האָט געדאַרפט זען דעם רעגירונגס־פאָרטרעטער פון גיזדיטע, בורע, כיטרע ווי אַ פוקס און גיפטיק ווי אַ שלאַנג, וואָס האָט ווי אַ פּיאָווקע געזויגן דאָס בלוט פון די איינוווינער פון שטעטל. איז אָט דער גוי געשטאַנען אין דער הויפּט־גאַס, אין צענטער פון שטעטל, און מיט מערדערישע גיפטיקע רייד געהעצט די גויים קעגן די יידן. איז נישט קיין חידוש, וואָס נאָך אַ קורצער צייט זענען גויים פון די אַרומיקע דערפער געקומען אין שטעטל אַריין מיט גרויסע זעק און געראַבעוועט וואָס ס׳איז זיי נאָר געקומען אין די הענט אַריין: קישנס, איבערבעטן זענען צעריסן געוואָרן; פעדערן זענען געפלויגן אין דער לופט ווי שנייפלאָקן, טירן זענען אַרויסגעריסן געוואָרן, קליידערשאַפעס זענען אויסגעליידיקט געוואָרן. און אַז דו האָסט געפרוווט בעטן די רויבערס

השלטונות הרומניים הקפידו על־כך שבכל עיר וכפר בביסראביה יחזרו אותם נציגים של השלטון, שפינו את מקומם עם הכיבוש הסובייטי. הכוונה היתה ברורה: האנשים הללו הכירו את המקום ואת אנשי המקום וידעו במי ואיך להתנקם, בהתאם להתנהגות בני המקום בשנת 1940. יכולת לראות את נציג השלטונות בורה, מהכפר גיזדיטה, אדם ערום כשועל וארסני כצפעוני, שרבץ כעלוקה על תושבי העיירה ומצץ את דמם — והנה גוי זה עמד ברחוב הראשי בטבורה של העיירה וניהל באוזני הגויים תעמולה הרסנית, רצחנית, נגד היהודים. על־כן אין להתפלא על־כך, שכעבור שעה קלה בלבד רצו המוני גויים מכל הסביבה, שקים גדולים בידיהם, ושדדו מכל הבא ביד. כרים וכסתות נקרעו, נוצות ריחפו באוויר כפתיתי שלג, דלתות הבתים נעקרו כהרף־עין, ארונות בגדים התרוקנו חיש־מהר. וכשאתה מנסה לשכנע את השודדים הפראים שישאירו לך משהו, הרי הם אומרים לך בתמימות מרושעת: למה לך? בין כך ובין כך יהרגו אותך. באופן כזה ובצורה מזוועת כזאת נתרוקנה חיש־מהר העיירה מחלק גדול מאד של רכושה במשך לילה אחד כמעט. והמצב היה כזה, שרבים לא היה להם במה לכסות מערומיהם בלילה, והעלטה בלבד היא שעטפה את כל העיירה בלילות המעטים הללו.

הבוקר אור. הגוי השמן ששמו צ׳ובוטארו, המורה והמנהל של בית־הספר העממי הממשלתי במשך כמה שנים, רשע עריץ זה, שחי בתוכנו בשנאה מוסתרת במשך שנים, הוא שחשף את עצמו במלוא זדונו, והוא שעבר ובישר בקול רם, כי עלינו להצטייד בצידה לדרך וכי הגיע הזמן שמבריטשיבה יורחק הזבל שקוראים לו בשם „ז׳ידאנימיה״. תוך 24 שעות צריכה היתה העיירה להתרוקן מבניה־בוניה היהודיים, ואת הגזירה אין להשיב. בטוחני, שכל אחד מקוראי רשימותי אלה יתאר לעצמו את הפחד, הבהלה והטירוף, שתקפו את כל אחד מאתנו. הנשים התחילו אופות לחם קלוקל, הגברים התחילו אורזים חבילות לפי מספר נפשות הבית, כדי שכל אחד יוכל לשאת בידיו משהו. וכך עבדו עד מאוחר בלילה וחיכו ליום המחרת.

והנה עוררו אותנו צעקות הרוצחים: ז׳ידאנים, צאו החוצה! כל אחד, הרמילו על כתפו! אנשים, נשים וטף — וכך צועדים אנו כולנו, מסתדרים בשורה, והחיילים, זקופים על נשקם, מסתכלים בנו כביצורים מיותרים, שמצווה לחסלם בכל עת ובכל מיני אמצעים. כך אנו עומדים ומחכים ל„טיול״ המוכן לנו, שאין אנו יודעים מהו כיוונו.

זכורה לי תמונה איומה, כיצד גולשת עגלה מהרחוב הפוטשטובי, ועליה

זיי זאָלן דיר אויך עפּעס איבערלאָזן, האָבן זיי דיר גאַנץ קאַלטבלוטיק און נאַיוו געענטפערט: וואָס טויגן דיר זאַכן? מ׳וועט דיך סייווי הרגענען. איז דאָס שטעטל באַלד אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידיש האָב־און־גוטס אין משך פון איין נאַכט. און די לאַגע איז געווען אַזאַ, אַז אַ סך האָבן זיך באַנאַכט נישט געהאַט מיט וואָס צוצודעקן, און בלויז די פינצטערניש האָט איינגעהילט דאָס גאַנצע שטעטל אין די עטלעכע נעכט.

אין איינעם אַן אינדערפרי האָט זיך אין גאַס באַוויזן טשאָבאָטאַרו. דאָס איז געווען אַ פעטער גוי, וואָס איז אין משך פון אַלע יאָרן געווען לערער און לייטער פון דער מלוכהשער פאָלקשול. דער דאָזיקער דעספּאָט און רשע, וואָס האָט צווישן אונדז געלעבט מיט אַ באַהאַלטענער גיפטיקער שנאה צו יידן, האָט זיך איצט אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער כוליגאַנישקייט. ער האָט עפנטלעך אויסגערופן, אַז מיר יידן דאַרפן זיך באַזאָרגן מיט עסן אויפן וועג, ווייל ס׳איז איצט געקומען די צייט, אַז בריטשעווע זאָל ווערן אויסגערייניקט פון דעם מיסט וואָס מ׳רופט אים מיטן נאָמען „זשידאַנימעאַ“. אין משך פון 24 שעה האָט דאָס שטעטל געדאַרפט אויסגעליידיקט ווערן פון יידן. די דאָזיקע גזירה איז נישט געווען אָפּצורופן. די לייענערס פון די דאָזיקע שורות קאָנען זיך פאָרשטעלן דעם פּחד און די בהלה, וואָס האָבן יעדן אַרומגענומען: פרויען האָבן אָנגעהויבן באַקן פלעצלעך. די מענער האָבן אָנגעהויבן פּאַקן פּעקלעך לויט די צאָל נפשות פון הויז, כדי יעדער איינער זאָל קאָנען עפּעס טראָגן. און אַזוי האָט מען געאַרבעט ביז שפּעט באַנאַכט און געוואַרט אויפן מאָרגנדיקן טאָג.

און אָט זענען מיר גאַנץ פרי אויפגעוועקט געוואָרן מיט ווילדע געשרייען פון די רוצחים: זשידאַנעס, אַרויס! מיר זענען אַרויס, יעדער מיט זיין רוקזאַק אויף די פּלייצעס, מענער, פרויען, קינדער — אַזוי זענען מיר אַלע געגאַנגען, אויסגע־שטעלט אין שורות, באַוואַכט פון באַוואָפנטע סאָלדאַטן, וואָס קוקן אויף אונדז ווי אויף הפקרע איבער־יקע ברואים, וועלכע מען קאָן פאַרניכטן צו יעדער צייט, און מיט אַלע מיטלען. אַזוי שטייען מיר און וואַרטן אויפן „אויספלוג“, וואָס איז פאַר אונדז איינגעאָרדנט, נישט ווויסנדיק וווהין.

אָט אַ בילד וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון: סע פאָרט אַ וואָגן פון דער פּאָטשטאָווער גאַס, און אויף אים זיצט די טאָכטער פון ר׳ ישראל־אהרון קעסטלמאַן, מיט אַן אמפּוטירטן פוס, צוזאַמען מיט איר מאַמען ברכה, וואָס באַגלייט זי. און גראָד אין דער שעה גיט מען איבער פון מויל צו מויל, אַז די מענטשן אין דער גאַס וואָס פירט קיין טערנעווע, זענען נאָך אין זייערע הייזער. פרווּוט מען טרעפן דאָס רעטעניש. איינער זאָגט, אַז דער „שעף־דע־פּאָסט“ האָט באַקומען אַ גרויסע סומע געלט, האָט ער זיי דערלויבט צו בלייבן, און אַ צווייטער זאָגט, אַז אויך די דאָזיקע יידן וועלן נאָכקומען, מען ווייסט נאָר נישט, לויט וואָס פאַר אַ סדר.

דערווייל האָבן מיר אָנגעהויבן אַרויפצוקלעטערן אויפן באַרג קיין גיזדיטע. אָט איז שוין דאָס שטעטל הינטער אונדז. ס׳ווילט זיך נאָך אומדרייען און זען די דעכער פון די הייזער פון אונדזער שטעטל. אָבער ס׳איז אַן אומזיסטיקער חלום.

נמצאת בתו של רבי ישראל־אהרן קסטלמן המסכנה, קטועת־הרגל, יחד עם אמה ברכה קסטלמן השומרת עליה — והנה באותה שעה דווקא מתקבלת מפה לאוזן איזו ידיעה, שברחוב היוצא אל הכפר טירנובה האנשים עודם במעונם. מתחילים הניחושים על החידה. זה אומר, שה„שף דה־פוסט" קיבל סכום גדול, ועל־כך נתן להם להישאר ליהודי הרחוב בבתיהם, ואחר אומר, שגם יהודים אלה יבואו אחרינו, אבל לא ידוע באיזה סדר.

בינתיים התחלנו עולים ומטפסים על ההר הפונה לגיזדיטה, נערים וזקנים, ישישים וישישות. הנה כבר נעלמה העיירה מאחורינו, ובנו עדיין קיים הכיסוף לראות, לפחות, את ראשי הגגות של בנייני העיירה. אולם חלום שווא הוא. אנחנו כבר עומדים על מגרש של בית הז׳אנדארמים אשר בגיזדיטה. ה„שף דה־פוסט" בכבודו ובעצמו מקבל אותנו בחיוך של סיפוק: סוף־סוף זכה לראות במו עיניו את התגשמות תוחלתו, שעליה חלם שנים רבות. השקצים והשקצות מהכפר, כולם לבושי הדר, עומדים ושמחים על שבר־עמנו. ילדינו זועקים, ישישינו נאנחים; זה מבקש תה, השני — קצת חלב; האבות והאמהות הם חסרי־אונים, אין להם דבר חוץ מפיתות הלחם שאפו. כל אחד מרכין ראשו על תרמילו תחת כיפת השמיים — והרגשת הפקר שרוייה בחלל עולמנו.

אנו עומדים כך, או רובצים על האדמה ללא מחסה. שקצים מן הכפר מנסים לתקוף את הבחורות, אבל עדיין כוחו של המון הגולים רב כדי להבריח אותם. אבל גם כאן עלה לנו הדבר בקרבן נוסף. אחד מאנשי העיירה, רבי זאנוול צאוואלר, קיבל שבץ־לב ונפטר בו במקום. היה זה איפוא קרבן ה„טיול" הראשון.

עם בוקר המשכנו והלכנו, בלי שנאמר לנו דבר על הכיוון. הלכנו מכפר לכפר כל היום ואף מקצת הלילה; ורק במשך שעות מעטות נתנו לנו לשכב על האדמה לשם מנוחה כלשהי. אחר שלושה ימי תלאות ועינויי דרך עם מכות נמרצות מידי הרומנים, שזירזו אותנו בהליכתנו, התקרבנו ליער הכפר רובלֶאניץ — ונדמה לי ששם זה עצמו, עם כל הזכרונות הדוויים והמזוועים הקשורים בו, צריך להירשם, להיחרת לדור דור.

אינני רוצה לסמוך יותר מדי על הזכרון, שהרי מאז עברו שנים, ושנים קשות, ועל־כן ייתכן מאד שאטעה בפרטי־פרטים. אבל אוכל לומר בוודאות שמשך כל ימי ההגלייה שהגלו אותנו, נהגו בנו הז׳אנדארמים באכזריות שאין לתארה. בלי מים ובלי אוכל נגזר עלינו לטפס על הרים וגבעות, ויתירה מזו: כדי לגרום הנאה מליאה לכל הגויים והגויות שבכפרים, השתדלו מלווינו ומַגלינו להוליך אותנו דווקא דרך מרכזי הכפרים — לראווה. מחוץ לרבי זאנול צאוואלר,

מיר שטייען שוין אויפן פּלאַץ פון דער זשאַנדאַרמעריע פון גיזדיטע. דער „שעף־דע־פּאָסט“ בכבודו ובעצמו נעמט אונדז אויף מיט אַ צופרידן שמייכל: סוף־כל־סוף איז ער זוכה צו זען מיט די אייגענע אויגן די פאַרווירקלעכונג פון זיין האָפענונג, וועגן וועלכער ער האָט אַ סך יאָרן געחלומט. אונדזערע קינדער שרייען, די זקנים קרעכצן. דער וויל טיי, אַ צווייטער — אַ ביסל מילך, די טאַטע־מאַמעס קאָנען זיך קיין עצה נישט געבן, זיי האָבן גאָרנישט אַ חוץ די פּלעצלעך וואָס זיי האָבן געבאַקן. יעדער בייגט אויס זיין קאָפּ איבערן פּעקל, און אַ געפיל פון פאַרלאָזנקייט, פון פילן זיך הפקר, נעמט אונדז אַרום. מיר שטייען, אָדער זיצן, אויף דער הוילער ערד. שקצים פונעם דאָרף פּרוּוון זיך טשעפּען צו די מיידלעך. אָבער דער כוח פון די דעפּאָרטירטע איז נאָך גענוג שטאַרק, אַז מ׳זאָל זיי קאָנען אַוועקטרייבן. אָבער אויך דאָ זענען מיר נישט אָפּגעקומען אָן אַ קרבן. איינער פונעם שטעטל, ר׳ זאַנוול צאַוואַלער, האָט באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און איז אויפן אָרט געשטאָרבן. ס׳איז געווען דער ערשטער קרבן פון דעם „אויספלוג“.

דעם צווייטן אינדערפרי זענען מיר ווייטער געגאַנגען, אָן צו וויסן וווּהין מ׳פירט אונדז. מיר זענען געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף, אַ גאַנצן טאָג, ביז אין דער נאַכט אַריין. און ערשט דעמלט האָט מען אונדז דערלויבט זיך אַוועקצוזעצן אויף דער ערד זיך אָפּצורוען, נאָך אַ דרייטאָגיקן גאַנג, באַגלייט מיט קלעפּ פון די רומענער, וואָס האָבן אונדז געהאַלטן אין איין טרייבן, האָבן מיר זיך דערנענטערט צום וואַלד פונעם דאָרף רובלעניץ. און מיר דאַכט זיך, אַז נאָר די שרעקלעכע אכזריותדיקע פּייניקונגען, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט אין אָט דעם אָרט, וואָלטן געדאַרפט אויף דור־דורות איינגעקריצט ווערן אין אונדזערע זכרונות.

איך וויל מיך נישט פאַרלאָזן אויף מיין זכרון. עס זענען דאָך זינט דעמלט אַוועק אַ סך יאָרן, און עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז איך וועל מיך טועה זיין באַם באַמאָלן אַ סך פּרטים. אָבער איך קאָן מיט זיכערקייט זאָגן, אַז במשך אַלע טעג וואָס מ׳האָט אונדז געטריבן, האָבן זיך צו אונדז די זשאַנדאַרן באַגעגענט מיט אַן אומבאַשרייבלעכער אַכזריות. אָן עסן און אָן טרינקען האָבן מיר געמוזט קלעטערן אויף הויכע בערג, און נאָך מער: כדי צו פאַרשאַפן אַ גרויסע הנאה די גויים פון די דערפער, האָבן זיך אונדזערע באַגלייטער באַמיט אונדז פאַרבייצופירן דווקא אין מיטן די דערפער, אַז מען זאָל אונדז זען. חוץ זאַנוול צאַוואַלער, דער ערשטער קרבן, זענען אויך אַנדערע געפאַלן אויפן וועג, ווי: דער מלמד זיידע און זיין שכן נפתלי מלמד, און אויך אַ ריי אַנדערע, וועמענס נעמען איך געדענק נישט מער, אָבער איך האָב געזען ווי זיי האָבן זיך געראַנגלט צווישן לעבן און טויט. און געווען זענען זיי אינגאַנצן נאַקעט, ווייל די גויים האָבן פון זיי אַראָפּגעריסן די קליידער. קליינע קינדער זענען געוואָרן ווי לעבעדיקע סקעלעטן, אַזוי אַז די מאַמעס זענען געצוווּנגען געווען מיט די לעצטע כוחות זיי צו טראָגן אויף די פּלייצעס. דערצו זענען מיר נאָך פון צייט צו צייט געוואָרן דורכגעווייקט פון די רעגנס ביז אין די ביינער אַריין, און די קליידער זענען פון דער נאַסקייט שווער געוואָרן און נאָך מער פאַרשווערט דאָס גיין.

שנפל ראשון בדרך, נפלו גם אחרים, כגון המלמד רבי זיידה, שכנו רבי נפתלי המלמד, וכן נצטרפו אליהם גם אחרים, שאת שמותיהם איני זוכר כבר, אבל ראיתי את גוויותיהם מפרפרות בין החיים והמות, והן עירומות לחלוטין, משום שהגויים פשטו מלבושיהם. תינוקות נהפכו לשלדים חיים, עד שאימותיהם הוכרחו לשאתם על גבן בשארית כוחותיהן. בנוסף לכל זה היינו מפעם לפעם נרטבים עד עצמותינו מהגשמים, שפקדו אותנו אז וגרמו לכך, שהמלבושים עלינו נעשו יותר כבדים, דבר שהיקשה ממילא את הליכתנו.

במצב כזה הגענו לאותו מקום־תופת הקרוי יער רובלאָניץ. היער מגודר היה בגדר־תיל דוקרני. נפתחו שערים, וזקיף רומני אכזרי קיבל אותנו בלי שום הרשמה, רק לפי המספר הכולל. היינו עוברים כל אחד לשם בקרה, אבל מי שלא עבר במהירות הבזק, הונחתו עליו יד קשה ומכות נוראות, וזאת היתה קבלת־הפנים לאחר תלאות הדרך, ששירטטתי אותן במקצת מקודם.

אם אינני טועה, הגענו אל היער לפנות ערב. את הזמן המדויק הרי איש מאתנו לא ידע, כיוון שכל השעונים שלנו נלקחו מאתנו זה כבר על־ידי השקצים של הכפרים, שאותם הצינו. כל אחד מאתנו התחיל מחפש איזה מקום מנוחה לו ולמשפחתו, אולם לשווא: ביער המגודר היו בסך הכל שני מחסנים, או יותר נכון לכנותם שני דירים של חזירים, שייעודם היה לאכסן את הנשים והילדים בלבד, ואילו הגברים היו צריכים לישון תחת כיפת השמים. יש לציין מייד, שאנחנו, הבריטשיבאים, מצאנו כבר יהודים אחרים כאן, יהודי דומברוואָן שהיו כבר שוכבים, או יותר נכון מוטלים, בדירים הנ"ל, והצחנה עלתה עד למחנק, וכינים שרצו על כל אחד ואחד מהם. כל אחד מהם השמיע מייד צעקות: זה ביקש מים, וזה חתיכת מאמאליגה, ובינתיים ראינו והנה נושאים שתי גוויות לקבורה בקצה היער. אי־שם, באיזו פינה של היער, נשמע שבר ענפים, שאנשים שוברים כדי להכין אש כלשהי לשם בישול קצת קמח תירס עם מים, שהביאו מאיזו באֵר מרוחקת מהיער. כבר כאן ראית לפניך לא בני־אדם, אלא מעין יצורים הולכי־על־שתיים, שאיבדו כל מראה אנושי — והרושם הכללי היה, שאתה רואה לפניך את הרעב האיום בהתגשמותו.

כזה, בערך היו המראה והמצב, כפי שמצאנו אותם באותו ערב, כאשר הגענו אל יער רובלאָניץ. המקרה האיום רצה, שלא זו בלבד שלא יכולנו למצוא אפשרות לספק את צרכי האכילה והשתיה במידה כלשהי, אלא שמפעם לפעם ירדו גם

## ו

אין אַזאַ לאַגע זענען מיר אָנגעקומען צום אָרט וואָס הייסט רובלעניצער וואַלד. דער וואַלד איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן. סע זענען געעפנט געוואָרן טויערן, און אַן אַכזריותדיקער רומענישער וועכטער האָט אונדז איבערגענעמען אָן יעדער רשימה פון נעמען, נאָר לויט דער צאָל. יעדער איינער האָט געדאַרפט פאַרבייגיין אַ קאָנטראָל. און ווער ס׳האָט נישט באַוויזן בליצשנעל פאַרבייצוגיין, האָט באַקומען בלוטיקע קלעפּ. דאָס איז געווען דער קבלת־פּנים נאָך די אַלע מאַטערנישן און פלאָגענישן אין וועג.

אויב איך בין זיך נישט טועה, זענען מיר אָנגעקומען אין וואַלד אַריין פאַרנאַכט. די גענויע צייט וועט קיינער פון אונדז נישט געדענקען, נאָך דעם ווי אַלע אונדזערע זייגערס האָבן פון אונדז שוין געהאַט צוגענומען די שקצים פון די דערפער, איבער וועלכע מיר זענען דורכגעגאַנגען. יעדער פון אונדז האָט אָנגעהויבן זוכן אַ שטיקל מקום־מנוחה פאַר זיך און דער משפחה. אָבער אומזיסט: אין דעם אַרומגעצוימטן וואַלד זענען אינגאַנצן געווען צוויי מאַגאַזאַנען, אָדער ריכטיקער — צוויי שטאַלן פאַר חזירים, וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן בלויז פאַר די פרויען און קינדער, בעת די מענער האָבן געמוזט שלאָפן אונטערן פרייען הימל. מיר האָבן שוין דאָ געפונען אַנדערע יידן, יידן פון דאָמבראָווען, וואָס האָבן שוין געוווינט אין די דערמאָנטע חזיר־שטאַלן. און דער שטינק האָט ממש געוואָרגן, און לייז זענען אַרומגעקראָכן אויף יעדן איינעם. פון אַלע זייטן האָט מען געהערט געשרייען: איינער האָט פאַרלאַנגט וואַסער, אַ צווייטער אַ שטיקל מאַמעליגע. און דאָ זעט מען ווי מ׳טראָגט צוויי מתים באַגראָבן אין עק וואַלד. ערגעץ אין וואַלד האָט מען געהערט ברעכן צווייגן, כדי פייער צו מאַכן און פאַרמישן אַ ביסל פּאַפּעשוי־מעל מיט וואַסער, וואָס מ׳האָט געבראַכט פון אַ ווייטער קערניצע אין וואַלד. דאָ האָט מען פאַר זיך שוין נישט געזען קיין מענטשן, נאָר מיני צווייפיסיקע באַשעפענישן, וואָס האָבן פאַרלוירן יעדע מענטשלעכע צורה, און דער אַלגעמיינער איינדרוק איז געווען, אַז דו זעסט פאַר דיר די פאַרקערפּערונג פון דעם הונגער.

אָט אַזוי, בערך, האָט אויסגעזען די לאַגע אין דעם אויפדערנאַכט, ווען מיר זענען אָנגעקומען אין רובלעניצער וואַלד. די לאַגע איז געווען אַזאַ, וואָס נישט נאָר מיר האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו געפינען וועלכע ס׳איז שפּייז אָדער געטראַנק, נאָר וואָס פון צייט צו צייט האָבן אויסגעזעצט שטורמישע שלאַקסרעגנס און מיר זענען געלאָפן זוכן ערגעץ אַ שטיקל באַהעלטעניש, אַ שטיקל שוץ, עד יעבור זעם. און אַז מיר האָבן שוין געפונען ערגעץ אַ שטיקל בוידעם, איז מיט גרויס שטופּעניש — האָט מען געקענט אַריינגיין אַ הונדערט מענטשן, ווייל סע זענען שוין דאָרט געווען אַ סך אנדערע מענטשן, און מ׳האָט זיך געמוזט צונויפפּרעסן אויף דערשטיקט צו ווערן.

איך געדענק איינע פון די ערשטע טעג. ס׳איז געווען ערב שבת, דאַכט זיך שבת־חזון. מיר דרייען זיך אַרום און פרעגן אַלץ די זעלבע שאלה: וואָס וועט זיין דער סוף? זאָגט עמעצער, אַז ער האָט געהערט האַרמאַטן־שיס. איז געדרונגען,

גשמי זעף על ראשינו, ואנו התרוצצנו מבוהלים ודחופים לכל פינה נידחת, אולי נמצא מחסה עד יעבור זעם. לפעמים היינו מוצאים איזו עליית גג נידחת, אבל בדוחק רב יכולים היינו לסדר שם מאה איש; וכשנכנסו לשם, היה תמיד המצב כזה, שכבר נמצאו שם הרבה יותר אנשים, וצריך היה להידחס עד כדי מחנק ממש; ברור שבמצב כזה לא היתה זו מנוחה כלל וכלל.

זוכר אני, שבאחד הימים הראשונים, והיה זה ערב שבת, נדמה לי „שבת־חזון", ואנו מסתובבים ושואלים זה את זה את השאלה החוזרת: מה יהיה? דאז אומר פלוני, ששמע יריות תותחים, אולי הרוסים מתקרבים אלינו. אבל כל השמועות הללו נתבדו. אחר הפריח איזו שמועה, כי שמע מפי איזו גויה, שאת היהודים ישלחו לעבודה חקלאית. היתה זו שוב בשורה משמחת כלשהי. אבל בינתיים בילינו את הימים ברעב, יגון ואנחה — וכך נמשך המצב כחודש ימים עד ראש חודש אלול.

באחד הימים ניגש אלי ברוך האופה, שכבר הזכרתי אותו קודם לכן, אבל בלי החיוך הרגיל, שהיה תמיד נסוך על פניו; ניגש אלי ואמר לי: צריכים לאסוף מניין לשם קבלת שבת, וגם מחר לשם תפילת שחרית ומוסף. אמרתי לו: אני מוכן. גם רבי אליהו זאק, שהיה יושב על הקרקע עם אשתו חַנצי, ושניהם דמו כאילו הם נמצאים בוויכוח עם מלאך־המוות על שום מה אינו ממהר לבוא ולעשות קץ לחייהם, יושבים ומחרישים ומביטים בי. ואז אני אומר: רבי אליהו, הנה מציע רבי ברוך לכנס מניין לשם תפילה בשבת — אתה מסכים? יללה היסטרית פרצה מגרונו: להתפלל? להתפלל?! במה? אין טליתות, אין מלבוש עליון, נשארו רק התחתונים. אבל תוך כדי דיבור הוא מוסיף: נו, טוב, נתפלל.

ואכן, בבוקר התרכז לא מניין אחד, אלא כמה מניינים של יהודים מכמה עיירות: דוֹמברוֹוואֶן, יידינג וליפקאן. ומה לומר לך, קורא יקר? מעודי ועד עתה לא שמעתי כקולות ההם, שבקעו בתפילה ובדמעות. דומני שהללו בקעו רקיעים ופרצו שחקים. כל אחד ואחד מורט כאילו את שערות ראשו. כל אחד טוען כלפי שמיים: הרי אתה נותן לחם לכל בשר, אפילו לכלב, ואנו רעבים וצמאים, נרדפים וסחופים, יחפים ועירומים.

מובן שספר־תורה לא היה לנו. אבל כל אחד ואחד היה כורע ומשתחווה עם סיום התפילה ואומר שבת־שלום לחברו, פונה לבשל את קצת קמח־התירס שקנה תמורת טבעת קידושין או תמורת חפץ אחר, שמסר לידי הגויים שבסביבה.

בינתיים מזמינים אותנו מפעם לפעם לקבור מתים בתוך היער, שהוקצתה שם כברת ארץ לבית־הקברות. שם נקברו עשרות, מאות, אנשים, נשים וטף.

אַז אפשר דערנענטערן זיך צו אונדז די רוסן. אָבער די אַלע שמועסן האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. אַן אַנדערער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז ער האָט געהערט פון עפּעס אַ גױ׳ע, אַז מען וועט די יידן שיקן אויף פעלד־אַרבעט. ווידער, הייסט עס, עפּעס גוטס. אָבער דערווייל האָבן מיר די טעג פאַרבראַכט מיט הונגער, טרויער און קרעכצן. אַזוי האָט געדויערט ביז ראש חודש אלול. אין איינעם אַ טאָג איז צו מיר צוגעקומען ברוך בעקער, אָבער אָן זיין געוויינלעכן שמייכל, און געזאָגט: מ׳דאַרף צונויפנעמען אַ מנין פאַר קבלת־שבת, און אויך מאָרגן צום דאַווענען שחרית און מוסף. איך האָב אים געזאָגט: כ׳בין גרייט. אליהו זאַק, וואָס איז געזעסן אויף דער ערד מיט זיין ווייב כאַנציע, בײדע שטילע, ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אין אַ וויכוח מיטן מלאך־המות, הלמאי ער איילט זיך נישט און מאַכט נישט קיין סוף צו זייער לעבן — זענען געזעסן שווייגנדיקע און געקוקט אויף מיר. האָב איך מיך אָנגערופן: ר׳ אליהו, ר׳ ברוך לייגט־פאָר צו מאַכן אַ מנין פאַר שבת. זענט איר מסכים? אַ היסטעריש געוויין איז געוועז זיין ענפער: דאַווענען? מיט וואָס? מיר האָבן דאָך נישט קיין טליתים, קיין אויבערשט בגד. געבליבן אין די הײלע תחתונים. אָבער תוך־כדי־דיבור גיט ער אַ זאָג: נו גוט, מיר וועלן דאַווענען.

צומאָרגנס האָט זיך צונויפגענומען נישט אײן מנין, נאָר עטלעכע מניינים פון עטלעכע שטעטלעך: דאָמבראָווען, יעדינעץ און ליפקאַן. און וואָס זאָל איך אײך זאָגן? ביז יענעם טאָג האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געהערט אַזוינע האַרצ־רייסנדיקע תפילות, באַגלייט פון אַזוינע הייסע טרערן, תפילות וואָס האָבן געמוזט שפּאַלטן הימלען. יעדער האָט זיך געריסן די האָר פונעם קאָפּ, געשריגן, געוויינט און געטענהט: דו, וואָס שפּייזסט יעדעס באַשעפעניש, אפילו אַ ווערמל — זע, ווי מיר זענען הונגעריק און דאָרשטיק, באָרוועס און נאַקעט, גערודפט און געפּייניקט!

פאַרשטייט זיך, אַז קיין ספר־תורה האָבן מיר נישט געהאַט. אָבער יעדער איינער האָט זיך געבויגן און געבוקט נאָכן דאַווענען און איינער דעם אַנדערן געווונטשן אַ „גוט־שבת“. דאַן האָט מען זיך גענומען אָפּקאָכן דאָס ביסל פּאַפּעשוי־מעל וואָס מ׳האָט געקויפט באַ אַ פויער פון דער געגנט פאַר אַ פינגערל אָדער פאַר אַן אַנדערן חפץ. פון צייט צו צייט האָט מען אונדז גערופן צו באַגראָבן מתים אין וואַלד, ווו ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַ שטיקל פּלאַץ פאַר אַ בית־עולם. דאָרט זענען באַגראָבן געוואָרן צענדליקער און הונדערטער מענער, פרויען און קינדער.

ז

ראש־חודש אלול האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל צו פאַרלאָזן דעם וואַלד. ערב שבת האָבן מיר פאַרלאָזט דעם וואַלד, נאָך דעם ווי מיר האָבן דאָרט איבערגעלאָזט אַ גאַנצן בית־עולם אָן מצבות (און ווער ווייסט, צי ביזן היינטיקן טאָג איז געבליבן וועלכער ס׳איז סימן פון יענע מאַסן־קברים!). מ׳האָט אונדז געטריבן ווייטער. און ס׳איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז יעדע נייע דערשיטערנדיקע געשעעניש, באַגלייט מיט פּייניקונגען און אכזריות, האָבן די רשעים תמיד אויסגערעכנט אויף ערב־שבת.

בראש חודש אלול קיבלנו פקודה לפנות את היער. בערב שבת הרימו אותנו, אחרי שהשארנו בית־קברות שלם בלי מציבות בתוך היער (ומי יודע אם עד היום קיים ציון כלשהו על גבי קברים המוניים אלה) והמשכנו הלאה. וראוי לציין, שכל מאורע חדש מזעזע, בלוויית פגעים רעים ואכזריים, כוון על־ידי הרשעים רק לערבי שבתות.

בבוקר, בשעה שמונה בערך, הושמעה הפקודה להסתדר בשורות. לאחר סריקה שלוותה בצליפות שוטים על גבינו, הועמדנו אי־שם בקצה היער. ואז ניתן לראות בבירור, עד כמה נתמעט מספר יוצאי בריטשיבה, מהם שנפלו בדרך תוך כדי הליכה, ומהם שמצאו את מותם במשך שהותם ביער. המשכנו את ה„טיול״, מלווים ז׳אנדרמים רומניים, הסתובבנו בדרכים־לא־דרכים, טיפסנו על הרים וגבעות, עמקים וגיאיות, מבוקר עד ערב. בערבים, כשהקור הסתווי היה חודר לעצמות היבשות, היינו נחים אי־שם בשדות תחת כיפת־השמים, וכך עשינו לילות וימים עד שהגענו לעיירה ואֶרטוז׳אֶן שעל נהר הדנייסטר. העיירה היתה ריקה מאדם. נראה שרבים ברחו לערבות רוסיה (כיוון שלהם היה יותר כל לעבור את הדנייסטר), ומהם שהושמדו על־ידי הרומנים והגרמנים. כך שלא מצאנו מהתושבים אף נפש חיה. עלי כאן לחזור ולומר, שגם מאנשינו נהרגו לא מעטים במשך הדרך שבין יער רובלאֶניץ לוואֶרטוז׳אֶן, וזאת משום שכל מי שהיה מפגר בהליכה היה נורה בו במקום ללא אזהרה. תופעה טבעית היתה, שהתרגלנו לה במשך הימים האלה, כי מדי פעם בפעם נשמעה איזו יריה, ואז ידענו שבא סופו של מישהו, בלי לדעת מי הוא שנפל, ואיפה מצא את קבורתו. הדרכים היו זרועים גוויות של יהודי ביסראביה, ולכל אורך הדרך משני הצדדים ראינו גוויות, שהיו, כנראה, משיירות קודמות של ערים ועיירות אחרות.

בוואֶרטוז׳אֶן קיבלנו דירות־מגורים, עשר נפשות בחדר, ללא כל ריהוט וציוד ביתי. נראה שגם בעיירה זו כילו הפורעים הגויים, השודדים לתאוותם, את כל רכוש היהודים, בין שהיה מופקר, בין שהיה נשדד. התחלנו כל אחד ואחד לחפשׂ בראש ובראשונה מעט קמח או תפוחי־אדמה כדי להשקיט רעבונם של בני־המשפחה, אבל לשווא. רק לאחר עמל רב מצאנו בקצה העיירה קרקעות עם תפוחי־אדמה, שאנשי ואֶרטוז׳אֶן השאירו אחריהם, אבל אלו היו כבר רק שיירים; תפוחי־האדמה היו קטנטנים, כמעט אי־אפשר היה להשתמש בהם לשם תבשיל של ממש. אלה מבינינו שבידיהם היו עוד חפצים כלשהם, בעיקר תכשיטים

צומאָרגנס, אַרום אַכט אַ זייגער, האָט מען אונדז באַפוילן זיך אויסצושטעלן אין שורות. נאָך אַ קאָנטראָל, באַגלייט פון קלעפּ איבער אונדזערע קעפּ און פּלייצעס, האָט מען אונדז געטריבן ווייטער און אונדז אָפּגעשטעלט ערגעץ באַ אַ וואַלד. און דאָ האָט מען ערשט קלאָר געקענט זען, ווי פאַרקלענערט ס׳האָט זיך די צאָל פון די ברישעווער יידן. וויפל סע זענען געפאַלן אונטערוועגס, און וויפל סע זענען אויסגעשטאָרבן אין וואַלד! מיר האָבן פאָרגעזעצט דעם „אויספלוג״, באַגלייט פון רומעניש זשאַנדאַרן, זיך געשלעפּט איבער וועגן און אומוועגן, געקראָכן אויף בערג און בערגלעך, טאָלן און גראָבנס, פון גאַנץ פרי ביז אין דער נאַכט. אין די קאַלטע אָסיען־נעכט האָבן מיר גענעכטיקט אויף פעלדער, אונטערן פרייען הימל. אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט די טעג און נעכט, ביז מיר זענען אָנגעקומען צום שטעטל ווערטוזשען באַם נעסטער. דאָס שטעטל איז געווען לײדיק פון יידן. ווייזט אויס, אַז אַ סך זענען אַנטלאָפן אין די רוסישע סטעפעס (ווייל פאַר זיי איז לייכטער געווען אַריבערצוגיין דעם נעסטער), און די איבעריקע זענען אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשן און רומענער. אַזוי אַז מיר האָבן אין שטעטל נישט געפונען קיין לעבעדיק נפש. איך מוז דאָ באַמערקן, אַז אויך פון אונדזערע מענטשן זענען נישט ווייניק דערהרגעט געוואָרן אויפן וועג צווישן רובלעניצער וואַלד און ווערטוזשען. און דאָס דערפאַר, ווייל ווער ס׳האָט נישט געקענט נאָכהאַלטן אין גיין, און איז אַ ביסל צוריקגעבליבן, איז ער דערשאָסן געוואָרן אָן יעדער וואָרענונג. מ׳האָט זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו הערן פון צייט צו צייט אַ שאָס, און דעמלט האָבן מיר געוווּסט אַז ס׳איז געקומען עמעצנס סוף, נישט ווויסנדיק ווער ס׳איז געפאַלן. די וועגן זענען געווען פאַרזייעט מיט גופים פון בעסאַראַבישע יידן, ווייזט אויס, פון די פריערדיקע טראַנספּאָרטן פון בעסאַראַבישע שטעט און שטעטלעך.

אין ווערטוזשען האָבן מיר געפונען דירות, צען נפשות אין איין צימער, אָן מעבל און אַנדערע שטוב־זאַכן. ווייזט אויס, אַז אויך אין דעם שטעטל האָבן די גויים אַלץ אַוועקגערויבט פון די שטיבער. דאָס ערשטע האָט יעדער אָנגעהויבן זוכן אַ ביסל מעל אָדער קאַרטאָפל, כדי צו שטילן דעם הונגער פון דער משפחה. אָבער אומזיסט. ערשט נאָך אַ סך מי האָבן מיר געפונען אין עק גאַס פון שטעטל אַ באָדן־שטח מיט קאַרטאָפלעס, וועלכע די ווערטוזשענער יידן האָבן איבערגעלאָזט, אָבער סע זענען בלויז געווען רעשטלעך. די קאַרטאָפלעס זענען געווען קליינע, אַז ס׳איז כמעט נישט מעגלעך געווען זיך מיט זיי צו באַניצן. די וואָס האָבן נאָך געהאַט זאַכן צו פאַרקויפן, דער עיקר צירונג, וואָס ס׳איז געלונגען אויסצובאַהאַלטן, האָבן די זאַכן אַוועקגעגיבן די גויים פון דער געגנט און געביטן אויף פּאַפּעשוי־מעל צו מאַכן מאַמעליגע. דערווייל איז אויסגעבראָכן אַ מגיפה. יעדן טאָג זענען געשטאָרבן מענטשן. קודם קינדער, דערנאָך זקנים. דאָס אַלץ פון הונגער. צווישן די וועלכע זענען געשטאָרבן אין ווערטוזשען, געדענק איך מיכל ערליך, נתנאל שוחט, בעני שוחט, ניסן וואָלדמאַן און אויך שלום חיים־יואלס.

מיר האָבן געזוכט אַ וועלכן ס׳איז אָנהאַלט אין דעם דאָזיקן שטעטל, ווייל מיר האָבן געמיינט, אַז דאָ איז דער סוף פון דעם אַרומוואָגלען זיך, אַז אין דעם דאָזיקן

שידעו להסתיר, מסרו אותם ברצון לגויים שבסביבה תמורת קמח־תירס, כדי להכין מאמאליגה.

ובינתיים התחילה מגיפה. כל יום מתו קודם כל הרבה ילדים, ואחריהם זקנים — כל זה מרעב, שאי־אפשר היה להתגבר עליו. בין אלו שמצאו את מותם בוואֶרטוז׳אֶן זוכר אני את מיכל אֶרליך, את נתנאל השוחט, את בני השוחט, את ניסן וולדמאן וכן את שלום חיים־יואלס.

התחלנו לחפש אחיזה כלשהי בעיירה זו, משום שחשבנו כי כאן הוא סוף הטלטול; בעיירה זו עלינו לחכות עד סוף המלחמה, שתביא עלינו את הגאולה, או יותר נכון, כל אחד יחכה כאן ליומו האחרון, שבוודאי היה מקבלו בשמחה, ובלבד שייפטר מייסורי הרעב ועינויי הנפש. אבל הרוצחים הרומניים, זממם היה אחר לגמרי. הם ראו לפניהם יהודים הממשיכים עדיין לחיות, ואי־אפשר להיפטר מהם. בחרו להם איפוא שיטת חיסול באורח מקורי.

ביום ראשון של ראש השנה תש״ב, בבוקר השכם, שמענו דפיקות של חיילים רומניים, אשר חדרו לבתי־המגורים שלנו בצליפות שוטים ובקריאות: מהר החוצה! בבהלה ובאימה יצאנו ושמענו, שעלינו לחזור הביתה מהר — לבריטשיבה... מובן שלא היה גבול לשמחתנו.

כשיצאנו לרחוב, שׂררה שם אנדרלמוסיה: רומנים ושוטים בידיהם, וחרבות בידיהם, וכידונים בידיהם, מכים בצריחה פראית ובצעקה: להסתדר בשורה! הסתדרנו, וכעבור דקות ספורות התחלנו ללכת. אז ניתן היה לכותב־השורות האלה לסקור את האנשים שלפניו, ואז ראה שרק מעט מזעיר מאנשי בריטשיבה נמצאים פה. לא רק אלה שנפלו במשך הזמן, חסרו, אלא שגם אלו שידענו כי עודם בחיים, נעדרו משורותינו. הבינונו שההליכה איננה מביאה אותנו למנוחתנו הישנה, הבינונו שבכוונה מרמים אותנו. וכך אמנם היה.

ח

הלכנו במשך יומיים, בערך, לנו תחת כיפת השמיים, על שלפי התבואות שנקצרו ושדקרו אותנו כמחטים בבשר. עד שהגענו אל הכפר קוסאוּץ שעל הדנייסטר, ומעברו השני העיירה יאמפול. כאן הכניסו אותנו לתוך יער עבות ומטיל אימה. עלי העצים היו נושרים כבר כבימי הסתיו, הקור היה עז וחדר עד לעצמות. ובינתיים מבחינים אנו במשהו מטיל־אימה: בורות כרויים בעומק של שלושה וארבעה מטרים, בערך, ולתוכם מטילים גוויות מתות ואחדות שעדיין

שטעטל וועלן מיר בלייבן ביזן סוף פון דער מלחמה, וואָס וועט אונדז ברענגען די גאולה, אָדער ריכטיקער, יעדער וועט דאָ וואַרטן אויף זיין לעצטן טאָג, וועלכן ער וואָלט מיט פרייד אָנגענומען, אַבי באַפרייט צו ווערן פון הונגער און פון אַלע פּיינען. אָבער די רומענישע רוצחים האָבן געהאַט אַנדערע פּלענער. זיי האָבן פּאַר זיך געזען יידן, וועלכע האָבן זיך פאַרגענומען ווייטער צו לעבן, און ס׳איז נישט מיגלעך פון זיי פּטור צו ווערן. האָבן זיי צוגעטראַכט אַן אָריגינעלע שיטה פון ליקווידאַציע.

דעם ערשטן טאָג ראש־השנה תש״ב, גאַנץ פרי, זענען רומענישע סאָלדאַטן אַריין אין אונדזערע וווינונגען מיט שטעקנס און בייטשן און געשריגן: גיך אַרויס! צעטומלטע און צום טויט דערשראָקענע זענען מיר אַרויס און געהערט, אַז מיר מוזן זיך גיך אומקערן אַהיים — קיין בריטשעווע. פאַרשטייט זיך, אַז צו אונדזער שמחה איז גאָר קיין גרענעץ נישט געווען.

אַז מיר זענען אַרויס אויף דער גאַס, האָט דאָרט געהערשט אַ שרעקלעכער טומל: רומענער מיט בייטשן און שווערטן אין די הענט האָבן געשלאָגן און ווילד געשריגן: זיך אויסשטעלן אין רייען! מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט, און נאָך עטלעכע מינוטן האָבן מיר אָנגעהויבן גיין. איך האָב אַרומגענומען מיטן אויג די מענטשן, און געזען אַז בלויז אַ קליין הייפל בריטשעווער געפינען זיך דאָ. נישט נאָר די, וואָס זענען אין משך פון דער צייט געפאַלן, האָבן געפעלט, נאָר אויך די וועלכע מיר האָבן געוווּסט אַז זיי לעבן נאָך, זענען פאַרשווונדן פון אונדזערע רייען. האָבן מיר פאַרשטאַנען אַז דאָס גיין ברענגט אונדז נישט צון אונדזער אַלטער רו. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז מע נאַרט אונדז אומיסטן אָפּ. און אַזוי איז טאַקע געווען.

ח

מיר זענען געגאַנגען אַ צוויי טעג. געגעכטיקט אונטערן פרייען הימל, אויף די אָפּגעשניטענע תבואה־פעלדער, וואָס האָבן אונדז געשטאָכן ווי נאָדלען. ביז מיר זענען אָנגעקומען צום דאָרף קאָסעאוץ באַם נעסטער, וואָס ליגט אַקעגן דעם שטעטל יאַמפּאָל. דאָ האָט מען אונדז אַריינגעטריבן אין אַ געדיכטן וואַלד. די בלעטער פון די ביימער זענען שוין געווען אָפּגעפאַלן, די קעלט איז אַריין אין די ביינער. און דאָ דערזעען מיר עפּעס מוראדיקס: גריבער אין דער טיף פון דריי־פיר מעטער, בערך, און אין זיי ווערן אַריינגעוואָרפן גופים פון מתים און אַזעלכע וואָס גוססן נאָך. און גויים און שקצים דרייען זיך אַרום מיט גלעקער אין די הענט און קלינגען, ווי אין אַ קלויסטער אין די חגאות, אָדער בעת זייערס אַ קבורה. אַ פחד האָט אונדז אַרומגענומען. מ׳האָט צווישן זיך געשעפּטשעט, אַז די גריבער זענען באַשטימט פאַר אונדז, אַז באַנאַכט וועט מען אונדז ליקווידירן.

אָבער די נאַכט איז גראַדע דורך אַ שטילע. ס׳איז טאָג געוואָרן, האָבן מיר געהערט וועגן אַ סעלעקציע — מ׳נעמט מענער צו אַרבעט: קרעפטיקע, יונגע מענער. נאָר זיי אַליין. נאָך עטלעכע שעהען האָבן זיך געהערט געשרייען. אסתר שייטלס (צימערמאַן) האָט יאָמערלעך געשריגן, אַז איר מאַן נחום צימערמאַן איז

בגסיסתן, והשקצים והגויים מסביב מסתובבים עם פעמונים בידיהם, מצלצלים כמו בכנסיה בימי אידיהם או בעת קבורה שלהם. הפחד תקף אותנו — והלחש בינינו היה, שהבורות מיועדים בשבילנו, והלילה אנו עומדים להיות מחוסלים.

אבל הלילה עבר דווקא בשקט. הבוקר אור, ושמענו על סלקציה — לוקחים גברים לעבודה: גברים חסונים, צעירים, ורק אותם בלבד. אחרי שעות מספר נשמעו צעקות מעברים. למשל, אסתר שייטלס (צימרמן) צעקה תמרורים, שבעלה נחום צימרמן נפל בידי הרוצחים; וכן משה אֶפלמן, בנו של נפתלי אֶפלמן, וכן אהרקה וולדמן ואחרים, שאינני זוכר כבר את שמותיהם.

בינתיים הגיעה השמועה, שיתר אנשינו בוואֶרטוז'אֶן אף הם נשלחו משם והלכו לראֶזינה שעל הדנייסטר. ביניהם היו הרבה בריטשיבאים, כמו דוד מאלצ'וק, עזריאל פולאק, אשתו שרה, אברהם קסטלמן וכן לייבוש גורפינקל מכפר קיטרוס ועוד רבים, שמסיבת השכחה לא העליתי אותם על הכתב. כל אלה, שנלקחו כביכול לעבודה, בין שנשלחו לכיוון זה ובין לכיוון אחר, הומתו ביריה על־ידי הרומנים.

בינתיים באה פקודה חדשה: לעזוב את היער של קוסאוץ ולעבור את הדנייסטר. למעז האמת יש להזכיר כאן, שכשעתיים לפני שעברנו את הנהר, הבחנתי בקצין רומני, שנדמה היה לי, לפי מראה פניו, כי הוא מתמרמר וכואב את הטראגדיה שהתרחשה כאן לעמנו. ניגשתי בבקשת סליחה, שרציתי לשאול אותו משהו. ענה לי באדיבות: בבקשה, מה אתה רוצה? שאלתיו לאן מובילים אותנו. אמר לי בזה הלשון: אדוני הרב, האמן לי שגם אני איני יודע. ברור לי שזה לא לטובתכם. אולם מאז ומתמיד היה כוחכם בתפילות ובצעקות לשמיים; אולי תזכו להישאר בחיים ותחיו כמו שחייתם לפנים. אבל קשה מאד, קשה הדבר.

אחרי שעתיים, כשקרבנו אל הדנייסטר, שמימיו געשו במלוא תוקפם, כרגיל בעונה זו, נדמה היה לנו שאנו עומדים להיבלע בתוכו ולרדת לאבדון בלי להשאיר אחרינו שום סימן. אבל בעוד אנו עומדים על שפת הנהר הופיע קצין רומני, פניו כפני שד, והתחיל מטיף לנו מוסר, שבכל אסוננו רק אנו לבדנו אשמים, כיוון שהשתוללנו והסתוללנו בצבא הרומני בשנת 1940, שעה שהם פינו את ביסראביה. והיות וכותב שורות אלה היה כבר אדיש לחלוטין למה שיקרה אותו, לכן העז ואמר לו: אדוני הקצין, כל אלה שהסתוללו, אם הסתוללו, כי איני יודע אותם, בוודאי אינם מצויים פה. אז ענה לי הקצין ואקדוח בידו: ישראל ערבים זה לזה. אולי עשה אחד, אבל אתם כולכם אחראים להם.

עמדנו על רגלינו העייפות, וברכינו כושלות, צרור סמרטוטים על הגב, הכינים רוחשות על גופו של כל אחד ואחד, עד כדי כך שכל חייל רומני לא רצה לעמוד

געפאַלן דורך די רוצחים. און אַזוי משה עפּלמאַן, דער זון פון נפתלי עפּלמאַן, און אַזוי אַהרקע וואָלדמאַן, און אַנדערע, וועמענס נעמען איך קאָן מיך שוין נישט דערמאָנען.

דערווייל האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אונדזערע איבעריקע מענטשן אין ווערטוזשען זענען אויך פון דאָרט אַוועקגעשיקט געוואָרן, און זענען געגאַנגען קיין רעזינע באַם נעסטער. צווישן זיי זענען געווען אַ סך בריטשעווער, ווי: דודל מאַלטשוק, עזריאל פּאָלאַק, זיין ווייב שרה, אברהם קעסטלמאַן און אויך לייביש גור־פינקל פונעם דאָרף קיטראָס און נאָך אַ סך, וואָס צוליב פאַרגעסנקייט רעכן איך זיי נישט אויס. אַלע די וועלכע זענען כלומרשט גענעמען געוואָרן צו אַרבעט, צי זענען זיי געשיקט געוואָרן אין דער אָדער אַנדער ריכטונג — זענען אומגעבראַכט געוואָרן פון די רומענער.

און דערווייל אַ נייער באַפעל: צו פאַרלאָזן דעם קאָסעוצער וואַלד און אַריבער־גיין דעם נעסטער. למען האמת מוז דאָ אויך פאַרצייכנט ווערן אַזאַ פּרט: אַ צוויי שעה פאַרן אַריבערגיין דעם נעסטער האָב איך באַמערקט אַ רומענישן אָפיציר, וועלכער האָט אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק, אַז ער פילט־מיט די יידישע טראַגעדיע; אַז דאָס וואָס סע שפּילט זיך אָפּ מיט אונדז טוט אים וויי. איך בין צו אים צוגעגאַנגען, מיך אַנטשולדיקט און געפרעגט, צי ער וועט מיר דערלויבן איך זאָל אים עפּעס פרעגן. ער האָט מיר העפלעך געענטפערט: ביטע, פרעגט. איך האָב אים געפרעגט וווהין מע פירט אונדז. האָט ער מיר געענטפערט בזה־הלשון: הער, רב, גלייב מיר, אַז איך ווייס אויך נישט. ס'איז אָבער קלאָר, אַז נישט פאַר אייער טובה וועגן. אָבער אייער כוח איז דאָך תמיד געליגן אין בעטן און שרייען צום הימל. טוט עס אויך איצט. אפשר וועט איר זוכה זיין צו בלייבן לעבן, און לעבן ווי פריער. אָבער ס'איז שווער. זייער שווער.

נאָך צוויי שעה זענען מיר אָנגעקומען צום נעסטער. זיינע כוואַליעס האָבן גערוישט און געברויזט, ווי תמיד דעם יאָר־סעזאָן. האָט זיך אונדז געדאַכט, אַז מיר וועלן ווערן איינגעשלונגען פון די כוואַליעס, אומקומען, אָן צו לאָזן אַ שפּור נאָך אונדז. שטייענדיק נאָך באַם ברעג, איז צוגעקומען אַ רומענישער אָפיציר און מיט אַ טייוולאָניש פּנים אונדז גענעמען זאָגן מוסר, אַז אין אַלע אונדזערע אומגליקן זענען מיר אַליין שולדיק. וויאַזוי האָט איר באַהאַנדלט די רומענישע אַרמיי אין 1940 באַ איר אָפּציען זיך פון בעסאַראַביע?

היות דער שרייבער פון די זכרונות איז שוין געווען אַזוי גלייכגילטיק צו אַלץ וואָס אים קאָן נאָד געשען, האָט ער געוואַגט צו זאָגן: הער אָפיציר, די אַלע וואָס האָבן באַליידיקט די רומענישע אַרמיי (אויב זיי האָבן עס געטון), געפינען זיך זיכער נישט דאָ. דערויף האָט מיר דער אָפיציר מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט געענפערט: יידן זענען פאַרענפערטלעך איינער פאַרן אַנדערן. אפשר האָט עס איינער געטון, אָבער איר אַלע זענט פאַרענפערטלעך.

מידע און צעבראָכענע זענען מיר געשטאַנען מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס. די לייז האָבן געפרעסן אונדזערע לייבער, אַזוי ווייט, אַז קיין רומענישער סאָלדאַט

בקרבתנו והיה צועק: ז׳ידאן, אל תקרב, אתה מלא כינים; החיילים הרומנים סחבו מעין מעבורת, וכל אחד התחיל לדחוף זה את זה כדי לעבור על המעבורת, כאילו מהצד השני מצפה לו מלך המשיח עם כל טוב ואוכל. ייתכן שהיה בכך משום דחף פנימי לברוח מהמקום שאתה עומד בו ושהוא קשור בכליון ודאי — אל העבר השני שאולי יזדמן לך שם להשתחרר במקצת ולהיפטר מייסורים, בעיקר ייסורי רעב ועלבון.

ט

והנה נמצאים אנו כבר בצד השני, הצד האוקראיני. אמנם, כל אחד מאתנו זכר מילדותו עד כמה היתה אוקראינה קשורה בפוגרומים, אבל ידענו שבאוקראינה מצויים גם יהודים נדיבים, ידענו כי העיירה יאמפול מפורסמת היתה ברבניה, חכמיה, משכיליה ונדיביה. והנה מצאנו אותה שוממה בלי יושב. החלונות מנופצים, הדלתות עקורות, ואנחנו עוברים את רחובות העיירה בלי להבחין בשום נפש חיה של יהודי.

פה, במחנה זה, התגלגלנו ממש, משום שהמקום היחידי שיכולנו עליו לשבת היה הקרקע. הביאו לנו, אמנם, חצי ככר לחם לנפש, התנפלנו עליו כזאבים טורפים; בכלל נדמה היה לנו שיחס הרומנים אלינו נשתנה קצת לטובה. הסיבה לכך לא היתה ידועה לנו; ייתכן מאד שבאו הוראות חדשות מבוקארשט, וייתכן שהיה זה דבר מקרי בלבד.

אחרי טלטולים והליכות במשך שלושה חדשים ויותר הגענו לכפר אחד באוקראינה בשם אולשאנקה, וזה היה בערב יום־הכיפורים. הרי זכור וידוע לכולנו, שבבית היינו הופכים את ערב יום־הכיפורים בכל בתי־ישראל ליום משתה ושמחה, אוכל ושתייה בשפע, וזאת כדי להקל על הצום הצפוי למחרת. אבל אותו ערב יום־הכיפורים של שנת תש״ב נהפך החג בשבילנו ליום של אבלות וקדרות, שבשום פנים ואופן אינני מסוגל לתארו. ייתכן מאד שכל אחד ואחד מאתנו חשב אז כי המוות הוא עדיף בהרבה מהימים הצפויים לנו. באותו ערב אמרנו תפילת „כל נדרי״ באיזה קולחוז מלוכלך, ורבי יצחק השוחט, שהיה משמש בשחיטה בבריטשיבה כשנה, השמיע קול צעקה היסטרית: „ונסלח לכל עדת בני ישראל״. מובן שסידורים ומחזורים לא היו בידינו, וכל התפילות שהשמענו היו אלה שידענו אותן בעל־פה. במקום הזה, באולשאנקה, הקדשנו את יום־הכיפורים לתפילה בקול בוכים וצעקות וגם לקבורה, כי ביום הקדוש

האָט נישט געוואָלט שטיין אין אונדזער נאָענטקייט, נאָר פלעג שרייען: קום נישט צו נאָענט, ביסט פול מיט לייז! די רומענישע סאָלדאַטן האָבן צוגעשלעפּט אַ מין פּאַראָם, און יעדער האָט אָנגעהויבן שטופּן איינער דעם אַנדערן, כדי אַרויפצוגיין וואָס גיכער אויפן פּאַראָם, גלייך ווי אויף יענער זייט ברעג וואָלט אים דערוואַרט ווער ווייסט וואָס פאר אַ גוטס. מיגלעך אַז ס׳איז געווען אַ מין אינערלעכער שטויס צו אַנטלויפן פון דעם אָרט ווו מע געפינט זיך, וואָס באַטייט אַ זיכערן אומקום, און אפשר דאָרט, אויף דער צווייטער זייט וועט זיין אַנדערש, בעסער. אפשר וועט מען דאָרט באַפרייט ווערן פון די צרות, דערעיקרשט פון הונגער און דערנידעריקן.

ט

און אָט זענען מיר שוין אויף דער צווייטער זייט, אויף דער אוקראַיינישער. און כאָטש יעדער פון אונדז האָט פון דער קינדהייט־אָן געוווּסט, אַז אוקראַינע איז פאַרבונדן געווען מיט יידישע פּאָגראָמען, האָבן מיר אָבער געוווּסט, אַז אין אוקראַינע זענען אויך פאַראַן איידעלע יידן. מיר האָבן געוווּסט אַז דאָס שטעטל יאַמפּאָל איז באַרימט געווען מיט אירע רבנים, אירע חכמים, אירע משכילים. מיר האָבן אָבער איצט דאָס שטעטל געפונען ליידיק און וויסט, מיט צעבראָכענע פענצטער און אַרויס־געריסענע טירן. מיר גייען דורך דאָס שטעטל און טרעפן נישט אָן קיין לעבעדיקן יידישן מענטש.

דאָ, אין דאָזיקן לאַגער, האָבן מיר זיך ממש געוואַלגערט. ווייל דאָס איינציקע אָרט ווו מיר האָבן זיך געקענט אַוועקזעצן, איז געווען אויף דער הוילער ערד. מען האָט אונדז געבראַכט אַ האַלב ברייטל אויף יעדן מענטש. מיר האָבן זיך דערויף אַרויפגעוואָרפן ווי אויסגעהונגערטע וועלף. בכלל האָבן מיר דאָ געהאַט דעם איינ־דרוק אַז די באַציונג פון די רומענער צו אונדז האָט זיך אַ ביסל געבעסערט. די סיבה דערפון האָבן מיר נישט געוווּסט. מיגלעך אַז זיי האָבן באַקומען נייע אינסטרוקציעס פון בוקאַרעשט. מיגלעך אויך, אַז ס׳איז געווען נאָר צופעליק

נאָך אַ כמעט דריי חדשימדיקן אַרומוואַלגערן זיך זענען מיר אָנגעקומען אין אַן אוקראַייניש דאָרף מיטן נאָמען אָלשאַנקע. דאָס איז געווען ערב יום־כיפור. יעדער פון אונדז געדענקט דאָך און ווייסט, אַז אין דער היים פלעג דער ערב יום־כיפור אין יעדן יידישן הויז פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טאָג פון שמחה און אַ סעודה, פון עסן און טרינקען בשפע, כדי לייכטער צו מאַכן דעם מאָרגנדיקן תענית. אָבער דער ערב יום־כיפור פון יאָר תש״ב (1941) איז פאַר אונדז געווען אַ טאָג פון אומבאַשרייבלעכן טרויער און אבילות. כ׳בין זיכער, אַז יעדער פון אונדז האָט אין יענעם טאָג געטראַכט די זעלבע מחשבות, אַז דער טויט איז אַ סך ליבער ווי אַזאַ לעבן און דאָס וואָס דערוואַרט אים נאָך.

אין דעם אויפדערנאַכט האָבן מיר געזאָגט כל־נדרי אין עפּעס אַ שמוציקן קאָלכאָז, און ר׳ יצחק שוחט, וואָס איז געווען שוחט אין בריטשעווע אין משך פון אַ יאָר, בערך, האָט זיך צעשריגן מיט אַ היסטעריש געוויין: „ונסלח לכל עדת בני ישראל”. פאַרשטייט זיך אַז קיין מחזורים און סידורים האָבן מיר נישט געהאַט,

הזה קברנו הרבה ממתינו הקדושים והשארנו אותם שם בבית־קברות ארעי, שזכר ממנו ודאי לא נשאר, וכן לא נעשה שום ציון על איזה קבר שהוא.

למחרת יום־הכיפורים הושמעה פקודה צעקנית: ללכת הלאה! הסמרטוטים שעלינו מתמעטים והולכים, מכיוון שהגויות קונות אותם תמורת כוס מים חמים, חתיכת מאמאליגה וכדומה. כל אחד שואל: לאן הולכים? השערות מהשערות שונות. זה אומר לבאלטה, זה אומר לוויניצה, וזה אומר לברשאד. אכן, האחרונים ניחשו נכונה, אבל היו גם כיוונים אחרים, בלי שידע מישהו מאתנו מהו הכיוון שרצוי לו לבחור ומהו הכיוון שניתן לו לבחור.

הגענו לעיירה אובודובקה. התחלנו להתמקח עם הז׳אנדארמים, כי אחדים מאתנו רצו להישאר בעיירה זו. לא משום שידענו כי כאן יהיה טוב, אלא פשוט משום שלא היה כבר כוח להמשיך וללכת ברגל. הרגליים היו נפוחות, מליאות סריטות עד זוב דם. הלכלוך אָכל עד לשד העצמות. ואז מתחילים ממילא לחפש דרכים ומתווכים שונים, כדי שהשלטונות יתירו להישאר באובודובקה. מי שעוד מצוי בידו שעון זהב או טבעת או איזה חפץ אחר, שהספיק להסתירו, נתן אותו למפקדי הז׳אנדארמים, וכך קנו את הרשות להישאר באובודובקה. כך למשל, נשארו שם יוסל קרוצ׳אק, הרוקח שפירא, נחמן רויזנבליט עם בנותיו היפהפיות, שמי שראה אותן אחרי זה, רגעים מועטים לפני יציאת נשמתן, עד כמה נשתנו בחיצוניותן, יכול היה להשתגע ממש ממראה עיניו. דומני, שגם אברהם זאק ומשפחתו, וואָלוול גלמן ובני ביתו, גם הם נשארו באובודובקה ושם מצאו קבורתם מחרפת רעב ומקור.

כאמור, נשאר חלק ניכר מאנשי עיירתנו באובודובקה, מהם בעיירה גופא ומהם בקולחוזים שונים, שלפי הידיעות שנתקבלו משם היה מצבם איום, הן מבחינת המזון והן מבחינת הדיור; הם קפאו שם בקור וגוועו ברעב ובצמא, בלי שהיה להם אפילו מקור כלשהו למים חמים כדי לחמם את הגוף. ואילו אנחנו, כל היתר, המשכנו הלאה לעיר ברשאד, במרחק כעשרים קילומטרים מאובודובקה.

דומני שהיה זה ביום ראשון של חג הסוכות בערב, כשהגענו לאיזה קולחוז שליד ברשאד. שם הוכנסנו כולנו, אנשים, נשים וטף, לתוך אותו קולחוז. ולמרות שכבר לא היינו רבים, כי חלק גדול מאתנו תם לגווֹע בדרכים, הרי גם מה שנשאר מאתנו ועוד תינוקות אחדים שנולדו בדרכים, כל אלה היו רבים מכדי להכילם בבניין אחד רעוע, שיותר משראוי היה לשם מגורים היה ראוי לשם דיר של הזירים. כאן עלי להתעכב ולציין את עניין התינוקות הרבים החדשים. בין הגולים

און אַלע תפילות האָט מען געזאָגט אויסנווייניק. אין אָלשאַנקע האָבן מיר אין דעם ערב יום־כיפּור אויסגעשריגן און אויסגעוויינט אונדזערע תפילות און געווידמעט אויך אַ סך פון אונדזערע הייליקע טויטע, וועלכע מיר האָבן אין דעם טאָג באַגראָבן אויף אַ צייטווייליקן בית־עולם, פון וועלכן ס׳איז זיכער קיין שפּור נישט געבליבן. ס׳איז אויך קיין שום צייכן נישט געמאַכט געוואָרן אויף אַ קבר.

אַ טאָג נאָך יום־כיפּור האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל ווייטער צו גיין. די שמאַטעס אויף אונדז ווערן אַלץ ווייניקער, ווייל די גויה׳ס קויפן זיי פאַר אַ גלעזל וואַרעם וואַסער, אַ שטיקל מאַמעליגע און דג״ל. יעדער פרעגט זיך: ווהין גייען מיר? די מיינונגען זענען פאַרשידענע. איינער זאָגט — קיין באַלטע, אַ צווייטער — קיין וויניצע, און איינער זאָגט: מיר גייען קיין בערשאַד. די לעצטע האָבן געטראָפן. אָבער סע זענען אויך געווען מיינונגען וועגן אַנדערע ריכטונגען. און קיינער האָט נישט געוווּסט וועלכע איז בעסער זיך צו ווינטשן, און וועלכע ריכטונג ער קען זיך אויסקלויבן.

מיר זענען אָנגעקומען אין שטעטל אָבאָדאָווקע. מיר האָבן אָנגעהויבן צו פאַרהאַנדלען מיט די זשאַנדאַרן, ווייל אַ סך פון אונדז האָבן געוואָלט דאָ בלייבן. נישט ווייל מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָ וועט אונדז זיין גוט, נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל מיר האָבן שוין קיין כוח נישט געהאַט ווייטער צו גיין. די פיס זענען געווען געשוואָלן, פול מיט ווונדן ביז בלוט. דער שמוץ האָט אויפגעפרעסן. האָבן איניקע אָנגעהויבן זוכן פאַרשידענע וועגן, אַז די מאַכטהאָבער זאָלן באַוויליקן מ׳זאָל בלייבן אין אָבאָדאָווקע. ס׳האָט זיך נאָך געפונען אַ גאָלדן זייגערל אָדער אַ רינגל צי אַן אַנדער חפץ, וואָס ס׳איז געלונגען אויסצובאַהאַלטן. האָט מען געגיבן דעם קאָמאַנדיר פון די זשאַנדאַרן, און אַזוי איז אַ טייל געבליבן אין אָבאָדאָווקע. אַזוי זענען דאָרט געבליבן יאָסל קראָטשאַק, דער אַפּטייקער שאַפּירא, נחמן רויזנבליט מיט זיינע שיינע טעכטער (ווער ס׳האָט זיי געזען עטלעכע מינוט איידער זיי האָבן געלאָזט די נשמות, ווי זיי האָבן אויסגעזען פאַרענדערט, דער האָט ממש געקענט אַראָפּ פון זינען). דאַכט זיך אויך אברהם זאַק און זיין משפּחה, און וועלוול געלמאַן און זיינע בני־בית זענען געבליבן אין אָבאָדאָווקע, און דאָרט זענען זיי געשטאָרבן פון קעלט און הונגער.

ווי געזאָגט, איז אַ געוויסע טייל פון אונדזערע מענטשן געבליבן אין אָבאָדאָווקע, פון זיי איניקע אין שטעטל גופא, און אַ טייל אין פאַרשידענע קאָלכאָזן. און לויט די ידיעות, וואָס האָבן זיך פון דאָרט באַקומען, איז זייער לאַגע געווען אַ שרעק־לעכע, סיי די שפּייז און סיי דאָס וווינען. זיי האָבן דאָרט געפרירט פון קעלט און אויסגעגאַנגען פון הונגער און דאָרשט, נישט האָבנדיק אפילו אַ ביסל וואַרעם וואַסער צו דערוואַרעמען דעם גוף. מיר אָבער האָבן פאָרגעזעצט דעם וועג קיין בערשאַד, אַן ערך צוואַנציק קילאָמעטער פון אָבאָדאָווקע.

דאַכט זיך, אַז ס׳איז געווען זונטיק פאַרנאַכט, ערב סוכות, ווען מיר זענען אָנגעקומען צו עפּעס אַ קאָלכאָז לעבן בערשאַד. אַהין האָט מען אונדז אַריינגעפירט. סע זענען שוין פון אונדז קיין סך נישט געבליבן. אַ גרויסע טייל איז אויסגעגאַנגען

היו נשים הרות, שבדרך נאלצו לכרוע וללדת ולטפל בעצמן גם בתור מיילדות, ואת התמונות הללו לא ניתן לשכוח.

ובכן, בליל חג־הסוכות אנו לנים לראשונה באותו דיר של חזירים שבקולחוז ליד ברשאד, על רצפה שהיא מרובדת בשכבה עבה של שלג וקרח; מי שנרדם לרגע ומי שישב סתם על הרצפה וחיכה באדישות לגורל יום המחרת.

כותב־טורים אלה יכול להעיד, כי הוא עצמו היה קרוב להתמוטטות יחד עם רעייתו ועם שתי ילדותיו, שאחת מהן מצאה את מותה בגיהנום זה. בלית ברירה חיפשתי איזה מוצא, ולו זמני. התייעצתי עם ידידי רבי פייוול טארנירידר ז״ל, שאולי נעשה איזה מעשה, נצא בגניבה מתוך הבניין, כדי להביא טרף לנפשות משפחותינו. הוא קיבל את הצעתי, ויצאנו שנינו. כדי להיעלם מעיני הז׳אנדארמים השומרים עלינו, זחלנו על ארבעתנו כחמש מאות מטרים, עד שהיינו בטוחים שנעלמנו בחושך הלילה מעיני הרומנים. כך ירדנו אל העיירה ברשאד עצמה ודפקנו על אחת מדלתות הבתים. כשנפתחה הדלת ונכנסנו, עמד לפנינו יהודי זקן מופלג, שלאחר מכן נודע לנו כי הוא שוחט העיירה. מצאנו אותו יושב בסוכה ואוכל פת קיבר עם תבשיל חם של תפוחי־אדמה. לא יכולנו להתאפק והתחננו ממש, שיתן לנו משהו לאכול כדי להחיות את נפשותינו. אשתו הזקנה מיהרה בזריזות והגישה לנו קערה מליאה תפוחי־אדמה עם לחם. נכנסנו לתוך הסוכה ותוך כדי אכילה שטפנו את האוכל במעיין של דמעות. אכלנו, בירכנו ברכת המזון, ואחר־כך התחלנו להתעניין במה שצפוי לכל אנשינו הגולים מבריטשיבה.

השוחט הזה, רבי אליהו מארטשאק, שנספה אחר־כך גם הוא, הוא שקשר אותנו עם אנשי הקהילה של העיירה. ואמנם, מצאנו אוזן קשבת: נסתבר לנו, שבברשאד העיירה כבר מצויים גולים אחרים, שבאו לשם מעיירות אחרות שבבי־סראביה וגם מבוקובינה. בראש ובראשונה הספקנו לקחת אתנו קצת לחם בשביל אנשינו, שהיו אותה שעה בקולחוז, אבל בנוסף לכך בא השוחט רבי אליהו למחרת אל המחנה שלנו, ובתיווכו של מתורגמן היודע רומנית התייצב לפני הקצין והתחיל להתמקח אתו על המחיר שיש לשלם בעדנו, הגולים מבריטשיבה, כדי שיתיר לכולנו להתיישב בעיירה עצמה. אינני יודע בכמה זה עלה, אבל העובדה היא, שהרשיון ניתן. רבי אליהו השוחט הביא עגלות רתומות לסוסים, טען עליהן כמה שיכול אנשים מתוך הגולים, ביניהם אותי ואת בני ביתי, את פייוול טארנירידר ומשפחתו, ואת הרב רבי יחיאל עם משפחתו, את מנוחה וולדמן עם שני ילדיה ואחרים, שאינני זוכר אותם בשמותיהם.

כיוון שבברשאד כבר היו, כאמור, גולים מערים ועיירות אחרות שבביסראביה

אויף די וועגן, אָבער פאַר די וואָס זענען געבליבן (צו וועלכע עס זענען נאָך צוגעקומען עטלעכע געבוירענע קינדער) איז דער קאָלכאָז געווען צו ענג כדי זיי אַריינצונעמען; ס׳איז בסך־הכל געווען איין בניין, אַ מין שטאַל פאַר חזירים. דאָ וויל איך מיך אַ ביסל אָפּשטעלן אויף די ניי־געבוירענע קינדער. צווישן די דעפּאָרטירטע זענען געווען טראָגנדיקע פרויען, וואָס זענען געצווונגען געווען צו געבוירן די קינדער אויף די וועגן, און זיין אַליין די באָבעס. און אויך די דאָזיקע בילדער וועלן בלייבן אומפאַרגעסלעך.

ערב־סוכות האָבן מיר, אַזוי אַרום, גענעכטיקט אין אָט דעם חזיר־שטאַל פון קאָלכאָז לעבן בערשאַד. מיר זענען געליגן אויף דער ערד, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ גראָבן פלאַסט פון שניי און אייז. ווער ס׳האָט אויף אַ רגע געכאַפּט אַ דרימל, און ווער ס׳איז סתם געזעסן און גלייכגילטיק געוואַרט אויפן קומענדיקן טאָג.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שילדערונגען איז אַן עדות, אַז ער אַליין איז געווען נאָענט צו אַ קראַך, צוזאַמען מיט זיין פרוי און זיינע צוויי מיידעלעך, וואָס איינע פון זיי האָט געפונען איר טויט אין אָט דעם גיהנום. באין ברירה האָב איך געזוכט עפּעס אַן אויסגאַנג, זאָל זיין אַ פּראָוויזאָרישער. איך האָב מיך באַראָטן מיט מיין פריינד פּיוול טאַרנירידער ז״ל, אפשר זאָלן מיר עפּעס אויפטון, אַרויסגנבענען זיך פונעם בניין, כדי צו ברענגען שפּייז פאַר די משפּחות. ער איז אויף מיין פאָרשלאַג איינגעגאַנגען. כדי די זשאַנדאַרן, אונדזערע היטער, זאָלן אונדז נישט דערזען, זענען מיר געקראָכן אויף אַלע פיר אַ פינף הונדערט מעטער, ביז מיר זענען אין דער נאַכט־פינצטערניש געבליבן פאַרהוילן פון די אויגן פון די רומענער. אַזוי זענען מיר דערגאַנגען צום שטעטל בערשאַד און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון אַ הויז. אַז די טיר האָט זיך געעפנט און מיר זענען אַריין אין שטוב, איז פאַר אונדז געשטאַנען אַ יידישער גרייז־גראָער זקן, דער שוחט פונעם שטעטל. מיר האָבן אים געטראָפן זיצן אין סוכה און עסן אַ שטיקל ראָזעווע ברויט מיט אַ וואַרעם געקעכץ פון קאַרטאָפלעס. מיר האָבן זיך נישט געקענט איינהאַלטן און אים געבעטן אונדז צו גיבן עפּעס עסן, כדי דאָס חיות צו דערהאַלטן. ס׳האָט זיך באַוויזן אַן אַלטע פרוי. זי האָט אונדז גיך דערלאַנגט פולע טעלער מיט קאַרטאָפלעס און ברויט. מיר זענען אַריין אין דער סוכה און מיט אונדזערע טרערן נאַס געמאַכט דאָס עסן. אָפּגעגעסן, אָפּגעבענטשט, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן, געפרעגט דעם שוחטס מיינונג, וואָס אונדז, דעפּאָרטירטע פון בריטשעווע, דערוואַרט.

דער דאָזיקער שוחט, ר׳ אליהו מאַרטשאַק, וועלכער איז שפּעטער אויך אומגעקומען, האָט אונדז פאַרבונדן מיט די קהילה־מענטשן פון דער שטאָט. און מיר האָבן טאַקע באַ זיי געפונען אָפענע אויערן און הערצער. מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז אין שטעטל בערשאַד זענען שוין פאַראַן אַנדערע דעפּאָרטירטע, וועלכע זענען אַהין געקומען פון אַנדערע בעסאַראַבישע און בוקאָווינער שטעטלעך. קודם־כל האָבן מיר באַוויזן מיטצונעמען מיט זיך אַ ביסל ברויט פאַר אונדזערע מענטשן, וועלכע מיר האָבן איבערגעלאָזט אין קאָלכאָז. חוץ דעם איז דער שוחט ר׳ אליהו געקומען אין אונדזער לאַגער, און מיט דער הילף פון אַן איבערזעצער, וואָס האָט

ובבוקובינה, ועוד הוסיפו לזרום לכאן גולים אחרים, הרי הצפיפות בעיירה נעשתה לאין נשוא, עד שבכל חדר היו כעשר נפשות. הקהילה עשתה כדי שמאפיה ציבורית תוכל לספק לנו קצת לחם, אבל מיום ליום הורע המצב, כיוון שמחסן הקמח, שנשאר לאחר יציאת הרוסים, אזל. וכך התחיל שוב הרעב תוקף אותנו ומכלה בנו יום־יום, נשים, אנשים וטף.

הרומנים גדרו עלינו בגדר, מחנה סגור כעין גיטו, שאסור היה לצאת ממנו אפילו כדי לחפש אוכל כלשהו, ומי שניסה לצאת, סיכן את חייו.

וכך יכולים אנו לומר, שלקראת סופה של שנת 1941 מצאנו את עצמנו במספר נפשות לא גדול יחסית, כי חללים רבים נפלו מתוכנו, בעיקר ממחלת הדיזנטריה, שבאה כתוצאה מחוסר מזון. כמעט שלא היה בית שלא נמצאו בו יום־יום גוויה אחת או שתים. ויתירה מזו, החברה קדישא התחילה לפעול, משום שהמיפקדה הרומנית עצמה דאגה לכך שיוקם ועד מתוך הפליטים ויעסוק בקבורה, אבל לא יכלו להספיק ולקבור את המתים. מבין אלה שהם עצמם היו קודם פעילים בחברה קדישא יכול אני להזכיר כאן את שמעון גולירגאנט ז״ל, את אברהם גלמן הקצב ז״ל, את דוד (בן עזריאל) גולירגאנט ז״ל, את חיים־לייב הכלי־זמר ז״ל, את ברכה צימרמן ז״ל, את יעק׳ל שיכמן (בן חיה־רחל) ז״ל. כן אני זוכר את מותה של רעיתו הניה ז״ל, שהיתה בתו של רבי יעקב־אהרון סאנדלמן. זוכר אני כיצד נפטרה מתוך יסורים ועינויים קשים.

בנוסף לדיזנטריה נתפשטה כעבור זמן גם מחלת הטיפוס, שהרגה על ימין ועל שמאל. אז כבר אי־אפשר היה לחלוטין להשתלט על הקבורה. הרומנים היו מעוניינים בקיומו של בית־חולים כלשהו. מובן שרופאים לא היו שם במידה מספקת. אבל הרומנים מעוניינים היו לאסוף את החולים בבית־חולים זה, כדי ליצור על־ידי־כך בידוד כלשהו, שלא תתפשט המחלה גם מחוץ לגיטו. עגלות היו באות אל בית־החולים, מטעינות גוויות ואחר־כך פורקות אותן בבית־הקברות, חומרים־חומרים. כיוון שהאדמה היתה קפואה מקור ומקרח, ומכשירי חפירה די מעטים מאד, ועיקר־העיקרים — חסר כוח אדם, הרי היו המתים מוטלים בבית־הקברות, השלג היה מכסה אותם, והכלבים אכלו מהם להשקטת רעבונם. וזכות גדולה היתה לאלה שיכלו להיקבר בקבורת־אחים, מאתיים ויותר בקבר אחד

מקורות־מחיה לא היו, כאמור. אבל כעבור כמה חדשים החלו אלו מבינינו שהתאוששו לאחר המחלות השונות, להתגנב אל מחוץ לגיטו, לבוא בקשרים כלשהם עם האיכרים. והיו גם מקרים הפוכים, שהגויים מן הסביבה היו מתגנבים אל תוך הגיטו. וזה הביא לכך שהתחיל איזה מסחר־חליפין. בין הגולים הרי היו

געקענט רומעניש, האָט ער אָנגעהויבן מיטן אָפּיציר צו פֿאַרהאַנדלען וועגן דער פּרייז, וואָס מ׳דאַרף צאָלן, אַז ער זאָל אַלע דערלויבן זיך באַזעצן אין שטעטל גופא. איך ווייס נישט וויפֿל דאָס האָט געקאָסט. אָבער אַ פֿאַקט איז, אַז די דערלויבעניש האָט מען באַקומען. ר׳ אליהו שוחט האָט געבראַכט פֿערד־און־וואָגנס, אויפֿגעלאָדן וויפֿל ס׳איז נאָר אַרויף אויף זיי, צווישן זיי מיך און מיינע בני־בית, פּיזול טאַרנירי־דער און זיין משפּחה, דעם רב ר׳ יחיאל און זיין משפּחה, מנוחה וואַלדמאַן און צוויי קינדער און אַנדערע.

אַזוי ווי אין בערשאַד זענען שוין, ווי געזאָגט, געווען דעפּאָרטירטע פֿון אַנדערע שטעט און שטעטלעך פֿון בעסאַראַביע און בוקאָווינע, און סע האָבן אָנגעהויבן צו שטראָמען אַהער אַנדערע דעפּאָרטירטע, איז די ענגשאַפֿט אין שטעטל געוואָרן זייער גרויס, אַזוי אַז אין יעדער שטוב האָבן זיך געפֿונען אַ צען נפֿשות. די קהילה האָט זיך באַמיט, אַז די עפּנטלעכע בעקעריי זאָל אונדז באַזאָרגן מיט אַ ביסל ברויט. אָבער מיט יעדן טאָג איז די לאַגע געוואָרן ערגער, ווייל דער מעל־מאַגאַזאַן, וואָס איז געבליבן נאָכן אָפּציִען זיך פֿון די רוסן, האָט זיך אויסגעלאָזט. און אַזוי האָט דער הונגער אונדז ווידער אָנגעהויבן צו אַטאַקירן, ברענגען טאָג־טעגלעך נייע קרבנות פֿון מענער, פֿרויען און קינדער. די רומענער האָבן אונדז אַרומגעצוימט, אָפּגעשלאָסן אין אַ פֿאַרמאַכטן לאַגער, אַ מין געטאָ, וועלכעס מ׳האָט נישט געטאָרט פֿאַרלאָזן, אפֿילו נישט כדי צו זוכן וועלכע ס׳איז שפּייז, און ווער עס האָט געפּרווּט אַרויסגיין, האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן.

אַזוי אַרום קאָנען מיר זאָגן, אַז צום סוף פֿונעם יאָר 1941 האָבן מיר זיך געפֿונען אין אַ פֿאַרהעלטענישמעסיק קליינער צאָל נפֿשות, וואָרעם אַ סך זענען געשטאָרבן, דער עיקר פֿון דיזענטעריע, וואָס איז געקומען אַלס רעזולטאַט פֿון שפּייז־מאַנגל. ס׳איז כמעט נישט געווען קיין הויז, אַז סע זאָל זיך אין אים נישט געפֿינען טאָג־טעגלעך קיין מת, אָדער צוויי. די חברה־קדישא האָט אָנגעהויבן ווערן טעטיק, ווייל די רומענישע מאַכט אַליין האָט געזאָרגט, סע זאָל געשאַפֿן ווערן צווישן די פּליטים אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל זיך פֿאַרנעמען מיט דער קבורה. אָבער מ׳האָט נישט געקענט נאָכקומען דער אַרבעט פֿון באַגראָבן, צווישן די, וועלכע זענען קודם אַליין געווען אין דער חברה־קדישא, קאָן איך דאָ דערמאָנען: שמעון גאָלערגאַנט, אברהם געלמאַן דער קצב, דוד (בן עזריאל) גאָלערגאַנס, חיים־לייב דער קלעזמער, ברכה צימערמאַן, יענקל שיכמאַן (חיה־רחלס). אַזוי געדענק איך דעם טויט פֿון זיין פֿרוי העניע, וואָס איז געווען די טאָכטער פֿון יעקב־אהרון סאַנדלמאַן. איך געדענק ווי אַזוי זי איז געשטאָרבן נאָך שווערע יסורים און פּייניקונגען.

אַ חוץ דיזענטעריע האָט זיך נאָך אַ שטיקל צייט אויך פֿאַרשפּרייט דער טיפֿוס, און ער האָט געבראַכט אַ סך קרבנות. דעמלט האָט מען זיך שוין אינגאַנצן נישט געקענט קיין עצה געבן מיט די קבורה־אַרבעטן. די רומענער זענען געווען פֿאַר־אינטערעסירט סע זאָל זיין אַ שטיקל שפּיטאָל. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָקטוירים זענען נישט געווען גענוג. אָבער די רומענער זענען געווען אינטערעסירט צונויפֿ־

גם יוצאי בוקובינה, שהספיקו להביא אתם מיטלטלים שונים, ואפילו קצת כסף, וגם אצל אחדים משלנו נמצאו עוד חפצים מעטים. וכל זה נתן את האפשרות לעסוק במעין מסחר זעיר, כדי לקיים מעטים מבינינו. אבל רוב הגולים, לא היה בכוחותיהם להמשיך הרבה, ועל־כן יצאה נפשם ברעב ובמיתות שונות. מי שהחזיק מעמד יותר היו בעלי־מלאכה, בראש ובראשונה סנדלרים, אחריהם חייטים, שנלקחו בתחבולות שונות לבתי הגויים שבסביבה, והם שהחלו להביא מן החוץ גם צרכי מזון לתוך הגיטו בברשאד.

אני נזכר בחג הפסח של אותה שנה. ושוב, הרי לפנים היה זה החג השמח והמגוון ביותר בבתינו שבביסראביה, והנה עתה נהפך החג הזה לאחד מהסימנים המובהקים לשפלותנו ולחוסר תקווה כלשהי. את החג חגגנו על קדירה של תפוחי־אדמה רקובים, שאף הם היו מעטים ביותר. ומובן שבמקום מצה, שלא היה לה זכר, היינו צריכים להסתפק (מי שהיתה האפשרות בידו) באיזו מאמאליגה קרה, שבקושי יכולת להבליג שלא לבלוע אותה בשניה אחת. לעומת זה היה לנו עודף של מרור, כי המרירות התפשטה בכל האברים. ואם לדבר על חרוסת, שזה זכר לטיט שעבדו בו אבותינו מצרים וקיבלו תמורת זה לחם ובשר ודגים, הרי אנחנו התגעגענו על עבודה כלשהי, ובלבד שישולם בעדה אוכל כלשהו כדי להשביע את נפשותינו. אולם כדבר הזה לא היה. כל אחד מאתנו נרדם באותו לילה מתוך רעב ומצוקה וכאבים. ולמחרת הלכנו לאיזה בית־תפילה ארעי במקום נידח לקרוא את ה„הלל״, בלי שתהיה לנו תקווה כלשהי לצאת מן המיצר.

בסוף תש״ב התחלנו מרגישים איזו הרווחה באופן יחסי למה שהיה אתנו עד כה. פתאום התחילו מגיעות חבילות־מזון. שליחים רומניים נוצרים החלו להביא אפילו כספים מרומניה לברשאד. ברור שרק מעטים מאתנו קיבלו את הכספים והחבילות, אבל כל זה יצר תנאים חדשים, שאיפשרו לחלק מאתנו להת־קיים איכשהו ויכלו לעזור גם לאחרים. וראה זה פלא, החיים עושים את שלהם: כאשר הוקל במקצת המצב, החל העולם כמנהגו נוהג, החלו גם לידות. למשל, שמחנו לשמוע שצ׳ארנה אֶפלמן בת רבי נפתלי, שהיתה עקרה, נפקדה עתה בברשאד וילדה בת. או, למשל, אשתו של יעקב בולגאר, חתנו של נפתלי הנ״ל, שהיתה חולה מסוכנת ממש, הנה היא דווקא נשארה בחיים, ומצב בריאותה נשתפר. כן נישאו זה לזו אנשים שונים עם נשים שונות, אפילו ממעמדות שונים, מפני שהחיים חזרו כאילו למסלולם, והאנשים ששמעו על תבוסות הגרמנים, החלו לקוות כי בסופו של דבר תבוא הגאולה, ואנחנו נוכל לחזור אל עיירתנו.

אבל באותו זמן קרה גם מקרה נורא ומחפיר. לצערנו הרב, הלשינו בפני

זאַמלען די קראַנקע אין שפּיטאָל, כדי די קראַנקייט זאָל זיך אויך נישט צעשפּרייטן מחוצן געטאָ. וואָגנס פלעגן כסדר קומען אָנגעלאָדן מיט מתים און זיי אויסלאָדן אויפן בית־עולם, נאַקעטע; די ערד איז געווען פאַרפרוירן פון פראָסט און אייז, און גראַב־כלים האָבן געפעלט. און דער סאַמע עיקר, ס׳האָבן געפעלט כוחות צו גראָבן — זענען די מתים געבליבן ליגן אויפן בית־הקברות. דער שניי האָט זיי צוגעדעקט, און די הינט האָבן זיי געפרעסן כדי זייער הונגער צו שטילן. און אַ גרויסן זכות האָבן געהאַט די, וועלכע האָבן געקענט ווערן באַגראָבן אין אַ מאַסן־קבר, צו צוויי הונדערט און מער אין איין גרוב.

ווי געזאָגט, איז קיין שפּייז נישט געווען. אָבער נאָך עטלעכע חדשים האָבן די צווישן אונדז, וועלכע זענען נאָך די קראַנקייטן געקומען אַ ביסל צו זיך, זיך אָנגעהויבן אַרויסצוגנבענען מחוצן געטאָ, קומען אין וועלכן ס׳איז קאָנטאַקט מיט פּויערים. סע זענען אויך געווען פאַרקערטע פאַלן, אַז די גויים פון דער געגנט פלעגן זיך אַריינגנבענען אין געטאָ. און דאָס האָט מיט זיך געבראַכט סע זאָל זיך נעמען אַנטוויקלען אַ שטיקל טויש־האַנדל. צווישן די דעפּאָרטירטע זענען דאָך אויך געווען בוקאָווינער, וועלכע ס׳איז געלונגען מיטצוברענגען פאַרשידענע זאַכן, און אפילו אַ ביסל געלט. און אויך באַ אייניקע פון אונדזערע מענטשן האָבן זיך נאָך געפונען עטלעכע חפצים. און דאָס אַלעס האָט געגיבן אַ מיגלעכקייט צו אַ מין קליינהאַנדל, כדי עטלעכע פון אונדז צו דערהאַלטן באַם לעבן. אָבער דאָס רוב דעפּאָרטירטע האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוח לאַנג אויסצוהאַלטן און זענען אויס־געגאַנגען פון הונגער. ווער ס׳האָט לענגער אויסגעהאַלטן, זענען געווען: די בעלי־מלאכות, אין דעם ערשטער ריי די שוסטערס; די שניידערס, וועלכע האָבן אויף פאַרשידענע אופנים זיך אַריינגעכאַפּט אין גויישע הייזער פון שכנישע דערפער, און זיי האָבן אָנגעהויבן ברענגען פון דרויסן שפּייז־פּראָדוקטן אין בערשאַדער געטאָ.

איך דערמאָן מיך אין פּסח פון יענעם יאָר. אַמאָל האָט דער יום־טוב געהערט צו די פריילעכסטע און קאָלירפולסטע אין בעסאַראַבער יידישע הייזער. און איצט האָט זיך דער יום־טוב פאַרוואַנדלט אין אַ סימן פון אונדזער שפלות און האָפענונג־לאָזיקייט. דעם הײַנטיקן יום־טוב האָבן מיר געפייערט מיט אַ טעפּל פאַרפרוילטע קאַרטאָפּלעס, און זיי האָבן אויך נישט געסטייעט. און אויפן אָרט פון מצה, פון וועלכער ס׳איז נישט געווען קיין זכר, האָבן מיר זיך געמוזט באַגנוגען (ווער ס׳האָט געהאַט) מיט אַ שטיקל קאַלטער מאַמעליגע, און ס׳איז געווען שווער זיך צו באַהערשן, מע זאָל זי נישט אַראָפּשלינגען מיטאַמאָל. דערפאַר האָבן מיר געהאַט אָן עודף אין מרור, ווייל די ביטערקייט האָט זיך איינגעגעסן אין אַלע אונדזערע איברים, און וואָס נוגע חרוסת, וואָס איז אַ זכר צו דעם ליים, באַ וועלכן ס׳האָבן געאַרבעט אונדזערע אבות אין מצרים, און האָבן דערפאַר באַקומען ברויט, פליישׁ און פיש — האָבן מיר דאָך געלעכצט נאָך וועלכער ס׳איז אַרבעט, אַבי צו באַקומען אַ ביסל שפּייז צו דערהאַלטן דאָס חיות. אָבער אַזאַ נס איז נישט געשען. יעדער פון אונדז איז אין דער נאַכט איינשלאָפן געוואָרן פון הונגער און נויט און ווייטיק. און

המיפקדה הרומנית, כי הגולים היהודים מטפחים את התקווה שהרוסים מתקרבים והולכים, והם עומדים שוב להשתלט על אוקראינה. נפוצו שמועות, שבין הגולים יש אנשים המושיטים עזרה כלשהי לפארטיזאנים רוסיים ויהודיים. כשנתגלה הדבר, והרשימה הוגשה למיפקדה הגרמנית ולרומנית, הוצאו מתוך העיירה ברשאד כשלוש מאות איש, ביניהם גם השוחט רבי אליהו הנ"ל וגם מזכיר הוועד היהודי העורך־דין שטרנצל, ולכולם נערכה מעין חקירה מהירה; רבים מהם עונו על־ידי הרומנים והגרמנים עינויי־מוות; אחרים ישבו במאסר, ורק כחדשיים לפני שוב הצבא האדום שוחררו רבים מהם.

בעצם כאן מסתיימים זכרונותי משום שכל שנה שלאחר־מכן דמתה במידה רבה לאלה שקדמו לה, וכך נמשך המצב עד שהרומנים ברחו, והגולים יכלו להשתחרר מן הגיטו, ואחרי פורים של תש"ד יכלו לחזור כל אחד למקומו. כותב הטורים האלה נשאר עוד בברשאד במשך כשנה ושימש שם בתור רב, שוחט ומוהל. ואילו היתר הספיקו לחזור לבריטשיבה לפני־כן, אבל רק מעטים מצאו שם את מנוחתם.



בדרכים... / אויף די וועגן...

אויפן אַנדערן טאָג אינדערפרי זענען מיר געגאַנגען ערגעץ אין אַ פּראָוויזאָריש שולעכל צו זאָגן הלל, אָן האָפענונג אַמאָל אַרויסצוגיין פונעם אומגליק.

אין סוף תש״ב האָבן מיר אָנגעהויבן שפּירן אַ געוויסע דערלייכטערונג אין פאַרגלייך מיט דעם וואָס איז געווען ביז דעמלט. ס׳האָבן פּלוצים אָנגעהויבן אָנקומען שפּייז־פּעקלעך. רומענישע קריסטלעכע שליחים האָבן אפילו אָנגעהויבן ברענגען געלטער פון רומעניע קיין בערשאַד. קלאָר, אַז גאָר ווייניק פון אונדזערע ברידער האָבן באַקומען דאָס געלט און די פּעקלעך. אָבער דאָס אַלץ האָט געשאַפן נייע באַדינגונגען, וואָס האָבן דערמיגלעכט אַ טייל פון אונדז זיך צו האַלטן אויף די פיס און אפילו אַנדערע צו העלפן. און אַ ווונדער, ווי דאָס לעבן טוט זיך זיינס: ווי נאָר דער מצב האָט זיך אַ ביסל געבעסערט, האָבן אָנגעהויבן געבוירן ווערן קינדער. אַזוי למשל, האָבן מיר זיך געפרייט צו הערן, אַז טשאַרנע עפּלמאַן, די טאָכטער פון ר׳ נפתלי, וואָס איז געווען אַן עקרה, איז אין בערשאַד פּלוצים באַגליקט געוואָרן מיט אַ מיידעלע. אָדער, למשל, די פרוי פון יעקב באָלגאַר, דער איידעם פונעם דערמאָנטן נפתלי, וואָס איז געווען מסוכן קראַנק, איז געבליבן לעבן און איז געזונט געוואָרן. אַזוי האָבן פאַרשידענע מענער חתונה געהאַט מיט פאַרשידענע פרויען, אפילו פון פאַרשידענע שטאַנדן. דאָס לעבן האָט זיך ביס־לעכווייז אָנגעהויבן צו „נאָרמאַליזירן״, און די מענטשן, וועלכע האָבן געהערט וועגן די מפּלות פון די דייטשן, האָבן אָנגעהויבן האָפן.

אָבער אין דער זעלבער צייט איז געשען אַ שרעקלעכער פאַל, מ׳האָט געמסרט פאַרן רומענישן קאָמענדאַנט, אַז די דעפּאָרטירטע טראָגן זיך אַרום מיט דער האָפענונג, אַז די רוסן דערנענטערן זיך אַלץ מער און מער און זיי וועלן באַלד ווידער פאַרנעמען אוקריינע. סע זענען פאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען, אַז צווישן די דעפּאָרטירטע זענען פאַראַן מענטשן, וועלכע העלפן אין געהיים די רוסישע און יידישע פּאַרטיזאַנער. אַז די זאַך איז אַנטדעקט געוואָרן, זענען פון בערשאַד אַרויס־גענומען געוואָרן אַן ערך דריי הונדערט יידן, צווישן זיי אויך דער אויבן־דערמאָנטער שוחט ר׳ אליהו, און אויך דער סעקרעטאַר פון דעם יידישן קאָמיטעט, דער אַדוואָקאַט שטרענצל. מ׳האָט פאַר זיי אַלע געמאַכט אַ קורצן פּראָצעס. אַ סך פון זיי זענען פון די דייטשן און רומענער פאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט, אַנדערע האָט מען איינ־געזעצט, און ערשט צוויי חדשים פאַרן אַריינקומען פון דער רויטער אַרמיי זענען די מייסטע באַפרייט געוואָרן.

דאָ ענדיקן זיך אייגנטלעך מיינע זכרונות. ווייל דאָס גאַנצע יאָר דערנאָך איז געווען ענלעך צו דעם פריערדיקן, און אַזוי האָט עס אויסגעזען ביז די רומענער זענען אַנטלאָפן, און די דעפּאָרט־רטע האָבן געמעגט פאַרלאָזן דעם געטאָ. און נאָך פורים פונעם יאָר תש״ד (1944) האָט זיך יעדער געמעגט אומקערן אַהיים. דער שרייבער פון די שורות איז נאָך געבליבן אין בערשאַד כמעט אַ יאָר, ווי אַ רב, שוחט און מוהל. בעת די איבעריקע האָבן זיך באַלד אומגעקערט קיין בריטשעווע. אָבער נאָר ווייניקע האָבן דאָרט געפונען זייער רו.

הרב דב יחיאל / צפת

# עם יהודי בריטשיבה

...באתי צעיר מאד לבריטשיבה, והדבר שעשה עלי רושם עצום היה, שמצאתי יהודים עמלים ועם זאת משכילים ולומדים; הנוער היה להוט אחרי לימודים, ואני מצאתי שפה משותפת איתו. אבל כדי שתבינו את הרושם שלי, אספר לכם מקרה, שלא יכול היה לקרות בשום מקום אחר.

כשבאתי לכהן בתור רב בבריטשיבה, הייתי רווק. רב רווק — אין זה לכבודה של העיירה. ויהודי אחד, תלמיד־חכם ושמו ר׳ אליהו זאק, שהיה יושב יומם ולילה על התורה, פרט לאותן שעות מעטות שצריך היה למכור מעט חמניות, שבנו אברהם זאק קנה בשבילו, התבטא כך: כיצד ניתן לשלוח אל הרב לשאול שאלה? הרי יכולה לבוא איזו אשה לשאול, והנה יושב רב והוא לא נשוי — בזיון הוא לבריטשיבה.

עברו כששה שבועות, והנה אני יושב בבית־הכנסת הראשקובי, ויהודי זה יושב אף הוא שם ומתקשה הוא באיזה מקום בגמרא ומתווכח הוא עם ר׳ מיכל אֶרליך, יהודי למדן, שאף הוא לא הושיט לי יד לשלום. ניגש ר׳ אליהו אלי והגיש לי את הגמרא: חובה על רב שיידע להסביר. עיינתי — והסברתי. באותו ערב ישבתי בחדרי עם כמה אנשים, והנה בא אותו ר׳ אליה, חלץ נעליו בחוץ, ובגרביות לרגליו נכנס אלי, אל הרב, לקבל נזיפה על התנהגותו עד כה. „העלבתי את הרב ולא נתתי לו יד לשלום עד כה. באתי לקבל את המגיע לי — נזיפה". נשארתי על מקומי שבור ולא ידעתי כיצד לנהוג: אני הרי צעיר, והנה כיצד מופיע לפני יהודי זקן ותלמיד־חכם; אנשים כאלה היו בבריטשיבה. ועם אנשיה של בריטשיבה עברו גם עלי ימי השואה.

ברצוני לספר על השבועיים הראשונים לאחר שוב הרומנים. כשנערכו הפרעות

הרב דב יחיאל / צפת

# מיט בריטשעווער יידן

...כ׳בין געקומען גאָר יונג קיין בריטשעווע, און וואָס ס׳האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם איז דער פאַקט, וואָס כ׳האָב געפונען יידן וואָס אַרבעטן און זענען לומדים און אינטעלעקטועלע; די יוגנט איז געווען גייציק נאָך לערנען, און איך האָב געפונען אַן אַלגעמיינע שפּראַך מיט איר.

איך וויל דערציילן אַ פאַל, וואָס האָט זיך נישט געקענט פּאַסירן אין קיין שום אַנדער פּלאַץ. ווען כ׳בין געקומען זיין רב אין בריטשעווע, בין איך געווען אַ בחור. אַ רב, נישט קיין חתונה געהאַטער, איז נישט אַזוי שיין פאַרן שטעטל. און איינער אַ תלמיד־חכם, רבי אליה זאַק, וואָס פלעג זיצן יומם ולילה און לערנען, אַ חוץ די וויניקע שעהען, ווען ער האָט פאַרקויפט אַ ביסל סאָנעשניק, וואָס זיין זון אברהם זאַק האָט איינגעקויפט פאַר אים, האָט זיך דער ייד אויסגעדרוקט אַזוי: וויאַזוי קען מען שיקן צום רב פרעגן אַ שאלה? סע קען דאָך קומען אַ פרוי, און זיצט דאָרט אַ רב אַ בחור — אַ בזיון פאַר בריטשעווע!

זענען אַריבער אַ זעקס וואָכן, און איך זיץ אַמאָל אין דער ראַשקעווער שול, און דער ייד זיצט אויך דאָרט און איז זיך מתקשה אין דער גמרא און שפּאַרט זיך מיט רבי מיכל ערליך, אַ ייד אַ למדן, וואָס האָט מיר אויך נישט אָפּגעגיבן קיין שלום. איז צוגעקומען צו מיר ר׳ אליה און מיר צוגעטראָגן די גמרא: דער רב איז מחוייב אים צו פאַרענפערן. האָב איך אַריינגעקוקט — און אים געגיבן צו פאַרשטיין. אין יענעם אויפדערנאַכט בין איך געזעסן אין שטוב מיט עטלעכע מענטשן, איז אָנגעקומען ר׳ אליה, אויסגעטון די שיך אינדרויסן און אין די הוילע שקאַרפּעטקעס אַריינגעקומען צו מיר, צום רב, מקבל זיין אַ נזיפה פאַר זיין אויפפירונג ביז איצט: „כ׳האָב באַליידיקט דעם רב און אים נישט אָפּגעגיבן קיין שלום. בין איך געקומען אָפּצונעמען וואָס סע קומט מיר — אַ נזיפה“. איך בין געבליבן זיצן אַ צעבראָכענער און האָב נישט געוווסט וואָס צו טון. כ׳בין דאָך אַ יונגער, און וויאַזוי האָט אַ ייד

הראשונות, הייתי אני, הרב שלהם, מסתתר באיזה אסם. לא רחוק משם היה מתגורר יאשה שטשיגליק. הוא נכנס לביתי ושאל היכן הרב. ענו לו שהרב מסתתר באסם. רץ משם ופתח בפריצה את הדלת וצעק: הנה יש לנו רב, היודע לדבר גם רומנית וגם גרמנית, ובפרוע פרעות ביהודים הוא מסתתר! והוא נעלם.

מצאתי עצמי נפגע מדבריו ורצתי מייד עד לביתו של ר׳ עזריאל גולירגאנט, משום ששם היתה המיפקדה הצבאית. לפני הדלת קיבלתי מהלומה מחייל; לא השגחתי בכך ופרצתי פנימה. אחר־כך יצאתי משם עם שלושה קצינים גרמניים, ואיתם יחד הלכנו עד לשוק — והמוני הגויים פוזרו. באותו ערב יצאה פקודה, שאם ייראה איזה גוי מגיזדיטה או מבאראבוי וביזה בידו, הוא יירה. ואכן, למחרת נורו שלושה גויים על שעברו על הפקודה.

אבל באותו יום כבר היה לנו קרבן ראשון: ר׳ ישראל־אהרן קסטלמן, ואנחנו הספקנו לקבור אותו בבית־הקברות. באותו לילה גם קברנו את כל ספרי־התורה של בית־הכנסת הראשקובי, משום שהצוררים השתוללו והחלו לקרוע ספרי־תורה. באותו לילה גם נאספו האנשים הראשונים לשם גירושם.

בצילום הגירוש מבריטשיבה הניתן פה אני נראה במעיל קצר, ולא בקאפוטה. ההסבר הוא דלקמן: זוניס ראה אותי עומד בשיירה, ניגש אלי וסיפר לי שבשיירה קודמת קרה שהשוחט מן הכפר פלוני היה בקאפוטה שלו, על־כן עינו אותו עד מוות. מה עשה זוניס? פשט את המעיל הקצר החדש שלו ונטל ממני את הקאפוטה, כדי שלא אסבול סבל מיותר. ומי הוא שעומד בראש המגרשים ורובה בידו? זה שנחשב לידידי הטוב ביותר — הוא מנהל בית־הספר צ׳ובוטארו.

...המשכנו בדרכנו עד ליער רובלניץ ועד לקוסאוץ. שם אספו אנשים חולים וזקנים במספר 87. כרו בור, הורידו אותם לתוכו וסתמו בעפר. הרב־סמל, שהשגיח על המלאכה, רכוב על סוסו, היה שכן שלי; אחיו היה שחקן בתיאטרון הלאומי. ניגשתי אליו בתחנונים והשגתי אצלו אישור שיפתחו את הבור, אלא שמשמונים ושבעת הקבורים היו שבעה־עשר כבר מתים.

כשהגענו לוואֶרטוזאָן, שהינו שם זמן־מה ואחר־כך חולקנו לשתי קבוצות: זו שהלכה דרך ריבניצה, נספתה כולה; האחרים השתרכו בדרכים, נפלו מעייפות ומרעב ומעינויים, רק מעטים נשארו. אני נזכר ביום כיפור באולשאנקה. שם התגורר מומר אחד, נשוי לגויה. הצבא היה שם איטלקי, שונה מהרומנים ומהגרמנים. כשראו כיצד מוליכים זקנים וילדים, העמידו לפנינו דוודים עם סוכר כהה, קופסות בשר ושימורים אחרים, והמומר הביא לנו תפוחי־אדמה מבושלים; אכלו, ילדים!

(נרשם מעל סרט־ההקלטה על־ידי ש. פרנס)

אַ עלטערער, אַ תלמיד־חכם, אַזאַ כוח! אַט אַזעלכע יידן האָבן געקענט זיין נאָר אין בריטשעווע. און מיט די יידן האָב איך איבערגעטראָגן די יאָרן פון חורבן.

כ׳וויל דערציילן וועגן די צוויי וואָכן נאָך דעם וואָס די רומענער האָבן זיך אומגעקערט. אַז מ׳האָט געפרוווט מאַכן די ערשטע פּאָגראָמען האָב איך, זייער רב, מיך אויסבאַהאַלטן אין אַ מאַגאַזאַן. נישט ווייט פון דאָרטן האָט געוווינט יאַשע שטשיגליק. ער איז אַריינגעגאַנגען צו מיר אין שטוב און געפרעגט ווי איך בין. האָט מען אים געזאָגט: אין מאַגאַזאַן. איז ער גיך צוגעלאָפן, אויפגעריסן די טיר און געשריגן: מיר האָבן אַ רב, וואָס קען רעדן אי דייטש אי רומעניש, און וועט מען מע מאַכט פּאָגראָמען אויף יידן באַהאַלט ער זיך? און ער איז אַוועק.

כ׳האָב מיך געפילט געטראָפן און בין תיכף געלאָפן ביז ר׳ עזריאל גאָלערגאַנטס שטוב, ווייל דאָרטן איז געווען די מיליטערישע קאָמענדאַטור. פאַר דער טיר האָב איך געכאַפּט אַ קלאַפּ פון אַ סאָלדאַט; כ׳האָב נישט געלעגט קיין אַכט און בין אַריין אינעווייניק. דערנאָך בין איך פון דאָרט אַרויסגעגאַנגען מיט דריי דייטשע אָפיצירן און געגאַנגען מיט זיי ביזן מאַרק — די מאַסן גויים זענען צעטריבן געוואָרן. אין יענעם אויפדערנאַכט איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אויב מע וועט זען עפּעס אַ גוי פון גיזדיטע אָדער באַראַבוי מיט אַ בינטל וואָס ער האָט געראַבעוועט, וועט מען אים שיסן. אויף מאָרגן נאָכן באַפעל זענען דערשאָסן געוואָרן דריי גויים.

אָבער יענעם טאָג האָבן מיר אויך געהאַט דעם ערשטן קרבן: ר׳ ישראל־אהרן קעסטלמאַן, און מיר האָבן באַוויזן אים מקבר צו זיין אויפן בית־עולם. יענע נאַכט האָבן מיר אויך באַגראָבן אַלע ספר־תורהעס פון דער ראַשקעווער שול, ווייל די כוליגאַנעס האָבן אָנגעהויבן רייסן ספר־תורהעס. אין דער זעלבער נאַכט האָט מען אָנגעהויבן צונויפנעמען די ערשטע מענטשן צום פאַרטרייבן. אין פּאָטאָ־בילד פונעם גירוש בין איך אין אַ קורץ רעקל. דער טעם איז פאָלגנדיקער: זאַניס האָט מיך געזען ווי איך שטיי אין דער קאָלאָנע, איז ער צוגעגאַנגען צו מיר און דערציילט, אַז אין אַ פריערדיקער קאָלאָנע איז געווען דער פלאָפּער שוחט אין זיין קאַפּאָטע, האָט מען אים דערפאַר געפייניקט ביז טויט. וואָס האָט געטון זאַניס? ער האָט אויסגעטון זיין ניי קורץ סעקל און מיר געגיבן, און די קאַפּאָטע צוגענעמען. און ווער שטייט אין שפּיץ פון די פאַרטרייבערס, מיט אַ ביקס אין דער האַנט? דער וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר מיינעם אַ גוטן ידיד, דער דירעקטאָר פון דער שול טשאָבאָטאַרו.

...מיר האָבן פאַרגעזעצט דעם וועג ביז רובלעניצער וואַלד און ביז קאָסעאוץ. דאָרט האָט מען צונויפגענעמען 87 קראַנקע און אַלטע מענטשן, מ׳האָט אויסגע־גראָבן אַ גרוב, זיי אַריינגעוואָרפן און פאַרשיט מיט ערד. דער פלוטאָנער, וואָס איז געזעסן אויפן פערד און אַכטונג געגיבן, איז געווען מיינער אַ שכן, זיין ברודער איז געווען אַן אַרטיסט פונעם נאַציאָנאַל־טעאַטער — בין איך צוגעגאַנגען צו אים און באַ אים געפועלט, אַז מע זאָל צוריק אויפגראָבן דעם גרוב, אָבער ליידער זענען פון די 87 מענטשן שוין געווען 17 טויטע.




**האנדרטה, שהוקמה בבית־הקברות בברשאד בתש״ג לזכר הקדושים, בהשתדלותו של הרב דב יחיאל. חריתת האותיות נעשתה על־ידי חיים שיכמן ז״ל, אף הוא מבריטשיבה**
**דער מאָנומענט, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1942 אַלס מציבה פאַר די קדושים, דורך דער באַמיונג פון הרב דוב יחיאל. די אותיות זענען אויסגעקריצט געוואָרן דורך חיים שיכמאַן ע״ה, אויך אַ בריטשעווער**

אַנקומענדיק קיין ווערטחשען, האָט מען אונדז צעשטעלט אין צוויי גרופּן: די וואָס איז געגאַנגען דורך ריבניצע איז אינגאַנצן אומגעקומען; די אַנדערע האָבן זיך געשלעפּט אין די וועגן, אומגעפאַלן פאַר מידקייט, הונגער און פּיין; נאָר ווייניקע זענען געבליבן. איך געדענק אַ יום־כּיפּור אין אָלשאַנקע. ס'האָט דאָרט געלעבט אַ משומד, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר אַ גויה. דאָס מיליטער איז דאָרט געווען איטאַליעניש, גאָר אַנדערש ווי די דייטשן און די רומענער. אַז זיי האָבן געזען ווי מע פירט אַלטע יידן און קינדער, האָבן זיי אַוועקגעשטעלט גרויסע קעסלען מיט טונקלען צוקער, מיט פושקעס פלייש, און דער ייד דער משומד האָט צוגע־בראַכט קאַרטאָפלעס און געזאָגט: עסט, קינדער!

(פאַרשריבן פונעם טייפּ דורך ש. פרנס)



גירוש בריטשיבה. המורה טשובוטארו, בחולצה לבנה, רובה בידו. אחד התצלומים הנדירים של ימי השואה בביסאראביה / אַזוי האָט מען פאַרטריבן בריטשעווער יידן. דער לערער טשאָבאָטאַרו, אין ווייסן, מיט אַ ביקס אין דער האַנט. איינס פון די זעלטענע פאָטאָבילדער אין די אומקום־יאָרן פון בעסאַראַביע

דוד בן שלמה גולירגאנט ז״ל

# מן הגיהינום

(קטע מתוך מכתב)

בריטשיבה, 11.9.46

פריידה צינמאן־אייזנשטיין היקרה, זכור לי שעה שעניתי ליחיאל שלך על איגרתו אלי, הספרותית החביבה והנאה, צירפתי לך רק דרישת־שלום בתוספת הבטחה, שלך אכתוב במיוחד, ועד היום לא קיימתי את הבטחתי. ואם כי יודע אני שמכתבי המובטח לא יביא לך חדשות, ועל אחת־כמה וכמה לא יגרום לך נחת, אבל הואיל ואת מבקשת ואני הבטחתי, הרי יודעת את שה„שוחטים" עומדים בדי־בורם, על כן אני כותב עתה.

ידוע אדע שאותך מעניין בראש וראשונה לדעת על אמא שלך הגלמודה. הגלו אותנו למחנה החשוך הפאשיסטי ברגל כשם שמריצים בהמות, במקלות, בשוטים ברובים ובמקלעים. הכרח היה ללכת מהר, כמעט לרוץ. בימים הספורים הראשונים היה עוד משהו לאכילה; לאחר מכן אזל האוכל שנלקח מהבית, היו חוטפים משדות התבואה שבדרך כל מה שניתן לחטוף, ובלבד שהחוליגאנים, הז׳נדארמים הרומנים, לא יבחינו בכך: קלח של תירס, תפוח אדמה, סלק ירוק. בכך צריך היה להסתפק ולנשום, תוך כדי הליכה בחום הגדול בשיעור של 30—40 קילומטר ליום. הבריאים הלכו במלוא כוחותיהם, ואלו שלא היה בכוחם להתלוות להליכה נורו למוות מתוך „רחמים" על־ידי הז׳נדרמים. אלתר שלך * שירך בקושי את רגליו מייד עם צאתו

---

* אלתר מיידנברג, אחיה של איטה צינמן. העורך.

דוד בן שלמה גאָלערגאנט ז״ל

# פונעם גיהינום

(אויסצוג פון אַ בריוו)

בריטשעווע, 11.9.46

טייערע פריידע צינמאַן־אייזנשטיין,

כ׳געדענק ווען כ׳האָב געענפערט דיין יחיאלן אויף זיין ליבן שיינעם ליטעראַרישן בריוו צו מיר, האָב איך דיר דעמלט צוגעשריבן נאָר אַ גרוס מיט אַ הבטחה, אַז דיר וועל איך באַזונדער שרייבן. און ביז איצט נאָך נישט מקיים געווען. און כאָטש איך ווייס, אַז מיין צוגעזאָגטער בריוו וועט דיר קיין נייעס נישט ברענגען, ווער שמועסט קיין פאַרגעניגן אוודאי נישט, אָבער אַז דו בעטסט און איך האָב צוגעזאָגט, ווייסטו דאָך, אַז „די שוחטים" זענען וואָרטס־מענטשן, שרייב איך דיר איצט.

ווייסן ווייס איך, אַז דיך אינטערעסירט דאָס ערשטע פון אַלעמען צו וויסן פון דיין עלנטער מאַמע. אַרויסגעטריבן האָט מען אונדז אין דעם פינצטערן פאַשיסטישן גיהינום אַריין, פאַרשטייסטו מן הסתם, צופיס, ווי מע טרייבט בהמות מיט שטעקענעס, מיט בייטשן, מיט ביקסן, מיט קוילן־וואַרפערס. געמוזט האָט מען גיין גיך, כמעט לויפן. די ערשטע פּאָר טעג האָט מען נאָך געהאַט עפּעס צום עסן; דערנאָך, אַז דאָס עסן פון דער היים איז אויסגעגאַנגען, האָט מען געכאַפּט אויפן וועג מיטן דורכגאַנג פון די תבואה־פעלדער וואָס מ׳האָט נאָר געקענט, אַבי די כוליגאַנעס, די רומענישע זשאַנדאַרן, זאָלן נישט באַמערקן: אַ פּאַפּעשוי, אַ קאַרטאָפל, אַ גרינעם בערעק. און דערמיט האָט מען געזיפּעט און געגאַנגען ווייטער אויף דער היץ 40—30 קילאָמעטער אַ טאָג. די געזונטע זענען געגאַנגען מיט אַלע כוחות, און די וואָס האָבן נישט געקאָנט נאָכגיין, זענען געשאָסן געוואָרן פאַר „רחמנות" דירך

מסורוקה לוורטוז'אֶן; הוא היה, המסכן, מאד מאד חלש, ומאז לא ראיתיו עוד. אמא שלך היתה כל הזמן לידי בוורטוז'אן במשך חודש שלם, ושעה שהגלו אותנו לטראנסניסטריה, כלומר מעבר לדניסטר לאוקראינה, לא שילחו אותנו בעת ובעונה אחת. אנו שולחנו קודם, והיא בין אחרים — מאוחר יותר בכמה ימים. אנו זכינו להיות משולחים דרך הכפר קוסאוץ, ליאמפול. בחרו מבינינו את החזקים יותר לשם עבודה כביכול, ומייד הם נורו למוות; בין אלה היה גם פיני גולירגאנט שלי, נחום צימרמן, מנדל החייט, מרדכי גלמן (מרדכי דבורה'ס), נטע בנו ואחרים. את היתר העבירו מעבר לדניסטר והריצו הלאה עד לבוג. הנקל לך להבין מה עלה בגורלנו, כשהריצו אותנו קילומטרים כה רבים וכמה מבינינו נפלו בדרך. את לייבלה דוניג־זון נאלצו לנטוש בשדה, בתוך שוחה, וודאי שהכלבים והעופות אכלוהו. אנחנו היינו בין „המאושרים", כלומר אני ואֶלקה המנוחה היקרה שלי, עם סימה וילדה הקטן ונכדי, בנו של אהרן, שבמקרה שהה אז אצלנו.

קבוצה שניה של בריטשיבאים שולחה לטראנסניסטריה דרך ראָזינה־ריבניצה. את הללו, כפי שסופר לנו אחר־כך, כילו בידיות הרוצחים הרומניים והגרמניים, ורק על־פי נס נשארו כחמישה, והם שסיפרו לנו. בין האומללים שנספו היה גיסי אליהו זאק ואחותי חנצ'ה עם כל ילדיה עד אחד, ואין יודע מקום קבורתם.

אמא שלך היתה בין אלו ששולחו מאוחר יותר לדרך. וכפי שנמסר לי לאחר מכן, היא מתה בדרך ונקברה בשדות אוקראינה אי־שם ליד עיירה ושמה וארחובקה. לפי מה שנאמר לי ייתכן שיום־השנה למותה הוא בשבעה או בשמונה בתשרי. אבל למאי נפקא מינה מתי זה חל בדיוק? וכי מי רשם את המתים ומי הוא שייחס חשיבות להם? שהרי כל אחד ואחד חשב שהנה־הנה, מחר־מחרתיים, ימות גם הוא! וכי מי שם לב לעשרות האנשים המתים שהיו מוטלים כנבלות והתגוללו בצידי הדרך, שבה הריצו אותנו. המחשבה ניתנה יותר לאיזו חתיכת סלק לא מבושל, חלמו יותר על מי ששיחקה לו השעה והוא מצא חתיכת מאמאליגה קרה, יותר ניתנה המחשבה לכך שאולי יארע נס וירשו לנוח כרבע שעה. מאובנים היינו, הרוגים היינו והמוח לא פעל אלא שהלב נספג בשנאה נצחית לרוצחים הפאשיסטים.

בתי החביבה פריידה, לא העליתי אף טיפה אחת מים הצרות. וכי מי יוכל למנות ולהזכיר מהו שעשו לנו הלסטים הפאשיסטים ואילו אמצעים נקטו כלפינו. בני־אדם אינם מסוגלים לעשות זאת, אלא חיות־יער, זאבים וכלבים, ובלבד שיהיו מטורפים. ימח שמם. אנו זקנים אנו מכדי לנקום בהם, אבל בנינו ובני־בנינו לא ישכחו אותם לעולם, ושמם יהיה לדראון עולם.

(המכתב הומצא ע"י פרידה אייזנשטיין־צינמן, סאן פאולו)

די זשאַנדאַרן. אַלטער דיינער* האָט שוין קאָם געפּלאָנטעט מיט די פיס באַלד באַם אַרויסגיין פון סאַראַקע קיין ווערטוזשען; געוועזן נעבעך זייער, זייער שוואַך, און פון דאָרטן האָב איך אים שוין מער נישט געזען. די מאַמע דיינע איז געווען די גאַנצע צייט מיט מיר אין ווערטוזשען אַ חודש אַ גאַנצן. און ווען מ׳האָט פאַרטריבן אין טראַנסניסטריע, דאָס הייסט אין יענער זייט נעסטער קיין אוקריינע, האָט מען אונדז נישט געשיקט אין איין צייט. מיר זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן פריער, און זי, צווישן אַנדערע, שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג. מיר האָבן געהאַט די זכייה צו ווערן געשיקט דורכן דאָרף קאָסעאוץ קיין יאַמפּאָל. האָט מען נאָר פון אונדז אויסגעקליבן די מער שטאַרקערע, אויף אַרבעט כלומרשט, און באַלד האָט מען זיי דערשאָסן. צווישן זיי איז אויך געווען מיין פיני גאַלערגאַנט, נחום צימערמאַן, מענדל שניידער, מרדכי דבורה׳ס (געלמאַן), זיין זון נטע און אַנדערע. די איבעריקע האָט מען אַריבערגעפירט דעם נעסטער און געטריבן ווייטער ביזן בוג. פאַרשטייסטו אַז מע טרייבט אַזויפיל קילאָמעטער, וויפל פון אונדז זענען געפאַלן אין וועג. לייבעלע דאָנינזאָן האָבן מיר געמוזט לאָזן אויפן פעלד אין אַ יאַר, מן הסתם האָבן אים די הינט און די פייגל אויפגעגעסן. מיר זענען געווען צווישן די „גליקלעכע״, דהיינו איך מיט מיין גאָטזעליקער ליבער עלקע׳ן, מיט סימען און איר יינגעלע און מיין אייניקל, אהרן׳ס זון, וואָס איז צופעליק געקומען צו אונדז קיין בריטשעווע.

אַן אַנדערע פּאַרטיע בריטשעווער האָט מען געשיקט קיין טראַנסניסטריע דורך רעזינע־ריבניצע — די האָבן די רומעניש און די דייטשישע רוצחים, ווי מ׳האָט אונדז דערנאָך דערציילט, אַלע אויסגעשאָסן, נאָר על־פּי נס זענען אַ פינעף ניצול געוואָרן, האָבן זיי עס דערציילט. צווישן די אומגליקלעכע איז געווען מיין שוואָגער אליה זאַק מיט מיין שוועסטער חנ׳ציע מיט אַלע קינדער ביז איינעם, און מע ווייסט נישט ווו איז זייער געביין אַהינגעקומען.

דיין מאַמע איז געווען צווישן די וואָס מ׳האָט געשיקט שפּעטער נישט דורך ריבניצע. און ווי מ׳האָט מיר דערנאָך איבערגעגעבן, איז זי געשטאָרבן אויפן וועג און באַגראָבן געוואָרן אויף די אוקריינער פעלדער, ערגעץ לעבן אַ שטעטל מיטן נאָמען ווערכיוווקע. ווערליק מ׳האָט מיר געזאָגט דאַרף זיין איר יאָרצייט זיבן אָדער אַכט טאָג אין תשרי. אָבער וואָס איז דען די נקפא מינה ווען ס׳איז געווען? ווער האָט דען פאַרצייכנט טויטע, און ווער האָט זיך געמאַכט אַ צימעס פון זיי? אַז אַ יעדער האָט געטראַכט, אַז אָט שפּעטער, נישט מאָרגן, שטאַרבט ער אויך! ווער האָט דען פאַרצייכנט טויטע, און ווער האָט זיך געמאַכט אַ צימעס פון זיי? און געוואַלגערט זיך אין די זייטן פונעם וועג, ווו מ׳האָט אונדז געטריבן? גיכער האָט מען געטראַכט פון אַ שטיקל רויען בערעק, גיכער האָט מען געחלומט פון אַ גליקלעכן, וואָס קען געפינען אַ שטיקל קאַלטע מאַמעליגע, גיכער האָט מען

* אלטער מיידנבערג, איטע צינמאַן׳ס ברודער. דער רעדאַקטאָר.

געטראַכט ווי קומט שוין די שעה מע זאָל אונדז לאָזן רוען אַ פערטל שעה.

פאַרשטיינערט, דערהרגעט, זענען מיר געווען, און דער מוח האָט גאָרנישט געטראַכט. נאָר דאָס האַרץ האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט אייביקער שנאה צו די פאַשיסטישע מערדערס.

ליבע טאָכטער פריידע, אפילו אַ טראָפּן פון דעם גרויסן ים צרות האָב איך דיר דאָ נישט געשריבן. ווער קען אויסרעכענען און דערמאנען וואָס די פאַשיסטישע באַנדיטן האָבן אונדז געטון, און וואָסערע מיטלען זיי האָבן קעגן אונדז אָנגענומען. קיין מענטשן קענען אַזוינס נישט טון, נאָר חיות ווילדע, וועלף און הינט, אי דאָס משוגענע. ימח שמם. מיר זענען שוין אַלט זיך נוקם צו זיין אין זיי, אָבער אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער וועלן זיי אייביק נישט פאַרגעסן און זיי פאַראַכטן אויף דור־דורות.

(דער בריוו איז צוגעשיקט געוואָרן פון פריידע אייזנשטיין, סאַן־פּאַאָלא)



מירל ולאה פרנס / ראשון־לציון

# ימים קודרים

הסובייטים הגיעו לעיירה, וכעבור שלושה ימים בלבד התחילו לחסל את הרכוש הפרטי; הקימו קואופרטיבים שונים, למשל: חנות לטקסטיל סודרה אצל אברהם טראכטנברויט; חנות מכולת — אצל זאב קלוצמן. המַספרות התאחדו למספרה אחת בביתו של דודי אלתרמן; חנות נעליים היתה אצל אברהם לרנרמן. במרוצת הזמן נשלחו לסיביר אחדים מבעלי החנויות: אברהם טראכטנברויט, מרדכי סאנדלמן, שלום שפיגל, יוסל טראכטנברויט, משולם שפיאֶר, דודל פאֶקר, חיים בלאנק, לייב טאֶנדלר, יאשה דלוגאטש, אהרון צינמן, מַתת גוטמן ועוד. בביתו של אהרון צינמן הוקם מועדון, ושם ריכזו את כל הספריות הפרטיות, עיתונות, משחקים. ובחצר, ליד האולם הגדול ובאולם עצמו, התקיימו תכניות בידור שונות, כגון: קולנוע, תיאטרון ומסיבות. בראש המועצה כיהן באות: זמן חיים ליפשיץ.

עם פרוץ המלחמה, כשהסובייטים עזבו את העיירה, התארגנה קבוצת צעירים להגנה עצמית בלילות. ביום בהיר אחד הגיעו קבוצות גויים מהכפרים שבסביבה והתנפלו על העיירה, ניפצו את כל המראות של המספרה הקואופרטיבית, נכנסו לחנות שבבית קלוצמן והשמידו את כל הסחורות. שמועות הילכו, שכאילו ניתנה הוראה כי תוך שלושה ימים אפשר להרוג ולגזול מכל הבא ליד. ביום השלישי ריכזו חלק גדול של בריטשיבאים בדרך לגיוזדיטה. הופיע קצין רומני והודיע על הפסקת ההריגה, ואז שוחררו וחזרו לבתיהם.

כעבור חודש, בערך, גורשנו מהעיירה. ביום היינו הולכים ברגל, ובלילה

מירל און לאה פרנס / ראשון־לציון

# פינצטערע טעג

די סאָוועטן זענען אַריינגעקומען אין שטעטל. און שוין נאָך דריי טעג האָבן זיי זיך אַ נעם געטון צו ליקווידירן דאָס פּריוואַטע אייגנטום. זיי האָבן געגרינדעט פאַרשידענע קאָאָפּעראַטיוון, ווי למשל: אַ טעקסטיל־געשעפט, איינגעאָרדנט באַ אברהם טראַכטנברויט; אַ שפּייז־געשעפט — באַ וועלוול קלאָצמאַן. די שערערס האָבן זיי פאַראייניקט אין איין פריזעריע אין הויז פון דודיע אַלטערמאַן; אַ שיך־געשעפט איז געווען באַ אברהם לערנערמאַן. אין לויף פון דער צייט זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר אייניקע געשעפט־אייגנטימער, ווי: אברהם טראַכטנברויט, מרדכי סאַנדלמאַן, שלום שפּיגל, יאָסל טראַכטנברויט, משולם שפּייער, דודל פּעקער, חיים בלאַנק, לייב טענדלער, יאַשע דלוגאַטש, אהרן צינמאַן, מאַטעס גוטמאַן און אַנדערע. אין הויז פון אהרן צינמאַן איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קלוב, ווו סע זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אַלע פּריוואַטע ביבליאָטעקן, צייטונגען, שפּילן, און אין הויף, לעבן גרויסן זאַל און אין זאַל גופא, זענען פאָרגעקומען פאַרשידענע פאַרוויילונגען, ווי קינאָ, טעאַטער און צוזאַמענקומען. דער פאָרזיצער פון ראַט איז געווען אין יענער צייט חיים ליפשיץ.

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, אַז די רוסן האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל, האָט אַ גרופּע יוגנטלעכע אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשוץ פאַר די נעכט. אין איינעם אַ טאָג זענען פון די שכנישע דערפער אָנגעקומען באַנדעס גוים און זענען באַפאַלן דאָס שטעטל, צעבראָכן אַלע שפּיגלען פון דער קאָאָפּעראַטיווער פריזעריע, זענען אַריין אין קלייט וואָס איז געווען אין קלאָצמאַנס הויז און פאַרניכטעט די גאַנצע סחורה. מ׳האָט געשמועסט, אַז זיי האָבן באַקומען די דערלויבעניש, דריי טעג מעגן זיי הרגענען און ראַבעווען וואָס סע קומט זיי אין די הענט. דעם דריטן טאָג האָט מען אַ טייל ברעטשעווער פאַרזאַמלט אויפן וועג קיין גיזדיטע. ס׳איז דערשינען

נוסעים בעגלות של כפרי הסביבה. אחדים נהרגו בידי אנשי הכפרים, שהסיעו אותנו ליערות.

הגירוש נעשה בשלבים: מהרחוב העליון נשלחו הראשונים. הפרידו במכוון בין זוגות צעירים, שהיו נשואים לתושבי עיירות אחרות. הפקודה היתה, שכל צעיר שהתחתן מעיירה אחרת, יחזור לביתו. בעברנו בדרך הכפרים מצאנו קברים של יהודים מאותם הכפרים, שרוב חייהם חיו שם. והמראות בישׂרו לנו מה מצפה לנו. בלילה היינו נשארים ללון בשדות.

עברנו את רובלניץ ליד סורוקה, וארטוז׳אן ועוד. ואחרי חדשיים, בערך, הגענו לטראנסניסטריה.

האנשים הראשונים שמתו בדרך היו זאנוול צאוואליר, אלתר דווינארסקי, ברל ואסתר רויזנבליט. כל הזמן לא חולק לנו שום אוכל. כל אחד צריך היה בעצמו להסתדר. רעבים היינו, והמזון שלנו היה: עלי עצים ועשב השדה. ביער רובלניץ חילקו לנו פעם אחת לחם. ניגש בריטשיבאי לקחת פרוסת לחם, התחילו לצעוק עליו שלא עמד דום כהלכה. ניגשה בתו וחיבקה אותו — ואז החייל, שליווה אותנו, ירה והרג את שניהם.

כפי שהזכרתי, היינו לנים בשדות וביערות; היו גם מקרים, שהכניסו אותנו



בדרך הענות
אין וועג פון פיין

אַ רומענישער אָפיציר און געמאָלדן, אַז די שחיטות און רויבערייען זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן. אַלע זענען צוריקגעשיקט געוואָרן אַהיים.

אַז ס'איז אַוועק אַ חודש, בערך, זענען מיר פֿאַרטריבן געוואָרן. באַטאָג זענען מיר געגאַנגען צופֿוס, און באַנאַכט זענען מיר געפֿאָרן מיט וואָגנס פֿון די אַרומיקע דערפֿער. אייניקע יידן זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די גויים פֿון די דערפֿער, וואָס זענען מיט אונדז געפֿאָרן דורך וועלדער. דאָס אַרויסטרייבן איז געמאַכט געוואָרן גרופּנווייז. די ערשטע זענען געגאַנגען פֿון דער „אייבערשטער גאַס". מ'האָט ספּעציעל צעטיילט יונגע פּאָרלעך, וואָס זענען געווען פֿאַרהייראַט מיט איינוווינער פֿון אַנדערע שטעטלעך. דער באַפֿעל איז געווען, אַז יעדער וואָס איז פֿאַרהייראַט פֿון אַן אַנדער שטעטל, זאָל זיך אומקערן צו זיך אַהיים. גייענדיק דורך דערפֿער, האָבן מיר געטראָפֿן קברים פֿון יידן פֿון די זעלבע דערפֿער, ווו זיי האָבן געלעבט דעם גרעסטן טייל פֿון זייער לעבן. די דאָזיקע בילדער זענען פֿאַר אונדז געווען אַן אָנזאָג, אַז אויך אונדז דערוואַרט אַן ענלעכער גורל. אין די נעכט האָבן מיר גענעכטיקט אויף פֿעלדער. מיר זענען פֿאַרבייגעגאַנגען רובלעניץ לעבן סאָראָקע, ווערטוזשען און אַנדערע געגנטן, און נאָך אַ צוויי־חדשימדיקן וואָלגעניש זענען מיר אָנגעקומען קיין טראַנסניסטריע.

פֿון די ערשטע וואָס זענען געשטאָרבן אונטערוועגס, זענען געווען: זיינוול צאַוואַלער, אַלטער דווינאַרסקי, בערל און אסתּר רויזנבליט. בעת דער גאַנצער צייט פֿון טרייבן, האָט מען אונדז קיין עסן נישט געגיבן. יעדער האָט זיך אַליין געדאַרפֿט העלפֿן. מיר האָבן געהונגערט. אונדזער שפּייז איז געווען: בלעטער פֿון ביימער און גראָז פֿון פֿעלדער. אין רובליניצער וואַלד האָבן מיר איינמאָל באַקומען ברויט. אַ בריטשעווער איז צוגעגאַנגען זיך נעמען אַ שטיקל ברויט, האָט מען זיך אויף אים אויסגעשריגן, פֿאַרוואָס ער שטייט נישט „דרעפּט" ווי סע באַדאַרף צו זיין. איז צוגעקומען די טאָכטער און אים אַרומגענעמען, האָט אַ זעלנער וואָס האָט אונדז באַגלייט, זיי ביידע דערשאָסן.

ווי געזאָגט, פֿלעגן מיר נעכטיקן אויף פֿעלדער. געווען אויך פֿאַלן ווען מען האָט אונדז אַריינגעפֿירט אין ליידיקע שול־בנינים אָדער אַנדערע עפֿנטלעכע הייזער, וואָס זענען געשטאַנען ליידיק. אויך זענען געווען פֿאַלן, אַז אין די קאָלכאָזן, ווו מיר האָבן געוווינט, פֿלעגן אונדז די דאָרטיקע יידן אַריינגעמען צו זיך אין די הייזער. אין טראַנסניסטריע זענען מיר געווען צוזאַמען מיט טויזנטער יידן פֿון אַנדערע שטעטלעך. דאָרט איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט פֿאַרטרעטן אונדזערע אינטערעסן און איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער מאַכט.

ערשט נאָך אַ יאָר בערך, זייענדיק אויף איין אָרט, האָט מען זיך אָנגעהויבן „איינצואָרדענען". עס זענען אַנטשטאַנען שולעכלעך, מ'האָט אָנגעהויבן מאַכן התונות. עס זענען אויך געמאַכט געוואָרן אַנדערע פּרוּוון: אַמאָל איז פֿאָרגעקומען אַ ליטעראַרישער אָוונט. און בכדי די מאַכט זאָל זיך דערפֿון נישט דערוויסן, איז דער אָוונט פֿאָרגעקומען אין באָד פֿונעם דאָרף. צוליב פֿאָרזיכטיקייט איז פֿאַרבאָטן

לבתי־ספר או לבתים ציבוריים אחרים באותם המקומות, שהבתים עמדו כבר ריקים מאדם. היו גם מקרים שבקולחוזים, שבהם גרנו, היו היהודים לוקחים אותנו אליהם לבתים. בטראנסניסטריה היינו ביחד עם אלפים מעיירות אחרות, ושם גם נבחר ועד, שטיפל בשמנו ביחסים עם השלטונות.

רק אחרי שנה, בערך, שהיינו במקום, התחילו לאט־לאט לארגן תפילות בציבור, עורכים חופה וקידושין לזוגות צעירים. והיו גם נסיונות אחרים: התקיים פעם ערב ספרותי, וכדי שהדבר לא יוודע לשלטונות, אורגן הערב בבית־המרחץ הכפרי. מתוך זהירות נאסרה הכניסה לילדים. מה עשו הילדים? באמצע ההצגה התאספו על־יד האולם והתחילו לצעוק: המשטרה באה! מובן שקפצו דרך הדלתות והחלונות כדי להימלט מהשלטונות. כשחלק היה כבר בחוץ, נודע שזה היה מעשה־קונדס.

פעלה גם חברא קדישא, שהיתה אוספת כל יום את המתים תמורת תשלום מיוחד. אם חשדו במישהו, כי יש לו כסף, והוא מסרב לתת, השאירו לו את המת עד לרקבון.

בתום המלחמה, כשחזרנו לבריטשיבה, מצאנו את כל הבתים ללא דלתות וחלונות, חלקם גם בלי גגות. בחלק מהבתים גרו גויים; נכנסנו לבתים וגרנו יחד אתם זמן ממושך.

לא היה ממה להתפרנס. חלק נסע לעבוד בטירנובה, וחלק החל לעזוב את העיירה ולעבור לטשרנוביץ; אלה שבכל זאת נשארו, עבדו בכרמים, בטחנת־הקמח, בבית־החרושת לשמן. בראש העיירה מונה פיני שכטמן.

(נרשם על־ידי ש. פרנס)

געוואָרן דער אַריינגאַנג פאַר קינדער. וואָס האָבן די קינדער געטון? פונקט אין מיטן דעם פּראָגראַם האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען: די פּאָליצײַ גייט! פאַרשטייט זיך אַז ס׳איז געוואָרן אַ בהלה. מ׳איז געשפּרונגען דורך טירן און פענצטער, כדי צו אַנטרינען פאַר די זשאַנדאַרן. אַז אַ טייל איז שוין געווען אין דרויסן, האָט מען זיך ערשט דערוווּסט, אַז דאָס איז בלויז געווען אַ שפּיצל פון קונדסים. ס׳איז אויך געווען אַ חברה־קדישא, וואָס פלעג טאָג־טעגלעך זאַמלען די מתים פאַר אַ באַזונדערן באַצאָל. אַז מ׳האָט עמעצן חושד געווען אַז ער האָט געלט, און ער וויל נישט גיבן, האָט מען זיין מת געלאָזט אַזוי לאַנג ליגן, ביז ער האָט אָנגעהויבן פוילן.

אַז מיר האָבן זיך נאָכן קריג אומגעקערט קיין בריטשעווע, האָבן מיר געפונען אַלע הייזער אָן טיר־און־פענצטער, אין אַ טייל הייזער האָבן געוווינט גויים. מיר זענען אַריין אין די הייזער און אַ צייט לאַנג צוזאַמען מיט זיי געוווינט. ס׳איז נישט געווען מיט וואָס צו לעבן. אַ טייל איז געפאָרן אַרבעטן קיין טערנעווע, און אַ טייל האָט אָנגעהויבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל און פאָרן קיין טשערנאָוויץ. די וועלכע זענען געבליבן, האָבן געאַרבעט אין ווייַנגערטנער, אין דער מיל, אין דער אייל־פאַבריק. אַלס פאָרזיצער פונעם ראַט איז באַשטימט געוואָרן פיני שעכטמאַן.

(פטרשריבן דורך ש. פרנס)



מארא זוניס / קריית נצרת

# בזמן המלחמה והשואה

מייד עם כניסת הסובייטים לעיירתנו, ביוני 1940, חלו שינויים מכריעים בחיי תושבינו: הולאמו החנויות ובתי־העסק — מכך נפגעו היהודים בעיקר. רוב הסחורות הוצאו מהעיירה ונשלחו, כנראה, אל מעבר לדניסטר. רוב התושבים נשארו ללא פרנסה והתקיימו מהחסכונות וממכירת מיטלטלים שונים. בעלי־המלאכה אורגנו כקואופרטיבים. חלק מהנוער המשיך לעבוד וללמוד, וחלק אחר, שלא מצא בבריטשיבה את קיומו, נשלח לעבודה בדונבאס. במרוצת הזמן החלו מאסרים ושילוחים לסיביר; בין אלו היו מרדכי סאנדלמן, שלום שפיגל, מתת גוטמן, אברהם ויוסל טראכטנברויט, השפיארים, יאשה דלוגאטש, לייב טנדלר, דוד אלתרמן, אהרן צינמן ואחרים.

שליח מהחוץ, נדמה לי מהכפר קייטאנובקה, שימש מזכיר המפלגה הקומוניסטית בבריטשיבה. פעולות ההסברה והתעמולה התנהלו בקלוב, שהתקיים באולם של אהרן צינמן; הוכרזה חובת ההאזנה וההשתתפות באסיפות הפוליטיות.

המדור העברי שבספרייה הציבורית נשרף; רוכזו רק ספרים ביידיש וברוסית. בתי־הספר העבריים החליפו צביונם ותוכנם, הלימודים התנהלו במולדאווית.

למרבה הצער, פשה נגע ההלשנות, דבר שגרם לחרדה בקרב התושבים. אולם ימי חרדה אלו הוחלפו מהר בזוועות עם בוא השואה.

עם שובם של הרומנים, שקדמו להם קצת הגרמנים, החל הגיהנום עלי אדמות לכל יהודי העיירה. ראשונים נאסרו אלה שהיו ידועים או חשודים כקומוניסטים, אחריהם סתם יהודים, ללא כל סיבה ותואנה. הנאסרים רוכזו במרתף של

מאַראַ זאָניס / קרית־נצרת

# אין צייט פון מלחמה און אומקום

באַלד נאָכן אַריינקומען פון די סאָוועטן אין שטעטל, אין יוני 1940, זענען פאָרגעקומען דעצידירנדיקע ענדערונגען אין לעבן פון די איינוווינערס: מ׳האָט נאַציאָנאַליזירט די קלייטן און געשעפטן — פון דעם האָבן געליטן דערעיקרשט די יידן. די סחורות האָט מען מייסטנס אַרויסגעפירט און אַוועקגעשיקט, וויזט אויס, אויף יענער זייט נעסטער. דאָס רוב איינוווינערס זענען געבליבן אָן פרנסה און האָבן געלעבט פון די אָפּשפּאָרונגען פון פריער און פון פאַרקויפן פאַרשידענע זאַכן. די בעלי־מלאכות האָט מען אָרגאַניזירט אין קאָאָפּעראַטיוון. אַ טייל פון דער יוגנט האָט פאָרגעזעצט צו לערנען און צו אַרבעטן, און אַן אַנדער טייל, וואָס האָט נישט געהאַט קיין עקזיסטענץ, איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דאָנבאַס. אין גיכן האָט מען אָנגעהויבן אַרעסטירן און אַוועקשיקן קיין סיביר; צווישן די איז געווען מרדכי סאַנדלמאַן, שלום שפּיגל, מאַטעס גוטמאַן, אברהם־יאָסל גוטמאַן, אברהם און יאָסל טראַכטנברויט, די שפּייערס, יאַשע דלוגאַטש, לייב טענדלער, אהרן צינמאַן, דודי אַלטערמאַן און אַנדערע.

אַ שליח פון דרויסן, דאַכט זיך פון קייטאַנאָווקע, איז געווען דער סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין בריטשעווע. די אויפקלערונג־אַרבעט האָט זיך געפירט אין קלוב, וואָס מ׳האָט געעפנט אין אהרן צינמאַנס זאַל. מ׳האָט געמוזט גיין הערן און זיך באַטייליקן אין די פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען. די העברעישע אָפּטיילונג אין דער ביבליאָטעק איז פאַרברענט געוואָרן; מ׳האָט איבערגעלאָזט נאָר יידישע און רוסישע ביכער. די העברעישע שולן האָט מען פאַרביטן מיט אַן אַנדערן אינהאַלט, און די לימודים האָבן זיך געפירט אויף מאָלדאַוויש.

צום גרויסן באַדויערן, האָבן זיך פאַרשפּרייט מסירות, און דאָס האָט אַרויסגערופן אַ מורא באַ דער באַפעלקערונג. אָבער די מורא האָט זיך פאַרביטן מיט די גרויזאַמקייטן ווען ס׳איז אָנגעקומען די צייט פונעם היטלעריסטישן אומקום.

ברוך טיומני ועונו שם קשות. בין אלו שנורו למוות כבר בימים הראשונים היו: ישראל־אהרן קסטלמן ושרה אייצ׳יס. מעשי רצח ואונס ושוד היו מקרים של יום־יום.

הגירוש החל ביולי 1941; הוא בוצע על־ידי הרומנים בעזרת הגרמנים. מנהל בית־הספר צ׳ובוטארו יזם איסוף כספים כדי לשחד את הרומנים ובכך למנוע את הגירושים. אכן, אלה שנתנו את הכסף לא הוצאו לגירוש, אבל הדחייה היתה לימים ספורים בלבד. בסופו של דבר גורשו כל היהודים, בקבוצות־קבוצות של 150 עד 300 איש, ואחר כך בקבוצה אחרונה של יותר מאלף איש.

הרוב הלך ברגל, ורק חלק קטן — בעגלות שנשׂכרו אצל האיכרים שבסביבה במחירים גבוהים לאין־שיעור ותמורת בגדים ותכשיטים. וכאן יש לציין, שהרוסים, בנסיגתם, לא ניאותו לקחת אתם מיהודי המקום, אף לא את חבריהם במפלגה הקומוניסטית.

דרך הגירוש נמשכה כמה חדשים. עברו עלינו הזוועות ביער רובלניץ, בוורטוז׳אֶן ובקוֹסאוּץ. שם חילקו את אנשינו לשני מחנות, שהופנו בדרך לטראנס־ניסטריה: חלק אחד דרך ואֶרטוז׳אֶן, וחלק אחר דרך רזינה־ריבניצה. אני הייתי בקבוצה שעברה דרך ואֶרטוז׳אֶן. קשה לתאר את מנת חלקנו לכל אורך הדרך: רעב, צמא, כינים, עינויי גוף ונפש מצד אלו שהריצו אותנו. עומדת לפני התמונה המזעזעת: אחת האימהות, אשר הגיעה לאפיסת כוחות, השליכה את תינוקה הפעוט בצד הדרך — — — עוד עומדת לפני התמונה כיצד עונתה ביילה זוסמן עד מוות, על שום שיצאה לשפוך קצת מים ברחוב והיא נתפסה על־ידי הרומנים והגרמנים... לא אשכח את מראה־האימים, כאשר אספו בסורוקה מאות אנשים, נשים וטף לתוך בית־כנסת, שם סגרו אותם על מנעול ובריח והשאירו אותם ברעב ובצמא, ולבסוף התפרצו פנימה הרומנים, שיכורים כלוט, רצחו ואנסו נשים ועינו הורים וילדים.

מאלה שנתלוו בדרכי זכורים לי: ברל חיים־יואלס (רויזנבליט), שמואל קסטלמן עם משפחתו, ברוך טיומני, ואֶלוול גלמן, והאחים שמעון ודוד גולירגאנט ומשפחותיהם, נתן גוטמן, מאמצי אדסמן, משפחת טארנירידר, משפחת ויטיס וסוניה רוזנטאל.

המגורשים מבריטשיבה נשלחו לכמה מחנות בטראנסניסטריה, כגון: אובוֹ־דוֹבקה, ברשאד, צ׳רנוביץ־הקטנה, צ׳צ׳לניק, קריז׳וֹפוֹל. מכל המקומות הללו נשלחו אנשים כל יום לעבודה מעבר לבוג אל הגרמנים; רבים מהם לא חזרו משם. המגורשים חיו באורוות, באסמים, בבתים הרוסים ונטושים וכן בבתי יהודים

ווען די רומענער זענען צוריקגעקומען, און פֿאַר זיי די דייטשן, האָט זיך אָנגעהויבן דער גיהינום פֿאַר אַלע יידן פֿונעם שטעטל. די ערשטע זענען אַרעסטירט געוואָרן די וואָס זענען געווען באַקאַנט, אָדער חשוד, אַלס קאָמוניסטן, נאָך זיי כתם יידן, אָן אַ שום סיבה אָדער אויסרייד. די אַרעסטירטע האָט מען צונויפגענעמען אין קעלער באַ ברוך טיאָמני און דאָרט האָט מען זיי זייער געפייניקט. צווישן די וואָס מ'האָט געשאָסן די ערשטע טעג זענען געווען: ישראל־אהרן קעסטלמאַן און שרה אייטשיס. רציחות, רויבערייען און פאַרגעוואַלטיקן זענען געווען טאָג־טעגלעכע פאַלן.

דאָס פאַרטרייבן האָט זיך אָנגעהויבן יולי 1941; געטון האָבן עס די רומענער מיט דער הילף פון די דייטשן. דער שול־דירעקטאָר טשאַבאָטאַרו האָט צונויפ־געגעמען געלט צו גיבן כּאַבּאַר די רומענער, און אַזויאַרום אויסמיידן דאָס פאַר־טרייבן. די וואָס האָבן געגיבן געלט האָט מען טאַקע נישט אַרויסגעטריבן, אָבער נאָר אין משך פון עטלעכע טעג. צום סוף זענען אַלע בריטשעווער יידן פאַרטריבן געוואָרן, תחילת אין גרופּן פון 150 ביז 300, צום לעצט אַ גרופּע פון אַריבער 1000.

דאָס רוב איז געגאַנגען צופיס, און נאָר אַ קליינער טייל, וואָס האָט באַצאָלט אָדער אַוועקגעגיבן מלבושים און צירונג, האָבן געדונגען פירלעך באַ די גויים. מע דאַרף צוגיבן, אַז די רוסן האָבן באַם אָפּציען זיך נישט געגיבן די מיגלעכקייט, אַז די יידן פון בריטשעווע זאָלן מיט זיי מיטגיין, אפילו נישט די מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

דער גירוש האָט געדויערט עטלעכע חדשים. סע זענען אָנגעקומען אויף אונדז די גרויזאַמקייטן אין רובלעניצער וואַלד, אין ווערטוזשען און קאָסעאוץ. דאָרט האָט מען צעטיילט אונדזערע מענטשן אויף צוויי טיילן, וואָס מ'האָט פאַרשיקט קיין טראַנסניסטריע: איין טייל דורך ווערטוזשען, און אַ צווייטער דורך רעזינע־ריבניצע. איך בין געווען אין טייל וואָס איז געגאַנגען דורך ווערטוזשען. שווער צו באַמאָלן אונדזער דאָליע אין וועג: הונגער, דאָרשט, לייז, עינויים קשים מצד די וואָס האָבן אונדז געטריבן. סע שטייט פאַר מיר דאָס גרויזאַמע בילד: איינע פון די מאַמעס, וואָס אירע כּוחות האָבן זיך אויסגעלאָזט, האָט אַוועקגעוואָרפן איר פיצל קינד אין דער זייט פונעם וועג — — — סע שטייט נאָך פאַר מיינע אויגן דאָס בילד ווי ביילע זיסמאַן איז געפייניקט געוואָרן ביז טויט דערפאַר וואָס זי האָט אַרויסגעגאָסן אַ ביסל וואַסער אין גאַס, און די רומענער און דייטשן האָבן זי געכאַפּט... איך וועל נישט פאַרגעסן דאָס שרעקלעכע בילד, ווען מ'האָט צונויפגענעמען אין סאַראָקע הונדערטער מענער, פרויען און קינדער אין אַ שול, דאָרט האָט מען זיי פאַרשלאָסן און געלאָזט אין הונגער און דאָרשט, און צום סוף זענען אַריין אינעווייניק די רומענער, לוט שיכור, געהרגעט און פאַרגעוואַלטיקט פרויען און געפייניקט עלטערן מיט קינדער.

פון די וואָס זענען געווען אינאיינעם מיט מיר געדענק איך: בערל חיים־יואלס (רויזנבליט), שמואל קעסטלמאַן מיט דער פאַמיליע, ברוך טיאָמני, וועלוול געלמאַן,

אוקראיניים. שום חלוקת מצרכים לא נעשתה על־ידי השלטונות. אנשינו היו מוכרים את המיטלטלים תמורת מצרכי מזון דל או שהיו גונבים מן השדות ומן הגנים קצת ירקות ופירות. על אף האיסור היו בריטשיבאים שעבדו, בגניבה, אצל איכרי הכפרים תמורת אוכל דל.

בכל מחנה היה מעין ועד יהודי, שניהל את הקשרים עם השלטונות. בהתחלה היו עוד בתי־כנסת, שם התכנסו יהודים, אחר כך הם נהרסו, ואם נערכה איזו תפילה בציבור, היה זה בבית פרטי. המתים היו רבים, ובקבורתם היתה מטפלת החברא קדישא של יהודי ברשאד הוותיקים. הקבורה היתה המונית, בעגלות, ללא תכריכים, ערומים, או עטופים בנייר־עיתונים.

שהיתי במחנה ברשאד עד מאי 1944; עם שיחרור ביסראביה על־ידי הסו־בייטים התחלנו לצאת ברגל מטראנסניסטריה בכיוון בריטשיבה. עברנו דרך עיירות וכפרים, והדרך נמשכה למעלה משבועיים. כשחזרנו לבריטשיבה כבר מצאנו שם כמה שכנים, דוידוביץ, דוד גולירגאנט, נפתלי גלמן, שעזרו לנו בסידורים ראשונים. הבתים היו רובם הרוסים, צריך היה איכשהו לתקן קצת, כדי שנוכל לגור בהם. בעיקר התרכזנו ברחוב האמצעי. תנאי הקיום היו קשים מאד. חיפשנו עבודה כלשהי. אני התחלתי לנהל את בית־הספר, שהיה משותף לבריטשיבה ולאלינובקה. בעיירה מצאנו משפחות נוצריות, שעבדו בטחנת־הקמח ובבית־החרושת לשמן.

כעבור זמן קצר התחלנו לחפש אפשרויות לצאת לערים הגדולות, כדי להתפרנס שם, כי בעיירה שלנו לא היתה כל אחיזה כלכלית.

(נרשם ע"י צ. בוטניק)

המציבה בבית־הקברות בברשאד



די ברידער שמעון און דודי גאָלערגאַנט און זייערע פֿאַמיליעס, נתן גוטמאַן, מאַמצי אַדעסמאַן, די פֿאַמיליע טאַרנירידער, די פֿאַמיליע וויטיס און סאָניע ראָזענטאַל.

די בריטשעווער זענען צעשיקט געוואָרן אין עטלעכע ערטער פֿון טראַנסניסטריע, ווי: אָבאָדאָווקע, בערשאַד, קליין־טשערנאָוויץ, טשיטשעלניק, קריזשאָפּאָל. פֿון אַלע ערטער האָט מען געשיקט טעגלעך מענטשן אויף אַרבעט פֿון יענער זייט בוג, צו די דייטשן; אַ סך האָבן זיך שוין נישט אומגעקערט. די פֿאַרטריבענע האָבן געוווינט אין שטאַלן, אין צעפֿאַלענע הייזער און אויך אין שטיבער פֿון אוקראַינער יידן. די מאַכט האָט נישט צעטיילט קיין פּראָדוקטן. אונדזערע מענטשן פֿלעגן פֿאַרקויפֿן זייערע זאַכן פֿאַר עפּעס עסן אָדער גנבענען גרינוואַרג און פּרוכטן פֿון די פֿעלדער און גערטנער. נישט געקוקט אויפֿן פֿאַרבאָט, פֿלעגן די בריטשעווער אַרבעטן בגניבה באַ די פּויערן, און פֿלעגן דערפֿאַר באַקומען אַ ביסל עסן.

אין יעדן לאַגער איז געווען אַ מין יידישער קאָמיטעט, וואָס פֿלעג פֿירן די פֿאַרבינדונג מיט דער מאַכט. צום אָנהייב זענען געווען שולן צום דאַווענען, דערנאָך האָט מען זיי צעשטערט, און אַז מ׳האָט געוואָלט צונויפֿשטעלן אַ מנין, איז עס געווען אין אַ פּריוואַטער שטוב. די מתים זענען געווען אַ סך, און מיטן באַגראָבן פֿלעגן זיך פֿאַרנעמען די דאָרטיקע בערשאַדער יידן. די קבורה פֿלעג זיין אין מאַסן, אויף וואָגנס, אָן תכריכים, נאַקעטע אָדער איינגעהילט אין צייטונג־פּאַפּיר.

איך בין פֿאַרבליבן אין בערשאַדער לאַגער ביז מאַי 1944. מיטן באַפֿרייען בעסאַראַביע דורך די סאָוועטן, האָבן מיר אָנגעהויבן צו גיין צופֿיס פֿון טראַנסניסטריע קיין בריטשעווע. מיר זענען געגאַנגען איבער דערפֿער און שטעטלעך, און דער וועג האָט זיך געצויגן אַריבער צוויי וואָכן. ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט קיין בריטשעווע, האָבן מיר שוין דאָרטן געפֿונען עטלעכע שכנים, דאַווידאָוויטש, דודי גאַלערגאַנט, נפֿתלי געלמאַן, וואָס האָבן אונדז געהאָלפֿן אין די ערשטע איינריכטונגען. די הייזער זענען געווען צעפֿאַלן, מ׳האָט געדאַרפֿט כאָטש אַ ביסל פֿאַרריכטן, כדי האָבן די מיגלעכקייט צו וווינען. דערעיקרשט האָט מען זיך קאָנצענטרירט אין דער מיטלסטער גאַס. די עקזיסטענץ־מיטלען זענען געווען זייער שווערע. מ׳האָט געזוכט עפּעס אַן אַרבעט. איך האָב אָנגעהויבן אָנצופֿירן מיט אַ שול, וואָס איז געווען אַ שותפֿותדיקע פֿאַר בריטשעווע און אַלינאָווקע. אין שטעטל האָבן מיר געפֿונען קריסטלעכע פֿאַמיליעס, וואָס האָבן געאַרבעט אין מיל און אין בוימלפֿאַבריק.

נאָך אַ קורצער צייט האָבן מיר אָנגעהויבן זוכן מיגלעכקייטן אַרויסצופֿאָרן אין די שטעט, כדי צו קענען עקזיסטירן, ווייל אין בריטשעווע איז נישט געווען קיין שום עקאָנאָמישער אָנהאַלט.

(פֿאַרשריבן דורך צ. בוטניק)

אסתר שטיגליץ (טארנירידר)/בת־ים

# נשארנו בחיים על־פי נס

ב־1940 יצאנו, כל העיירה, לקבל את פני הסובייטים, שהגיעו ראשונים לעיירה. אסתר גולדנברג, חברת המפלגה הקומוניסטית דאז, הלכה יחד איתנו בשדות הזרועים חיטה והתחננה כל הזמן: חברים, אל תרמסו את התבואה, שהרי מהיום היא שלנו...

עברו כמה ימים, והתחילו להעביר את הכלכלה על פסים חדשים. הוקמו קואו־פרטיבים שונים בעיירה. במעון בית־הספר „תרבות", למשל, הקימו מאפייה קואופרטיבית. ואבי ז"ל נתמנה מנהל המאפייה. הוא קיבל הוראות חמורות, שהאפייה תיעשה כראוי, דהיינו שכיכרות הלחם לא יהיו שרופים או אפויים במידה לא מספקת. ועוד איימו עליו: אם מישהו יגיש תלונה על טיב הלחם, ילך הוא, אבי, הראשון לבית־הסוהר.

כל הרכוש הפרטי התחסל תוך זמן קצר. כעבור זמן הוגלו לסיביר, בשל עברם הרכושני, אברהם טראכטנברויט, משולם שפייאֶר, יוסל שפייאֶר, מרדכי סאנדלמן, מתתיהו גוטמן ואחרים. אבל לאט־לאט התחילו האנשים בבריטשיבה להסתגל למצב החדש — ופתאום, ביום בהיר אחד, עזבו הרוסים את העיירה, ונכנסו הרומנים והגרמנים. הם הגיעו מבאראבוי; היהודים יצאו אליהם בלחם ומלח, כמקובל, אבל הם נמנעו לקבל, והדבר הראשון היה — להרביץ מכות. מייד ניתנה פקודה: לא לצאת לרחובות, אלא להישאר בבתים.

למחרת העמידו מקלע ואיימו על התושבים, שכל מי שבידו נשק, יביא אותו לשלטונות. כל העובר על הפקודה יירה. אחרי שנוכחו לדעת, שאין נשק בידי

אסתר שטיגליץ (טאַרנירידער) / בת־ים

# מיר זענען געבליבן לעבן על־פּי נס

אין 1940 זענען מיר אַרויסגעגאַנגען, דאָס גאַנצע שטעטל, מקבל־פּנים זיין די סאָוועטישע סאָלדאַטן, וואָס זענען אָנגעקומען די ערשטע אין שטעטל. אסתר גאָלדנבערג, אַ מיטגלידערין פון דער דעמלטיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז געגאַנגען אינאיינעם מיט אונדז אין די פעלדער פאַרזייטע מיט ווייץ און זיך געבעטן די גאַנצע צייט: חברים, טרעט נישט די תבואה, פון היינט אָן איז זי דאָך אונדזערע...

עס זענען איבערגעגאַנגען עטלעכע טעג, מ׳האָט אָנגעהויבן איבערפירן די ווירטשאַפט אויף אַן אַנדערער ליניע. מ׳האָט אויפגעשטעלט קאָאָפּעראַטיוון אין שטעטל. אין דער געביידע פון דער „תרבות״־שול, למשל, האָט מען געמאַכט אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי, און מיין פאָטער עליו השלום האָט מען באַשטימט אַלס אָנפירער פון דער בעקעריי. ער האָט באַקומען שטרענגע אָנווייזונגען, אַז דאָס באַקן דאַרף געמאַכט ווערן פּינקטלעך, די ברויטן זאָלן נישט זיין פאַרברענט אָדער נישט־דערבאַקן. און מ׳האָט אים געדראָעט: אויב עמעצער וועט זיך באַקלאָגן אויף דער קוואַליטעט פונעם ברויט, וועט ער, מיין פאָטער, אַרעסטירט ווערן.

דאָס פּריוואַטע אייגנטום האָט זיך אין אַ קורצער צייט ליקווידירט. שפּעטער זענען פאַרטריבן געוואָרן קיין סיביר, אַלס געוועזענע קאַפּיטאַליסטן, אברהם טראַכטנברויט, יאָסל שפּייער, משולם שפּייער, מרדכי סאַנדלמאַן, מאַטעס גוטמאַן און אַנדערע. ביסלעכווייז האָבן די יידן אין בריטשעווע אָנגעהויבן צופּאַסן זיך צו די נייע אומשטענדן, כדי צו קענען עקזיסטירן — און פלוצים, אין אַ שיינעם טאָג, זענען די רוסן אַוועק פונעם שטעטל, און די רומענער מיט די דייטשן זענען אַריין. זיי זענען אָנגעקומען פון באַראַבוי; די יידן זענען אַרויסגעגאַנגען זיי באַגעגענען מיט ברויט און זאַלץ, ווי געוויינטלעך, אָבער מ׳האָט עס נישט אויפגענומען, און די ערשטע זאַך איז געווען — שלאָגן. מ׳האָט אויך תיכף געגיבן אַ באַפעל: נישט באַווייזן זיך אין די גאַסן, בלייבן אין שטוב.

דעם אַנדערן אידערפרי האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ קוילן־וואַרפער און געדראָעט, אַז ווער ס׳האָט געוועז מוז עס באַלד אָפּגיבן, אַנדערש ווערט ער דער־שאָסן. אַז ס׳האָט זיך דערוויזן, אַז קיין געווער האָט מען נישט געפונען, האָט מען אַוועקגענומען דעם קוילן־וואַרפער. שפּעטער מיט עטלעכע טעג האָט מען אונדז

היהודים, הסירו את המקלע. עברו ימים מספר, והנה הודיעו לנו, שעלינו להתרכז במקום אחד, ואנו, גרי הרחוב שהוביל לגיזדיטה, יצאנו הראשונים, בלי לדעת לאן. הלכנו יומם ולילה. התחנה הראשונה היתה — יער רובלניץ. אחר כך וַאֶרטוז׳אֶן; שם חילקו לנו תושבי העיירה פרוסות לחם לאכילה, אבל החיילים שליוו אותנו, לא נתנו לנו לקחת.

אצל מאזי כהן היה גר משרת נוצרי. לפני צאתנו מבריטשיבה, כשהיינו מרוכ־זים ליד בית־ההולים, הוא הביא לנו דברי־אוכל. בידו אף הופקד המפתח של ביתנו, כדי שהוא ישמור על הבית עד שובנו... ברובלניץ הוצאנו את האוכל שהמשרת ההוא נתן לנו, ייבשנו אותו מול השמש ואכלנו קימעה־קימעה. שם נשארנו שמונה ימים. האיכרים מהסביבה היו מביאים אוכל למחנה, ואנו היינו עושים איתם חליפין, אבל אם חיל־המשמר הבחין בכך, היינו מקבלים מכות רצח. בקופסאות־פח, שמצאנו שם, היינו מכינים תבשילים, אם מקמח תירס ואם מצמחים שתלשנו במקום. ברור, שחלק מאיתנו חלה בשלשול ממאכלים אלו.

מיער רובלניץ גירשו אותנו, כאמור, לוורטוז׳ן. שם היו מוציאים כל יום אנשים לעבודה; היינו נאלצים לסחוב אבנים כבדות לסלילת כביש, והכריחו אותנו לסחוב את האבנים במהירות, ממש לרוץ, שאם לא כן, הרביצו בנו מכות. מוורטוז׳ן הועברנו לקוסאוץ, שם היינו כמה ימים, ואחר כך עברנו את הדניסטר והלכנו דרך ארוכה עד ברשאד. זה היה בחג הסוכות. בחוץ היה קר, ואנחנו הוכנסנו לקולחוז שומם.

היהודים בברשאד עזרו לנו הרבה באוכל ובהלבשה. באחד הערבים באו אלינו שליחים מקהילת ברשאד ושאלו אם לא נמצא אצלנו איזה שוחט; אם כן, הם ישתדלו אצל השלטונות, שישאירו את השוחט ומשפחתו אצלם. ר׳ אברהם השוחט הציע את עצמו, אבל העמיד תנאי: רק יחד עם משפחתנו שלנו, שהרי הלכנו כל הזמן ביחד וסבלנו יחד.

למחרת בבוקר ניתנה פקודה להתאסף כדי לצאת לדרך הלאה. אז בא אלינו ר׳ אברהם השוחט ואמר לאבא ז״ל: אל תלכו, התחבאו וחכו עד שיבואו נציגי הקהילה ויקחו אותנו, אבל אבא פחד, שמ יתפסו אותנו ויעשו לנו צרות. וכשבאו מהקהילה לקחת את ר׳ אברהם השוחט, כבר לא היינו בברשאד.

הגענו לפיאטקובקה. גם כאן התקיימנו רק בנס: היינו יוצאים בחשאי לכפרים שבסביבה, מבקשים פרוסת לחם או עבודה כלשהי תמורת אוכל.

לא עבר זמן רב ואני חליתי. הייתי נפוחה מחוסר תזונה. אבא היה הולך אתי מבית לבית לבקש, לכל הפחות, בשבילי איזה מקום ללון, אבל לא תמיד נענה

געמאָלדן, אַז מיר מוזן זיך צונויפנעמען אויף אַ געוויס פּלאַץ, און מיר, די וואָס האָבן געוווינט אויף גיזדיטער וועג, זענען געווען די ערשטע צום אַרויסטרייבן, נישט וויסנדיק וווהין. מיר זענען געגאַנגען טאָג און נאַכט. די ערשטע סטאַנציע איז געווען רובלעניצער וואַלד, דערנאָך ווערטוזשען; דאָרט האָבן אונדז די יידן פונעם שטעטל געטיילט שטיקער ברויט, אָבער די סאָלדאַטן האָבן אונדז נישט געלאָזט נעמען.

באַ מאַזי כהן האָט געוווינט אַ משרת, אַ קריסט. איידער מיר זענען אַרויסגע־גאַנגען פון בריטשעווע, מיר זענען געשטאַנען לעבן שפּיטאָל, האָט ער אונדז אַרויס־געבראַכט עסנוואַרג. מיר האָבן אים איבערגעלאָזט דעם שליסל פון דער שטוב, ער זאָל זי אָפּהיטן ביז אונדזער צוריקקומען... אין רובלעניץ האָבן מיר אַרויס־גענעמען דאָס עסן, וואָס יענער משרת האָט אונדז געגיבן, עס אויסגעטרוקנט אויף דער זון און געגעסן ביסלעכוויז. דאָרט זענען מיר געבליבן אַכט טעג. די פּויערן פון דער סביבה; פלעגן ברענגען עסנוואַרג און מיר פלעגן צאָלן מיט זאַכן. אַז די סאָלדאַטן האָבן עס באַמערקט, פלעגן מיר קריגן מכות רצח. אין בלעכענע פּושקעלעך, וואָס מיר האָבן געפונען דאָרט, פלעגן מיר עפּעס אָפּקאָכן, פון פּאַפּעשוי־מעל צי פון געוויקסן, וואָס מיר פלעגן רייסן אויפן אָרט. קלאָר, אַז אַ סך זענען שלאַף געוואָרן מיט דיזענטעריע פון די דאָזיקע מאכלים.

פון רובלעניצער וואַלד האָט מען אונדז געטריבן, ווי געזאָגט, קיין ווערטוזשען. דאָרט פלעג מען אַרויסנעמען יעדן טאָג מענטשן אויף אַרבעט; מיר האָבן גמוזט טראָגן שווערע שטיינער צו בראַקירן אַ שאָסיי, און מ׳האָט אונדז געצווונגען צו טראָגן די שטיינער גיך, לויפנדיק, אויב נישט האָט מען אונדז געממיתט. פון ווערטוזשען האָט מען אונדז איבערגעפירט קיין קאָסעוץ, דאָרט זענען מיר געווען עטלעכע טעג און דערנאָך האָט מען אונדז איבערגעפירט איבערן נעסטער, און מיר זענען געגאַנגען אַ לאַנגן וועג ביז בערשאַד. ס׳איז געווען סוכות. אין דרויסן איז שוין געווען קאַלט, און מ׳האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ פאַרלאָזטן קאַלכאָז.

די בערשאַדער יידן האָבן אונדז אַ סך געהאָלפן מיט עסן און קליידונג. אין אַז אויפדערנאַכט זענען געקומען צו אונדז שליחים פון דער בערשאַדער קהילה און געפרעגט צי מיר האָבן נישט קיין שוחט; אויב יאָ, וועלן זיי זיך באַמיען באַ דער מאַכט ער זאָל בלייבן מיט דער משפחה אין בערשאַד. ר׳ אברהם שוחט האָט זיך אָליין פאַרגעשלאָגן, אָבער מיט אַ תנאי: נאָר אינאיינעם מיט אונדזער משפחה, ווייל מיר זענען די גאַנצע צייט געגאַנגען און געליטן אינאיינעם.

אויפן אַנדערן טאָג אינדערפרי האָט מען באַפוילן זיך צונויפנעמען כדי צו גיין ווייטער. איז געקומען צו אונדז ר׳ אברהם שוחט און געזאָגט צו מיין פאָטער: גייט נישט, באַהאַלט זיך און וואַרט ביז די קהילה פאָרשטייערס וועלן קומען און אייך נעמען מיט אונדז. דער טאַטע האָט אָבער מורא געהאַט, טאָמער כאַפּט מען אונדז און מיר וועלן האָבן צרות. אַז מ׳איז געקומען נעמען דעם שוחטס פאַמיליע אין דער קהילה, זענען מיר שוין נישט געווען אין בערשאַד.

לבקשתו. באחד הערבים החלטנו, אני ואחי שלום, לצאת לברשאד. לפנות בוקר קמנו ויצאנו לדרך. עננים כיסו את השמים, קר היה וגשום קצת. אך התרחקנו מהמחנה והנה לקראתנו שוטר נאצי, רכוב על סוס. אמרתי לאחי: עבור אתה לצד השני של הדרך, ואני אלך כאן, כדי שלא יכירו שיש בינינו קירבה. השוטר עצר אותי ושאל לאן אני הולכת. עניתי: לקולחוז. הוא נתן לי להמשיך, אבל את אחי החזיר, משום שאמר לו כי הוא הולך לברשאד.

כשעברתי כברת דרך, התיישבתי ובכיתי בלי לדעת מה לעשות. פתאום נעצרה כרכרה יפה עם כמה נאצים. הם שאלו אותי לאן אני צריכה. עניתי: לברשאד. אם כך, ענו לי, לא נוכל לעזור לך; חשבנו שפניך לפיאטקובקה ורצינו לקחת אותך.

המשכתי ללכת לכיוון ברשאד. פגשתי אישה נוצריה, שאף היא הלכה בכיוון זה. היא ידעה שאני יהודיה, ובכל זאת הציעה לי להצטרף אליה ללא פחד; היא תעבור אתי את הגשר, שם עומדים חיילים, אחר כך אוכל להגיע בלי תקלה. וכך היה: הגעתי בשלום לברשאד.

כשהגעתי לשם, ירד גשם שוטף. חיפשתי לי מחסה באיזה בית, אבל לדאבוני הרב נתקלתי בסירוב, משום שהייתי כולי מכוסה פצעים, והאנשים פחדו שמא זוהי מחלה מידבקת. יצאתי לרחוב בבכי מר. עבר ילד ושאל אם אינני במקרה אחותו של גיטמן הנמצא כאן. התפרצתי בקריאת אושר; הילד הביא אותי אל אחי. בעלת הבית שלו פחדה שמא תידבק מפצעי ולא נתנה לי להיכנס.

כשיצאנו משם, פגשנו את אחי שלום, שהספיק בינתיים גם הוא להגיע. מר היה לנו, משום שלא מצאנו בית, שיהיה מוכן להכניס אותנו. בלית ברירה חזרנו באותו לילה לפיאטקובקה. ניגשתי אל הבית המואר הראשון. יצא לקראתנו גוי, שהכניס אותנו בסבר פנים יפות, האכיל אותנו לשובע והעלה אותנו על גבי התנור. אך האיר הבוקר, עזבנו אותו וחזרנו למחנה, לקולחוז.

כעבור ימים מספר הגיע אלינו אחינו גיטמן ולקח אותנו לברשאד, כי ראשי הקהילה שם היו מעוניינים לרכז אנשים יותר ככל האפשר. לאט־לאט התחלנו להס־תדר שם. במרוצת הזמן אף התחילו עוסקים בסחר חליפין, בעיקר היו נוסעים לעיירה בשם פלורינה ומביאים משם דברים שונים.

משפחת פורטנוי מבריטשיבה היתה איתנו כל הזמן; אבא שלהם, לייזר, מת מרעב בפיאטקובקה. יתר בני המשפחה נסעו איתנו לברשאד. בקושי רב מצאנו שם איזה חדר קטן, ובתוכו נאלצנו להסתדר כולנו. הצפיפות הגיעה לידי כך, שבלילות, אם מישהו רצה להסתובב על צידו, מוכרחים היינו כולנו להסתובב על אותו צד. אמא שלהם מתה גם היא שם, בברשאד, מרעב.

מיר זענען אָנגעקומען קיין פּיאַטקאָווקע. דאָ האָבן מיר אויך זיך גענערט מיט ניסים: אַלע טאָג פלעגן מיר אַרויסגיין שטילערהייט אין די אַרומיקע דערפער און בעטן אַ שטיקל ברויט אָדער אַרבעט פאַר עסן.

ס׳איז אַוועקגעגאַנגען אַ שטיקל צייט, בין איך קראַנק געוואָרן. כ׳בין געווען געשוואָלן פון הונגער. דער טאַטע פלעגט גיין מיט מיר פון הויז צו הויז בעטן כאָטש פאַר מיר אַן אָרט צו נעכטיקן, אָבער נישט תמיד האָט ער געפונען. אין אַן אויפדערנאַכט האָבן מיר באַשלאָסן, איך מיט מיין ברודער שלום, צו גיין קיין בערשאַד. פאַרטאָג זענען מיר אויפגעשטאַנען און אַרויסגעגאַנגען אין וועג. כמאַרעס האָבן פאַרדעקט דעם הימל, ס׳איז געווען קאַלט און צוביסלעך גערעגנט. מיר זענען נאָר אַוועקגעגאַנגען פונעם לאַגער, האָבן מיר דערזען אַ נאַצי פאָרט רייטנדיק. האָב איך געזאָגט מיין ברודער: גיי אַריבער אויף דער צווייטער זייט וועג, און איך בלייב דאָ, כדי ער זאָל נישט חושד זיין, אַז מיר קערן זיך אָן. דער נאַצי האָט מיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט וווּהין איך גיי. האָב איך געענטפערט: אין קאָלכאָז. האָט ער מיך געלאָזט גיין, און מיין ברודער האָט ער אומגעקערט, ווייל ער האָט געזאָגט, אַז ער גייט קיין בערשאַד.

אַז איך בין אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג, האָב איך מיך אַנידערגעזעצט און גענומען וויינען, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן. פּלוצים האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ דראָזשקע מיט עטלעכע נאַציס. זיי האָבן געפרעגט וווּהין דאַרף איך. איצט האָב איך געענטפערט: קיין בערשאַד. אויב אַזוי, האָבן זיי געענטפערט, קענען מיר דיר נישט העלפן; מיר האָבן געמיינט, אַז דו דאַרפסט קיין פּיאַטקאָווקע, האָבן מיר דיך געוואָלט נעמען.

כ׳האָב פאַרגעזעצט אין דער ריכטונג פון בערשאַד. כ׳האָב באַגעגנט אַ קריסט־לעכע פרוי, וואָס איז אויך געגאַנגען אין דער זעלבער ריכטונג. זי האָט געוווּסט, אַז איך בין אַ יידישקע, דאָך האָט זי מיר פאַרגעלייגט צו גיין מיט איר אָן מורא; זי וועט אַריבערגיין מיט מיר די בריק, ווו עס שטייען סאָלדאַטן, און דערנאָך וועל איך שוין קענען גיין אָן שטערונגען. און אַזוי איז געווען: כ׳בין אָנגעקומען בשלום קיין בערשאַד.

ווען כ׳בין אָנגעקומען אַהין, האָט געמבולט. כ׳האָב געזוכט עפּעס אַ שטוב אַריינצוגיין, אָבער, צום באַדויערן, האָט מען מיך נישט אַריינגעלאָזט, ווייל כ׳בין געווען פול מיט ווונדן, און מ׳האָט מורא געהאַט זיך אָנשטעקן פון מיר. כ׳בין אַרויסגעגאַנגען אין גאַס און ביטערלעך געוויינט. איז דורכגעגאַנגען אַ ייִנגעלע און מיר געפרעגט, צי בין איך נישט צופעליק גיטמאַנס שוועסטער, וואָס געפינט זיך דאָ. דאָס ייִנגעלע האָט מיך געבראַכט צו מיין ברודער, אָבער די באַלעבאָסטע האָט אויך מורא געהאַט, זי וועט זיך אָנשטעקן פון מיר, האָט זי מיך נישט אַריינגעלאָזט.

אַז מיר זענען פון דאָרטן אַרויסגעגאַנגען, האָבן מיר באַגעגנט מיין ברודער שלום, וואָס האָט דערווייל באַוויזן אויך אָנצוקומען. ס׳איז אונדז געווען וויסט און

ב־1944 חזרנו לבריטשיבה. זמן קצר לאחר מכן עברנו לצ׳רנוביץ, וב־1946 עברנו לרומניה וגרנו ביאס. אחי הצעירים, יהושע ואליעזר, עלו לישראל במסגרת עליית־הנוער. אליעזר התגייס מיד לצה״ל, ויהושע הלך לדגניה. כעבור כמה חדשים עלו לישראל גם יצחק ויוסי, אותם צירפו אז לשתי משפחות בכפר־הס. כעבור שנתיים הגיעו ההורים לישראל. אז החזירו את הילדים אליהם והקימו ביתם בגן־יבנה.

אחי יוסי הצטרף לצה״ל ב־1952 והגיע במרוצת הזמן לדרגת סרן, השתתף במלחמת סיני ובמלחמת ששת הימים — ונפל באל־עריש, בהשאירו אחריו אשה ושני ילדים. לפני מותו שלח שיר למערכת „מבט חדש״, שראה אור אחרי מותו. ואלה דבריו:

בצל העצים,
בין אבני הקברות,
סובבת אישה אלמנה.
ולה ילדים,
שהם קרבנות —
קרבנות ילדי מלחמה.

(נרשם בידי ש. פרנס)



ביטער, ווייל מ'האָט אונדז נישט אַריינגעלאָזט אין קיין הויז. בלית ברירה זענען מיר די זעלבע נאַכט צוריקגעגאַנגען קיין פיאַטקאָווקע. מיר זענען צוגעגאַנגען צום ערשטן באַלייכטן הויז און אָנגעקלאַפּט. איז אַרויסגעגאַנגען אַ גוי, האָט אונדז שיין אויפגענומען, געגיבן עסן און אַרויפגעלאָזט אויפן אויוון. ווען ס'איז טאָג געוואָרן, האָבן מיר אים פאַרלאָזט און אומגעקערט זיך אין לאַגער, אין קאַלכאָז.

אין אַ פּאָר טאָג אַרום איז אָנגעקומען צו אונדז אונדזער ברודער גיטמאַן און אונדז גענעמען קיין בערשאַד, ווייל די קהילה־מענטשן זענען געווען אינטערעסירט צו קאָנצענטרירן דאָרט וואָס מער מענטשן. ביסלעכוויז האָבן מיר זיך דאָרט איינגעאָרדנט. אין משך פון דער צייט האָט מען אָנגעהויבן אַביסל צוהאַנדלען, דערעיקרשט פאָרן קיין פלאָרינע און ברענגען פון דאָרט פאַרשידענע זאַכן.

די פאַמיליע פּאָרטנאָי פון בריטשעווע איז געווען די גאַנצע צייט מיט אונדז. זייער פאָטער, לייזער, איז געשטאָרבן פון הונגער אין פיאַטקאָווקע. די איבעריקע משפחה־מיטגלידער זענען געפאָרן מיט אונדז קיין בערשאַד. מיט גרויס מי האָבן מיר געפונען אַ קליין צימער, און דאָרט האָבן מיר געמוזט אַלע איינאײנעם זיין. די ענגשאַפט איז געווען אַזוי אַז באַנאַכט, ווען עמעצער האָט זיך געוואָלט אויס־דרייען, האָבן אַלע געמוזט טאָן דאָס זעלבע. זייער מאַמע איז אויך געשטאָרבן אין בערשאַד פון הונגער.

אין 1944 זענען מיר צוריקגעקומען קיין בריטשעווע. שפּעטער אַביסל זענען מיר איבערגעפאָרן קיין טשערנאָוויץ, און דערנאָך קיין רומעניע, מיר האָבן געוווינט אין יאַס. מיינע יינגערע ברידער, יהושע און לייזער, זענען עולה געווען מיט דער עליית־הנוער. אליעזר האָט זיך מאָביליזירט אין דער אַרמיי, און יהושע איז געגאַנגען קיין דגניה. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער זענען עולה געווען אויך אונדזערע יצחק און יאָסי, זיי האָט מען צוגענומען אין צוויי פאַמיליעס אין כפר־הס. מיט צוויי יאָר שפּעטער זענען אָנגעקומען קיין ישראל אויך אונדזערע עלטערן. זיי האָבן צוריקגענומען צו זיך די קינדער און זיך אַלע באַזעצט אין גן־יבנה.

מיין ברודער יאָסי האָט זיך מאָביליזירט אין דער ישראל־אַרמיי אין 1952 און אין משך פון דער צייט געוואָרן לייטענאַנט, אָנטייל גענומען אין דער סיני־קאַמפּאַניע און אינעם זעקס־טעג־קריג — און געפאַלן אין אל־עריש, געלאָזט נאָך זיך אַ פרוי מיט צוויי קינדער. פאַרן טויט האָט ער געשיקט אַ ליד אין דער רעדאַק־ציע פון „מבט חדש", וואָס איז דערשינען נאָך זיין טויט, דאָרט שרייבט ער:

אין שאָטן פון די ביימער,
צווישן די קברים־שטיינער,
דרייט זיך אום אַ פרוי אַן אלמנה,
זי האָט קינדער,
קרבנות —
מלחמה־קינדער קרבנות.

(פאַרשריבן פון ש. פּרנס)

איטה צימרמן (יהודית גרינברג) / עטלית

# איך נספו הורי

לאחר שעיירתנו הקטנטונת נפלה קרבן לחיות־הטרף, להמוני הגויים שבסביבה, ולאחר שנשארנו רק בבגדינו לבשרנו; לאחר שהכל נשדד, נרמס והושמד — נתקבלה פקודה להסתדר בשורות, אנשים, נשים וטף, והתחילה ההגלייה וההרצה על הרים ובגיאיות. מי שעשה משגה ופיגר קצת אחר משמר־הליווי, כבר הופקר לשרירות לבם ולתעלוליהם של הנוער הגויי הטרום־צבאי. לרוב היו הללו מפשיטים את הנחשלים עד לכותנתם ומפקירים אותם לכל הרוחות. המקרה הראשון מסוג זה אירע עם ברל ולאה׳קה רויזנבליט, שנשארו עירומים ויחפים.

לאחר נדודים בשמש הלוהטת ולאחר עינויי דרך, כשאנשים היו נופלים בצידי הדרכים־שלא־בשימוש, כשכלתה הנפש לטיפת מים — הביאו אותנו עד לעיירה ואַרטוז׳ן, בה מצאנו כבר אלפי משפחות ממקומות אחרים. בגורל משפחתנו נפל, שנוכנס לתוך מחסן. בוקר־בוקר היו באים פריצי־החיות להריץ־להוציא את אבא שלי לעבודה, וכל זה היה מלווה במכות ובגידופים. צערו של אבי הכשר והטוב אין לתאר. בעיניים דומעות היינו מלווים אותו, אלא שלסייע בידו לא היה בכוחנו.

לאחר כששה שבועות של התגלגלות בסחי וברעב נתקבלה פתאום פקודה, שמחצית משוכני העיירה יוגלו בדרך לריבניצה, ומחציתה השנייה — בדרך לאוקראינה. נתברר לנו אחר־כך, שכל אלה אשר הוגלו בדרך ריבניצה, נרצחו כולם ונקברו בקבר־אחים; איש מהם לא שרד.

אותנו התחילו מריצים אל הדניסטר. אבל עוד לפני שהגענו לשם, הביאו אותנו

איטע צימערמאַן (יהודית גרינבערג) / עטלית

# וויאַזוי מיינע עלטערן זענען אומגעקומען

נאָך דעם ווי אונדזער קליין שטעטעלע איז געפאַלן אַ קרבן פון רויב־חיות, פון דער צעווילדעוועטער אַנגערייצטער מאַסע גויים, נאָך דעם ווי מיר זענען געבליבן נאָר מיט די קליידער וואָס מיר האָבן אויף זיך געטראָגן, ווייל אַלץ איז געווען צערויבט, — האָט זיך באַקומען אַ באַפעל אַז אַלע, גרויס און קליין, מענער, פרויען און קינדער, זאָלן זיך אויסשטעלן אין שורות, און מ׳האָט אונדז געגעמען יאָגן איבער בערג און טאָל. ווער ס׳האָט נישט געקענט נאָכהאַלטן און איז אַ ביסל געבליבן הינטערשטעליק, האָבן אונדזערע באַגלייטער אים איבערגעגיבן שקצים פון „פרע־מיליטאַר״, וועלכע האָבן די קרבנות אויסגעטון נאַקעט און געלאָזט אויף גאָטס באַראָט. דער ערשטער פאַל האָט פּאַסירט מיט בערל און לייקע רויזנבליט, וועלכע מ׳האָט געלאָזט נאַקעט און באָרוועס.

נאָך אַ וואַנדערונג אונטער דער ברענענדיקער זון, ווו מענטשן זענען געפאַלן אויף די וועגן, אויסגייענדיק נאָך אַ טראָפּן וואַסער — האָט מען אונדז געבראַכט אין דעם שטעטל ווערטוזשען, ווו סע זענען שוין געווען טויזנטער יידן פון אַנדערע ערטער. אויף אונדזער משפּחה איז אויסגעפאַלן דער גורל צו וווינען אין אַ מאַגאַזין. יעדן אינדערפרי זענען די בעסטיעס געקומען אַרויסטרייבן מיין פרומען טאַטן צו דער אַרבעט, באַגלייט מיט קלעפּ און באַליידיקונגען. דער צער פון מיין כשרן, גוטן און טייערן טאַטן איז נישט צו באַשרייבן. מיט טרערן אין די אויגן פלעגן מיר אים באַגלייטן, אָבער העלפן האָבן מיר אים נישט געקענט.

נאָכן אָפּוואַלגערן זיך זעקס וואָכן אין שמוץ און הונגער, האָט זיך פּלוצים באַקומען אַ באַפעל, אַז האַלב פונעם שטעטל ווערט פאַרטריבן אויפן וועג קיין ריבניצע, און די צווייטע העלפט קיין אוקריינע. די וועלכע מען האָט געטריבן קיין ריבניצע, זענען אַלע אומגעקומען. אין אַ מאַסן־קבר האָט מען זיי צונויפגעוואָרפן. קיין איינציקער פון זיי איז נישט געבליבן לעבן. אונדז האָט מען גענעמען טרייבן

לתוך יער, ושם התחילו מוציאים גברים לעבודה. קצינים רומניים וגרמניים, מגלבים בידיהם, הריצו את האנשים וקרעו כל מה שנזדמן לידם. כשהגיע תורו של אבי הכשר, שהיה עטוף בשייר של שמיכה שניצול, התיקו אותו בחוזקה ממקומו וציוו עליו ללכת. יצא גיסי נטע גלמן, שנשא לאשה את אחותי ברכה ז״ל, ואמר שהוא רוצה ללכת במקום אבי.

— אם כך, בוא גם אתה. הרי אתה צעיר וחסון.

ויחד עם בריטשיבאים אחרים שניצודו, נלקחו השניים. שלושה ימים ושלושה לילות עמדנו ביער וציפינו לשובם של יקירינו, אבל הציפייה היתה לשווא. בסופו של דבר הריצו אותנו לדניסטר ועל גבי מעברות העבירונו את הנהר.

לאחר זמן סיפרו לנו גויים מה היה בסופם של יקירינו: הם נאלצו לכרות בורות לעצמם, ואחר כך נורו למוות.

משחצינו את הדניסטר, הובאנו אל חוות־חזירים. החורף מישמש ובא. גשמים החלו לרדת. שלגים. קרה וכפור. אנשים התחילו נופלים כנמלים. אני ואחותי ברכה חלינו בטיפוס. גם אמי המסכנה חלתה במחלת דיזנטריה קשה. כל צעקתה לא היתה אלא: כוס תה חם! אבל מי יכול היה לגרום לעצמו או לזולת אושר כזה. לשונה התחילה מתנהלת בקושי, ואנו לא הבינונו מה היא סחה. היתה צועקת, מתחננת — עד שנתאבנה מרעב, מקור ומכאבים. למחרת מצאנו אותה מתה לרגלינו. ומהו שנתרחש עם גופתה לאחר מכן, אין אני יודעת. משום ששכבנו בחום גבוה, בלי לדעת אם נטמנה באדמה.

את יתר החולים, שעדיין נשארו בחיים, העמיסו על גבי עגלות ענקיות, וביום כפור ושלג הובילו אותנו דרך יערות אין־קץ — לברשאד. ושם פרקו אותנו לתוך בית הרוס ומוזנח

יחד עם בריטשיבא־ם אחרים (דודי גולירגאנט ובתו סימה, שני נכדיו, שמעון גולירגאנט, אשתו מאניה ובנם שלמה) עבר עלינו חורף קשה עד אימה. אני החלמתי, אבל אחותי, לא היה בכוחותיה ללכת אף לא לקום ולעמוד. עם בוא האביב מתה, ואני עברתי אז אל בת־דודי לאה מלך־גולירגאנט, שהתגוררה אז באיזו חווה, שם עבדה. משם הביאה אותי אחותי רוזה אליה, למוהילוב, ושהינו שם עד לשיחרורנו.

צום נעסטער. אָבער פריער האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ וואַלד, און דאָרט האָט מען אָנגעהויבן אַרויסנעמען מענער צו דער אַרבעט. רומענישע און דייטשע אָפיצירן, מיט נאַהייקעס אין די הענט, האָבן געשלאָגן, געיאָגט און געריסן וואָס ס׳איז נאָר געקומען אין די הענט. ווען די ריי איז געקומען צו מיין טאַטן, איינגעוויקלט אין אַ שטיקל קאָלדרע, וואָס ער האָט נאָך אָפּגעראַטעוועט, האָט מען זי אים אַראָפּגעריסן, געהייסן גיין. איז אַרויסגעטרעטן מיין שוואָגער נטע געלמאַן (וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט מיין שוועסטער ברכה) און ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל גיין אויפן אָרט פון מיין פאָטער.

— אויב אַזוי, קום דו אויך, דו ביסט יונג און קרעפטיק. און צוזאַמען מיט די בריטשעווער וואָס מען האָט געהאַט געכאַפּט, האָט מען אויך די צוויי פאַרנעמען.

דריי טעג און דריי נעכט זענען מיר געשטאַנען אין וואַלד, וואַרטנדיק אויף אונדזערע טייערע, אָבער אומזיסט איז געווען דאָס וואַרטן. מ׳האָט אונדז צוגעטריבן צום נעסטער און אויף טראָטוועס אונדז אַריבערגעפירט. גויים האָבן אונדז שפּעטער דערציילט, אַז זיי האָבן זיך אַליין געמוזט גראָבן די גריבער, דערנאָך האָט מען זיי דערשאָסן.

אַריבערגייענדיק דעם נעסטער, האָט מען אונדז צוגעבראַכט אויף אַ פערמע פון חזירים. דער ווינטער האָט זיך אָנגערוקט, ס׳האָט אָנגעהויבן רעגענען, שנייען, פרירן. מענטשן זענען געפאַלן ווי מערעשקעס. איך און מיין שוועסטער ברכה האָבן באַקומען טיפוס. און אויך מיין אָרעמע מאַמע האָט באַקומען אַ שווערע דיזענטעריע. איר גאַנץ שרייען איז געווען, מ׳זאָל איר גיבן אַ גלעזל הייסע טיי. נאָר ווער האָט זיך דעמלט געקענט פאַרגינען אַזאַ גליק? דאָס לשון איז איר געוואָרן געליימט. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס זי רעדט. זי האָט אַזוי לאַנג געשריגן, זיך געבעטן, ביז זי איז אַנשוויגן געוואָרן פון הונגער, קעלט און יסורים. אויף מאָרגן האָבן מיר זי געפונען אַ טויטע באַ אונדזערע פיס. וואָס מיט איר געביין איז געשען, ווייס איך נישט. מיר, איך און די שוועסטער, זענען געליגן מיט גרויס היץ, נישט ווייסנדיק אפילו צי מ׳האָט זי באַערדיקט.

די איבעריקע קראַנקע וואָס זענען נאָך פאַרבליבן, האָט מען אָנגעלאָדן אויף גרויסע פורן, און אין אַ פראָסטיקן שניידנדיקן טאָג, דורך אָנסופיקע וועלדער אונדז געפירט קיין בערשאַד. דאָרט האָט מען אונדז אויסגעלאָדן אין אַ פאַרנאָכלעסיקטער, צעבראָכענער שטוב, צוזאַמען מיט עטלעכע בריטשעווער (דודי גאָלערגאַנט, זיין טאָכטער סימע, זיינע צוויי אייניקלעך, שמעון גאָלערגאַנט, זיין פרוי מאַניע און זייער יינגעלע שלמה). מיר האָבן דאָרט דורכגעמאַכט אַ שווערן ווינטער. איך בין געזונט געוואָרן, מיין שוועסטער אָבער האָט נישט געקענטביישטיין די קרענק. צום פרילינג איז זי געשטאָרבן, און איך בין אַריבער צו מיין קוזינע לאה מייליך (גאָלערגאַנט), וועלכע האָט זיך געפונען אויף אַ פערמע ווו זי האָט געאַרבעט, און פון דאָרט האָט מיך גענעמען צו זיך מיין שוועסטער ראָזע, וואָס האָט זיך געפונען אין מאָגילעוו, ווו איך בין געבליבן מיט זיי ביז דער באַפרייאונג.

**הינדה סאנדלמן / ראשון־לציון**

# גלות סיביר

ב־22 ביוני 1940 נכנסו הסוביטים לביסאראביה; הודעה מוקדמת על כך שודרה בראדיו, ונתלוו לכך הוראות, שהכל צריכים להתלבש בבגדי־חג ולקבל את פגי הבאים בשמחה ובצהלה. כעבור שלושה ימים הגיעו גם לבריטשיבה. ברור שהאלמנ־טים השמאליים, הקומוניסטים שבמקום, עזרו לשלטונות החדשים לארגן את חיי העיירה מכל הבחינות. דבר ראשון: החלו לאסוף סחורות מהחנויות, זהב וחפצי־יקר מן הבתים. את בעלי־הבתים האמידים גירשו מבתיהם, וכן הפקיעו את בתי־החרושת הקטנים מבעליהם.

הראשונים שאולצו לנטוש את בתיהם ואת רכושם, היו האחים שפיאֶר, אהרון צינמן, נחמן רויזנבליט ועוד. הם עברו לדור בבתים קטנים והצטופפו בבתי קרוביהם. לאחר שבועות מספר סגרו את כל החנויות, ובמקומם נפתחו קואופרטי־בים: אחד, לבדים ולאריגים, בבית־מסחרו של אברהם טראכטנברויט; שני, לגאלנ־טריה ולסחורות אחרות, בבית מסחרו של לרנרמן וכדומה. החיים הכלכליים עברו לפסים אחרים, וצצה תיכף הדאגה לקיום המצרכים. כל אחד השתדל לאגור קצת מזון ומלבושים. בתי־החרושת הקטנים החלו שוב לפעול, אלא שלא היה באפשרותם להעסיק הרבה אנשים, על־כן יצאו רבים מבני הנוער למרחקים, ועד לדונבאס הגיעו, כדי למצוא אפשרות של תעסוקה וקיום חמרי. וכך החלו התושבים להסתגל למציאות החדשה.

בתי־הספר העבריים של „תרבות" נהפכו, כמובן, לבתי־ספר ממשלתיים עם שפת־ההוראה רוסית או מולדאווית. המורים, חלקם היו מן העיירה עצמה וחלקם באו מרוסיה.

הינדע סאַנדלמאַן / ראשון־לציון

# גלות סיביר

דעם 22־סטן יוני 1940 זענען די רוסן אַריין קיין בעסאַראַביע. דאָס האָט מען פריער איבערגעגיבן אין ראַדיאָ, און אויך אַז מען זאָל זיך שיין אָנטון, שיין אויפנעמען די רוסן און זיין פריילעך. אין דריי טעג אַרום זענען זיי אַריינגעקומען קיין בריטשעווע. קלאָר אַז די לינקע עלעמענטן, די אָרטיקע קאָמוניסטן, האָבן די נייע מושלים געהאָלפן צו אָרגאַניזירן דאָס לעבן אין שטעטל. דאָס ערשטע האָט מען צונויפגענעמען סחורות, גאָלד און אַנדערע ווערט־זאַכן, מ'האָט פאַרטריבן די באַלעבאַטים פון זייערע גוטע שטיבער און אויך איבערגענעמען די פאַבריקלעך.

די ערשטע וואָס האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע הייזער און זייער פאַרמעגן, זענען געווען די ברידער שפייער, אהרן צינמאַן, נחמן רויזנבליט און אַנדערע. זיי זענען איבערגעגאַנגען אין קלענערע שטיבער און זיך איינגעאָרדנט בײַ קרובים. נאָך עטלעכע וואָכן האָט מען פאַרמאַכט אַלע קליינן און געמאַכט עטלעכע קאָאָפּע־ראַטיוון. איין קאָאָפּעראַטיוו פון מאַנופאַקטור בײַ אברהם טראַכטנברויט, אַ צווייטן קאָאָפּעראַטיוו בײַ לערנערמאַן, פאַר גאַלאַנטעריי און אַנדערע זאַכן. דאָס עקאָנאָמישע לעבן האָט זיך אָנגעהויבן אַריבערפירן אויף אַנדערע רעלסן. יעדער האָט זיך צוגעגרייט שפּייז און קליידונג. די פאַבריקלעך האָבן אנגעהויבן אַרבעטן, אָבער זיי האָבן נישט געקענט באַשעפטיקן אַ סך אַרבעטער, דערפאַר איז אַ טייל פון דער יוגנט געפאָרן זוכן אַרבעט צום דאָנבאַס. און אַזוי צוביסלעך האָט מען זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען און צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען.

אין די העברעישע „תרבות"־שולן איז מען באַלד אַריבערגאַנגען צו לערנען רוסיש און מאָלדאַוויש. די לערערס זענען געווען אַ טייל פונעם שטעטל און אַ טייל אָנגעקומענע פון רוסלאַנד. דער פאָרזיצער פונעם „דאָרפראַט" איז געווען ליפשיץ, און זיין סעקרעטאַרקע איז געווען פרומע קרעמער. אָבער דער אָרטיקער ראַט האָט געהאַט אַ קליינע מאַכט; דער צענטער איז געווען אין טערנעווע.

יושב־ראש המועצה המקומית היה ליפשיץ, והמזכירה היתה פרומה קרימר. אבל המועצה היתה בעלת סמכות מצומצמת; המרכז היה בכפר טירנובה.

עברה כמעט שנה, והנה התפשטה שמועה, כי השלטונות הכינו רשימה של 80—90 משפחות, שישולחו מן העיירה. אבל למעשה שולחו רק עשר משפחות. ב־13 ביוני 1941 שולחו לסיביר, הנשים עם הילדים לחוד, והגברים לחוד; גורשו למקום לא נודע, שאחר כך נסתבר כי היה זה סיביר. כשבאו עם צו־הגירוש, לא הרשו לקחת יותר מ־20 ק״ג מיטען למשפחה. את המגורשים הכניסו בטירנובה לתוך קרונות של בהמות; הצפיפות היתה איומה, 70—80 איש בקרון אחד, על הרצפה. ביום היו נוסעים, ובלילה היו עומדים במסילות צדדיות.

למעלה משבועיים נמשכה הדרך. המגורשים אולצו לחתום, שמרצונם הטוב הם מבקשים להשתקע בסיביר למשך 20 שנה. כשהגיעו סוף־סוף לסיביר, התחיל כל אחד מחפש עבודה למען הקיום. העמל היה רב ולא לפי כוחותיו של אדם. מי שהתגבר בכוחו הפיסי, נשאר בחיים, ואחרים, שלא ידעו להתאים עצמם לתנאי הדיור והעבודה הקשים, מתו מהר. יום־יום היו מתים 10—15 אנשים, שהיו נקברים בקבר־אחים, בלי כל ציון, כך שלא הובאו לקבר ישראל.

מן המשפחות שהוגלו לסיביר אזכיר כאן את הבאות: לייב טנדלר ומשפחתו, אבי מרדכי סאנדלמן ומשפחתו, דודל פקר וביתו; יוסל אברהם ויוסל טראכטנברויט ומשפחתם, יאשה דלוגאטש וביתו, יעק׳ל שיכמן וביתו, שלום שפיגל וביתו ועוד. כל הגברים, מחוץ לשלום שפיגל, שהיה משותק, וליוסל פקר, היו לא גולים סתם, אלא אסירים. הנשים והילדים לא ידעו את מקומם, ורק כעבור שנה קיבלנו ידיעות ראשונות מהם.

את משפחתנו שיחררו רק כעבור שבע־עשרה שנים, לאחר שאבי ז״ל מת שם. המשפחות המשוחררות שבו אחר־כך למולדאוויה או לצ׳רנוביץ. מה שזכור לי הוא, כי שלום שפיגל מת בסיביר זמן קצר אחרי הגיעו לשם וזכה להימנות עם אלו שהובאו לקבר ישראל.

(נרשם בידי יפה בוטניק ושמעון פרנס)

אַזוי איז אַוועק אַ יאָר. און אָט האָבן זיך פאַרשפּרייט ידיעות, אַז מ׳האָט געמאַכט אַ רשימה פון 90—80 משפחות צום אַרויסשיקן פונעם שטעטל, אָבער פאַקטיש האָט מען פאַרשיקט 10 משפחות קיין סיביר. די מענער האָט מען געשיקט אין איין פלאַץ, און די פרויען און די קינדער אין אַנדערע ערטער. די פרויען און קינדער האָט מען אַריינגעזעצט אין וואַגאָנען פון בהמות, און אַזוי איז מען געפאָרן צוויי וואָכן. דערלויבט האָט מען מיטצונעמען בלויז צוואַנציק קילאָ באַגאַזש. די „רייזע" קיין סיביר האָט זיך אָנגעהויבן דעם 13־טן יוני 1941. יעדער וואַגאָן איז געווען איבערגעפולט מיט 80 — 70 מענטשן. באַנאַכט פלעג מען פאָרן און באַטאָג שטיין באַ וואָקזאַלן אויף זייטיקע רעלסן. מ׳האָט די אַרויסגעשיקטע געצוווּנגען אונטערצוחתמען, אַז פון זייער פרייען ווילן האָבן זיי באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין סיביר אויף אַ צייט פון צוואָנציק יאָר.

אין סיביר האָט מען געאַרבעט פאַרשידענע שווערע אַרבעטן. ווער ס׳האָט אויסגעהאַלטן די שווערע אַרבעטן, איז געבליבן לעבן, ווער ס׳האָט זיך נישט געקענט צופּאַסן צו די שווערע באַדינגונגען, איז געשטאָרבן. יעדן טאָג פלעג מען באַגראָבן 15—10 מענטשן צוזאַמען, נישט געבראַכט זיי צו קבר ישראל.

ווי געזאָגט, זענען געווען פאַרשיקט פון בריטשעווע אַ צען פאַמיליעס: לייב טענדלערס פאַמיליע, מיין פאָטער מרדכי סאַנדלמאַן מיט דער משפחה, דודל פעקער מיט דער משפחה, אברהם און יאָסל טראַכטנברויט און זייער משפחה, יאַשע דלוגאַטש מיט דער משפחה, יענקל שיכמאַן מיט דער משפחה, שלום שפּיגל מיט דער משפחה און נאָך. אַלע מענער, חוץ שלום שפּיגל, וואָס איז געווען פּאַראַליזירט, און דודל פעקער, זענען געווען אַרעסטירט. ערשט נאָך אַ יאָר האָבן זיך די פרויען און די קינדער דערוווּסט ווו זייערע מענער געפינען זיך.

נאָך 17 יאָר האָט מען אונדזער פאַמיליע באַפרייט, נאָר ווייל דער פאָטער איז געשטאָרבן. אַ טייל פון די פאַמיליעס זענען געפאָרן קיין מאָלדאַוויע אָדער קיין טשערנאָוויץ. איך געדענק, אַז שלום שפּיגל איז געשטאָרבן תיכף נאָך אונדזער אָנקומען קיין סיביר. ער האָט יאָ געהאַט די זכייה געבראַכט צו ווערן צו קבר ישראל.

(פאַרשריבן דורך יפה בוטניק און שמעון פרנס)

בלה גוטמן / נהלל

# מה שעבר עלינו

כשנכנסו הסובייטים לבריטשיבה, הוחרם בעיירה רכוש רב. כידוע, רוכזו „בעלי־ההון", ובאחד הלילות הם נשלחו יחד עם משפחותיהם לסיביר הרחוקה. אבי, אבר־הם־יוסל ז"ל, מסר מעצמו לשלטונות את כל רכושו, הן מה שהיה לו בבריטשיבה והן מה שהיה בסיקוראן. יחד עם כל המשפחה עברנו לטשרנוביץ.

כשהתחילה המלחמה עברו עלינו שם כל הזוועות הראשונות; בעצם התכוונו הגרמנים, ויחד אתם הרומנים, לחסל שם את היהודים. אבא ז"ל נתפס והוכרח לכרות יחד עם יהודים אחרים בורות לקבור את הקרבנות. הוא עצמו נאלץ לקבור כמאה יהודים, ומעשה זה הרס אותו לחלוטין. וכאשר עמדנו בפני הברירה, להתחבא בצ׳רנוביץ או לצאת למחנות, העדפנו לצאת יחד עם בריטשיבאים אחרים בכיוון מוגילב.

הבריטשיבאים התעכבו בערים קופייגורוד ובאלטה. אתנו לא היו אלא חבילות חפצים אישיים, שאף הם נבדקו בכל מעבר, ורבים מהם הוחרמו או נשדדו סתם; בעיקר השתדלו להשמיד תעודות ותמונות. לא ידענו לאן מוליכים אותנו; השתדלנו להיות יחד במשך עשרת הימים שהלכנו ברגל.

כשהגענו למוגילב, מצאנו בקושי איזה מקום להשתכן בו. הצפיפות היתה איומה. לא היה ממה להתקיים. פעל איזה מטבח כללי, שהוציא לכל אחד מאתנו פעם אחת ביום פרוסת לחם ומרק. מאטאקי נשלחו מצרכים למוגילב, וזה גרם לכך שנוצר מעין שוק שחור, דהיינו: נתנו לאיכרים חפצים שונים שעדיין נשארו לנו, וקיבלנו תמורתם מצרכים כלשהם.

